# פאָליטיש-עקאָנאָמיש ווערטערבוך

צוזאַמענגעשטעלט
פון
א. מאָב

אילוסטרירט



פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע
1929

SŁOWNIK POLITYCZNO-
EKONOMICZNY ułożył
A. MAB. WYD. E. GITLIN
WARSZAWA. 1 9 2 9

Drukarnia G. PIMENT
Warszawa, Sierakowska 4

* * *

שוין מער ווי פינף און צוואַנציק יאָר אַז דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט געשטעלט זיין פוס אויף דער אַרענע פון פּאָליטישן לעבן. אין משך פון דערדאָזיקער צייט זענען פאָרגעקומען גרויסע געשעענישן, וואָס האָבן לחלוטין געענדערט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן. די לענדער, אין וועלכע די יידן לעבן אין גרעסערע קאָמפּאַקטע מאַסן, זענען איבערגעגאַנגען פון אַ מאָנאַרכיסטישן רעזשים צו אַ קאָנסטיטוציאָנעל-דעמאָקראַטישן. אין די אַלע איבערקערענישן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין דידאָזיקע לענדער, האָבן יידן גענומען אַ גרויסן אַנטייל. שווער איז אָנגעקומען דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, שווערער נאָך ווי דעם נישט-יידישן, צו אָריענטירן זיך אין דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעכע פראַגן, וועלכע האָבן זיך געביטן, ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ טאָג איין טאָג אויס. קיין פּאָליטישע שולן, ווי עס פאַרמאָגן אַנדערע פעלקער, האָבן מיר נישט. די פעלקער, צווישן וועלכע די יידן וווינען, האָבן פאַרשטאַנען די גרויסע חשיבות פון דער פּאָליטישער אַנטוויקלונג פון די מאַסן, און באַלד נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע אין 1905 זענען שוין אין רוסלאַנד, ווי אויך אין פוילן, דערשינען פּאָליטישע ווערטערביכער, וואָס האָבן געגעבן דעם מאַסן-מענטש די מעגלעכקייט צו געפינען די אַלע באַגריפן, טערמינען און דערקלערונגען, וועלכע ער האָט באַגעגנט אין דער פרעסע, געהערט אויף אַ מיטינג, אָדער ביי אַ דעבאַטע אין אַ געהיים קרייזל. נאָר ביי אונדז האָט זיך קיינער נישט געקימערט וועגן דעם, צו שאַפן פאַר די יידישע מאַסן אַזאַ פּאָליטיש האַנט-בוך — אַן ערגערס אָדער אַ בעסערס — פון וועלכן זיי וואָלטן געקענט שעפּן די פּאָליטישע ידיעות, וועלכע זענען פאַר זיי אַזוי נייטיק.

עס איז קיין שום ספק נישט, אַז דאָס פּאָליטיש-עקאָנאָמישע ווערטערבוך, וואָס וואָלט געדאַרפט ווערן צוזאַמענגעשטעלט פון אַ גרופּע פּאָליטיקער און געלערנטע, האָט אין זיך געוויסע פעלערן, וואָס זענען אומפאַרמיידלעך, ווען אַזאַ אַרבעט ווערט אויסגעפירט דורך אַ יחיד. דער מחבר האָפט אָבער, אַז די אַלע, וואָס פאַרשטייען די חשיבות פון אַזאַ נייטיק האַנט-בוך פאַר די ברייטע מאַסן, וועלן אָנווייזן די פעלערן און חסרים פון דאָזיקן ווערטערבוך, כדי מיר זאָלן האָבן די מעגלעכקייט צוצוגעבן די עווענטועלע אויסבעסערונגען נאָך ביי דער ערשטער אויפלאַגע אין אַ הוספה-העפטל.

אין דאָזיקן װערטערבוך האָבן מיר זיך באַזונדערס אָפּגעשטעלט אויף די פּאָליטישע פּערזענלעכקייטן, װעלכע האָבן געשפּילט אַ דעצידירנדיקע ראָל אין לעבן פון לענדער און פעלקער. מיר האָבן געגעבן די ביאָגראַפיעס פון די העלדן, װעלכע האָבן מקריב געװען זייער לעבן פאַר די גרויסע אידעאַלן, פאַר דער באַפרייונג פון דער מענטשהייט. מיר האָבן געװאָלט, אַז אונדזער באַשיידן האַנט-ביכל זאָל זיין אויך אַ דערציונגס-בוך, און דעריבער האָבן מיר זיך ברייטער אָפּגעשטעלט אויף די העראָישע מאָמענטן, װי, למשל, די גרויסע פראַנצייזישע רעװאָלוציע, װאָס איז געװען דער אָנזאָג פון אַ נייער תקופה אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. מיר האָבן זיך אויך אָפּגעשטעלט אין אונדזער ביכל אויף דער פּאָליטישער אָרדנונג און עקאָנאָמישן באַזיס פון יעדן לאַנד, און דעריבער האָבן מיר אָפּגעגעבן די 110 מלוכות אַ באַזונדער אָרט ביים סוף פון בוך, כדי ס'זאָל זיין לייכטער צו אָריענטירן זיך אין דעם בוי פון יעטװעדער מלוכה.

אַ באַזונדער אָפּטיילונג איז אויך אָפּגעגעבן געװאָרן פאַר די יידישע פּאַרטייען. יעדעס אַרטיקל װעגן אַ פּאַרטיי איז געװאָרן אָנגעשריבן דורכן לידער פון דער געגעבענער פּאַרטיי.

••••

## באַדייטונג פון די פאַרקירצונגען.

אי.—איטאַליעניש. אר.—אַראַביש. גר.—גריכיש. ד.—דייטש. דענ.—דעניש. האָל.—האָלענדיש. העב.—העברעיש. מאט.—מאטאריש. יאפ.—יאפּאניש. ל., לאט.—לאטיין. נאר.—נאָרװעגיש. סאנסק.—סאנסקריט. סיר.—סיריש. סלאװ.—סלאַװיש. ענג.—ענגליש. פּ.—פּויליש. רוס.—רוסיש. פר.—פראַנצייזיש. שפּ.—שפּאַניש.

# א.

**אָאוּעֶן** ראָבערט — אַן אײנגלישער עקאָנאָמיסט, געב. אין יאָר 1770, געשט. 1858, געוועזן אַ משרת אין אַ מאַנופאַקטור־געוועלב, דערנאָך געוואָרן אַ שותף צו אַ שפּינעריי אין מאַנטשעסטער. אין יאָר 1800 קויפט ער אַ שפּינעריי אין גלאַזגאָ, און פון יענער צייט הויבט־זיך אָן זיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. אָאוּען האָט אָנגעווענדט זיינע אַלע כוחות און מעגלעכקייטן אויסצובעסערן דאָס לעבען פון די אַרבעטער גאָר מיט אַנדערע מיטלען, ווי ביז אים: ער בויט הייזער פאַר די אַרבעטער, שטעלט פאַר זיי צו גוטע און ביליקע פּראָדוקטן, פאַרקירצט דעם אַרבעטס־טאָג א. אַ. וו. אין משך פון 20 יאָר האָט ער אָנגעשריבן הונדערטער אַרטיקלען און געהאַלטן אַ סך רעדעס, אין וועלכע ער האָט בעוויזן, אַז דער כאַראַקטער און די טאַטן פון די מענטשן זיינען אינגאַנצן אָפּהייניגיק פון די אויסערלעכע באַדינגונגען און דעריבער דאַרף מען אין שורש איבערבייטן דאָס דערציאונגס־סיסטעם, כדי מען זאָל פון קינדוויס־אָן אוועקשטעלן דעם מענטשן אין בעסערע פיזישע, גייסטיקע און מאַטעריעלע באַדינגונגען. אָאוּען האָט אָנגעוויזן מיטלען, ווי־אַזוי צו באַזייטיקן דעם דלות פון דער געזעלשאַפט. ער דערגרייכט אָבער נישט די געוווּנשענע רעזולטאַטן פון זיין פּראָפּאַגאַנדע און באַשליסט צו באַזעצן זיך אין אַמעריקע. אין יאָר 1825 קומט ער קיין אַמעריקאַ, קויפט דאָרט אין שטאַט אינדיאַנאַ אַ שטעטל ניו־האַרמאָניע און גרינדעט אַ קאָמוניסטישע געמיינדע. נאָר אויך דער דאָזיקער פּרוּוו האָט זיך נישט איינגעגעבן. אָאוּען האָט פאַרלאָרן זיין גאַנצן קאַפּיטאַל, און אין יאָר 1827 קומט ער צוריק קיין לאָנדאָן, מאַכט דאָרט נייע פאַרשידענע עקספּערימענטן, אָבער אַלץ אָן גינסטיקע רעזולטאַטן. אַ גרויסן דערפאָלג האָט געהאַט זיין אַגיטאַציע איינצופירן פאַבריק־געזעצגעבונג, צוואַנגשול און אַרבעטער־געמיינדעס.

**אַבאָלוּציע** (לאַט.) — אָפּשאַפן אַ געוויסן געזעץ, צושטאַנד אָדער

אָפּמאַך. למשל: אָפּשאַפן טויט-שטראָף, שקלאַפעריי און אז. וו.

**אבאָלוציאָניסט** — אַן אַנ-הייגנער פון דער פּאַרטיי אין די פ. שט., וועלכע האָט געצילט צו פאַרניכטן די שקלאַפעריי און דעם מסחר מיט די נעגערס; אין אַלגעמיין דער, וואס שטרעבט צו פאַרניכטן געוויסע געזעצן און אפּגעלעבטע אָרדענונגען.—צווישן די אבאלוצ. געפינען מיר אויך יידן, וואס האבן געקעמפט אין זייערע רייען.

**אבגעאָרדענטער** — דעפּו-טאַט, פּאַרלאַמענטאַריער, אַן אַפּי-ציעלער פּערטרעטער אין פּאַרלאַ-מענט אויסגעוויילט דורך געוויסע פּאָלקסשיכטן.

**אבדיקאציע** (לאט.) — אָנט-זאגן זיך פון אַן אמט, ספּע-ציעל פון כסא-המלוכה. גרויסע מלוכה-איבערקערענישן, רעוואלוצ-יעס, מלחמה-מפּלות ברענגען צו אבדיקאציע פון מלכים. אַזוי האט די גרויסע וועלט-מלחמה, וואָס האט זיך אנגעהויבן אין 1914 יאר, געבראַכט די פאלגענדע פיר אבדי-קאַציעס: דער רוסישער צאר ניקאַ-ליי II אבדיקירט דעם 16 מערץ 1917 יאר, דער דייטשער קייזער און פּרייסישער קעניג ווילהעלם II דעם 28־טן נאוועמבער 1918 יאר, דער בולגארישער קייזער פערדינאנד דעם 3־טן אקטאבער 1918 יאר, דער עסטרייכישער קייזער און אונגארישער קעניג קארל האט פאָרמעל נישט אַבדי-קירט, ער האט זיך נאָר אָפּגע-זאגט פון פירן די מלוכה-ענינים אין עסטרייך דורך אַן-אבדיקאציע-אקט דעם 11-טן נאוועמבער 1918 יאָר און אין אונגארן דעם 13־טן נאוועמבער דעם זעלבן יאר. אפּרופן צוריק דעם אבדיקאציע-אקט איז נישט דערלאזבאר.

**אבמאיאָריזאציע** (לאט.) — אָפּשטימען עפּעס א פארשלאג דורך א מערהייט שטימען.

**אבסאָלוטיזם — אויטאָ-קראַטיע** — זעלבסטהערשונג, אזאַ מלוכה־אָרדענונג, ווו די העכערע מאכט אין דער מלוכה איז קאָנצענטרירט אינגאנצן אין די הענט פון מאָנארך, וועלכער איז איינציייטיק דער געזעצגעבער, ריכ-טער און אויספירער פון דער מאכט און איז פאר קיינעם נישט פאראַנט-וואָרטליך פאר זיינע מעשים. אזא מין טיפּישער מאנארך איז געווען לודוויק XIV, וואס האָט געזאָגט. „די מלוכה—דאס בין איך". אזא פארשארפטער אבסאָלוטיזם פירט צו דעספּאָטיזם.

**אבסטינענץ** (לאט.)—איינהאלטן זיך פון א געוויסער טעטיקייט. ספּעציעל אָפּזאָגן זיך פון אַלקאָהאָ-



סען-ס׳מאָן



ראָבערט אָוען



שאַרל פוריע

**סאָציאַליסטן-אוטאָפּיסטן**

לישע געטראנקען, מיטון-רויכערן, פלייש-עסן א. א. וו.

**אבסענטעאיזם** (לאט.)— אפוועזנהייט. אבסענטעאיזם רופן מיר אן יעדע סיסטעמאטישע אפוועזנהייט פון א געזעלשאפטלעכער גרופע פון יענעם ארט אדער אינסטיטוציע, אין וועלכן זי האט זיך געמוזט געפינען. למשל, ווען א גאנצע גרופע דעפוטאטן אנטזאגן זיך צו אויספירן זייערע פליכטן און קומען נישט אין פארלאמענט, אויך רופן מיר אבסענטעאיזם, ווען א גאנצער קלאס וויילער אנטזאגט זיך נעמען אן אנטייל אין וואלן. אט הערשט ווי מען זאגט, אז דער אבסענטעאיזם פון די וויילער האט זיך אויסגעדריקט אין 20—30 פראצענט, ד. ה. אז אין די וואלן האבן גענומען אן אנטייל 70—80 % פון די אלע וואלבארעכטיקטע.

**אבסטרוקציע** (לאט.) — שטערן. א פארלאמענטארישע מעטאדע צו שטערן די דורכפירונג פון א געזעץ דורך לאנגע רעדעס, לארעמען, קלאפן א. ד. ג.

**אבסקוראנט** (לאט.)—קעגנער פון בילדונג און פאלקס־אויפקלערונג.

**אבראגאציע** — אפבייטונג פון אן אפגעלעבטן געזעץ, וועלכער איז שוין נישט צוגעפאסט צו די נייע לעבנס־באדינגונגען.

**אגיטאציע** (לאט.)—פראקטישע טעטיגקייט, וועלכע איז אנגעווענדעט צו פערשפרייטן א געוויסע אידייע. אין דער הינזיכט טיילט זיך דאס ווארט אגיטאציע נישט אפ פון ווארט „פראפאגאנדע“. אבער זייער אפט פארשטייט מען אונטערן ווארט „פראפאגאנדע“ די פארשפרייטונג פון אן אידייע אן אנווענדן וועלכעס'איז טאט-מיטלען, און אונטערן ווארט „אגיטאציע“ — אן אינטענסיווע פראפאגאנדע, וועלכע רופט צו געוויסע מאסן־ארויסטרעטונגען. אט, למשל, ווען מיר גייען פארשפרייטן א געוויסע פילאזאפישע לערע, רעדט זיך וועגן פראפאגאנדירן; ווען עס האנדלט זיך אבער וועגן א שטרייק אדער נישט־צאלן געוויסע שטייערן, באנוצן מיר דעם טערמין „אגיטאציע“.

**אגיטאטאר** — א מענטש, וואס פארשפרייט א געוויסן געדאנק און וועלכער איז משפיע אויפן צווייטן אדער אויף א מאסע, זיי זאלן ווערן אנהייגער פון זיין געדאנק. אין פאליטיק — א ווערבירער פון דער פארטיי אדער וועלכער וועקט צו מעשים ט א ר אדער ג ע ג ן א געוויסן געזעץ, מלוכה־פירונג און אז. וו.

**אגלאָמעראַט** (לאַט.) — אַ צוזאַמענשטעל. אין פּאָליטישן זין — אַ מלוכה פון באַזונדערע נאַציאָנאַליטעטן, פעלקער און לענדער, למשל, ווי דאָס אַמאָליקע עסטרייך.

**אגראַריער** (פר.): גרויסער ערד־באַזיצער. אין איינציקע לענדער טרעטן אַרויס די אַגראַריער אין אָרגאַניזירטע פּאָליטישע פּאַרטייען, וועלכע האַלטן פאַר זייער אויפגאַבע צו פאַרטיידיקן די עקאָנאָמישע אינטערעסן און דערמיט פאַרגרעסערן דעם פּאָליטישן איינפלוס פון ערדבאַזיצער. דער גרונטגעדאַנק פון אַזאַ פּאָליטישער פּאַרטיי איז דער קאַמף מיט די נייע געזעצן, לויט וועלכע מען פּאַוואָריזירט דעם קאַפּיטאַל אויפן חשבון פון אַגריקולטור.

**אגריקולטור** (לאַט.) — ערד־אַרבעט.

**אגריקולטוריסטן** (לאַט.) — מיטגלידער פון אַ פּאַרטיי, וואָס האַלט, אַז אַ מדינה קאָן נאָר דאַן זיך עקאָנאָמיש גוט אַנטוויקלען, ווען די הויפּט־באַשעפטיקונג פון אירע איינוווינער איז די ערד־אַרבעט און נישט די אינדוסטרי.

**אגרעסיווע פּאָליטיק** — אַן אָנגרייפנדע, אַ מלחמה־פּאָליטיק פון אַ מלוכה.

**אדמיניסטראַציע** (לאַט.) — 1) פאַרוואַלטונג. אין פּאָליטישן זין יעדע אָנפירנדע מאַכט, אויך פּאָליציייִשע, אָנהויבנדיק פון מיניסטער, וואָיעוואָדע און ענדיקנדיק מיטן פּאָליציאַנט. 2) פאַרוואַלטונג פון קהל'שע אָדער פּריוואַטע ענינים.

**אַדמיניסטראַטיווע** שטראָף: אַרויסשיקן, אַרעסטירן נישט דורכן געריכט, געזעצלעך, נאָר ווילקיריש, לויטן באַפעל פון דער העכערער פּאָליצייִשער מאַכט, ווי למשל: דורכן אינערן־מיניסטער, וואָיעוואָדע און אַנד.

**אד־רעפערענדום** (לאַט.)—איבערגעבן אַ פאָרשלאַג צו אַ קאָמיסיע פון פאַכלייט.

**אדלער** וויקטאָר—עסטרייכישער פּאָליטישער טוער, אַ ייִד פון טשעכיע, געבוירן אין פּראָג (1852־1918), געווען אַ מעדיקער, פאַרבראַכט אַ לענגערע צייט אין לאָנדאָן, וווּ ער האָט שטודירט די אַרבעטער־פראַגע און די אָרגאַניזאַציע פון דער פאַבריק־אינספּעקציע. אין 1880 יאָר טרעט ער אַרויס ווי אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּובליציסט און רעדנער. ער גרינדעט אין ווין אַ וואָכנטלעכן זשורנאַל „גלייכקייט“, וועלכער ווערט פאַרמאַכט דורך דער רעגי־

רונג. אין 81 יאָר ווערט אדאַנק זיין איניציאַטיוו אויפגערופן דער ערשטער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער צוזאַמענפאָר אין היינפעלד, אויף וועלכן ס'איז געלייגט געוואָרן דער גרונט־שטיין פון דער עסטרייכישער ס. ד. פּאַרטיי. פון דער צייט ווערט אדלער דער הויפּט־פירער פון דער פּאַרטיי, זייענדיג זייער פּאָפּולער צווישן די אַרבעטער, און פאַרנעמט אין פּאַרטיי אַזאַ אָרט ווי בעבעל (זע בעבעל) אין דייטשלאַנד. ער פאַרלאָזט זיין מעדיצינישע פּראַקטיק און גיט זיך איבער אינגאַנצן דער פּאַרטיי און ווערט דער וואָרט־פירער פון דעם בעסטן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן זשורנאַל אין דער דייטשער שפּראַך: „אַרבעטער־צייטונג“.

**אדרעס** (פר.) — אן אָפיציעלע שריפטלעכע באַגריסונג אָדער אָנקלאַגע פון אַ גאַנצער קערפּערשאַפט (קהלה, חברה) צו אַ רעגירונגס־אַנשטאַלט אָדער צו אַ וויכטיקער פּערזאָן.

**אודיטאָריע** (לאַט.) — אַ זאַל אין די העכערע לער־אַנשטאַלטן, ווי למשל אין אוניווערזיטעט; דאָס פּובליק, וואָס הערט אָדער באַזוכט געוויסע לעקציעס אָדער פאָרלעזונגען.

**אודיענץ** (לאַט.): אַן אויפנאַם בּאַ רעגירונגס־ אָדער פאָלקס־פאָרטרעטער.

**אויטאָנאָמיע** (גר.) — אומאָפּהיינגיגקייט, זעלבשטענדיגקייט, זעלבסטפאַרוואַלטונג. אין פּאָליטישען זין — אַ צושטאַנד פון אַ מדינה אָדער אַ טייל פון איר, ביי וועלכען די באַפעלקערונג לעבט לויט אייגענע געזעצן, אומאָפּהיינגיק פון דער צענטראַלער מאַכט.

**אויסנאַמס־געזעץ** — געזעץ. וואָס איז חל נאָר אויף אַ געוויסען טייל פון אַ מלוכה אָדער באַפעלקערונג.

**אויסנאַמס־צושטאַנד** — זע באַלאַגערונגס־צושטאַנד.

**אוזורפּאַציע** (לאַט.)—פאַרכאַפּן מיט גוואַלט די אויבערמאַכט.

**אוזורפּאַטאָר**— אַ פאַרכאַפּער פון דער מאַכט, ווי למשל מוסאָליני אין איטאַליע.

**אוטאָפּיסט** — ווער עס בויט פאַנטאַסטישע פּלענער, טראָגט זיך מיט אידייען, וועלכע קענען נישט פאַרווירקליכט ווערן.

**אוטאָפּיע** (גריכ.)— ערגיצלאַנד; אַן אידייע, וואָס קען קיינמאָל נישט ווערן אויסגעפירט.

**אולטימאטום** (לאט.)—לעצטע און קאטעגארישע פאדערונג, איבערהויפט אין פאליטיק.

**אוואנס** (פר.)—א סומע געלט, וועלכע מען גיט איינעם פארויס אויף סחורה אדער ארבעט, וואס ער וועט ליפערן.

**אוואנסירן** — שטייגן, גיין פארווערטס.

**אוויזאציע** (איט.)—אן אפיציעלע ארויספאדערונג פון א געוויסן ארט אדער אינסטיטוציע, וועלכע רופט אימיצן צו דערפילן זיין פליכט אדער צו שטעלן זיך אין אן אנגעוויזענער צייט אין איינלא־דונגס־אמט.

**אזיל** (לאט.) — א באהעלטעניש, ציר־מקלט. אן ארט, ווו ס'באהאלט זיך א מענטש, וועלכן מען יאגט־נאך. אזא אזיל אין אלטער־טום איז געווען דער טעמפל, ווו ס'האבן זיך געקענט באהאלטן אפילו די גרעסטע פארברעכער. דאס איז געווען דער אזיל־געזעץ, וועלכער איז אין דער פראקטיק זייער זעלטן געווען אפגעהיט. לויט דעם היינטיקן אינטערנאציאנאלן רעכט, קענען זיך מיטן אזיל־געזעץ באנוצן פאליטישע עמיגראנטן, וועלכע ווערן פאררעכנט אלס צייט־ווייליקע בירגער פונ'ם לאנד. די לעצטע וועלט־מלחמה האט גע־שאפן אזוינע עמיגראנטן און זיי האבן טאקע דאס אזיל־רעכט אויסגענוצט.

**אטאקע** (פר.)—א פלוצלעכער אנפאל אויפן שונא.

**אטאשע** (פר.)—א געהילף פון אמבאסאדאר.

**אטעאיזם** (גר.) —אפיקורסות.

**אטעאיסט** — אפיקורוס—א כופר בעיקר.

**אימוניטעט** (לאט.) — אומבא־רירליכקייט פון פאלקס־פארטרע־טער אין קאנסטיטוציאנעלע לענ־דער; באפרייונג פון שטייערן און מלוכה־חובות.

**אימיגראציע** (לאט.) — איינ־וואנדערונג, איבערזעצן זיך אויף א פרעמדער טעריטאריע צייטווייליק, צוליב פרנסה, אדער איינאָרדענען זיך אויף שטענדיק. יעדעס לאנד האט דאס רעכט דערלויבן, רעגולירן אדער נישט דערלאזן צו אן אימיגראציע פון פרעמדע אויף אירע טעריטאריעס. איינס פון די גרעסטע אימיגראציע־לענדער אין די לעצטע 10־ליקער יארן איז געווען אמעריקע.

**אימפעריאליזם** (פר.) — א רעגירונג־סיסטעם, בא וועלכן די גאנצע הערשאפט האט זיך גע־פונען אין די הענט פון איין אימפעראטאר. יעצט ווערט דער טערמין געברויכט צו באצייכענען א שטרעבונג פון א מלוכה צו

פאַרשפרייטן אירע נחלאות איבער־הויפט אין אַנדערע וועלט־טיילן (קאָלאָניעס) און צו פאַרשפרייטן איר פּאָליטישע השפעה אויף אַנדערע מלוכות. מלוכות מיט אימפעריאַליסטישע אַפּעטיטן זיינען: איינגלאַנד, אַמעריקע; ביז דער וועלט־מלחמה — אויך דייטשלאַנד.

**אינדיפערענטיזם** (לאַט.) — פאַרהאַלטן זיך, באַציען זיך גלייכגילטיק; נייטראַלער צושטאַנד; נישט קענען אָדער נישט וועלן אונטערשיידן עפּעס, למשל גוטס פון שלעכטס. פּאָליטישער אינ־דיפערענטיזם — זיין נייטראַל צו אַלע פּאָליטישע ענינים, נישט וועלן נעמען קיין אָנטייל אין דער פּאָ־ליטישער טעטיקייט פון פאטערלאַנד.

**אינויגוראַציע** — פייערליכקייט, פייערליכע עפענונג פון אַ נייער אינסטיטוציע.

**אינויגוראַציע - רעדע** — פייערליכע רעדע פאַר דער התחלה פון אַ זיצונג.

**אינטענדענט** (לאַט.): באַאַמטער, אָרדנער. אַ באַאַמטער, אונטער וועלכנס שוץ ס׳געפינט זיך אַן אַד־מיניסטראַטיווע, געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע, למשל: אַרמיי, שפּי־טאַל, טעאַטער.

**אינטענדענטור** (לאַט,) — אַ טייל פון מיליטער - פאַר־וואַלטונג, אויף וועלכן עס ליגט דער חוב צו פאַרזאָרגן דאָס מי־ליטער מיט שפּייז, קליידער און מלחמה־מאַטעריאַלן.

**אינטערוויו** (איינג.): אויספאָרשן אַ מיינונג וועגן אַ וויכטיקן ענין באַ אַן אָנגעזעענער פּערזאָן.

**אינטערווענץ** (לאַט.) — דאָס אַריינמישן־זיך פון איין מלוכה אין די ענינים פון אַ צווייטער.

**אינטערנאַציאָנאַל** (לאַט.)—אַ צווישנפעלקערדיקע אַרבעטער־געזעלשאַפט, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער ענט־וויקלונג פון סאָציאַליזם אין מערב־אייראָפּע. די אַנטשטייונג פון אינ־טערנאַציאָנאַל איז פאָרגעקומען אין 1864 יאָר אין לאָנדאָן, ווען די פאָרשטייער פון די אַרבעטער האָבן אָנגענומען דעם פאָרגעלייגטן דורך קאַרל מאַרקסן סטאַטוט. דער סטאַטוט איז באַשטאַנען פון 11 פּונקטן, וועלכע האָבן אָנגעוויזן די קאָמפּעטענצן פון עקזעקוטיוו פון יעדן אינטערנאַציאָנאַל אין יעדען לאַנד באַזונדער. דער סטאַ־טוט האָט געהאַט אין זיין איינ־לייטונג אַ פּראָגראַם פון אינטער־נאַציאָנאַל, דער קערן פון פּראָ־גראַם איז באַשטאַנען פון פאָלגענ־דעס: די באַפרייונג פון אַרבעטער־קלאַס דאַרף זיין די אויפגאַבע פון די אַרבעטער, די אָנווענדונג פון

די אַרבעטער אויסצוקעמפן זייער פרייהייט דאַרף זיין נישט צו באַקומען פאַר זיך נייע פריווילעגיעס, נאָר צו געווינען פאַר אַלעמען גלייכע רעכט. די אָפּהענגיקייט פונם קאַפּיטאַל איז דער קוואַל פון יעדער פאַרשקלאַפונג, און די עקאָנאָמישע באַפרייונג פון דעם אַרבעטער איז דער עיקר-ציל פון אינטערנאַציאָנאַל. די באַפרייונג פון די אַרבעטער דאַרף נישט זיין די אויפגאַבע נאָר פון איין לאַנד. אין דעם זענען בלוטיק פאַראינטערעסירט די אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט. און דעריבער איז אין די אינטערעסן פון די אַרבעטער זיך צו פאַרייניקן און גיין אין געשלאָסענע רייען. דער ערשטער קאָנגרעס האָט זיך פאַרזאַמלט אין בריסעל 1865, אָבער ער איז נישט פאָרגעקומען, ווייל די בעלגישע מלוכה האָט אים פאַרווערט. עס קומען-פאָר נאָך עטלעכע קאָנגרעסן, אָבער אויפן 5-טן ק. אין האַאַג (1872) איז פאָרגעקומען אַ צעשפּאַלטונג צוליב פּרינציפּיעלע ווידערשפּרוכן צווישן די אָנפירער פון אינטערנאַציאָנאַל, און דאָ איז געווען דער סוף פון 1-טן אינטערנאַציאָנאַל. אָבער מיטן צעפאַלן פון אינטערנאַציאָנאַל, גייט נישט אונטער די אידייע פון די אַלגעמיינע אינטערעסן, וואָס די אַרבעטערשאַפט האָט אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, און פון 1881 יאָר הייבן אָן פאָרצוקומען צווישנפעלקערלעכע סאָציאַליסטישע קאָנגרעסן. דער 2-טער אינטערנאַציאָנאַל הויבט אָן זיין אַקציע אויפן קאָנגרעס אין פּאַריז 1889 יאָר, אַרויסשטעלנדיק דעם פאָרשלאַג וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-דעמאָנסטראַציע און פאָדערנדיק אַן 8-שעהדיקן אַרבעטסטאָג. אין 1891 יאָר אין בריסעל און אין ציריך 1893 יאָר ווערט באַשטימט דעמאָנסטראַטיוו צו פייערן דעם 1-טן מאַי אַלס אַן אַרבעטער-יום-טוב. כדי צו קאָנסאָלידירן אַלע אָרגאַניזאַציעס, האָט מען באַשטימט אויפן קאָנגרעס אין פּאַריז אין יאָר 1900 צו עפענען אַן אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ אין בריסעל און אויפן אַמסטערדאַמער קאָנגרעס אין 1904 יאָר צונויפצורופן אַ צווישנפּאַרלאַמענטאַרישע קאָמיסיע פון סאָציאַליסטישע פראַקציעס. די קאָנגרעסן אין אַמסטערדאַם (1904), אין שטוטגאַרט (1907), קאָפּענהאַגען (1910) און באַזעל (1911) האָבן זיך איבערהויפּט פאַרנומען מיט מיליטער- און מלחמה פראַגן. בעת דער וועלט-מלחמה (1914) איז דער 2-טער אינט. געבראָכן געוואָרן, דעם אָנהייב פון 3-טן אינט.

געפינען מיר אין צוויי קאָנפע־רענצן פון עקסט־לינקע איטאַליע־נישע, שווייצאַרישע און רוסישע (לענין, טראָצקי) סאָציאַליסטן, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין שווייצאַרישע דערפלעך: אין זומער־וואַלד (8—5 סעפּטעמבער 1915 יאָר) און אין קיענטאַל נישט ווייט פון בערן (24-30 אַפּריל 1916). דעמאָלט האָט מען געוואָרפן דעם לאָזונג פון אַנטימיליטאַריזם און אויפן פאָרשלאַג פון ראָזאַ לוקסענבורג איז געגרינדעט געוואָרן דער 3-טער אינטערנאַציאָנאַל. און נאָך דער באָלשעוויסטישער רע־וואָלוציע (נאָוועמבער 1917) איז אַנטשטאַנען אין מאָסקווע אין 1919 יאָר דער 3-טער מאָסקווער קאָמוניס־טישער אינטערנאַציאָנאַל.

**אינטערנירן** (לאַט.) —פאַרשי־קן טיף אין לאַנד, איינשליסן אין א פעסטונג, אין א תפיסה און אַז. וו.

**אינטערפּעלאַציע** (לאַט.)— אַן אָנפראַגע אין פּאַרלאַמענט פון איין דעפּוטאַט אָדער פון א גרופּע באַ דער אָנפירנדיקער מלוכה־מאַכט וועגן א וויכטיקן ענין. אין פּוילן קען מען אריינ־טראָגן אַן אינטערפּעלאַציע ווען מען האָט אונטערשריפטן פון 15 דעפּוטאַטן.

**אינסורגענט** (לאַט.)—א בונ־טאַר, דער, וואָס רופט צו אַן אויפשטאַנד קעגן דער מאַכט.

**אינסורעקציע** (לאַט.)—מרידה, בונט, אויפשטאַנד קעגן דער הערשנדער מאַכט.

**אינסטאַנץ** (לאַט.) — העכערע געריכטס־אַנשטאַלט.

**אינסטיטוציע** (לאַט.)— באַ־שטימונג, איינאָרדענונג; אינ־סטיטוציעס זיינען פאַראַן פאַרשי־דענע: רעליגיעזע (א קירכע), גערעכטלעכע (געריכט), פּאָלי־טישע (פּאַרלאַמענט), אינטערנאַ־ציאָנאַלע (פעלקער־ליגע), עקאָ־נאָמישע (באַנק), פילאַנטראָפּישע (יתומים־הויז) אָדער א בילדונגס־אינסטיטוציע (שול).

**אינסטיטוט** (לאַט.)— אַן אַנ־שטאַלט. דעם טערמין באַנוצט מען ספּעציעל צו וויסנשאַפטלעכע, פּעדאַגאָגישע אָדער עקאָנאָמישע אַנשטאַלטן, למשל: אינסטיטוט פאַר אינטערנאַציאָנאַלן רעכט, האַנדל, אינסטיטוט פאַר טויב־שטומע, פאַר פּאָליטישע וויסנשאַפטן און אַנד.

**אינסטרוקציע** (לאַט.)— איינ־פאָרמאַציע, אָנווייזונג. געהיי־מע שריפטלעכע דערקלערונג פון העכערע באַאַמטע צו די נידערי־קערע, ווי אויסצופירן זייערע פליכטן און אין וואָס פאַר א ריכ־

טונג דאַרף גיין די אויפגעפאָדערטע אַרבעט.

**אינסיגניע** (לאַט.) — אַן אויסערלעכער צייכן פון אַ לאַנד, פאָלק, געזעלשאַפט, שטאַנד; למשל: אין פוילן—דער ווייסער אָדלער, ביי יידן — מגן־דוד.

**אינפאַמיע** (לאַט.) — פאַרלירן בירגער־רעכט, דעם טיטל דורך אַ פסק־דין פון געריכט.

**אינקאָגניטאָ** (לאַט.) — באַהאַלטן זיך אונטער אַ פרעמדן נאָמען. אַזוי מאַכן אָפט נסיעות הערשער, וועלכע האָבן אייפאַך מורא פאַר אַטענטאַטן.

**אָכלאָקראַטיע** (גריכ.) — הערשאַפט פון פּראָסטן המון.

**אינקאָרפּאָראַציע**—(לאַט.) איינשליסן, פאַרייניקן. למשל, ווען אַ געוויסע טעריטאָריע ווערט איינגעשלאָסן אין אַ נייער מלוכהשעך און ווערט אַן אינטעגראַלער טייל און וואַרפט זיך אונטער אַלע געזעצן און פאַרפליכטונגען פון לאַנד.

**אַליאַנס** (פר.) — צוזאַמענבונד. אַ ספּעציעלער אייסדרוק פאַר דער אַמאָליקער אַנטירעוואָלוציאָנערער, רעאַקציאָנערער פּאָליטיק פון פּרייסן, רוסלאַנד און עסטרייך.

**אַליאַנס־איזראַעליט־אוניווערסאַל** — אַ יידישע אַלוועלטלעכע חברה צו פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן יידן אין די מזרח־לענדער.

**אָליגאַרכיע** (גריכ.) — אַ מלוכה־אָרדנונג, ביי וועלכער די הערשאַפט געפינט זיך אין די הענט פון יחסנ׳ישע פאַמיליעס. אָליגאַרכיע האָט געהערשט אין די אַלטע גריכישע מלוכות, דערנאָך אין דער ווענעציאַנישער רעפּובליק.

**אַלטערנאַטיוו** (לאַט.)—אַן אויסוואַל צווישן צוויי זאַכן, ענטוועדער — אָדער ; אַהין אָדער אַהער.

**אמאָרטיזאַציע** (לאַט.) — (בוכשטעבלעך : טייטן) פאַרניכטן אַ מלוכה אָדער אַ פּריוואַטן חוב : אַראָפּרעכענען דעם ווערט פון אַ בנין אָדער מאַשין, וועלכע ווערן אָפּגענוצט אין משך פון אַ יאָר.

**אַמבאַסאַדאָר** (פר.)—דיפּלאָמאַטישער אַגענט פון ערשטער מדרגה, וועלכער רעפּרעזענטירט ביי אַ רעגירונג פון אַ געוויסער מלוכה די פּערזאָן פון זיין הערשער און מלוכה.

**אמנעסטיע** (גר.) — דאָס באַפרייען פון שטראָף; די פאַרניכטונג פון אַ שולד, וואָס פריער האָט זיך עס גערעכנט פאַר אַ פאַרברעכן. אַ באַלדיקע באַפרייונג פון שטראָף פון די פערזאָנען, וואָס זענען געווען באַשולדיקט אין אַ געוויסן טאַט, וואָס האָט זיך ביי דער פריערדיקער אָרדנונג גערעכנט פאַר אַ פאַרברעכן. אַמנעסטיע ווערט אָנגעווענדט איבערהויפּט צו פּאָליטישע פאַרברעכער, ווען ס'קומט-פאָר אַ גרונטלעכע איבערקערעניש אין גאַנצן מלוכה-וועזן, ווען אַלע יורידישע און פּאָליטישע באַגריפן ווערן פאַרביטן דורך נייע. מען דאַרף נישט צוזאַמענמישן אַמנעסטיע מיטן באַגריף מחילה, ווייל מוחל זיין הייסט טון אַ חסד, אָבער נישט אַ פאַרניכטונג פונם שולד.

**אנאכראָניזם** (גר.) — אַן אָפּגעלעבטע זאַך, וואָס פּאַסט זיך נישט צו די היינטיקע לעבנסבאַדינגונגען; אַ היסטאָרישער טעות, למשל: אַז די עשרה הרוגי מלכות זענען אומגעקומען אין איין- און דערזעלבער צייט.

**אנאָנים** (גר.) — אַ שריפט, אַ בריוו, אויף וועלכן ס'געפינט זיך נישט דער אונטערשריפט פון מחבר.

**אנאסטאזיע** (פר.)—הייליקע. אַ שפּאָטוואָרט פאַר דער פראַנצייזישער פּרעסע-צענזור.

**אנארכיזם** (גר.) — אָן רעגירונג, געזעצלאָזער צושטאַנד. אַ באַזונדער סאָציאַל-פילאָזאָפישע לערע, וועלכע איז באַגרינדעט געוואָרן ערשט אין אָנהייב 19-טן יאָרה'נדערט, אָבער וועלכע האָט אירע וואָרצלען אין דעם אַלטן עבר פון מענטשלעכן געדאַנק. די דאָזיקע לערע באַציט זיך נעגאַטיוו צו יעדער צוואַנג-מלוכה-מאַכט און לייגט אַלס יסוד פון אַן אידעאַלער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג די פולע פּערזענלעכע פרייהייט. די צוקונפטיקע אָרדנונג שטעלן זיך די אנארכיסטן פאָר אַלס אַ פאַרבאַנד פון פרייע געמיינדעס. אנארכיסטן אינטערעסירן זיך מער מיט דער פראַגע וועגן צעטיילונג און נישט מיט אָרגאַניזאַציע פון פּראָדוקציע. די טעאָרעטיקער פון אַנאַרכיזם זענען פּרודאָן, באַקונין, שטירנער, מאָסט, קראָפּאָטקין און רעקליו. דער אַנאַרכיזם צעטיילט זיך אויף עטלעכע באַוועגונגען: דער קאָמוניסטישער אַנ. (באַקונין, קראָפּאָטקין), אינדיווידועלער אַנ. (שטירנער, טעקער, מאַקיי), קריסטלעך-מאָראַלער אַנ. (טאָלסטוי)

און אנארכאָ-סינדיקאַליזם (זש. סאָרעל). דער אנ. איז די אידעאָלאָגיע פון א געוויסן טייל פון שטאָטישער קליינבירגערטום און דעקלאַסירטן לומפּן-פּראָלעטאַריאַט פון ארבעטער-שיכטן (זע לומפּן-פּראָלעטאַריאַט).

**אַנאַרכיסט** (גר.)—אַן אָנהענגער פון דער אנארכיסטישער טעאָריע.

**אַנאַרכיע** (גר.)—כאאָס, אומאָרדנונג. א צושטאַנד אין א לאַנד, ווען ס'איז נישטאָ אין אים קיין רעגירונג, אָדער ווען א רעגירונג איז נישט בכח צו באַהערשן אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג.

**אנוּלירן** (לאַט.)—מבטל מאַכן.

**אנטאגאָניזם** (גר.) — שנאה, קעגנערשאַפט, התנגדות צו א געוויסער מיינונג; קלאַסן-אנט. — קלאַסן-שנאה, וואָס אַנטשטייט צוליב קעגנזאַצן אין קלאַסן-אינטערעסן.

**אנטאַנט** (פר.) — דער פאַרבאַנד פון ענגלאַנד, פראַנקרייך, בעלגיע, איטאַליע און אויך דאָס צאַרישע רוסלאַנד אַנטקעגן דייטשלאַנד און אירע פאַרבינדעטע (די אַזויגערופענע צענטראַל-מלוכות).

קליינע אנטאנט — דער פאַרבאַנד פון רומעניע, יוגאָסלאַוויע און טשעכאָסלאָוואקיי.

**אַנטיסעמיטיזם** (גר.) — א שנאה צו סעמיטן. א פיינטלעכע באַוועגונג קעגן יידן. דער אנ., וואָס האָט אין פאַרשידענע צייטן און לענדער אויסגעדריקט זיך אין רדיפות; בלבולים און פּאָגראָמען אויף יידן, האָט זיין שורש אין די עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן פון דער קליין און גרויס-בורזשואַזיע, צוליב די פאַרשאַרפטע קאָנקורענץ צווישן דידאָזיקע קלאַסן. אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער שטרעבן די הערשנדיקע קלאַסן אויסצונוצן דעם אַנ., כדי צו צעשפּליטערן די אַרבעטער-מאַסן און אָפּציען זייער אויפמערקזאַמקייט פון די אמתע סיבות פון זייער נויט. די פינסטערע, ווייניק באַוווסטזיניקע עלעמענטן גייען טיילמאָל נאָך די פאַרשפּרייטער פון רעליגיעזער-און ראַסן שנאה, און ווערן אין זייערע הענט א בלינד געווער פון אַנטיסעמיטישער אַרויסטרעטונגען. דאָס בעסטע מיטל צו באַקעמפן דעם אַנ. איז צו מאַכן באַוווסטזיניקדעם אַרבעטער-קלאַס.

**אַנטיסעמיט** (גר.) — קעגנער פון די פעלקער, וועלכע

נעהערן צו דער סעמיטישער ראַסע (שם, נחס זון), דערעיקרשט צו יידן.

**אנעקסירן** (גר.) — אָנקניפּן, איינגלידערן, דורך געוואַלט־מיטלען, דורך מלחמה איינשליסן אַ פרעמדע טעריטאָריע צו דער אימפּעריע.

**אַנפּי־פּאַרטיי** — אַ פּאַרטיי אין כינע, וואָס איז פריינט־לעך געשטימט צו יאַפּאַן.

**אסאָציאַציע** (לאַט.) — אַ גרופּע אָדער אַ פאַרבאַנד פון מענטשן, וואָס פאַראייניקן זיך כדי צו דערגרייכן אַן אַלגעמיינעם ציל.

**אַסאָצ. פון אידעען** — אַ פאַרבינדונג פון געדאַנקען, דורך דעם וואָס איין געדאַנק אָדער פאָרשטעלונג דערמאָנט אָן אַ שייכותדיקן געדאַנק אָדער פאָרשטעלונג.

**אסיגנאַטן** (לאַט.) — פּאַפּירגעלט.

**אסיגנירן** (לאַט.) — באַשטימען אַ געוויסע סומע געלט אויף געוויסע הצטרכותן.

**אַסימילאַציע** (לאַט.) — דאָס צופּאַסן־זיך צו גייע באַדינגונגען; דאָס אויסמישן־זיך מיט אַנדערע פעלקער.

**אַסימילירן** — צופּאַסן־זיך אויסמישן־זיך מיט אַנדער פעלקער.

**אסעניזירן** (לאַט.) — דער־ווייטערן אומרייניקייטן און שמוץ צוליב היגיענישע צוועקן, למשל: קאַנאַליזירן אַ שטאָט, אויסטרוקענען בלאָטעס.

**אסעקוראַציע** — זע פאַר־זיכערונג.

**אסקעטיזם** (גר.) — נזירות, דאָס אָפּזאָגן־זיך פון קערפּער־לעכע תענוגים און תאוות.

**אסקעט** — אַ נזיר, אַ פּרוש.

**אפּאָגיי** (גר.) — אַ העכערע מדרגה פון רום, מאַכט

**אָפּאָזיציע** (לאַט.) — קעגנערשאַפט, קעגנווירקונג, אַ באַוועגונג קעגן דער עקזיסטירנדיקער אָרדנונג; אַ גרופּע, אַ פּאַרטיי, וואָס פירט אַ קאַמף קעגן דער פּאָליטיק פון דער מאַכט און שטעלט זיך אַנטקעגן דער הערשנדיקער מערהייט.

**אַפּאָלאָגיע** (גר.) — אַ רעדע אָדער אַ ווערק, וואָס האָט דעם

ציל צו פאַרטיידיקן אַ באַשול־דיקטן.

**אַפּאָליטיש** (גר.) — אומפּאָליטיש; נישט האָבן קיין חוש פאַר פּאָליטיק.

אַ פּ אָ ל י ט י ש ע   ג ע ז ע ל־ש אַ פ ט — אַזאַ געזעלשאַפט, וואָס נעמט נישט קיין אנטייל אין פּאָליטישן לעבן פון דער מלוכה. אין אַ דעמאָקראַטישן לאַנד, ווו די העכסטע מאַכט איז אָפּהענגיק פון פאָלק, מוז דאָס פאָלק נעמען אַ לעבעדיקן אנטייל אין פּאָליטישן לעבן, אויב ס׳וויל נישט אַרויסרופן קיין פּאָליטישע קאַטאַסטראָפע.

**אָפּאָנירן** (לאַט.) — אָפּענטפערן; דערקלערן און אַנטוויקלען אַ קעגנגעזעצטע מיינונג פון דעם פריערדיקן רעדנער אָדער רעפערענט.

**אָפּאָנענט** — דער קעגנער אין אַ ויכוח.

**אַפּאָסטאָל** (גר.) — אַ שליח; אַ פאָרויסזאָגער פון אַ געוויסער אידייע, ווי למשל: די פאַרשפּרייטער פון קריסטנטום צווישן געצן־דינער, אָדער די ערשטע פאַרשפּרייטער פון סאָציאַליזם.

**אַפּאָקריפן** (גר.) — כתבים חיצונים; מסופּקדיקע רעליגיעזע שריפטן, וואָס זענען נישט אַריינגענומען געוואָרן אין דער ביבל אָדער אין די הייליקע ספרים פון דער קירך. אַפּ. זענען, למשל: „חכמת שלמה", „ספר חשמונאים" א. אַנד.

**אָפּאָרטוניזם** (לאַט.) — אַ פּרינציפּלאָז צופּאַסן־זיך צו דעם הערשנדיקן מצב.

**אָפּאָרטוניסט** — אַ מענטש, וואָס פּאַסט־זיך צו צו דעם הערשנדיקן מצב.

**אַפּאָריזם** (גר.) — אַ שפּריכוואָרט, אַ געדאַנק, וואָס ווערט אויסגעדריקט קורץ און שאַרף. ביי יידן, למשל, זענען באַוווּסט: „משלי שלמה", „משלי בן־סירא" א. אַנד. אַפּאָריזם־ביכער.

**אָפּטימיזם** (לאַט.) — אַ פילאָזאָפישע שיטה, וואָס האַלט אַז אַלץ אין דער וועלט איז נוטה צום גוטן, צו אַ קלוגן ציל, און פון דאַנען שאַפט זיך די איינגעשאַפט צו זען אַלע דערשיינונגען אין טעגלעכן לעבן פון דער גוטער זייט; דאָס זאָגן אויף יעדער געשעעניש: גם זו לטובה; לעבנס־שמחה.

**אָפּטימיסט** — אַ מענטש, וואָס זעט אַלץ פון דער גוטער זייט.

**אָפּיציעז** (לאַט.) — האַלב־אָפּיציעל.

**אָפּיציעל** (לאַט.) — אַן אַקט, אַ החלטה פון דער רעגירונג, למשל: אַ מיניסטעריעלע רעדע, אַ עקספּאָזע פון אַ מלוכה־פאָר־שטייער אין פּאַרלאַמענט.

**אַפּעלירן** (לאַט.) — ווענדן זיך; 1) אָפּגעבן אַן אָנקלאַגע (אַפּעלאַציע) אין אַ העכערער אינסטאַנץ; 2) ווענדן זיך צום שכל, צו די בעסערע געפילן פון מענטש אָדער פון דער געזעלשאַפט.

**אַפּראָבירן** (לאַט.) — מספּים זיין, געבן אַ הסכּמה.

**אַפּריאָרי** (גר.) — פאָרויס־באַשטימטע לאָגישע מסקנא. מושכּל ראשון.

**אַקומולאַציע** (לאַט.) — אָנ־זאַמלונג פון ענערגיע אין אַ פיזישן אַפּאַראַט, אין אַ אָרגאַן אָדער אין אַ נערוון־צענטער.

אַקומולאַציע פון קאַ־פּיטאַל — אָנזאַמלונג פון קאַ־פּיטאַל דורך אַ פאַרברייטערטן אומזאַץ.

**אָקופּירן** (לאַט.) — פאַרנעמען אַ פרעמד לאַנד אין אַ מלחמה־צייט.

**אַקטואַליטעט** (לאַט.) —ווירקלעכקייט, אַ צייט־פּאַסיקער ענין.

**אַקטועל** (פר.) — וויכטיק, ברענענדיק, ווירקלעך, צייט־פּאַסיק, מעניגא דיומא.

**אַקטיוו** (לאַט.) — טעטיק.

אַקטיווע פּאָליטיקער — טעטיקע פּאָליטיקער, וואָס זיצן נישט מיט פאַרלייגטע הענט און וואַרטן אָפּ גרויסע געשעענישן, נאָר באַמיען זיך צו שאַפן אַזאַ פּאָליטיק, וואָס איז צוגעפּאַסט צו זייער פּלאַן און וועלטאָנשויונג.

**אַקלימאַטיזאַציע** (גר.) — דאָס צוגעוווינען זיך, די צו־פּאַסונגס־קראַפט פון אַ לעבעדיק באַשעפעניש אָדער פלאַנצן צו אַן אַנדערן קלימאַט.

**אַקציז** (לאַט.) — אַ שטייער־אָפּצאָל אויף סחורות, וועלכע ווערן אויסגעאַרבעט אין לאַנד.

**אַקציענגעזעלשאַפט** — אַ האַנדלס־געזעלשאַפט. די מיטגלידער פון אַזאַ געזעלשאַפט (אַקציאָנערן) טראָגן אַריין יעדער אַ באַשטימטן טייל אָדער עט־לעכע באַשטימטע טיילן פון דעם גרונט־קאַפּיטאַל, וואָס איז נייטיק צום געשעפט. אַקציענגע־

זעלשאפטן זענען אנטשטאנען אין מיטן 19-טן יאָרהינדערט.

**אקרעדיטירן** (פר.)—1) געבן א באפאָלמעכטיקונג צו באַקומען געלט-סומעס; 2) געבן איינעם א דיפּלאָמאטישע באפאָלמעכטיקונג אלס פארטרעטער ביי פרעמדע מלוכות.

**ארביטער** (פר.) — א בורר.

**ארביטראזש** (לאט.) — א משפט אויסגעפירט דורך א בוררים-געריכט; די פארגלייכונג פון פארשידענע געלטער און חעקסל-קורס אויף פארשידענע האנדלס-פלעצער.

**ארבעטסלאָזיקייט** — די סאָציאל-עקאָנאָמישע לאגע פון היינטיקער קאפיטאליסטישער אָרדנונג איז ענג פארבונדן מיט א כאראַקטעריסטישע דערשיינונג — ארבעטסלאָזיקייט. דער גרעסטער טייל פון די עקאָנאָמיסטן-סאָציאַליסטן רעכענען ארבעטסלאָזקייט פאר א נאטירלעכע אומפארמיידלעכע און דערעיקר נישט קיין באזיגטע דערשיינונג פון דער קאפיטאליסטישער אָרדנונג, וואָס איז אין עצם אן אויסגאנג פון דעם וואס די פאָלקסווירטשאפט איז נישט פלאנמעסיק אָרגאניזירט. זיי האלטן, אז נאָר דער סאָציאַליזם וועט זיין בכוח די דערשיינונג צו באזייטיקן.

**ארבעטער-אסעקוראַציע** - פון קראנקהייט, אומגליקן. אין דייטשלאנד פון (1884), עסטרייך (1887), נאָרוועגיע (1894), פינלאנד (1895), בעלגיע און איטאליע (1898), שפאניע (1900), און האָלאנד און שוועד (1901). אין דייטשלאנד ווערן די הוצאות פון דער אסעקוראַציע בעדעקט דורך די ארבעטסגעבער, ארבעטער און אויך מלוכה. אין פוילן איז ארב.-אס. איינגעפירט געוואָרן אין 1928.

**ארגומענט** (פר.) — א באווייז, א ראיה, א טעם.

**אָרטאָדאָקסיע** (גר.) — א קלאָס מענטשן, וואָס האלט זיך פעסט אָן אלטע טראדיציעס, מנהגים.

**ארטעל** (טאטאריש)—א גרופּע מענטשן, א געוויסע געזעלשאפט, וועלכע נעמט אויף זיך די פליכט דורכצופירן געוויסע ארבעטס - אונטערנעמונגען. ס'גיבן פארשידענע ארטעלן: בוי-ארטעל, עקספּעדיציע-ארטעל א. אנד.

**אריוויסט** (פר.)—קאריערים.

**אריסטאָקראַטיע** (פון צוויי גריכישע ווערטער: אריסטאָס— דער בעסטער, קראַטיא-מאַכט)— באַצייכנט: די מאַכט פון בעסטע ביי די אַלטע גריכן; אַזאַ מלוכה-אָרדנונג ביי וועלכער די מאַכט געהערט דעם יחסנדיקן קלאַס, דעם אויסדערוויילטן שטאַנד (ווי לגעבוירענע, געלט-אריסטאָקראַטיע און העכערע באַאַמטע).

**אריער**—אַזוי האָבן זיך אַמאָל גערופן די אינדאָגערמאַנישע פעלקער; איצט דינט עס אַלס אַ טערמין צו באַצייכענען דעם קעגנזאַץ צו סעמיטישע פעלקער.

**אריערגאַרד** (פר.) אַ מחנה חיל, וואָס גייט הינטער דער הויפּט-אַרמיי.

**ארכאַיזם** (גר.) — אַ פאַרעלטערטער אויסדרוק.

**ארכיוו** (גר.) — אַ בנין, וווּ עס ווערן געזאַמלט און באַהאַלטן וויכטיקע מלוכהשע אָדער פּריוואַטע דאָקומענטן.

**ארענדע** (לאַט.) — אַ פּאַכט, דאָס אָפּגעבן אַ הויז, אַ פעלד אַ גאָרטן אויף אַ געוויסן טערמין

**ארעסט** (לאַט.) — פאַרהאַלטן, איינשליסן, צונעמען ביי אַ באַשטראָפטן זיין פרייהייט אויף אַ געוויסע צייט לויט אַ ספּעציעלן באַשלוס פון דער אַדמיניסטראַטיווער-אָדער געריכטס-מאַכט. אין דעמאָקראַטישע לענדער מוז מען דעם אַרעסטירטן צושטעלן אין דעם קורצסטן טערמין באַווייזן, וועלכע דערקלערן אים אויף וואָס פאַר אַ סמך מען האָט אים אַרעסטירט.

# ב.

**באַביעף, פראַנסוא נאָעל** (1796—1760) — אַ פראַנצויזישער רעוואָלוציאָנער-קאָמוניסט, אַ חשובער טוער פון דער פראַנצ. גרויסער רעוואָלוצ. אַגיטירט פאַר סאָציאַליזאַציע פון די גרויסע ערד-שטחים פון די פריצים; דערפאַר איז ב. איינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה. נאָך זיין באַפרייט ווערן (1795) פלאַנט ב. אַ גרויסע סאָצ. איבערקערעניש, און צום דאָזיקן פלאַן זענען צוגעשטאַנען די אַרבעטער-מאַסן פון פאַריז. אַ אָפיציר אַ פּראָוואָקאַ-

טאָר גיט-איבער די אָרגאַניזאַטאָרן דער געפּלאַנטער איבערקערעניש אין די הענט פון דער רעגירונג. ג. איז אומגעקומען אויף דער גיליאָטינע.

**באָזיס** (גר.) — יסוד, פונדאַמענט.

**באַלאַגערונגס-צו-שטאַנד** — אַ אויסנאַמס-צושטאַנד, וואָס ווערט איינגעפירט דורך דער מאַכט אין די ערטער אין וועלכע ס'קומען פאָר פּאָליטישע אומרוען אָדער מלחמה. אַזאַ צושטאַנד האָט דעם ציל אָפּצוהיטן די זיכערקייט פון דער באַפעלקערונג. דער באַלאַגערונגס-צושטאַנד ווערט באַקאַנט געמאַכט דורך עפנטלעכע מודעות.

**באַלאָטירונג** (פר.) — אָפּשטימונג איבער אַ געוויסע פראַגע. באַלאָט. קומט-פאָר אויף פאַרשידענע אופנים: 1) נאָמענטלעכע אָפּשטימונג; 2) אָפענע אָפּשטימונג דורך אויפהייבן די הענט אָדער אויפשטיין פון די ערטער; 3) געהיימע אָפּשטימונג דורך קיילעכלעך (ווייסע—פאַר, שוואַרצע — קעגן) אָדער דורך קוויטלעך.

**באַלאַנס** (פר.) — גלייכגעוויכט.

**באַלאַנסירן** — 1) דערהאַלטן די גלייכגעוויכט, גייענדיק, למשל, אויף אַ שטריק; 2) פיג. נישט זייענדיק קיין אָנהענגער פון קיין שום פּאַרטיי און גלייכצייטיק זיין נאָנט אַמאָל צו איינער אַמאָל צו דער אַנדערער פּאַרטיי. (גיין וואו דער ווינט בלאָזט).

**באַלאַסט** (ענג.) — אַ שווערע משא; אַ אומנוצלעכע משא.

**באַלפור-דעקלאַראַציע-**
דעם 2-טן נאָוועמבער 1917 האָט לאָרד באַלפור, דער דעמאָלסדיקער ענגלישער אויסערן מיניסטער, איבערגעשיקט אַ בריוו צו לאָרד לעאָפּאָלד ראָטשילד, אין וועלכן ער דעקלאַרירט דעם באַשלוס פון דער ענגלישער רעגירונג צו מאַכן פּאַלעסטינע פאַר אַ נאַציאָנאַלע היים פאַרן יידישן פאָלק.

**באָלשעוויקעס** (פון רוסישן וואָרט באָלשע—מער) — אויפן 2-טן קאָנגרעס פון די רוסישע סאָצ.-דעמאָקראַטן (1903) אין לאָנדאָן איז געקומען צוליב געוויסע טאַקטיק-סיכסוכים צו אַ שפּאַלטונג, ווו לענינס גרופּע האָט געהאַט אַ מערהייט שטימען און מאַרטאָווס גרופּע איז געבליבן אין דער מינדערהייט (מענשעוויקעס; פון רוסישן וואָרט מענ-

שע—ווייניקער). פון דעמאָלט אָן איז צעטיילט געוואָרן די רוסישע ס.-ד. פּאַרטיי אויף צוויי פראַקציעס: באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס. גענויער זע: קאָמוניזם.

**באַנאַפּאַרטיסטן** — אַ פּאָליטישע פּאַרטיי אין פראַנקרייך, וואָס קעמפּט פאַר די רעכט פון דער דינאַסטיע פון נאַפּאָלעאָן I באָנאַפּאַרטע. אַמאָל איז די פּאַרטיי געווען גרויס און שטאַרק, איצט פאַרלירט זי ביסלעכווייז איר מאַכט און באַדייטונג.

**באָנאַפּאַרטע** זע נאַפּאָלעאָן.

**באַנדע** (פר.) — אַ חברה, אַ שייקע רוצחים.

**באַניציע** (לאַט.) — פאַרטרייבונג פון לאַנד לויט דעם באַשלוס פון געריכט.

**באַנק** (איט.) — אַ אינסטיטוציע, וואָס העלפט דעם געלט- און קרעדיט פאַרקער צווישן שטעט און לענדער און גיט אויך די מעגלעכקייט דער באַפעלקערונג צו מאַכן געלט-אָפּשפּאָרונגען, הלוואות און אנדערע געלט-אָפּעראַציעס, ווי למשל: איבערווייזן געלט פון איין לאַנד אין אַ צווייטן.

**באַנקיר** — באַנק-אייגנטימער.

**באַנקנאָט** (איט.) — שיינען, וואָס ווערן אַרויסגעגעבן דורך אַ באַנק, וואָס האָט דערויף אַ ספּעציעלע רעכט, און ווערן איבעראַל אָנגענומען ווי געלט.

**באַנקעט** (פר.) — אַ פייערלעכער מיטאָג אָדער אָוונט-מאָלצייט, וואָס ווערט איינגעאָרדנט דורך אַן אָפיציעלער פערזאָן אָדער אינסטיטוציע לכבוד אַ חשובע פערזאָן אָדער גרופּע מיט אַ פּאָליטישן אָדער געזעלשאַפטלעכן ציל.

**באַנקראָט** (לאַט.) — פּליטה, אומפעיקייט צו סילוקן חובות.

**פּ א ָ ל י ט י ש ע ר ב א ַ נ ק ר א ָ ט** הייסט: ווען אַ פּאַרטיי איז נישט בכוח צו פאַרווירקלעכן איר פּראָגראַם.

**באַסטיליע** — אַן אַלטע פעסטונג אין פּאַריז, אין וועלכער מען האָט אַמאָל געהאַלטן פּאָליטישע פאַרברעכער. צום אָנהייב פון דער גרויסער פראַנצייזישער רעוואָלוציע, דעם 14-טן יולי 1789, האָט די פּאַריזער באַפעלקערונג איינגענומען און חרוב געמאַכט די ב., וואָס איז געווען דער סימבאָל פון טיראַניע און דעספּאָטיזם. פון דעם שטאַמט די פראַזע: „לאָמיר חרוב מאַכן

די באסטיליע", ד. ה. פארניכטן די טיראניע און דעם דעספאָטיזם.

**באקונין מ. א.** (1814 — 1876) — א רוסישער רעוואָלוציאָנער-אנארכיסט. פארברענגט זיין גרעסטן טייל יאָרן אין אויסלאַנד. נעמט אנטייל אין די רעוואָל. פון 1848. ווערט פארמשפט 2 מאָל צו טויט-שטראָף, וואָס ווערט אים פארביטן אויף אייביקע תפיסה. ווערט ארויסגעגעבן רוסלאַנד אין 1851 און ווערט פארשיקט קיין סיביר, פונוואַנען ער אנטלויפט. נעמט אנטייל אין אינטערנאציאָנאַל. א שאַרפער קעגנער פון מארקסן. אין 1872 ווערט ער אויסגעשלאָסן פון אינטער. און פון דעמאָלט אָן גיט ער זיך אָפּ דעם אנארכיזם.

**באָקסער-באוועגונג** — א נאַציאָנאַלע באוועגונג (1900) אין כינע. איר ציל איז געווען צו באַפרייען דאָס לאַנד פון יאָך, וואָס עס האָבן ארויפגעלייגט אויף די כינעזער די שטאַרקע אייראָפּעישע מלוכות: ענגלאַנד, פראַנקרייך, רוסלאַנד א. אנד.

**באראָמעטער** (גר.) — אן אפּאַראַט צו מעסטן דעם דרוק פון דער לופט און וואָס ווייזט פאָרויס וואָס פאר א וועטער ס'וועט זיין אין די נאָענטסטע טעג. פּאָליטישער באראָמעטער — סימנים, וואָס ווייזן אָן די געזעל.-מיינונג אָדער פּאָליטישע שטימונגען.

**בארבאר** (גר.) — גראָבער, אומקולטורעלער מענטש.

**בארבאריזם** — 1) גראָביקייט, קולטור-לאָזיקייט; 2) א אויסדרוקס-פאָרם, א פראַזע, וואָס שטאַמט פון א פרעמדער שפראַך.

**בארטלאָמייוס-נאכט** — זע הוגענאָטן.

**באריקאדע** (פר.) — א פאַרצוימונג פון פארשידענע מאַטעריאַלן אויף גאַסן אין א צייט פון מלחמה אָדער רעוואָלוציע, כדי דער שונא זאָל נישט קענען לייכט צוקומען.

**באָרעליסטן** — א סאָציאַליסטישע סעקטע אין 17-טן יאָרהונדערט, וואָס האָט פּראָפּאַגאַנדירט צו פארניכטן אַלע קירכלעכע און געריכטלעכע אַנשטאַלטן.

**באשי-בוזוק** — א לייכטער קאָפּ. א פריוויליקער אין דער טערקישער ארמיי, וועלכער צייכנט



מ. באַקונין



פּ. קראַפּאָטקין



דזש. גאַריבאַלדי



דזש. מאדזיני

זיך אויס מיט ווילדקייט און גרוי-זאמקייט.

**בויקאט**—דער טערמין שטאמט פון דעם נאָמען פון ענגלישן קאפיטאן בויקאָט, וועלכער, זייענדיק אן אדמיניסטראטאָר אין זייער גרויסע גיטער אין אירלאנד, איז געווען אזוי שטרענג צו זיינע ארענדארן, אז זיי האָבן באשלאָסן איבערצורייסן מיט אים אַלע גע-שעפטל. באציונגען. דערמ ט האָבן ויי אים געצוווּנגען צו פארלאָזן זיין אמט און אַנטלויפן. איצט באצייכנט בויקאָט א ספעציעלע טאקטיק קעגן איין פערזאָן אָדער גרופע מענטשן, געגן ראסן אָדער פעל-קער, קעגן א געוויסער טעטיקייט, מנהגים, מיטן ציל צו שטערן, באזייטיקן פון דער ארבעט, אָפ-שאפן געוויסע סחורות פון האנדלס-מארק. ס'איז באקאנט דער בויקאָט קעגן יידן אין פוילן אין יאָר 1908 אָנגעפירט דורך ראָמאן דמאָווסקי, יער געוו. לידער פון דער נאַ-ציאָנאַל-דעמאָקראטישער פוילישער פארטיי.

**פאָליטישער בויקאָט**—הייסט: ווען א גרופע מענטשן אָדער א קלאס אנטזאגט זיך צו נעמען אן אנטייל אין וואַלן.

**בולע** (לאט.) — א פויפסט-לעכער אקט, באפעל, געשריבן אין א פייערלעכן פאָרם.

**בופאָר** (ענג.) — א מעכאניזם ביי וואגאָנען, וואָס דינט אָפ-צושוואכן דעם קלאפ צווישן צוויי וואגאָנען.

**בופאָר-מלוכה** — א קליין מלוכהלע, וואָס ליגט צווישן צוויי גרויסע אימפעריעס און וואָס היט זיי אָפ פון א צוזאמענשטויס, למשל: בעלגיע צווישן דייטש-לאנד און פראנקרייך.

**בורזשואַזיע** (פר.)—(בירגער) פאר דער פראנצייזישער רע-וואָלוציע האָט דער טערמין בא-צייכנט דעם מיטלקלאס, דעם דריטן שטאנד אין קעגנטייל צו גייסט-לעכע און פריצים, וועלכע זענען געווען ביז דער רעוו. פריווילע-גירט. שפעטער האָבן די פראנ-צייזישע סאָציאליסטן אָנגערופן מיט דעמדאָזיקן נאָמען די אַלערליי קאפיטאליסטן אין קעגנטייל צום ארבעטער-קלאס. דער לעצטער באגריף פון דאָזיקן טערמין איז פארבליבן ביז איצט.

**גרויס-בורזשואַזיע** — א קלאס פון קאפיטאליסטן, וואָס אין זייערע הענט קאָנצענטרירן זיך די גרעסטע אינדוסט.- און האנדלס אונטערנעמונגען

ק ל יי ן - ב ו ר ז ש ו א ז י ע — קרעמער, הענדלער, בעלי-מלאכות און קליינע ערד-באזיצער.

**בורזשואזישע רעפובליק** — א מלוכה-ארדנונג, ביי וועלכער אויפן פאפיר האבן אלע בירגער גלייכע רעכט, און די ממשלה געפינט זיך אין די הענט פון אויסגעוויילטע דורכן גאנצן פאלק, אבער אין דער אמתן געפינט זיך די מאכט אין די הענט פון די רייכע קלאסן. די בורזשואזיע, שטיצנדיק-זיך אויף איר עקאנאמישן כוח, בילדונג און ארגאניזאטארישער געשולטקייט, געוועלטיקט ביד חזקה איבערן לאנד, און די דעמאקראטישע אויסערלעכע פארמען דינען איר נאר אלס פייגן-בלאט צו פארטונקלען דעם באוווסטזיין פון די מאסן.

**ביודזשעט** (פר.)—די סכעמע פון הוצאה און הכנסה פון א מלוכה אדער פון אן אינסטיטוציע.

ב י ו ד ז ש ע ט-ר ע כ ט — אין קאנסטיטוציאנעלע אדער רעפובליקאנישע לענדער האט דער פארלאמענט דאס רעכט צו באשטעטיקן אדער אפווארפן דעם ביודזשעט-פראיעקט פון דער רעגירונג. וואס ברייטער ס'איז דאס ביודזש.-רעכט פון די פאלקס-פארטרעטער אלס פעסטער איז דער כוח פון פארלאמענט.

**ביולעטין** (פר.) — 1) עקסטרע, קורצע, מעלדונגען וועגן ענינים, וואס זענען זייער וויכטיק פארן לאנד; 2) נאמענטלעכע וואל-צעטלעך.

**ביוראקראטיזם** (פר.) — גייסטלאזער פארמאליזם פון אמטן אין באאמטע; אזא ארדנונג, ביי וועלכער די העכערע באאמטע נעמען זיך דאס רעכט פון געזעצגעבער און רעכענען זיך נישט מיט די פאלקס-פארטרעטער. דערדאזיקער טערמין ווערט איצט געברויכט אלס פאראכטונגסנאמען פארן גאנצן באאמטנטום.

**ביוראקראטיע** — הערשאפט פון באאמטע.

**ביל** (ענג.) — געזעץ-אקט אין ענגלאנד. נאך דער רעוואלוציע פון יאר 1688 איז דער ב. געווען אן אפמאך צווישן קעניג און פאלק; דער ב. האט דעמאלט באשטימט געווי דאס רעכט פון פאלק און איז געווען אומבארירלעך. אין 1832 ווערט דער ב. רעפארמירט, און לויט אים ווערט געענדערט דער וואל-סיסטעם צום פארלאמענט. דורכן ב. האבן באקומען וואל-רעכט די בירגער פון ארימע ישובים אין ענגלאנד, וואס האבן ביז דעמאלט נישט געהאט קיין וואל-רעכט.

**ביל̃אַנס** (איט.) — דער סך- הכּל פֿון הוצאה און הכנסה און אַ האַנדלס-אונטערנעמונג.

מלוכתשער האַנדלס- בילאַנס — דער גלייכגעוויכט צווישן אריין- און אַרויספֿיר פֿון סחורות; אַקטיווער בי- לאַנס — ווען דער אַרויספֿיר איז גרעסער פֿון אַריינפֿיר, פּאַ- סיווער בילאַנס — ווען דער אַריינפֿיר איז גרעסער פֿאַרן אַרויס- פֿיר.

**בימעטאַליזם** — אַ צוויי- קער מטבע-סיסטעם, ביי וועלכן די זילבער-מטבעות ווערן געמינצט אין אַ גלייכער סומע ווי די גאָלד- מטבעות, און ביידע זענען גלייך גאַנגבאַר לויט אַ קינסטלעך-באַ- שטימטע קעגנזייטיקע קורס-באַ- ציונג.

**ביסמאַרק** (1815—1898) — אַ דייטשער קאַנצלער (דער „אייזערנער קאַנצלער"), וואָס האָט פֿאַרייניקט אַלע דייטשע פֿירשטנטומס אין איין שטאַרקע אימ- פּעריע. אין משך פֿון אַ סך יאָרן איז ער געווען דער אָנפֿירער פֿון דער אייראָפּעישער רעאַקציע און דער פֿילאַר פֿון דער שטאַרקער דייטשער מאָנאַרכיסטישער מאַכט. ער איז געווען אַ אויסגעשפּראָ- כענער שונא פֿון דער אַרבעטער- באַוועגונג און האָט זיך פֿאַרשאַפֿן אַ טרויעריקן רום דורך זיין אוי- סערגעוויינלעך שטרענגן געזעץ קעגן די סאָציאַליסטן.

**בירגער-קריג** — אַ אינער- לעכער קריג צווישן קעגנערישע פּאַרטייען אָדער קלאַסן, למשל: אַ באַוואָפֿנטער קאַמף צווישן 2 פּראָווינצן פֿון לאַנד, אָדער צווישן פֿאָלק און מיליטער.

**בלאַן לואי** (1811–1882) — אַ פֿראַנצייזישער סאָציאַליסט- אוטאָפּיסט. אין זיין הויפּטווערק „די אָרגאַניזאַציע פֿון אַרבעט" האָט ב. אַנטוויקלט די הויפּט- יסודות פֿון זיין סאָציאַליסטישער שיטה, וואָס איז באַזונדערס פּאָ- פּולער געוואָרן אין דער פֿעברואַר רעוואָלוציע אין יאָר 1848. ב. האָט פֿאָרגעלייגט צו פֿאַרבייטן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג דורך גרינדן געזעלשאַפֿטלעכע וואַר- שטאַטן, וואָס זאָלן לכתחלה אָנגע- פֿירט ווערן דורך מלוכה-פֿאַר- שטייער פֿאַכלייט, און דערנאָך זאָלן זיי אָנגעפֿירט ווערן דורך די אַרבעטער אַליין. מורא-האָבנדיק פֿאַר דער פּראָפּאַגאַנדע פֿון סאָציאַליסט-אוטאָפּיסט, האָבן די מאַכט-האָבער געגרינדעט אַ רע- גירונגס-קאָמיסיע פֿאַר אַר- בעטער, אין וועלכער ס'זענען

 בלאנקי אָגיוסט

אריין אן ערך 200 ארבעטער־רעפּוטאַטן, און אין דערדאָזיקער קאָמיסיע איז געוואָרן ב. דער פאָרזיצער, און דאָס האָט אים אָפּגעצויגן פון צו נעמען אן אנטייל אין דער צייטווייליגער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. די געגרינ־רע ע געזעלש. וואַרשטאַטן זיינען אין גיכן פאַרמאַכט געוואָרן. די ארבעטער האָבן זיך אָקעגנגעשטעלט מיט געווער, נאָר די בורזשואַזישע רעגירונג האָט זיך מיט זיי אכזריותדיק אָפּגערעכנט. ב. אנטלויפט דעמאָלט קיין ענגלאַנד און אין יאָר 1870 קערט ער זיך אום צוריק קיין פּאַריז. אין דער צייט פון דער פּאַריזער קאָמונע שטייט ער צו צו די ווערסאַלער, די קעגנער פון דער קאָמונע. אין יאָר 1876 ווערט ער אויסגעוויילט אלס דעפּ. אין פּאַרלאַמענט און שטייט צו צו דער ראַדיקאַלער פּאַרטיי, ווו ער פירט דורך די אידייע פון קליינבירגערלעכער פשרה־פּאָליטיק.

**בלאנקי אָגיוסט** (1805—1881) — א פראנצייזישער רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסט. נעמט אנטייל אין דער רעוואָלוציע פון 1830. אלס רעדאַקטאָר פון דער צייטונג „געזעלשאַפט פריינט פון פאָלק" ווערט ער פאַרמשפּט אויף א יאָר תפיגה. אין 1831 ווערט ער פאַר מאַכן באָמבעס פאַ־משפּט צו 2 יאָר תפיסה. נאָך זיין באַפרייט ווערן נעמט ער א שטאַרקן אנטייל אין דער „געזעלשאַפט צייטן פון יאָר". ער גרייט צו אן אויפשטאַנד, וואָס ווערט אונטערדריקט אין 1840 און ב. ווערט פאַרמשפּט צו טויט־שטראָף. וואָס ווערט אים פאַרטוישט אויף אייביקע תפיסה. די רעוואָלוציע פון 1848 באַפרייט אים פון תפיסה און דעמאָלט טרעט ב. אריין אין דער „צענטר. רעפּובליקאַנער געזעלשאַפט". דאָס געריכט פון דער צווייטער רעפּוב. פאַרמשפּט אים אויף 10 יאָר תפיסה. פאַרן פּרוב צו אנטלויפן ווערט ער פאַרשיקט אויף דער אינדזל קאָרסיקאַ. דורך דער אַמנעסטיע פון 1859 ווערט ער באַפרייט און אין 1861 זיצט ער שוין ווידער אין תפיסה פאַר זיין אנטייל נעמען אין א געהיימער אָרגאַניזאַציע. אין 1871 ווערט ב. אויסגעוויילט אלס מיטגליד פון דער קאָמונע, אָבער טיער זעצט אים אריין אין פעסטונג. דער מי פון די קאָמונאַרן צו פאַרטוישן אים אויף עטלעכע ווערסאַלער האָט בישט געהאַט קיין דעו פאָלג. אין 72־טן יאָר פאַרמשפּט אים דאָס מיליטערישע געריכט פון דער דריטער

רעפּובליק צו פאַרשיקונג. אין 79-טן יאָר, 2 יאָר פאַר זיין טויט, ווערט ער אויסגעוויילט אין פּאַרלאַמענט, נאָר די רעגירונג איז מבטל די וואַלן.

**בלאַנקיזם** — אַ רעוואָלוציאָנערע טאַקטיק, וואָס שטרעבט דורכצופירן אַ געזעלש. איבערקערעניש נישט דורך דעם אנטייל פון באַוווסטזיניקע אַרבעטער-מאַסן, נאָר דורך אַ הייפל טעראָריסטן.

**בלאָק** (פר.) — אַ פאַראייניקונג פון פאַרשידענע פּאַרטייען צוליב אַ געוויסן צוועק.

**בלאָקאַדע** (פר.) — 1) דאָס באַלאַגערן אַ שונאס אַ פעסטונג, כדי צו צווינגען זיך אונטערצוגעבן.

י ם - ב ל אָ ק אַ ד ע — דאָס פאַרמאַכן דורכן פלאָט דעם צוטריט צום שונאס פּאָרט, ימשטעט, כדי אָפּצושליסן אים פון דער וועלט.

**בעבעל פערדינאַנד אויגוסט** (1913—1840)— אַ פירער פון דער דייטשער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, פון פאַך אַ טאָקאַר. אַ גלענצנדער רעדנער, האָט אָנגעשריבן אַ סך ביכער און בראָשורן. זיין בוך „די פרוי און דער סאָציאַליזם" (פאַראַן אין יידיש) איז געוואָרן דאָס טיש-בוך ביי די אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט. אַ לאַנגע צייט איז ב. געווען דעפּוטאַט אין דייטשן רייכסטאָג און פאָרזיצער פון אַלע דייטשע אַרבעטער-פאַראיינען. אין 1869 האָט ב. צוזאַמען מיט ליבקנעכטן געגרינדעט די דייטשע סאָצ.-דעמ. פּאַרטיי. אין דער צייט פון דער פראַנצ.-פּרייסישער מלחמה אין 1871 איז ב. אַרויסגעטרעטן קעגן דער מלחמה און פּראָטעסטירט קעגן דער אַנעקסיע פון על־זאַס-לאָטערינגען. פאַר דעם איז ער פאַרמשפּט געוואָרן צו 2 יאָר תפיסה. בכלל האָט ער אַ גרויסע טייל פון זיין לעבן פאַרבראַכט אין די דייטשע תפיסות.

**בערנשטיין עדואַרד** (געב. 1850) — איינער פון די ערשטע טוער פון דער דייטשער ס.-ד. פּאַרטיי. אין די ניינציקער יאָרן טרעט ער אַרויס מיט אַ קריטיק קעגן מאַרקס לערע (רעוויזיע, פון דעם שטאַמט: רעוויזיאָניזם), וואַרפט אָפּ די מסקנא וועגן קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל (באַזונדערס אין דער לאַנדווירטשאַפט); אַ קעגנער פון שאַרפן קלאַסן-אַנטאַגאָניזם, און פון דער טעאָריע וועגן דער אומפאַרמיידלעכקייט

לעכקייט פון א רעוואָל. אויפשטאַנד, און ווייזט אויף די מעגלעכקייט פון א לאנגזאמען איבערגאַנג פון א קאפיטאליסטישער געזעלשאפט צו א סאָציאַליסטישער דורך פאַרשידענע רעפאָרמען (רעפאָרמיזם). דאָס קאָן דער פּראָלעט. דערגרייכן דורך פירן א קאמף דורך זיינע פאָרשטייער אין פארלאמענט. די רעוויזיאָניסטן פון אַלע לענדער שטיצן זיך אויף ב.'ס טעאָריע. זיין טעאָריע איז געוואָרן שארף קריטיקירט דורך די אָרטאָדאָקסאַלע מארקסיסטן, ווי: פּלעכאַנאָוו, קויטסקי א. א. איצט דערנענטערט זיך ב. אַלץ מער און מער צום רעכטן פשרהדיקן סאָציאַליזם.

**ברומער** (פר.) — דער 2-טער חודש אין קאַלענדאַר פון דער פראנצייזישער רעוואָלוציע, פון 22 אָקטאָבער ביזן 21 נאָוועמבער. ניי-יאָר האָט זיך גערעכנט דער טאָג פון דער רעפובליקגרינדונג דעם 22 סעפּטעמבער 1792.

**ב ר ע ו ו י מ א נ ו** (לאַט.) — מיט א קורצן וועג. דערלעדיקן אַן ענין מיט ברעווי מאנו, הייסט: אויסמיידן לאַנגע און נישט-נייטיקע פאָרמאַליטעטן.

## ג.

**גאָטיער פראָגראַם** — דער סאָצ. פּראָגראַם, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין גאָטא אויפן סאָצ. פאַרייניקונגס-קאָנגרעס אין 1875, אויף וועלכן די צוויי פראַקציעס פון די דייטשע סאָציאַליסטן, לאַסאַליסטן און אייזענאַכיסטן (מארקסיסטן), האָבן זיך פאַרייניקט אין איין דייטשער ס.-ד. פּאַרטיי.

**גאַלימאַטיע** (פר.) — פּלוידעריי; אומפאַרשטענדלעכע רעדע.

**גאַלישער האָן** — דער הערב פון פראַנקרייך; דער סימבאָל פון דער קריגערישער פראנצייזישער בורזשואַזיע.

**גאַנגרענע** (גר.) — צעפוילטקייט פון געוועבן אין אַן אָרגאַניזם.

ס אָ צ י אַ ל ע ג אַ נ ג ר ע נ ע — צעפאַלונג, געזעלשאַפטל. חורבן

**גאַפּאָן געאָרגי** — א תפיסהגלח. אין 1904 האָט ער אָרגאַני-

זירט מיטן חיסן פון דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט אַ פאַרבאַנד פון פאַבריק-אַרבעטער אין פעטערבורג, כדי אָפּצוציען זיי פון דער רעוואָלוציע. דעם 9-טן יאַנואַר 1905 אָרגאַניזירט ער אַ מאַניפעסטאַציע פון אַרבעטער מיט אַ פעטיציע צום קייזער וועגן די נויטן פון די אַרבעטער-מאַסן. די מאַניפעסטאַנטן זענען געוואָרן באַגעגנט מיט אַ האָגל-קוילן, דערביי זענען געפאַלן הונדערטער פאַרווונדעטע און געהרגעטע. ג. אַליין איז אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד. אין 1906 קערט ער זיך אום קיין רוסלאַנד, האַנדלט ווידער אונטער מיט דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט, און אין זעלבן יאָר אין חודש מאַרץ געפינט מען אים אין דער סביבה פון פעטערבורג אַ אויפגעהאַנגענעם. דאָס האָבן זיך די רעוואָלוציאָנערן אָן אים נוקם געווען פאַר זיין פּראָוואָקאַטאָרישער טעטיקייט.

**גאַראַנטיע** (פר.) — פאַרזיכערונג, התחייבות, גוט-זאָגן פאַר עמעצן.

א י נ ט ע ר נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר  ג אַ ר אַ נ ט י ע - אָ פּ מ אַ ך  זע  ל אָ ק אַ ר נ ע ר  ט ר אַ ק ט אַ ט.

**גאַריבאַלדי זשוזעפּע** (1807—1882)—דער פאָלקסהעלד פון דער פאַראייניקטער איטאַליע, גענעראַלער אָנפירער פון פרייוויליקע פּאַרטיזאַנער. באַטייליקט זיך אין דער געהיימער געזעלשאַפט „יונג-איטאַליע“. אַלס אָנטיילנעמער אין פאַרשידענע רעוואָלוציאָנערע אויפשטאַנדן אין אייראָפּע און אַמעריקע, ווערט ער אין זיין אָפּוועזנהייט פאַרמשפּט צום טויט. ער באַפרייט זיין פאָטערלאַנד פון עסטרייכישן יאָך (1859). נאָכן פאַראייניקן איטאַליע באַזעצט ער זיך אויפן אינדזל קאַפּרערי.

**גוואַרדיע** (פר.) — אויסגעוויילטער טייל פון דער אַרמיי, וואָס איז לכתחילה געווען באַשטימט אָפּצוהיטן דעם ראש פון דער מלוכה.

נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע  ג וו אַ ר ד י ע — אַ מיליץ, וואָס האָט זיך געבילדעט אין דער צייט פון דער גרויסער פראַנצ. רעוו.

ר וי ט ע  ג וו אַ ר ד י ע — באַוואָפנטע אָפּטיילונגען פון רוסישע אַרבעטער, וואָס האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער אָקטאָבער-רעוו. פון 1917

**גילדע** (אַלט-גער.) — 1) אין מיטלאַלטער, פרייע סוחרישע, פּאָליטישע און גייסטלעכע פאַרבאַנדן, וואָס האָבן זיך שטאַרק

אַנטוויקלט אין מערב-אייראָפּע; 2) צוויי קלאַסן סוחרים: 1-טע גילדע און 2-טע גילדע אין רוסלאַנד ביז דער רעוואָלוציע.

**גילדע-סאָציאַליזם** — אַ שיטה פון אַ קליינע גרופּע סאָציאַליסטן-אוטאָפּיסטן אין ענגלאַנד, וואָס האַלטן, אַז די וואַרשטאַטן דאַרפן זיך געפינען אונטער דער פאַרוואַלטונג פון אַרבעטער-גילדעס, און די רעגירונג דאַרף זיך צו דעם אינגאַנצן נישט מישן.

**גיליאָטינע** (פר.) — אַ מאַשין צו קעפּן, וואָס איז דערפינדן געוואָרן דורך דר. ג י ל י אָ ט ע ן אין דער צייט פון דער פראַנ. רעוו. אין 1792.

**גמינע** (פויל.) — דאָרפישע געמיינדע; יידישע קהלה.

**געבערטיסטן** — אַ גרופּע אָנהענגער פון ג ע ב ע ר ט ן אין דער צייט פון דער פראַנ. רעוו., טעראָריסטן-אַטעאיסטן. די ג. זענען אומגעקומען אין קאַמף מיט ראָבעספּיערן אין מערץ 1794.

**געזעצגעבערישע מאַכט** — אַ מלוכה-אינסטאַנץ, וואָס גיט-אַרויס געזעצן. אין קאָנסטיטוציאָנעלע לענדער איז דער פּאַרלאַמענט די געזעצגעבערישע מאַכט.

**געד זשול** (1922—1845) — פירער און טעאָרעטיקער פון די פראַנצ. מאַרקסיסטן.

**געטאָ** (איט.) — אַ נאָמען פון אַ גאַס אָדער שטאָט-טייל, וואָס איז באַוווינט פון יידן. צוליב דעם, וואָס אין אַמאָליקן געטאָ, האָבן די יידן געפירט אַן אָפּגעזונדערט אָרט לעבן, געהאַט אַן אייגענע זעלבסטפאַרוואַלטונג, באַנוצט מען איצט דעם טערמין צו באַצייכענען אַ געזעלשאַפט, וואָס לעבט אָפּגעשלאָסן פון דער איבריקער באַפעלקערונג, מיט אייגענע רעליגיעזע מנהגים און טראַדיציעס.

**געלט** — אַ באַזונדער מין סחורה, וואָס איז באַשטימט צו דינען אַלס אַלגעמיינע מאָס פון ווערט און צאָל-מיטל. אין אַמאָליקע צייטן האָט מען באַנוצט אַלס געלט: פעל, קערנער און פי. דאָס באַקוועמלעכסטע געלט איז גאָלד, ווייל זיין ווערט איז שטענדיק פעסט. געוויינטלעך ווערט גאָלדגעלט פאַרביטן דורך פאַרשידענע אסיגנאַציען, ווערט-פּאַפּירן, וואָס האָבן די זעלבע ווערט ווי גאָלדגעלט. פּאַפּיר-געלט קאָן נישט זיין קיין ריכטיקער באַווייזער פון

חערטן, ווייל דער קורס פון זיי וואקלט זיך צו אפט.

**געלע** — אזוי הייסן די ארבעטער, וואס גייען-מיט מיט זייערע באלעבאטים אין קאמף מיט די באוווסטזיניקע ארבעטער.

**געלע פרעסע** — צייטונגען, וואס ווערן געשטיצט דורך דער בורזשואזיע אדער רעגירונג און זענען צוגעפאסט צו די אינטערעסן פון קליינבירגער.

**געלער אינטערנאציאנאל** — א צונעמעניש, וואס די רעוואלוציאנערע ארבעטער האבן געגעבן דעם II-טן אינטערנאציאנאל.

**געלער פאריין** — אזוי הייסט א פאריין, וואס זאגט זיך אפ צו פירן א קלאסן-קאמף.

**גענעזיס** (גר.) — בריאת, יצירה. אזוי ווערט אנגערופן דער ספר בראשית אין די אייראפעישע שפראכן.

**גענעראל-שטאב** (לאט). — פארוואלטונג פון די העכסטע אפיצירן צוזוגרייטן סטראטעגישע פלענער און מלחמה-אפעראציעס.

**גענפער קאנפערענץ** — פארגעקומען אין גענף (פון 20-טן אפריל ביזן 20-טן מאי 1922). אויף דער דאזיקער קאנפ. האבן זיך די פארשטייער פון ענגלאנד, פראנקרייך, איטאליע, פאראייניקטע שטאטן און יאפאן מישב געווען וויאזוי צו רעגולירן די ווירטשאפטלעכע לאגע פון אייראפע.

**גערשוני ג. א.** (1870—1908) — א וויכטיקער טוער פון דער רעוואל. באוועגונג אין רוסלאנד. אין די ערשטע יארן פון זיין טעטיקייט פארנעמט ער זיך מיט פארשפרייטן בילדונג צווישן די ארבעטער-מאסן אין זיין געבורטסשטאט מינסק. שפעטער ווערט ער ארגאניזאטאר פון דער ס.-ר. פארטיי און פאפולאריזאטאר פון איר פראגראם. אין יאר 1903 ווערט ער פאר פארשידענע רעוואל. מעשים פארמשפט צו טויט-שטראף, וואס ווערט אים פארביטן אויף אייביקע קאטארגע און ווערט איינגעזעצט אין שליסלבורגער פעסטונג. אין 1906 אנטלויפט ער פון אקאטוער קאטארגע-תפיסה אויף א אומגעווייגלעך דרייסטן אופן און באזעצט זיך אין אמעריקע. מיט זיין פערזענלעכקייט און זיין העלדישן כאראקטער ציט ער אויף זיך צו די אויפמערקזאמקייט פון דער אמעריקאנער געזעלשאפט.

גרויסע פראַנצייזישע רעוואָל.

ער גיט זיך ווידער אָפּ זיין רעוו. טעטיקייט, נאָר אין גיכן שטאַרבט ער אין פּאַריז. ג. איז געווען אַ טאַלענטפולער פּובליציסט און אַ שיינער דיכטער.

**גרויסע פראַנצייזישע רעוואָלוציע** — די רעוואָלוציע אין פראַנקרייך ביים סוף XVIII-טן יאָרהונדערט. דידאָזיקע רעוואָל. האָט פאַרענדיקט מיט דער פעאָדאַלער אָרדנונג, פאַרניכטעט די קעניגלעכע מאַכט און געשאַפן אַ בורזשואַזע רעפּובליק. ביז דער רעוואָל. האָט די קעניגלעכע מאַכט זיך געשטיצט אויף דעם קליינעם הייפל גרויסע ערד-באַזיצער — אדעליגע און אויף די גייסטלעכע, וואָס צוזאַמען זענען זיי באַשטאַנען פון 270.000 פּערזאָן. קעגן דעם קליינעם הערשנדיקן הייפל איז אַרויסגעטרעטן אַ 25 מיליאָניקע רעכטלאָזע מאַסע, וואָס האָט זיך פאַראייניקט אונטערן אַלגעמיינעם נאָמען: „דער דריטער שטאַנד”.

די אַנטוויקלונג פון אינדוסטריע און האַנדל אין פראַנקרייך האָט באַשאַפן אַ שטאַרקע בורזשואַזיע, וואָס האָט געפאָדערט פולע פּאָליטישע רעכט. דאָס פאַרשקלאַפטע פּויערטום האָט געליטן אונטערן יאָך פון פעאָדאַליזם. אַלע אומצופרידענע עלעמענטן פון דער געזעלשאַפט: טעקסטיל-אַרבעטער, בעלי-מלאכות, אינטעליגענץ — האָבן זיך גרופּירט אַרום דער בורזשואַזיע, וואָס איז אַרויסגעטרעטן אין אַ קאַמף קעגן דער „אַלטער אָרדנונג”. די רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכן, ווען די אָנשטרענגונג אין לאַנד האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה. די רעוואָל. האָט זיך אָנגעהויבן מיטן צונויפרופן אַ פאַרזאַמלונג פון פאָלקס-פאָרשטייער אין יאָר 1789, די אַזוי-גערופענע גענעראַל-שטאַטן, אויף וואָס די רעגירונג האָט געמוזט איינגיין צוליב דער שווערער פינאַנסיעלער לאַגע. די בורזשואַזישע דעפּוטאַטן פון די גענעראַל-שטאַטן האָבן זיך דערקלערט אַלס נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג. די באַמיונגען פון דער קעניגלעכער רעגירונג, דורכצופירן די פאַרזאַמלונג לויט די שטאַנדן האָבן נישט געהאַט קיין דערפאָלג. דער אַרויסטריט פון דער בורזשואַזיע קעגן דער עקזיסטירנדיקער אָרדנונג איז געוואָרן געשטיצט דורך די אַרבעטנדיקע מאַסן פון פּאַריז, וואָס האָבן איינגענומען די פעסטונג באַסטיליע. אין די שטעט האָבן זיך אָנגעהויבן צו שאַפן רעוואָלוציאָנ. זעלבסטפאַרוואַלטונגען — קאָמונעס. אין לאַנד זענען פאָרגעקומען פּויערים-

אויפשטאַנדן. די פויערים האָבן אונטערגעצונדן די פריצישע פּאַלאַצן. מיט אַלע אויפשטאַנדן האָט אָנגעפירט די גרויסע און מיטעלע בורזשואַזיע, וואָס איז געווען די מערהייט אין דער נאַצ. פאַרזאַמלונג און שפּעטער אין דער געזעצגעבערישער פאַרזאַמלונג. די אָנפירונג גייט דערנאָך איבער צו דער קליינבורזשואַזיע, וואָס האָט די מערהייט אין קאָנווענט. די רעוואָל. איז געווען אין אַ סכנה; די אדעליגע און די גייסטלעכע האָבן אָפן געקעמפט קעגן איר, זיי האָבן פאַרלאָזן פראַנקרייך און אָרגאַניזירט אין די עמיגראַציע-לענדער קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען מיט דער הילף פון פרייסן און עסטרייך. דער קעניג האָט געפירט בסוד אונטערהאַנדלונגען מיט די עמיגראַנטן און האָט געפּלאַנט צו אַנטלויפן פון לאַנד. דאָס האָט גורם געווען צו דעם, אַז דער קעניג לודוויג דער XVI און די קעניגין מאַריע אַנטואַנעט זאָלן אומקומען אויפן עשאַפאָט. אין לאַנד ווערט איינגעפירט אַ רעפּובליקאַנישע אָרדנונג; ס׳הויבט-זיך אָן אַ טעראָר קעגן דער אַריסטאָקראַטיע און ס׳אָרגאַניזירט זיך די רעוואָל. פאַרטיידיקונג פון לאַנד. די הערשאַפט פון די מעסיקע עלעמענטן (זשיראָנדיסטן) אין קאָנווענט האָט איבערגענומען די פּאַרטיי פון גאָרא (מאָנטאַניארן, אָנגעפירט דורך מאַראַטן און ראָבעספּיערן) און איר לינקער פליגל — די יאַקאָבינער. די יאַקאָבינער האָבן נישט בלויז טעראָריזירט די זשיראָנדיסטן, נאָר אויך די רעכטע יאַקאָבינער (דאַנטאָניסטן). ראָבעספּיערס פּרווו, אָפּצושטעלן די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע האָט אַרויסגערופן אַ באַוועגונג קעגן טעראָר און האָט גורם געווען צו זיין אייגענער מפּלה (1794). דעמאָלט האָבן די מעסיקע גרופּן פון דער בורזשואַזיע פאַרכאַפּט די מאַכט און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַן אמתע רעאַקציע אין לאַנד. די געשאַפענע רעגירונג (די אַזויגערופענע „טערמידאָר", לויטן נאָמען פון חודש, אין וועלכן ס׳איז געשען די אויבנדערמאָנטע איבערקערעניש, פון 19-טן יולי ביזן 17-טן אויגוסט) ווערט אין גיכן פאַרביטן דורך אַ מיליטערישער דיקטאַטור, וואָס איז געוואָרן אָנגעפירט דורכן ערשטן קאָנזול פון דער רעפּובליק, נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע, דער שפּעטערדיקער אימפּעראַטאָר פון פראַנקרייך. די ביידע אימפּעריע שטיצט זיך אויפן פויערטום און אויפן גרעסטן טייל

פון דער בורזשואזיע. די פר. רעוואל., וואס האט געמאכט א סוף צו דער פעאדאלער ארדנונג און געבראכט די בורזשואזיע צו דער פאליטישער הערשאפט, איז געווען די ערשטע פון א גאנצע רייע בורזשואזישע רעוואלוציעס אין איירֹאפע אין XIX-טן יאר-הונדערט.

**גרויסע פרייהייטס-כארטיע** — אן אפמאך, וואס איז געשלאסן געווארן אין יאר 1215 צווישן ענגלישן קעניג און דעם ערדלאזן און די אויפ-שטענדיקע וואסאלן (זע וואסאל). דערדאזיקער אפמאך האט באגרע-נעצט די מאכט פון קעניג און געשאפן דעם יסוד פארן קינפטיקן ענגלישן פארלאמענט, וואס איז דער עלטסטער פארל. אויף דער וועלט.

**גרעמיום** (לאט.)—אן ארגאניז. גרופע מענטשן, למשל: א גרע-מיום פון סיים-דעפוטאטן, גרעמיום פון אוניווערזיטעטס-פראפעסארן.

**גרעמיאלע אפשטי-מונג** — א רעזאלוציע אנגע-נומען דורך דער גאנצער פארזאמ-לונג. דערליידיקן אן ענין אין גרעמיא — הייסט: צוזאמען, אלע איינגעם.

# ד.

**דאגמע** (גר.) — דער יסוד פון א געוויסער וויסנשאפט, וואס ווערט אנגענומען אלס אני מאמין.

**דאלאי-לאמא** — דער העכסטער גייסטלעכער ביי די בודיסטן.

**דאלאר** — אמעריקאנער מטבע, וואס פאר דער מלחמה האט זי געהאט דעם ווערט בערך 2 רוסישע רובל און איצט בערך 9 פוילישע זלאטעס.

**דאמינוס** (לאט.) — האר, גאט, ווי אין העברעישן אדני.

**דאמיניאנס** (ענג.)—אזוי הייסן די גרויסע ענגלישע קאלאניעס, וואס האבן א ברייטע פאליטישע אוי-טאנאמיע (קאנאדע, אויסטראליע, דרום-אפריקאנער פאריינ. שטאטן.

**דאמינירן** (לאט.) — געוועל-טיקן, הערשן; מכריע זיין.

**דאנטאן** (1759—1794) — אן אנפירער פון דער פראנצ.

רעוואָלוציע. אַ גלענצנדער רעדנער. געהערט צום רעכטן פליגל פון די יאַקאָבינער. דעם 5-טן אַפּריל 1794 קומט ער אום צוזאַמען מיט זיין חבר דע-מולען אויף דער גיליאָטינע, לויטן פּסק פון די לינקע יאַקאָבינער.

**דאַנציקער קאָרידאָר** — אַ שמאָלער פּאַס פון דייטשער טעריטאָריע מיטן לויף פון ווייסל אין ריכטונג צו דאַנציק, וואָס איז אַריבער צו פּוילן לויטן באַשלוס פון ווערסאַלער טראַקטאַט (1918) און טיילט-אָפּ מזרח-פּרייסן פון דייטשלאַנד.

**דאָן-קישאָט** —(העלד פון ראָמאַן פון שפּאַנישן שרייבער סערוואַנטעס) אַ פונדאַמענטלאָזער פאַנטאַזיאָר, ליבהאָבער פון אומגעוויינטלעכע אָבער נישט-וויכטיקע געשעענישן, וואָס זעען אויס אין זיין צעשפּילטער פאַנטאַזיע וויכטיק און גרויס.

**דאָקטרין** (לאַט.) — אַ וויסנשאַפט; אַ וויסנשאַפטלעכער סיסטעם.

מאָנראָעס דאָקטרין — „אַמעריקע פאַר אַמעריקאַנער" — דעמדאָזיקן לאָזונג האָט געוואָרפן דער פּרעזידענט פון די פאַר. שט. דזשעמס מאָנראָע (אין יאָר 1831), אַז אין אַמעריקאַנער ענינים דאַרפן זיך נישט אַריינמישן די אייראָפּעישע מלוכות און פאַרקערט.

**דאָקטרינער** (לאַט.) — אַ מענטש, וואָס רעכנט זיך נישט מיט דער לעבנסווירקלעכקייט, נאָר האַלט זיך ביי באַשטימטע וויסנשאַפטלעכע טעאָריעס.

**דואַליזם** (לאַט.) — צווייהייט. אַ לערע, וואָס אנערקענט צוויי גרונט-סיבות אין אַלעם וואָס געפינט זיך אויף דער וועלט (מאַטעריע און גייסט, גוטס און שלעכטס, שיינקייט און העסלעכקייט) אין קעגנזאַץ צום מאָניזם— איי-הייטלעכקייט. (זע מאָניזם).

**דובליקאַט** (לאַט.) — אַ ריכטיקע קאָפּיע פון אַ דאָקומענט.

**דוכאָבאָרן** — אַ רעליגיעזע רוסישע סעקטע, וואָס איז אַנטשטאַנען אין רוסלאַנד אין XVIII-טן י"ה. קעגנער פון אויסערלעכע גלויבנס-פאָרמען, געוואַלטטאַטן און מיליטער-פליכט. די דוכאָבאָרן האָבן זיך אָנטזאָגט פון אייגנטום און געלעבט אין קאָמונעס. צוליב די רדיפות פון דער רוסישער רעאַקציאָנערער מאַכט האָבן זיי געמוזט איבערוואַנדערן פון רוסלאַנד קיין קאַנאַדע און אַנדערע געגנטן.

**דזשאָן=בול** (ענג.) — (דזשאָן
אָקס, ביק) א צונעמעניש
פאַרן ענגלענדער, א רמז
אויף זיין גראָבקייט, כּ'ח און
עקשנות; דערדאָזיקער שפּאָז-נאָ-
מען שטאַמט פון ענגלישן סאַטירי-
קער סוויפט.

**דיאַגנאָז** (גר.)—באַשטימען א
קראַנקייט לויט געוויסע סימפּ-
טאָמען.

**דיאַלאָג** (גר.) — א געשפּרעך
פון צוויי מענטשן.

**דיאַלעקט** (גר.)—א אָפּצוויי-
גונג פון א הויפּטשפּראַך; א
באַזונדער אַרט רעדן פון א גע-
וויסער פּראָווינץ, למשל: יידיש-
פּוילישער דיאַלעקט, יידיש-ליט-
ווישער דיאַל. א. אג.

**דיאַלעקטישער מע=טאָד**—אַן אַרט דענקען, וואָס
איז צום ערשטן ברייט און פול
אָנגעווענדעט געוואָרן דורכן דייטשן
פילאָזאָף העגעל (זע). מאַרקס
און ענגעלס האָבן זיך באַנוצט
מיטן דיאַל. מעטאָד צו דער פאָר-
שונג פון דער געשיכטע פון גע-
זעלשאַפטלעכן לעבן. „אַלץ פליסט,
אַלץ ענדערט זיך"—דערדאָזיקער
געדאַנק פון גריכישן פילאָזאָף
העראַקליט איז געווען דער
יסוד פון דיאַל. אַרט דענקען, ד. ה.:
יעדע דערשיינונג איז אין יעדן
אַגדערן מאָמענט שוין אַנדערש
אין פאַרגלייך צום פריערדיקן.

**דיורינג ע.** (1902—1833)
דייטשער פילאָזאָף און עקאָנאָ-
מיסט. א שונא פון רעוואָלוציאָ-
נערן סאָציאַליזם. האָט געפּרוווט
באַשאַפן אַן אייגענע טעאָריע „די
פילאָזאָפיע פון דערווירקלעכ-
קייט", אין וועלכער ער פּראָפּאַ-
גאַנדירט דאָס האַרמאָנישע צוזאַ-
מענלעבן פון אַלע קלאַסן. אין
„אַנטי דיורינג" (קעגן דיורינג)
האָט ענגעלס זייער שאַרף קרי-
טיקירט און צעקלאַפּט די יסודות
פון דיורינגס לערע.

**דיווידענט** (לאַט.) — ריינער
פאַרדינסט פון א געשעפט,
וואָס יעדער אַקציאָנער באַקומט
אויף זיין חלק.

**דילעטאַנט** (איט.) א מענטש,
וואָס ווייסט וועגן א סך וויסנ-
שאַפטן ווייניק, לייכט, אויבער-
פלעכלעך, וואָס פאַרנעמט זיך מיט
קונסט אָדער וויסנשאַפט נישט
פאַכמעניש.

**דילעמא** (גר.) — אַן אויסוואַל
פון צוויי פאַרשידענע קעגנזע-
טיקע וועגן, באַשלוסן.

**דינאַמיש** (גר.)—אין אַ שטענ־דיקער באַוועגונג.

**דינאַסטיע** (גר.)—הערשנדיקע פאַמיליע פון אַ קייזערטום, למשל: אין פוילן — די פיאַסטן און יאַגעלאָנער; די ראָמאַנאָווס אין רוסלאַנד און בית־דוד ביי יידן.

**דיסאָנאַנס** (לאַט.) — אַ טאָן, וואָס שטימט נישט מיט די איבריקע טענער.

**דיסהאַרמאָניע** (גר.)—נישט האַרמאָניש, אומאָנגענעמער קלאַנג, ביי קאָמבינאַציע פון טע־נער, וואָס שטימען נישט צוזאַמען.

**דיסטאַנץ** (לאַט.) — שטרעקע, ווייטקייט, מהלך.

**דיספוט** (לאַט.)—אַ וויסנשאַפט־לעכער וויכוח, מחלוקת.

**דיספראָפאָרציע** — נישט פראָפאָרציאָנעל, נישט אין גלייכע טיילן.

**דיסציפלין** (לאַט.)-באַשטימטע צוזאַמענשטעל פון כּללים און התחייבותן פאַר מיליטערישע אָרדנונג; אין ברייטערן זין פאַר־שטייט מען דיסציפלין — אונטער־וואַרפן זיך באַשטימטע געזעצן, חי, למשל: שול־דיסצ. פאַרטיי־דיסצ. א. אז. וו.

**דיסקאָנטירן** (איט.)—אויס־צאָלן אַ וועקסל אָדער אַ חוב פאַרן טערמין.

**דיסקוסיע** (לאַט.) — עלזייטי־קער ברייטער וויכוח.

**דיסקרעדיטירן** (פר.) — קאַלע־מאַכן דעם קרעדיט, מוציא־שם־רע זיין.

**דיסקרעטע מאַכט** (לאַט.)— דאָס רעכט פון דער אַדמיניס־טראַציע אָדער געריכט צו טון לויט זייער אייגענעם איינזען.

**דיפאַמאַציע** (גר.) — רכילות אין דער פרעסע.

**דיפיראַמב** (גר.) — אַ לויב־ווערטן אַ שבח.

**דיפערענץ** (לאַט.)—אונטער־שיד, צעטיילונג, דאָס צעגלי־דערן אויף באַזונדערע טיילן.

**דיקטאַטור** (לאַט.) — אַ שטרענגע, אומבאַגרענעצטע מאַכט.

**דיקטאַטור פון פראָ־לעטאַריאַט**—מאַרקס שיטה לויט וועלכער די סאָציאַליסטישע מלוכה־אָרדנונג קאָן דערגרייכט ווערן נאָר דורך דער הערשאַפט פון אַרבעטער־קלאַס. נאָך די נייערע קאָמענטאַרן אויף דערדאָ־זיקער שיטה איז די דיקט. פון פראָל. נאָר אַ איבערגאַנגס־צו־שטאַנד.

**דירעקטאָריע** (לאַט.)—פּאַר־שטאַנד פון עטלעכע פּערזאָנען. די העכסטע מלוכה־פּאַרוואַלטונג אין פראַנקרייך אין 1795. זע גרויסע פראַנצ. רעוו.

**דירעקטיוו** (לאַט.)—אַן אַל־געמיינע אָנווייזונג.

**דעגענעראַציע** (לאַט.) — אונטערגאַנג, אומקום.

**דעוואַלואַציע** — דאָס אָנ־ווערן דעם ווערט.

פינאַנסיעלע דעוואַלו־אַציע — הייסט: ווען די אַלטע אַסיגנאַציע, וואָס האָט אָנגעוואָרן איר ווערט, ווערט פאַרביטן דורך אַ נייע ווערטפולע אַסיגנאַציע.

**דעווין** (פר.)—1) אַ קורץ אויס־געדריקטער געדאַנק; 2) אַ וועקסל, אָנווייזונג אויף אַן אויסלענדישער פירמע.

**דעטערמיניזם** (לאַט.) — פילאָזאָפישע וועלטאָנשויונג, לויט וועלכער ס'עקזיסטירט נישט קיין פרייער מענטשלעכער ווילן, נאָר אַלץ ווערט פריער באַשטימט, און די מענטשלעכע מעשים קומען אַלס סך־הכּל פון געוויסע באַ־שטימטע סיבּות, וואָס דער מענטש איז נישט בכּוח צו ענדערן.

**דע יורע** (לאַט.) — לויטן געזעץ; אָנערקענען אַ רעגירונג דע־יורע, הייסט: אָנערקענען זי געזעצלעך. די איצטיקע רוסישע רעגירונג, למשל, איז נאָך ביז היינט נישט אָנערקענט דורך איי־ניקע מלוכות.

**דעיסטז** (לאַט.) — גלייביקע, די וואָס גלייבן, אַז גאָט האָט באַשאַפן די וועלט.

**דעלעגאַט** (לאַט.) — אויסגע־ווילטער, פאַרטרעטער אָדער פאָרשטייער פון אַ גרופּע, פּאַרטיי אָדער אָרגאַניזאַציע.

**דעמאָביליזאַציע** (לאַט.)— דאָס פאַנאַנדערלאָזן מיליטער נאָך אַ מלחמה.

**דעמאַגאָג** (גר.)—א מענטש, וואָס באַמיט זיך צו ציען די פאָלקסמאַסן אויף זיין זייט מיט צוגעזאָגטע אָבער נישט דער־פילטע הבטחות.

**דעמאַגאָגיע** (גר.) — 1) פאָלקספירונג; 2) פאַרפאַל־גינג פון אייגענע אינטערעסן אינטערן מאַנטל פון פאָלקס־ליבע.

**דעמאָנסטראַציע** (לאַט.)— 1) אַ באַשיינפערלעכער באַווייז, אַן עפנטלעכער אויסדרוק פון פאָדערונגען דורך איינאָרדנען פאַרזאַמלונגען, מיטינגען א.אַז.וו. 2) באַלערנדיקע עקספּערימענטן אָדער דערקלערונגס־טאַבעלן, בילדער, צייכנונגען פאַר צוהערער פון אַ לעקציע; 3) אַ פאַלשע איבער־גרופּירונג פון שונאס חיל, כדי אָפּצווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון קעגנער.

**דעמאָס** (גר.) — פאָלק, המון, פעבל.

**דעמאָקראַט** (גר.)—אָנהענ־גער פון דער פאָלקס־הערשאַפט.

**דעמאָקראַטיע**—1) פאָלקס־הערשאַפט; 2) פאָלקסמאַסן (קליינבירגער, פויערים־שטאַנד, פּראָלעטאַריאַט); 3) אַ מלוכה־אָרדנונג, וואָס פאַרזיכערט פאַר די ברייטע מאַסן פאַרמעלע רעכט אויף אָנטיילנעמען אין וואַלן פון געזעצגעבערישע אַנשטאַלטן.

**דעמאָקראַטישע רע־פּובליק** — זע בורזשו־אַזישע רעפּובליק.

**דעמאָראַליזאַציע** (לאַט.)— צעלאָזנקייט, פּריצות, זיטלעכע פאַרדאָרבנהייט.

**דעמאַרקאַציאָנסליניע** (פר.) — גרענעץ־ליניע צווישן צוויי מדינות.

**דעמולען, בענוא קאמיל** (1760—1794)—אַ פראַנצייזישער פּאָליטישער טוער, אַן אַדוואָקאַט. ראָבעספּיערס אַ שול־חבר. בענומען אַן אַנטייל אין דער צעשטערונג פון דער באַסטיליע. אין 1789 גרינדעט ער דעם פּאָליטישן קלוב פון די קאָרדעליערן (זע). אין 1793 גיט ער אַרויס אַ זשורנאַל „דער אַלטער קאָרדעליער", אין וועלכן ער טרעט שטאַרק אַרויס קעגן געוואַלטטאַטן און טעראָר. דעם 5־טן אַפּריל 1794 קומט ער אום אויף דער גיליאָטינע.

**דענאָמינאַציע** (לאַט.) — דאָס פאַרמינדערן דעם ווערט פון אַסיגנאַציעס.

**דעסאַנט** — 1) אַן אַרמיי־אָפּטיילונג, וואָס איז באַשטימט אויף אויסצולײדיקן קריגס־שיפן; 2) אַ גרופּע חיל וואָס באַגלייט אַ פאַנצערצוג, כדי צו פאַרנעמען אַ געוויסן פּונקט.

**דעספּאָט** — אַ שטרענגער זעלבסטהערשער, וואָס רעכנט

זיך נאָר מיט זײַן חילן, נישט מיטן חילן פון פאָלק.

**דעפּאָזיט** (לאַט.)—1) אַ פּיקדון, וואָס מען גיט־איבער אין אַ באַנק צום באַהאַלטן; 2) אַמשכון, קויציע, וואָס מען לייגט־אײַן אין אַ געריכט אָדער אין אַ אַדמיניס־טראַטיווער אינסטיטוציע, כּדי צו פאַרזיכערן געוויסע התחייבותן.

**דע פאַקטאָ** (לאַט.) — אין דער אמתן, פאַקטיש.

**דעפּאַרטאַמענט** (פר.)—אַן אַדמיניסטראַטיווער קרײַז, אַזוי ווי בײַ אונדז, למשל, אַ וואָיעוואָדסטווע; 2) אַ רעגירונגס־אָפּטײ־לונג, למשל: פּאָליטישער דעפּאַר־טאַמענט, געריכטס־דעפּ. א. אַז. וו.

**דעפּוטאַט** (לאַט.) — פאַר־שטייער, פאַרטרעטער פון אַ געזעלשאַפטלעכער גרופּע אָדער אָרגאַניזאַציע.

**דעפּילאַדע** (פר.)—אַ פּייער־לעכע דורכמאַרשירונג פון מי־ליטער אָדער שול־קינדער פאַר אַ הויכגעשטעלטער פּערזאָן אין דער מלוכה.

**דעפּילירן** — מאַרשירן אין רייען.

**דעפיציט** (לאַט.) — ס'פעלט; ווען די הוצאה איז גרעסער פון דער הכנסה.

**דעפלאַציע** (לאַט.) — פאַר־קלענערן אין אַ לאַנד די סומע פון פּאַפּירגעלט, כּדי צו הייבן דעם קורס.

**דעפענזיווע** (לאַט.) — אַן אַמט, וואָס פאַרנעמט זיך צו פאַרהיטן די אַרמיי פון שפּיאָנאַזש.

**דעפּרעסיע** (לאַט.) — דער־שלאָגנקייט, אַ שלעכט געמיט, אַ געדריקטע שטימונג.

**דעצענטראַליזאַציע** (לאַט.) — זעלבסטפאַרוואַלטונג פון שטעט און געמיינדעס; אַ סיסטעם, וואָס נעגירט די צענ־טראַליזירונג פון דער פּאָליטישער מאַכט; דער היפּך פון צענטראַ־ליזאַציע.

**דעקאַבריסטן** — מיטגלידער פון אַ געהיימער רעוו. געזעל־שאַפט אין רוסלאַנד, אין דער צײַט פון אַלעקסאַנדער I. די דעק. זענען געווען פּראָגרעסיווע אָפי־צירן, וואָס האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פאַרניכטן די זעלבסטהערשונג און לײַבייגנשאַפט, דער דעקאַבריסטן־אויפשטאַנד איז פאָרגעקומען דעם 14 דעצעמבער

(דעקאַבר) 1825 ווען ניקאָלאַי I איז געקרוינט געוואָרן פאַר אַ צאַר. דערדאָזיקער אויפשטאַנד איז שנעל אונטערדריקט געוואָרן. פינף אָנפירער האָט מען געהאַנגען, און אַ סך פאַרשיקט אין ווייטן סיביר.

**דעקלאַסירטער** — אַן אויסגעשלאָסענער פון זיין קלאַס און אַ דערוויטערטער פון נעמען אַן אָנטייל אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

**דעקלאַראַציע** (לאַט.) — מעלדונג, דערקלערונג. דעקלאַראַציע רופט מען אויך געוויסע מלוכה-אַקטן, וואָס האָבן אַ קאָנסטיטוציאָנעלן כאַראַקטער, למשל: די בורזשואַזישע פראַנצ. דעקלאַראַציע פון מענטשן-רעכט, אויך די דעקלאַראַציע פון אַרבעטער און עקספּלואַטירטע מאַסן, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דעם 3-טן באָלשעוויסטישן צוזאַמענפאָר אין יאַנואַר 1918.

**דעקרעט** (לאַט.) — החלטה, באַשלוס, באַפעל פון דער העכערער מאַכט. דעקרעטן ווערן אָנגערופן, למשל, אויך די געזעצן, וואָס זענען געוואָרן אַרויסגעגעבן דורך דער פאַריזער קאָמונע.

**דעשיפרירן** (פר.) — איבערלעזן שיפרירטע שריפט, געפינען דעם שליסל צו לעזן אַ שיפרירטן טעקסט.

**דראַקאָנישע געזעצן** — געזעצן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אכזריות. דראַקאָן איז געווען אַ געזעצגעבער אין אַטען; לויט זיינע געזעצן איז געקומען טויט-שטראָף פאַרן קלענסטן פאַרברעכן.

## ה

**האַבסבורגער** — עסטרייכישע דינאַסטיע, פון XIII-טן יאָרה. ביז די עסטר. רעוו. אין 1918.

**האָהענצאָלערן** — דינאַסטיע פון די דייטשע קיסרים און פרייס. קעניגן (לערך פון VIII-טן יאָרה.). דער לעצטער קייזער, ווילהעלם דער II-טער, אַבדיקירט אין 1918. צו דערדאָזיקער משפחה געהערט אויך די רומענישע קעניגלעכע דינאַסטיע.

**האָם-רול** (ענג.)—די רעפאָר-מען, וואָס עס האָבן געפאָדערט די אירלענדישע נאַציאָנאַליסטן, די אָנהענגער פון א פולער אױ-טאָנאָמיע אין אירלאַנד.

**האַנדלס-אָפּמאַך** — א אָפּ-מאַך צװישן צװײ מלוכות װעגן צאָל-הנחות בײם אַרײַן- אָדער אַרױספיר פון סחורות.

**האַנזא** — דער פאַרבאַנד פון לערך 100 שטעט, דײַטשע, דענישע און שװעדישע, געגרינ-דעט אין XIV-טן י״ה. דער האַנזא-פאַרבאַנד האָט באַהערשט דעם װעלט-האַנדל. האַמבורג, ברעמען און לובעק הײסן נאָך ביז הײַנט האַנזא-שטעט.

**האַניבאַלס שבועה**—אַזױ הײסט א שבועה, װאָס מען שװערט מקריב צו זײַן זיך, כּדי אױסצוראָטן די רשעות פון דער געזעלשאַפט.

**האַקאַטיסטן** — מיטגלידער פון אַן אַנטי-פּױלישן פאַרײַן אין פּרײסן, װאָס האָבן געשטרעבט צו גערמאַניזירן אָדער אפילו אױסראָטן די פּױלישע באַפעלקע-רונג פון יענעם קאַנט.

**האַקנקרײַץ** (ד.)—א צײכן, א קמיע בײ די אַלטע אינדישע שבטים; הײַנט איז עס דער צײכן פון רעאַקציאָנערן אַנטיסעמיטישן דײַטש-פעלקישן פאַרבאַנד.

**הוגענאָטן** — פראַנצײזישע פּראָטעסטאַנטן, קעגנער פון דער קאַטױלישער קירך אין XVI-טן י״ה. אין 1572 איז אין פראַנק. פאָרגעקומען אַן אכזריותדיקע שחיטה אױף די הוגענאָטן. אין דער צײַט פון דער ג, פראַנצ. רעװ. האָבן די ה. באַקומען גלײַכ-באַרעכטיקונג.

**הוס, יאַן** (1369—1415)—א טשעכישער קירכנרעפאָרמאַטאָר, א קעגנער פון פּױפּסטום. האָט געקעמפט קעגן דער פאַרדאָרבנ-קײט אין דער קאַטױל. קירך. דער בישאָף-ראַט אין קאָנסטאַנץ האָט אים פאַרמשפט אין 1414 צו פאַרברענען אױפן שײַטער-הױפן. זײַנע אָנהענגער, די הוסיטן, האָבן אױפגעהױבן א באַװאָפנטן קאַמף און לסוף אױסגעקעמפט פאַר זיך גלײַכבאַרעכט.מיט די קאַט.

**הידרא** (גר.) — 1) א װאַסער-שלאַנג; 2) אין דער מיטאָלאָגיע, א שלאַנג מיט פיל קעפ, װאָס װאַקסן צוריק אָפּ נאָכן אָפּהאַקן זײ; פיג. די הידרא פון דער רעאַקציע.

**הײדאַמאַקעס** — אַזױ װערן אָנגערופן די אוקראַאינישע באַנ-

דעס פון כמיעלניצקיס צייטן (גזרת ת"ח — 1648). אזוי האָט מען אויך גערופן פעטלורעס (זע.) באַנדעס אין דער צייט פון לעצטן בירגער-קריג אין רוסלאַנד, וועלכע האָבן חרוב געמאַכט כמעט דעם גאַנצן יידישן ישוב אין אוקראַינע.

**הילפערדינג, רודאָלף**— אייגער פון די פירער פון דער אומאָפהענג. פאַרטיי אין דייטשלאַנד. איצט אַ חשובער טוער פון 2-טן אינטערנאַציאָנאַל. אַ אָנגעזעענער עקאָנאָמיסט, דער מחבר פון „פינאַנסן-קאַפּיטאַל".

**הינדענבורג** — גענו. הויפּטקאָמאַנדיר פון דער דייטשער אַרמיי אין דער צייט פון דער וועלט-מלחמה. אין 1925 ווערט ער אויסגעוויילט אַלס מלוכה-פּרעזידענט פון דער דייטשער רעפּובליק.

**העגאָמאָניע** (גר.)—אויבערהערשאַפט, ה. פון דער בורזשואַזיע אָדער פון די אַרבעטנדיקע קלאַסן.

**העגעל** (1770—1831) — אַ דייטשער פילאָזאָף, אַ פאָרשטייער פון דער אידעאַליסטישער שיטה, וואָס האָט געהאַט אין מיטן פון XIX-טן יאָרה, אַ גרויסע השפּעה אויף דער דייטשער און רוסישער דענקנדיקער אינטעליגענץ. פון העגעלס שיטה איז אויך באַאיינפלוסט געוואָרן קאַרל מאַרקס, וועלכער האָט איר געגעבן אַ מאַטעריאַליסטישע ריכטונג. דער מאַרקסיזם האָט איבערגענומען ביי ה. דעם דיאַלעקטישן מעטאָד, אָפּוואַרפנדיק פון אים די אידעאַליסטישע שיטה.

**העטמאַן**—דער העכסטער אָנפירער פון די קאָזאַקן.

**העלפמאַן, העסע** (1855—1881) — אַ רוסישע רעוואָלוציאָנערין, גענומען אַן אָנטייל אין אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער I, דעם 1-טן מערץ 1880. פאַר אָנטייל נעמען אין דאָזיקן אַטענטאַט איז זי פאַרמשפּט געוואָרן צו טויט-שטראָף. צוליב דעם, וואָס זי האָט דעמאָלט געדאַרפט געבוירן אַ קינד איז דער פּסק-דין געוואָרן אָפּגעלייגט. נאָך דעם ווי זי האָט דאָס קינד געבוירן איז זי אינגיכן געשטאָרבן.

**הערצל, טעאָדאָר, ד"ר** (1860—1904)—געבוירן אין בודאַפּעשט. שריפטשטעלער. שאַפער פון פּאָליטישן ציוניזם (זע., דער איניציאַטאָר פון די ציוניסטישע קאָנגרעסן. (דער ערשטער

קאנגרעס איז פארגעקומען אין באזעל אין יאר 1897), מחבר פון דער אוטאפיע „די יידישע מדינה".

**הערצען א. אי.** (1870—1812) — א רוסישער שריפטשטעלער, א רעוואלוציאנער, וואס האט געהאט א גרויסע השפעה אויף דער גאנצער רוסישער דענקנדיקער יוגנט. געלעבט שטענ־דיק אין אויסלאנד, פארטריבן פון זיין היים.

# וו

**וואטום** (לאט.) — א באשלוס, וואס איז אנגענומען געווארן אויף א פארזאמלונג דורך א מערהייט שטימען.

**וואטום סעפאראטום** — א באזונדערע מיינונג פון דער מינדערהייט.

**וואטיקאן** — 1) א בארג אין רוים; 2) דעם פויפסטס רעזי־דענץ אין רוים.

**וואטירן** (לאט.) — אפשטימען פאר אדער קעגן.

**וואיט** (סלאוו.) — אן אויסגע־ווילטער אנפירער פון א גמינע.

**וואיעוואדא** (סלאוו.) — 1) מיליטער־אנפירער; 2) איצט א העכערער באאמטער אין פוילן, וואס פארוואלטעט מיט א קרייז.

**וואלוטע** (איט.)—ווירקלעכער ווערט פון א מטבע.

**וואלאנטער** (פר.) — פריי־וויליקער.

**וואלטעריאנער** — אן אנ־העגנער פון וואלטערס לערע; פריידענקער.

**וואליאן, מ. ע.** (געב. 1840)— אן אנגעזעענער מיטגליד פון דער פאריזער קאמונע אין 1871. געווען פארמשפט צום טויט, אנט־לאפן קיין לאנדאן. ווערט אמ־נעסטירט אין 1887. קומט צוריק קיין פאריז און ווערט איינער פון די אנפירער פון דער בלאנ־קיסטישער פארטיי.

**וואל־רעכט** — דאס רעכט פון יעדן בירגער אויסצוויילן דע־פוטאטן צום פארלאמענט אדער אליין ווערן אויסגעווילט, דאס הייסט: אקטיווע אדער פאסיווע וואל־רעכט, דאס בעסטע וואל־סיסטעם איז דאס פינפפאכיקע:

אלגעמיינע, גלייכע, פראפארציאָנעלע, געהיימע, דירעקטע.

**וואנדאל**—א גערמאנישׁ פאָלק, וואָס האָט אין יאָר 455 חרוב געמאַכט רוים און פארניכטעט אלע קונסט-ווערק.

**וואַנדאַליזם**—א ווילדע אוממענטשלעכע צעשטערונג פון קונסט-ווערק.

**וואַנדעמיער** — דער נאָמען פון ערשטן חודש אין דער פראנצייזישער רעוו., וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 22-טן סעפטעמבער 1792, ד. ה. פון טאָג פון גרינדונג פון דער פראנצ. רעפובליק.

**וואַסאַל** (לאַט.)—1) אונטערטאַן; 2) א באַזיצער פון נחלאות, וועלכע ער האָט געגומצן אין ארענדע (ביי דער פעאָדאַלער אָרדנונג).

**וואַשינגטאָנער קאָנפערענץ**—אין נאָוועמבער—דעצעמבער 1921, פעברואר 1922) צוזאמענגערופן געוואָרן מיטן ציל אויסצומיידן א מלחמה, וואָס האָט געהאַלטן ביים אויסברעכן צווישן יאפאן און אמעריקע. אויף דערדאָזיקער קאָנפערענץ איז צווישן אַנדערע איך באַריירט געוואָרן די פראגע וועגן פארקלענערן די באוואָפנונגס - קראַפט. אמעריקע האָט דערגרייכט א סך הנח׳ות, למשל: דאָס מבטל מאַכן דעם ענגלאָ-יאַפּאַנישן אָפּמאַך.

**ווולגאַר** (לאַט.) — געמיין, פּראָסט.

**וויגן** — אין XIX-טן י״ה. — א ליבעראַלע פּאַרטיי פון דער שטאָט-בורזשואזיע אין ענגלאַנד; פריער א פּארטיי פון גרויסע ערדבאַזיצערס און פאָרשטייער פון האנדלס-קאַפּיטאַל.

**וויזיר** (טערק.)—אזוי הייסט א מיניסטער אין טערקיי.

**וויזע** (לאַט.) — א באמערקונג אויף א פּאַספּאָרט, מאַנדאַט אָדער דאָקומענט.

**ווייצמאַן, חיים**, ד״ר פּראָפעסאָר (געבוירן 1872)—פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. טרעט אַרויס אַלס גלענצנדער רעדנער אויף אייניקע ציוניסט. קאָנגרעסן. אויפן פערטן קאָנגרעס שאַפט ער די „פּאָלקספּראַקציע״. דורך זיין פּאָליט. איינפלוס האָט ער גורם געווען צו דער באַלפור-דעקלאַראַציע.

**ווילדע** — א צונעמעניש, וואָס מען גיט אין די בורזשואזישע

לענדער די מיטגלידער פון פּאַר־לאַמענט, וועלכע געהערן נישט צו קיין שום פּאַרטיי.

**וועטאָ** (לאַט.) — פאַרווערונג, פאַרבאָט. דאָס רעכט פון ראש פון דער מלוכה אָפּצוזאָגן זיך צו באַשטעטיקן אַ געוויסן געזעץ, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן דורך די פּאָלקס־פאַרטרעטער. וועטאָ־רעכט האָבן געהאַט די פּאָלקס־טריבונען אין רוים און יעדער סיים־דעפּוטאַט אין אַמאָליקן פּוילן.

**וועטעראַן** (לאַט.) — אַן אַל־טער דערפאַרענער זעלנער; אַ אַ פּערזאָן, וואָס איז אַלט געוואָרן אויף זיין אַמט.

**וועטשע** (סלאַוו.)—אַ פּאָלקס־פאַרזאַמלונג ביי די אַלטע גער־מאַנען און סלאַוון.

**ווענטאָז** — דער נאָמען פון זעקסטן חודש פון דער פר. רעוו., פון 19־טן פעברואַר ביז דעם 21־טן מערץ.

**ווענטילירן** (לאַט.)—1) ריי־ניקן, אויסלופטערן; 2 פיג. אַרומרעדן אַ פראַגע אַלזייטיק.

**וועקסל־רעכט**—אַ זאַמלונג פון געזעצן און מנהגים, וואָס רעגולירן די באַציונגען צווישן לוה און מלווה; דער טייל פון דער יורידישער וויסנשאַפט, וואָס פאַרנעמט זיך טעאָרעטיש מיטן באַאַרבעטן דעם וועקסל־מאַטעריאַל.

**ווערדיקט** (ענגל.)—פּסק־דין.

**ווערניאָ, פּ. וו.** (1759—1793)—אַ פּאָליטיקער אין דער צייט פון דער גרויסער פר. רעוו. דער אָנפירער פון די זשיראָנ־דיסטן. אין 1793 קומט ער אום אויף דער גיליאָטינע דורך די מאָנטאַניאַרן.

**ווערסאַלער**—טיערס רעגי־רונג, וואָס איז אַנטלאָפן אין דער צייט פון דער פּאַריזער קאָ־מונע אין 1871 פון פּאַריז קיין ווערסאַל — און האָט דערשטיקט די פּאַריזער קאָמונע מיט דער הילף פון דער דייטשער אַרמיי.

**ווערסאַלער שלום־טראַקטאַט**—דער ערשטער פון דער רייע שלום־אָפּמאַכן נאָך דער וועלט־מלחמה (1914—1918), אונטערגעשריבן פון דער אַנטאַנט און דייטשלאַנד אין ווערסאַל (לעבן פּאַריז) דעם 28־טן יוני 1918. לויטן דאָזיקן אָפּמאַך האָט דייטשלאַנד פאַרלאָרן אַ טייל פון אירע נחלאות אין איראָפּע, אַלע קאָלאָניעס, מ׳האָט באַגרענעצט די צאָל פון דער אַרמיי; פאַרלאָרן

דעם לופט-פלאָט, ארויסגעגעבן דער אנטאַנט אַ גרויסן טייל פון מיליטערישן פלאָט, אַ טייל פון האַנדלס-פלאָט, אַ גרויסע צאָל פון באַוועגלעכן אייזנבאַן-טאַבאָר, און האָט זיך מתחייב געווען צו דעקן די היזקות פון די פאַר-בינדעטע.

## ז

**זאַנדירן** (פר.) — אויספאָרשן, באַשטימען. „זאַנדירן דעם באָדן"—אויספאָרשן די לאַגע.

**זאַסוליטש, וויעראַ** — אַ וויכטיקע רוסישע רעוואָלוציאָ-נערין, וואָס האָט דעם 24-טן יאַנואַר 1878 געשאָסן צום זשאַנ-דאַרם-שעף טרעפּאָוו, פאַר זיין באַפעל צו שמייסן דעם פּאָליטישן אַרעסטאַנט באָגאָלובאָוו. דאָס געריכט פון געשווירענע באַ-פרייט זי.

**זאָרילּיא, מאַנועל** (1834—1895) — אַ שפּאַנישער פּאָלי-טישער טוער. פאַר זיין אָנטייל-נעמען אין יולי-אויפשטאַנד (1866) ווערט ער פאַרטריבן פון לאַנד. נאָכן אויפשטאַנד אין 1868 קערט ער זיך אום קיין שפּאַניע, נעמט איבער דריי מיניסטאָרן-פּאָרטפעלן: בילדונג, האַנדל און געזעצשאַפ-לעכע אַרבעט. אין אַ צייט אַרום ווערט ער מיניסטער פון יוסטיץ און פאָרזיצער פון קאָרטעסן-פּאַ-לאַטע (פּאַרלאַמענט). נאָך דער אַבדיקאַציע פון פּרינץ אַמאַדעאַ אַנטלויפט ער קיין פּאַריז און פון דאָרט רופט ער די שפּאַנ. אַרמיי צו אַן אויפשטאַנד. פאַר דעם ווערט ער אין 1884 פאַרמשפּט צום טויט. דערנאָך ווערט ער אַמ-נעסטירט און קערט זיך אום צוריק אין זיין היימאַט.

**זובאַטאָוושטשינע** — אַ שפּיאָנאַזש-אָרגאַנ., וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן (1901) דורך זובאַטאָוון, נאַטשאַלניק פון דער מאָסקווער אָכראַנע. מיט דער הילף פון זיינע שפּיאָנען האָט ער גע-פירט אַן אַגיטאַציע צווישן די מאָסקווער אַרבעטער, דערקלערנ-דיק זיי, אַז זיי וועלן דערגרייכן בעסערע אַרבעטס-באַדינגונגען אָן רעוו. מעשים, נאָר בלויז דורך אַרויסשטעלן עקאָנאָמישע פאָדע-רונגען צו די אַרבעטסגעבער. צום דאָזיקן צוועק האָט זובאַטאָוו

געגרינדעט א „בעזעלשאפט פאר קעגנזייטיקער הילף", וואס איז באמת געווען א פאנג-נעץ פאר די רעוואלוציאנערע ארבעטער, וואס זענען אויף אזא אופן איבערגעגעבן געווארן אין די הענט פון דער מאכט.

**זובּרעס**—א מין ווילדע אקסן, וואס שטארבט שוין אינגאנצן אויס; פיג. א צונעמעניש פאר רעאקציאנערע פארטייען.

**זשאנדארם** (פר.) — פעלד-פאליציאנט; פאליטישע פאליציי אין צארישן רוסלאנד. די זשאנדארמעריע האט אונטערגעהאלטן די זעלבסטהערשאפט פון דער רעגירונג.

**זשאנר** (פר.)—שילדערונג פון לעבנסשטייגער.

**זשאקעריא** — אזוי האט געהייסן דער אויפשטאנד פון די פויערים אין פראנקרייך קעגן די פריצים אין יאר 1385. דערדאזיקער אויפשטאנד האט ארומגעכאפט עטלעכע געגנטן.

**זשארגאן** (פר.)—א געמישטע שפראך, א גנבים-שפראך, קעצער-שפראך א. אז. וו.

**זשאנגלער** (ענג.)—א קונצנמאכער; פיג. א פאליטישער זשאנגלער.

**זשארעס, זשאן** (1859—1914) — איינער פון די וויכטיקסטע אנפירער פון דער פראנצ. סאציאליסטישער באוועגונג. זש. איז געווען אן אנהענגער פון דער אידעאליסטישער וועלטאנשויונג. ביסלעכווייז ווערט ער אלץ מער לינקער און שטרעבט צו פאראייניקן מארקס טעאריע מיט דער אידעאליסטישער פילאזאפיע. אין יאר 1885 ווערט ער אויסגעוויילט אין פארלאמענט, וווּ ער שליסט זיך אן אן לינקן ראדיקאלן צענטער. אין 1892 ווערט ער ווידער אויסגעוויילט אין פארלאמענט מיט דער הילף פון ארבעטער-שטימען אלס אומאפהענגיקער סאציאליסט. אין 1902— איז ער שוין ארײַן אלס דעפוטאט פון דער סאציאליסטישער פארטיי און ווערט איר אנפירער. נישט זייענדיק קיין מארקסיסט איז ער שטענדיק געגאנגען מיטן רעכטן פליגל. אין 1904 גרינדעט זש, די צייטונג „הומאניטע", צענטראל-ארגאן פון דער פארטיי, און איז זיין רעדאקטאר ביזן לעצטן טאג פון זיין לעבן. זיין קאמף קעגן מיליטאריזם (ער איז געווען אן אנהענגער פון א פרייער מיליץ, א קעגנער פון א שטענדיקער ארמיי) האט ער געפירט ביז זיין לעצטן טאג. אין 1914, ערב דער

וועלט-מלחמה, האָבן אים די פּאַר־ריאָטן אין פּאַריז דערשאָסן, כּדי פּטור צו ווערן פון זיין גרויסן איינפלוס, וואָס ער האָט געהאַט אויף די אַרבעטער-מאַסן.

**זשורי** (פר.) — 1) אַ קאָמיסיע פון געלערנטע אָפּציטשאַצן עפּעס אַ ווערק; 2) אַ געריכט פון געשווירענע אין ענגלאַנד און פראַנקרייך.

**זשורנאַל** (פר.) — אַ טאָגבוך, אַ צייטשריפט, וואָס גייט אַרויס אין באַשטימטע טערמינען, למשל: וועכנטלעכע, צוויי-וועכנטלעכע א. אַז. וו.

**זשיראָנדיסטן** — אַ מעסיקע רעוואָלוציאָנערע פּאָליטישע פּאַרטיי אין דער צייט פון דער גרויסער פר. רעוו. אין אַלע אירע אונטערנעמונגען איז זי געווען נישט-זיכער און נישט-אויסגעהאַלטן. דערדאָזיקער נאָמען נעמט זיך פון דעם, וואָס די אָנפירער פון דערדאָזיקער פּאַרטיי האָבן געשטאַמט פון דעפּאַרטאַמענט זשיראָנדאָ.

**זשיראַרדיען, ס. ס.** (1762—1822) — אַ פראַנצויזישער פּאָליטיקער, אַ געט-ייער אָנהענגער פון דער רעוואָלוציע.

ווערט אויסגעוויילט פון דריטן שטאַנד צו דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. פריער געהערט ער צום לינקן פליגל, דערנאָך גייט ער איבער צום רעכטן פליגל. פאַר דעם האָבן אים די יאַקאָבינער אַריינגעזעצט אין תּפיסה. נאָך ראָבעספּיערס פאַלן ווערט ער באַפרייט. לסוף ווערט ער אַ פּרעפעקט. נאָכן פאַרלאָזן דעמדאָזיקן פּאָסטן ווערט ער אויסגעוויילט אַלס דעפּוטאַט אין פּאַרלאַמענט און געהערט צו דער עקסט-לינקער פראַקציע.

**זשעליאַבאָוו, אַ. אי.** (1851—1881) — אַן אָנגעזעענער רוסישער רעוואָלוציאָנער-טעראָריסט אין די 70-ער יאָרן, דער אָרגאַניזאַטאָר און אָנפירער פון דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" (פאָלקס-ווילן). דער אָנפירער פון אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער II. אין 1881 ווערט ער פאַרמשפּט צו טויט-שטראָף.

**זשעסטיקולירן** (פר.) — קערפּערלעכע באַוועגונגען ביים רעדן, איבערהויפּט מיט די הענט.

**זשערמינאַל** (פר.) — דער זיבעטער חודש אין קאַלענדאַר פון דער פראַנצ. רעוו. — פון 21-טן מערץ ביזן 19-טן אַפּריל.

**טאַבעלע** — אַ ליסטע אָדער אַ קאַלענדאַר אין רובריקן.

**טאָטעם** — אַ געוויסער געגנשטאַנד אָדער חיה, וואָס אַן אוראַלטער שטאַם אָפּ שבט האַלט אים פאַר זיין באַשיצער.

**טאָלעראַנץ** (לאַט.)—סבלנות; דאָס דולדן דעם צווייטנס איבערצייגונגען אָדער אמונה.

**טאַנטיעמע** (פר.) — אַ באַלוינונג פאַר אָנגעשטעלטע אין אַ געוויסער אונטערנעמונג מיט אַ באַשטימטן אָנטייל אינם ריווח.

**טאַקט** (לאַט.)—מאָס פון טאָן; ריכטיקע מאָס ביים באַגיין-זיך מיט מענטשן.

**טאַקטיק** (גר.) — די מיטלען מיט וועלכע מען קאָן דערגרייכן אַ געוויסן ציל; מלחמה-טאַקטיק — די קונסט צו פירן אַ מלחמה, ריכטיק איינצושטעלן דאָס מיליטער א. אז. וו.; פּאָליטישע טאַקטיק — די מיטלען מיט וועלכע ס'באַנוצט זיך אַ פּאַרטיי, כדי צו דערגרייכן אירע צילן, רעכענענדיק זיך דערביי מיט פאַרשידענע אומשטענדן.

**טאַקסאַציע** (לאַט.)—אָפּשאַצונג, באַשטימען אַ טאַקסע.

**טאַרטיוף**—אַ חונף, דער נאָמען שטאַמט פון איינעם פון מאָליערס (פראַנצייזישער שריפטשטעלער) העלדן.

**טאָרי** — אַ פּאָליטישע פּאַרטיי אין ענגלאַנד, אַנטשטאַנען אין XVIII י"ה. איצט איז טאָרי דער נאָמען פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי.

**טאַריבאַ** (ליט.)—די ליטווישע פאָלקס-פאַרטרעטונג.

**טאַריף** (גר.) — אַן אָפיציעלע טאַבעלע פון פרייזן פאַר אַרבעט, פאַר איבערפירן פּאַסאַזשירן און סחורות א. אז. וו.

**טוגענדבונד** (דייטש)—אַ געזעלשאַפט פון דייטשע סטודענטן אין XVIII י"ה, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אַרויסצוטרייבן די פראַנצייזן פון לאַנד.

**טויטאָלאָגיע** (לאַט.) — דאָס איבערפליסיקע, אומנוצלעכע איבערחזרן איין- און דעמזעלבן געדאַנק אין פאַרשידענע אויסדריקן.

**טימאָקראַטיע** (גר.) — אַ מלוכה-אָרדנונג ביי וועלכער די רייכערע בירגער, וואָס צאָלן מער שטייערן, האָבן מער פּאָלי-

טישע רעכט פאַר די אָרעמע בירגער.

**טיער** (1797 — 1877) — א פראַנצייזישער היסטאָריקער און פּאָליטישער טוער, אידעאָלאָג פון דער גרויס-בורזשואַזיע. דער מחבר פון דער „געשיכטע פון דער גרויסער פראַנצייזישער רעוואָ-לוציע”, ווו ס'ווערן אויפגעהויבן ביזן הימל די פאַרדינסטן פון דער בורזשואַזיע, וואָס האָט אָפּגענומען די מאַכט ביים פעאָדאַלן אדל און איינגעפירט „אָרדנונג” נאָך דער אַנאַרכיע פון „אַלטן רעזשים”: בעת דער רעוואָלוציע פון 1848 אַגיטירט ט. פאַר קאַוועניאַקס דיקטאַטור. נאָכן פאַלן פון דער צווייטער אימפּעריע אָרגאַניזירט ט. די דריטע רעפּובליק, זע פּאַ-ריזער קאָמונע.

**טיפּ** (גר.)—א פאָרם, וואָס פאַר-אייניקט אין זיך די אייגנ-שאַפטן פון א גאַנצער גרופּע געגנשטאַנדן; אין דער ליטעראַטור הייסט טיפּ: א בילד, אין וועלכן ס'שפּיגלען זיך אָפּ די אַלגעמיינע שטריכן פון א געוויסער גרופּע מענטשן אָדער קלאַס; למשל, ביי שלום-עליכמען: מנחם-מנדיל, טוביא דער מילכיקער א. אַנד.

**טיראַדע** (פר.) — א לאַנגע, צעצויגענע, היציקע פּראָזע.

**טיראַן** (גר.)—א דעספּאָטישער, אכזריותדיקער, דיקטאַטאָרישער הערשער, וואָס אונטערדריקט די באַפעלקערונג; אַן אכזריותדיקער מענטש.

**טיילאָריזם**—דער אינזשיניער טיילאָר האָט באַוויזן, אַז מען קאָן איינשפּאָרן א סך קראַפט ביי אַרבעט, דורך דעם וואָס מען מיידט-אויס אומנוצלעכע באַווע-גונגען, אַרבעטנדיק מיט ספּעציעלע מכשירים. די וויסנשאַפטלעכע אָר-גאַנ. פון אַרבעט (טיילאָריזם) פאַר-גרעסערט די אַרבעטספּראָדוקציע, גיט די מעגלעכקייט ביי מינימאַ-לער פאַרשווענדונג פון כוחות צו באַקומען א מאַקסימום פון פּראָ-דוקציע.

**טעאָקראַטיע** (גר.) — הער-שאַפט פון גייסטלעכע, כהנים. אַן אָרדנונג, לויט וועלכער די מאַכט געפינט זיך אין די הענט פון קלער. אַזאַ הערשאַפט איז די סאַמע אכזריות-דיקע. דער אויבערהערשער איז גאָט, די גייסטלעכע זענען זיינע פאַרטרעטער אויף דער ערד. אַזאַ הערשאַפט האָט עקזיסטירט ביי די אוראַלטע מזרח-פעלקער. אַזאַ מין הערשאַפט האָבן אין מיטל-אַלטער געוואָלט איינפירן די פּויפּסטן.

**טעאָריע** — דער סכום פון וויסנשאַפטלעכע גרונטזאַצן (עיקרים), וואָס ווערן באַשטעטיקט אויפן סמך פון עקספּערימענטן.

**טעאָרעטיזירן** — חקרענען זיך.

**טעזיס** (גר.)—אַ הנחה, אַ מיינונג, אויף וועלכער ס'ווערט באַגרינדעט אַ ווערק אָדער אַ רעפעראַט.

**טעלעאָלאָגיע** (גר.) — די אידעאַלע פילאָזאָפישע שיטה, וואָס ווייזט-אויף די צוועקמעסיקייט און די האַרמאָנישע אָרדנונג פון דער וועלט.

**טעמע** (גר.) — דער הויפּטגעדאַנק פון אַ ווערק, רעדע אָדער מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציע.

**טעמפּאָ** (איט.)—די געשווינדקייט פון אַ באַוועגונג, איבערהויפּט ביי מוזיק.

**טענדענץ** (לאַט.)—די נייגונג, דאָס שטרעבן צו אַ באַשטימטן ציל; אַ פאָרויסבאַשטימטער געדאַנק; דער ווילן צו קומען צו פאָרויסבאַשטימטע מסקנות.

**טעסניאַקן** — אַזוי האָט געהייסן דער רעוואָלוציאָנערער פליגל פון דער בולגאַרישער ס.-ד. פאַרטיי. אין דער צייט פון דער וועלט-מלחמה האָבן די טעסניאַקן אָנגענומען אַן אויסגעשפּראָכן-אינטערנאַציאָנאַלע שטעלונג. די ט. זענען צוגעשטאַנען צום דריטן אינטערנאַציאָנאַל און געבילדעט די בולגאַרישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי. דער פירער פון די ט. איז וואַסילי קאָליאַראָוו.

**טעקסט** (לאַט.) — 1) דער אינהאַלט פון אַ ווערק אָן די פּירושים אָדער באַמערקונגען; דערקלערונגען צו אילוסטראַציעס; ווערטער אונטער נאָטן; 2) אַ דרוק-שריפט מיט וועלכן מען זעצט דעם טעקסט פון אַ ספר, אָבער ניט די באַמערקונגען.

**טעקסטועלער** — ווערטלעכער, ריכטיקער נוסח.

**טעראָר** (לאַט.) — שרעק; אַ סיסטעם פון מיטלען, כדי אָנצוּוואַרפן אַ פחד. ס'איז פאַראַן פּערזענלעכער און מאַסן-טעראָר, רויטער און ווייסער טעראָר. אין קאַמף מיטן צאַריזם האָבן זיך די „נאַראָדאָוואָלצעס” און דערנאָך די עסערן באַנוצט מיט טעראָר קעגן איינצלנע רעגירונגס-באַאַמטע.

**טעריטאָריאַליזם** (לאַט.)— מיטן וואָרט ט. האָט מען זיך

אָנגעהויבן צו באַנוצן פון 6-טן ציוניסטישן קאָנגרעס אָן אין 1903, ווען ס'איז אַנטשטאַנען די פראַגע וועגן קאָלאָניזירן יידן אין אוגאַנדע. אין 1905 ווערט געגרינ- אַ יידישע טעריטאָריאַליסטישע געזעלשאַפט (איט"א). בראש פון דערדאָזיקער געזעלשאַפט איז געשטאַנען י. זאַנגוויל. דער ציל פון דערדאָזיקער געזעלשאַפט איז געווע, צו שאַפן פאַר יידן, וואָס קענען און ווילן נישט פאַרבלייבן אין זייערע געגנוועדטיקע וווינערטער, אַ לאַנד מיט אויטאָנאָמיערונג.

**טעריטאָריאַליסטן** — אָנהענגער פון פּראָגראַם פון דער יידישער טעריט. געזעלשאַפט.

**טעריטאָריע** (לאַט.)—אַ געביט, וואָס געפינט זיך אונטער איין מאַכט (מלוכה-טעריטאָריע); אַ טעריטאָריע, וואָס איז באַזעצט פון איין פאָלק (נאַציאָנ. טעריט.).

**טערמידאָר**—דער נאָמען פון איינעם פון די זומער-חדשים אין קאַלענדאַר, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן אין פראַנקרייך אין דער צייט פון דער גר. פר. רעוו. (1793). דעם 9-טן טערמידאָר 1794 האָט דער בלאָק פון די מעסיקע און לינקע עלעמענטן פון קאָנווענט אַראָפּגעוואָרפן ראָבעספיערס רעגירונג און ראָבעספיערן דערקלערט אויסערן געזעץ. דעם 10-טן טערמידאָר איז ראָבעספיער אומגעקומען אויף דער גיליאָטינע. די רעאַקציאָנערע רעגירונג, וואָס איז געקומען נאָך ראָבעספיערס פאַלן, איז באַקאַנט אונטערן נאָמען די ט ע ר מ י ד אָ ר י ש ע.

דאָס פאַרטוישן דעם גרעגאָריאַנישן קאַלענדאַר אויפן רעוו. קאַלענדאַר איז געווען איינע פון די מיטלען אין קאַמף מיטן קאַטוילציזם.

**טערמין** (לאַט.)—אַ ספּעציעלער אויסדרוק אָדער נאָמען פון אַ געוויסן געגנשטאַנד, באַגריף, וואָס איז אָנגענומען אין דער וויסנשאַפט, קונסט אָדער טעכניק,

**טראַדיציע** (לאַט.) — מסורה, אַ מנהג, אַ נוכח וואָס גייט איבער פון דור צו דור.

**טראַנזיט** (איט.) — באַדייט: „דורך". אַדורכפיר פון סחורות פון איין מדינה אין דער צווייטער דורך אַ דריטער, אָן די רעכט פון אויסלאָדן און פאַרקויף.

ט ר אַ נ ז י ט-וו י ז ע—אַ וויזע, לויט וועלכער ס'איז דערלויבט נאָך

אדורכצופאָרן דורך א געוויסער מדינה אָבער נישט אראָפצושטייגן.

**טראַנספאָרמאַציע** (לאט.) — דאָס פאַרענדערן א געשטאַלט אויף אַן אַנדערער.

**טראַנסצענדענטאַל** (לאט.)—א פילאָזאָפישע שיטה, וואָס מען קאָן נישט משיג־זיין מיטן שכל און מיט קיין שום פילאָזאָפישע מעטאָדן.

**טראָפיי** (גר.) — מלחמה־רויב, וואָס דער זיגער רויבט־צו ביים באַזיגטן.

**טראָצקי־בראָנשטיין, לעוו דאַווידאָוויטש**— (געב. 1879) א זון פון א יידישן קאָלאָניסט. זיין רעוו. טעטיקייט הייבט ער אָן אין זיין פריער יוגנט. ווערט פארשיקט קיין סיביר, פונוואַנען ער אַנטלויפט קיין אויסלאַנד. נאָכן צוזאַמענפאָר פון די רוסישע ס.־ד. איז ער אַריבער צו די מ ע נ ש ע וו י ק ע ס. אין די געשעענישן פון 1905 האָט ער געשפילט א גרויסע ראָל: איז געווען דער פאָרזיצער פון ערשטן פעטראָגראַדער ראַט פון די אַרבעטער־דעפוטאַטן. פאָליטיש האָט ער פאַרנומען א באַזונדערע פאָזיציע פון „פערמאַנענטער רעוואָלוציע" (זע). אין אַלע שטרייטן צווישן די באָלשעוויקעס מיט די מענשעוויקעס האָט ער פאַרנומען אַן „אומפראַקציאָנעלע" פאָזיציע. בעת דער וועלט־מלחמה, געפינענדיק זיך אין אויסלאַנד, איז ער אַריבער צו די אינטערנאַציאָנאַליסטן. אין יאָר 1917 קומט ט. קיין רוסלאַנד, ווו ער טרעט אַריין אין דער באָלשעוויסטישער פאַרטיי. קורץ פאַר דער אָקטאָבער־איבערקערעניש איז ער געוואָרן געוויילט אַלס פאָרזיצער אין לענינגראַדער ראַט פון די אַרבעטער־דעפוטאַטן. אין דער איבערקערעניש־אָרגאַניזאַציע האָט טראָצקי אַלס פאָרזיצער פון מיליטער־רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט און מיטגליד פון צ. ק. גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל. נאָך דער איבערקערעניש איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר אויסערלעכע עניינים. נאָכן בריסקער שלום איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר דער אייזנבאַן־קאָמוניקאַציע, און דערנאָך פאָלקס־קאָמיסאַר פון מיליטער און פלאָט און פאָרזיצער פון רעוואָלוציאָנער - מיליטערישן ראַט פון דער רעפובליק. ער איז געווען א מיטגליד פון צ. ק. און פאָליט־ביוראָ. די מיינונגס־פאַרשידנהייטן צווישן טראָצקין און

דער פּאַרטיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן אין יאָר 1921; בעת דער דיסקוסיע וועגן די פּראָפ. פאַרבאַנדן האָט ער געפאָדערט דאָס צונויפוואַקסן פון די פּראָפ. פאַרב. מיט די ווירטשאַפטס-אָרגאַנען. נאָך גרעסערע מיינונגס-פאַרשידנהייטן האָבן זיך אַרויסגעוויזן אין יאָר 1923 אין דער דיסקוסיע איבער דער אינערלעך-פּאַרטייאישער דע-מאָקראַטיע. טראָצקיס שטרעבונג אַנטקעגנצושטעלן זיין טראָצקיזם דעם לעניניזם האָט אַרויסגערופן אַן איינהייטלעכן ווידערשטאַנד פון דער פּאַרטיי. אין יאָר 1926 פאַראייניקט זיך אַ נייע אָפּאָזיציע מיטן טראָצקיזם אין אַן אָפּאָזי-ציאָנעלן בלאָק; טראָצקי ווערט דער אָנפירער פון בלאָק און טרעט ווידער אַרויס קעגן לענינס פּאַרטיי-פּאָליטיק.

**טראַקטאַט** (לאַט.) — 1) אַ פאַרענדיקט וויסנשאַפטלעך ווערק וועגן אַ באַשטימטער טעמע; 2) אַ צווישנפעלקערישער אָפּמאַך.

**טראַקטירן** (לאַט.) — אונטער-האַנדלען, זיך אָדורכרעדן, צו-נויפרעדן.

**טרודאָוויקעס** — אַ רוסישע פראַקציע, וואָס איז אַ טשטאַ-נען אין דער ערשטער דומע (1906) און האָט עקזיסטירט אין אַלע פיר דומעס. דידאָזיקע פראַק. איז באַשטאַנען פון אינטעליגענטן און רעוואָלוציאָנערע פויערים. בראש פון די ט. אין דער פער-טער דומע איז געשטאַנען ק ע-ר ע נ ס ק י (זע).

**טרוק-סיסטעם** (ענג.) — אַ סיסטעם לויט וועלכן די אַרבע-טער ווערן געצוווּנגען איינצו-קויפן סחורות אויף טייערע פּרייזן אין דעם אַרבעטסגעבערס געוועלב, אויף אַזאַ אופן ווערט דער אַר-בעטס-לוין אויסגעצאָלט ניט מיט געלט נאָר מיט קוויטונגען, און אין געוועלב באַקומט דער אַרבע-טער אויף זיי שלעכטע פּראָדוקטן פאַר אַ הויכן פּרייז.

**טריבונאַל** (לאַט.) — דאָס העכסטע געריכט.

**טריומוויראַט** (לאַט.) — אַ ממשלה פון דריי. אין דער רוימישער געשיכטע, למשל, זענען באַוווּסט די טריומוויראַטן פון צעזאַר, פּאָמפּייוס און קראַסוס (60 יאָר פאַר דער נ"צ) און פון אַנטאָניוס, אָקטאַוויאַן און לעפּי-דוס (43 יאָר נאָך דער נ"צ).

**טרעד-יוניאָן** (ענגל.) — אַ פּראָפעסיאָנעלער פאַריין, די

טרעד-יוניאָנס זענען אַנטשטאַנען אין ענגלאַנד נאָך איידער ס'האָבן זיך אַנטוויקלט די גרויסע קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען, זינט ס'האָבן זיך פאַרמערט טאָג-לוין-אַרבעטער. די ערשטע ידיעות וועגן טרעד-יוניאָן זענען פון XVI י"ה. די אמתע אַנטוויקלונג פון די ט.-י. הייבט זיך ערשט אָן בײַם סוף פון XVIII י"ה, בײַ דער התחלה פון דער אינדוסטריעלער רעוו. צום ערשטן זענען די ט.-י. שטאַרק פאַרפאָלגט געוואָרן דורך דער רעגירונג, נאָר דערנאָך ווערן זיי לעגאַליזירט. די טרעד-יוניאָנס האָבן זיך קיינמאָל נישט אָרגאַניזירט לויט אַן איינהייטלעכן פּלאַן: צווישן זיי האָבן זיך געפונען סײַ פּראָדוציר-פאַרייניקונגען, סײַ צעך-פאַרבאַנדן און אויך גרויסע פּראָדוציר-פעדעראַציעס. ביזן יאָר 1922 איז קיין אַלגעמיינער פאַרבאַנדס-צענטער אין ענגלאַנד נישט געווען. ס'האָט בלויז עקזיסטירט אַ פּאַרלאַמענטאַרישער קאָמיטעט פון טרעד-יוניאָן-קאָנגרעס, וואָס האָט געדאַרפט אַכטונג געבן אויף דער אַרבעט פון פּאַרלאַמענט און נישט לאָזן דורכפירן קיין שעדלעכע געזעצן קעגן די פאַרבאַנדן. אויסערדעם האָט בײַם סוף פון XIX י"ה עקזיסטירט אַ גענעראַל-פעדעראַציע, וואָס האָט פאַרייניקט בערך אַ דריטל פון די פּראָפעסיאָנעל-אָרגאַניזירטע אַרבעטער. אין 1922 האָט זיך אָרגאַניזירט אַ גענעראַל-ראַט פון די טרעד-יוניאָנס, וואָס האָט געזאָלט שפּילן די ראָל אַלס לייטנדיקער צענטער פון דער פּראָפ. באַוועגונג. כמעט אין דער אייגענער צײַט הייבן זיך אָן צו אָרגאַניזירן אַלץ מער און מער פאַרבאַנדן אויף פּראָדוציר-יסודות. אין 1921 געפינען זיך אין די פאַרבאַנדן ביז 8 מיליאָן מיטגלידער. טרעד-יוניאָנס אַלס טיפּ פון פּראָפעסיאָנעלער פאַרייניקונג עקזיסטירן נישט בלויז אין ענגלאַנד; אַזעלכע פאַרבאַנדן געפינען זיך אויך אין אַמעריקע, אין אַ ריי ענגלישע קאָלאָניעס, אין דײַטשלאַנד און אין אַנדערע לענדער, אין ענגלאַנד גופא פאַרענדערט זיך לאַנגזאַם דער טיפּ פון טרעד-יוניאָן. איצט געהערט אַ טייל פון די ט.-י. צום פּראָפ. אינטערנ.

**טרעטירן** (לאַט.) — שלעכט באַהאַנדלען, דערנידריקן, מבזה זײַן.

**טרעסט** (ענג.) — אַ פאַרבאַנד פון גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. די טרעסטן פאַרייניקן גאַנצע אינדוסטריעלע

צווייגן פון פארשידענע לענדער, למשל: אייזן-טרעסט, נאפט-טר. א. אז. וו. די טרעסטן זענען איינע פון די נייעסטע פארמען פון דער אינדוסטריע.

**טשארטיזם** (ענג.)—א רעוו. מאסן-באוועגונג אין ענגלאנד אין די 30-ער און 40-ער יארן פון XIX י״ה, די טשארטיסטן האבן ארויסגעשטעלט א ריי פאדערונגען אויסצובעסערן די עקאנאמישע לאגע פון די ארבעטער, למשל: ס׳זאלן ארויסגעגעבן ווערן פאבריק-געזעצן, פארזיכערן אן ארבעטער-פארשטייערשאפט אין פארלאמענט, אלגעמיינע וואלרעכט אין אנד. דער ענגלישער פארלאמענט האט אפגעווארפן די אלע פאדערונגען פון די טשארטיסטן. דעמאלט זענען די טש. ארויסגעטרעטן אין א קאמף פאר זייערע פאדערונגען. דערדאזיקער קאמף איז געווארן דערשטיקט דורך דער ענגלישער רעגירונג. דער טשאר. אויפשטאנד רעכנט זיך פאר איינעם פון די ערשטע מאסן-ארויסטרעטונגען אין דער ארבעטער-באוועגונג.

**טשארטער** (ענג.) — 1) א פריווילעגיע-שיין, א דאקומענט לויט וועלכן א רעגירונג גאראנטירט א גרופע מענטשן אדער א נאציאנאלע מינדערהייט פאליטישע פרייהייט און אנדערע רעכט; 2) א דאקומענט, וואס גאראנטירט פרייהייט, זעלבסטשטענדיקייט און פארשידענע פריווילעגיעס פאר יידן אין פאלעסטינע, וועגן וועלכן הערצל האט זיך בשעתו משתדל געווען צו באקומען פון דער טערקישער רעגירונג.

**טשיפריאני, א.** (ג. 1845)— אן איטאליענישער רעוואלוציאנער. גענומען אן אנטייל אין גאריבאלדיס אויפשטאנד. אין 1862 אנטלויפט ער קיין אזיע, אין א צייט ארום קומט ער קיין פראנקרייך, נעמט אן אנטייל אין דער פאריזער קאמונע. נאך דער מפלה פון די קאמונארן ווערט ער פארמשפט צום טויט, נאר ער ווערט באגנעדיקט און פארשיקט. אין 1879 קומט ער צוריק קיין פאריז, נאר באלד ווערט ער פאר זיין רעוו. טעטיקייט ארויסגעשיקט קיין איטאליע. אין זיין פאטערלאנד ווערט ער דערנאך אויסגעוויילט אלס דעפוטאט, נאר זיינע וואלן ווערן נישט באשטעטיקט.

**טשעמפיאנאט** (ענג.) — א קאמף פאר דער אויבערמאכט אין פארשידענע מינים ספארט.

**טשעק** (ענג.) — אן אנווייזונג פון א פערזאן צו א באנק ארויסצוגעבן אויף זיין רעכענונג דעם באזיצער פון טשעק א געוויסע סומע געלט.

**טשערוואניעץ** (רוס.) — אמאל, א גאלדענע מטבע; היינט, פאפירגעלט אין רוסלאנד וואס האט די ווערט פון 5 דאלאר.

**טשערטא** (רוס.) — תחום-המושב, דער ראיאן אין רוסלאנד, ווו ס'איז אין די צארישע ציטן דערלויבט געווען די יידן צו וואוינען. די טש. האט ארומגענומען 15 רוסישע גובערניעס און 10 פוילישע.

**טשערמען** (ענג.)—פארזיצער אויף א פארזאמלונג, אין א פארלאמענט.

**טשערנאוו, וו. מ.**—(געב. 1876) איינער פון די טיכטיקסטע רעוואלוציאנערן אין רוסלאנד און דער אידעאלאג פון דער ס.-ר. פארטיי.

## י

**יאקאבינער**—א מיטגליד פון דער יאקאבינער-פארטיי (זע די גר. פר. רעוו.).

**יובילי (יובל)** (העב.) — א יום-טוב לכבוד א וויכטיקע געשעעניש. 25-יעריקער יובילי, 50-יעריקער יוב.

**יודאפאב** (גר.)—א יידן-פיינט, א שונא - ישראל, א צורר-היהודים.

**יודאפיל** (גר.)—א יידן-פריינט, אן אוהב-ישראל.

**יולי-רעוואלוציע** — דער אויפשטאנד אין פאריז, די סיבה פון דאזיקן אויפשטאנד איז געווען די דערקלערונג פון קארל X (באקאנט-געמאכט געווארן דעם 26-טן יולי 1830), לויט וועלכער ס'ווערט איינגעפירט א שטרענגע צענזור, דער פארלאמענט ווערט פאנאנדערגעלאזט, דאס וואל-געזעץ ווערט פארשמעלערט. די רעוואלוציע האט זיך אנגעהויבן דעם 27-טן, און אין 29-טן איז דער ניצחון געווען אויף דער זייט פון די רעוואלוציאנערן. די דינאסטיע פון די בורבאנען איז געפאלן.

**יוני-טעג אין פאריז**— אזוי ווערט אנגערופן די פעב-

רואַר-רעוואָלוציע פון 1848 אין פראַנקרייך, וואָס איז געוואָרן אַדורכגעפירט דורך די אַרבעטער, וועלכע האָבן איבערגעגעבן די מאַכט דער ליבעראַלער בורזשואַזיע. די אַרבעטער האָבן געפאָדערט פאַר זיך רעכט אויף אַרבעט און וואַל-רעכט. די צייטווייליקע רעגירונג האָט די אַרבעטער אָפּגענאַרט, און דערווייל פאַרשפּרייט צווישן די פּויערים און זעלנער אַ שנאה צו די אַרבעטער. ווערנדיק אַרויסגעפירט פון געדולד האָבן די אַרבעטער געמאַכט אַן אויפשטאַנד (דעם 22-טן יוני 1848) און געהאַלטן אין פּחד די בורזשואַזיע אין משך פון פינף טעג. לסוף האָט די בורזשואַזיע זיך נוקם-געווען אָן די אַרבעטער, וועלכע האָבן איר אַליין איבערגעגעבן די מאַכט.

**יוסטיץ** (לאַט.)—גערעכטיקייט.

**יעזויט** — אַ מיטגליד פון יעזויטן-אָרדן, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1534 מיטן ציל צו קעמפן קעגן דער רעפאָרמאַציע. דער דעוויז פון י. איז: „דער ציל הייליקט דאָס מיטל"; פון דעם שטאַמט די פראַזע: יעזויטישע מאָראַל; 2) אַ פאַלשער, אַ חנף, אַ שלעכטער מענטש.

**יענקיס** (ענג.)—אַ צונעמעניש פאַר אַמעריקאַנער.

**יק"א** — (יידישע קאָלאָניזאַציע-געזעלשאַפט)—אַ יידישע געז., וואָס האָט זיך געשטעלט דעם ציל צו קאָלאָניזירן יידן אין פאַרשיידענע נישט-אייראָפּעישע לענדער. דיזאָזיקע געז. האָט באַקומען בירושה פון באַראָן הירש אַ סומע פון 240 מיליאָן פראַנק. צו דער יק"א געהערן קאָלאָניעס אין אַרגענטינע, פאַלעסטינע, קאַנאַדע און אין אַנדערע לענדער. צו יק"א האָבן געהערט אַ סך שולן אין אַמאָליקן רוסלאַנד, גאַליציע, רומעניע; אַ סך עמיגראַציע-ביוראָס און אַנדערע יידישע פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן. דאָס צ. ב. פון יק"א געפינט זיך אין פּאַריז.

# כ

**כאַאָטיש** (גר.) — מבולבלדיק, מטושטשדיק, צעטומלט, נישט-אָרגאַניזירט.

**כאַלטורין, ס.** (1857—1882) - אַן אַרבעטער אַ רעוואָלוציאָנער, דער גרינדער פון איי-

נער פון די ערשטע ארבעטער-אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד — „דער צפונדיקער ארבעטער-פאַרבאַנד" (1878 — 1879). דעם 5-טן פעברואַר 1880 אָרגאַניזירט כ. אַן אויפרייס אין ווינטער-פּאַלאַץ און נאָר דורך אַ צופאַל איז דעמאָלט געראַטעוועט געוואָרן דער צאַר אַלעקסאַנדער דער צווייטער. אין 1882 באַטייליקט זיך כ. אין אַטענטאַט אויפן אָדעסער מיליטערישן פּראָקוראָר. פאַר דעם ווערט כ. פאַרמשפּט צום טויט דורך הענגען.

**כאַמעלעאָן** (גר.) — אַ חיה, וואָס צייכנט-זיך אויס מיט איר פעיקייט צו בייטן איר הויט-פאַרב. אַזוי רופט מען אויך אַ מענטשן, וואָס טוישט לייכט זיינע איבערצייגונגען.

**כאַן** (טאַט.)—דער טיטל פון די טאַטערישע הערשער, פון דער „גאָלדענער האָרדע" (XIII–XV י"ה.), פון קרימער כאַנטום (XII–XVIII י"ה)—און אין דער שפּעטערדיקער צייט — דער הערשער פון כיווי (ביז דער רעוואָלוציע פון 1920).

**כאַראַקטעריסטיק** (גר.)— די באַצייכענונג און דערקלערונג פון באַזונדערע סימנים און אייגנשאַפטן פון אַ געגנשטאַנד, דערשיינונג, פּערזאָן.

**כאַרטיע** (ענג.)—רעגירונגס-אַקט, וואָס באַשטעטיקט עמעצנס פּאָליטישע רעכט.

**כאַרטיע פאַר פרייהייטן** זע טשאַרטיזם.

**כעדיוו**—דער טיטל פון עגיפּטישן וויצע-קעניג.

**כראָנאָלאָגיע** (גר.)—אַ לערע וועגן צייט-רעכענונג, וואָס לויט איר ווערן אויסגערעכנט אַסטראָנאָמישע דערשיינונגען און היסטאָרישע געשעענישן.

**כראָנאָמעטראַזש** (גר.)— דאָס אויסמעסטן די צייט, וואָס די אַרבעטער פטרן אויף אויספירן אַ באַשטימטע אַרבעט. ביים כראָנאָמעטראַזש ווערט אויסגעמאָסטן די צייט, וואָס ווערט געפטרט אויף הכנות צו דער אַרבעט, אויף דער אַרבעט גופא, אויף אָוועקצונעמען די אויסגעפערטיקטע אַרבעט פון וואַרשטאַט, אויף אָפּרו א. אַז. וו. מיט דער הילף פון די סטאַטיסטישע ציפערן, וואָס באַקומען זיך דורכן כ. ביי פאַרשידענע אַרבעטס-באַדינגונגען, ווערן באַווייטיקט אומנוצלעכע באַוועגונגען און ס'ווערט

פאַרגרעסערט די אינטענסיוויטעט פון דער פּראָדוקציע.

**כראָניק** (גר.)—פאַרצייכעניש פון צייט-פּאַסירונגען; דברי-הימים; געשיכטע פון א פאָלק אָדער לאַנד לויט די יאָרן; יאָר-ביכער, פּנקסים פון קהילות א. אז. וו.; א צייטונגס-רובריק אין וועלכן ס'ווערט פאַרצייכנט די טאָג-נייס.

**כראָניש** (גר.) — לאַנגדויערנדיק; כראָנישע קרענק— א פאַרשלעפּטע קרענק.

## ל

**לאַקראַטיע** (גר.) — די הערשאַפט פון פאָלק.

**לאַבירינט** (גר.) — א בנין מיט א סך צימערן און קאָרידאָרן, וואָס איז געבויט אויף אזא אופן, אז ס'איז שווער צו געפינען פון אים אן ארויסגאַנג.

**לאַגטינג** (נאָרוו.)—א געזעצגעבערישע קאָמיסיע אין נאָרוועגישן פּאַרלאַמענט. דער ל. באַשטייט פון א פערטל פון אלע דעפּוטאַטן. ל. איז די העכערע פּאַלאַטע, אָדעלסטינג איז די נידריקע פּאַלאַטע.

**לאָגיק** (גר.) — די לערע וועגן כללים פון א ריכטיק וויסנשאַפט-לעך דענקען.

**לאַגער**—אן אָרט ווו ס'אָרדנט זיך איין אן אַרמיי; פיג. א פאַרבאַנד פון מענטשן, וואָס זע-נען פאַרבונדן צווישן זיך מיט איין אידעאַל און געמיינזאַמע אינטערעסן, און וואָס איז פיינט-לעך צו א צווייטער גרופּע מיט אַנדערע אינטערעסן.

**לאַווראָוו, פּ.** (1823 — 1900) — א רוסישער רעוו. דענקער און פּובליציסט. איינער פון די גרעסטע טעאָרעטיקער פון דער רוסישער „נאַראָדניטשעס-טוואָ". געווען ארעסטירט, דער-נאָך אנטלאָפן קיין אויסלאַנד, ווו ער האָט רעדאגירט דעם רוסישן סאָציאַליסטישן זשורנאַל „וופּעריאָד" (פאָרווערטס), א נאָענטער פריינט פון קאַרל מארקס און ענגעלס, א מיטגליד פון אינטערנאַציאָנאַל.

**לאַווירירן** (האָל.) — שווימען זיגזאַגיש קעגן שטראָמען שטרעבן

צום ציל, קינסטלעך אויסמיידנדיק פארשידענע מניעות.

**לאזאנער קאנפערענץ** — פון 21-טן נאוועמבער 1922 — 4 פעברואר 1923, איז געווארן צונויפגערופן נאכן נצחון פון טערקיי איבער גריכנלאנד. דידאזע קאנפערענץ האט געגעבן גוטע רעזולטאטן פאר טערקיי. מען האט איר צוריקגעגעבן די אייראפעישע געביטן, וואס זענען געווארן ביי איר אפגענומען נאכן סעווערשן אפמאך.

**לאזונג** (פר.) — א קורץ געפאסטער געדאנק, וואס אנטהאלט אין זיך דעם עיקר פון א געוויסן אידעאל אדער שטרעבונג.

**לאטיפונדיע** (לאט.) — גרויסע שטחים ערד, אומגעהויערע גרויסע לאנדסגיטער.

**לאיאל** (פר.) — האלטן זיך אין די גרענעצן פון געזעצן; געטריי זיין דער הערשנדיקער ארדנונג.

**לאמארעטס קוש** — א געשעעניש, וואס איז פארגעקומען דעם 7-טן יולי 1792 אין דער צייט פון דער פר. רעוו., ווען דער דעפוטאט בישאף לאמארעט האט אין א שיינע רעדע פארגעלייגט די דעפוטאטן צו פארגעסן אן פארטיי-קאמף און פאראייניקן זיך אין איין גרויסע ברידער-פארטיי. זיין שיינע רעדע האט געמאכט אזא רושם אויף די דעפוטאטן, אז זיי האבן זיך געווארפן איינער דעם צווייטן אין די ארעמס און זיך צעקושט. נאר צומארגנס איז די גרויסע ליבע פארשוואונדן געווארן. איצט באנוצט מען דעם אויסדרוק „לאמארעטס קוש", ווען פאליטישע טוער רופן צו פאראייניקן אלע פארטייען, צו פארגעסן זייערע קלאסן-אינטערעסן און צו פאראייניקן זיך ארום א פאליטישע אקציע.

**לאנדווער** (ד.) — אזוי האט געהייסן די רעזערוו-ארמיי אין דייטשלאנד און אין עסטרייך.

**לאנדטאג** (ד.) — א פארזאמלונג פון פאלקס-פארטרעטער פון א באזונדערע פראווינץ אין דייטשל. און עסט. (אין דייטשל.: פרייסן, זאקסן א. אז. וו.; אין עסט.: די ארגאנען פון די ארטיקע זעלבסטפארוואלטונגען).

**לאנדאמאן** — דער ראש פון דער מלוכה אין די שווייצארישע קאנטאנען, ווי ביי אונז א פרעזידענט.

**לאנדסטינג** (דענ.) — דער דענישער פארלאמענט.

**לאַנדסקנעכט** (ד.) — אזוי האָט מען גערופן געדונגענע זעלנער אין דייטשלאַנד אין מיטלאַלטער און אין אָנהייב פון דער נייער צייט; היינט באַטייט ל. א לוין־אַרבעטער, א שכיר־יום.

**לאַנדראַט** (ד.) — דער טיטל פון פרייסישע אַדמיניסטראַציע־באַאַמטע.

**לאַנזשוינע זש. ד.** (1753—1827) — א פראַנצייזישער פּאָליטישער טוער אין דער צייט פון דער ג. פר. רעוו. אין 1789 איז ער דעפּוטאַט פון 3־טן שטאַנד אין דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, ווי אַלס מיטגליד פון קאָנווענט טרעט ער ארויס מיט די זשיראָנדיסטן קעגן די יאַקאָבינער. ל. איז געווען א מיטגליד פון דער קאָמיסיע, וואָס האָט אויסגעאַרבעט די קאָנסטיטוציע; דערנאָך טרעט ל. אריין אין געזעצגעבערישן קאָרפּוס, ווי ער קעמפט קעגן דער זעלבסטהערשאַפט פון באָנאַפּאַרטע.

**לאַסאַל, פערדינאַנד** (1825—1864) — א דייטשער סאָציאַליסט, א געלערטער און פּובליציסט, א גלענצנדער רעדנער און קעמפער פאַר דער אַרבעטער־זאַך, דער גרינדער פון דער דייטשער אַרבעטער־פּאַרטיי. אין דער צייט פון דער מערץ־רעוואָלוציע (1848) האָט לאַסאַל אַלס סאָציאַליסט גענומען אן אָנטייל אין דער „נייער ריינישער צייטונג" אונטער דער רעדאַקציע פון קאַרל מאַרקס. אין נאָוועמבער 1848, ווען די פּרייסישע רעגירונג האָט צעטריבן די נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, האָט לאַסאַל גערופן צו א באַוואָפנטן אויפשטאַנד, מען זאָל נישט צאָלן קיין מלוכה־שטייערן. דערפאַר האָט מען אים צוגעצויגן צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אָבער די ריכטער האָבן אים פרייגעשפּראָכן. אין 1862 גיט לאַסאַל ארויס זיין באַוווסטע בראָשור „וועגן דער וויכטיקייט צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער־פּאַרטיי". פאַר דערדאָזיקער בראָשור ווערט ל. פאַרמשפּט צו תפיסה; די ריכטער האָבן איינגעפונען, אז אין דער בראָשור אַגיטירט ל. קלאַסן־שנאה. אין 1863 ווערט ל. דער פאָרזיצער פון דעם אַלגעמיינעם דייטשן א בעטע־פאַרבאַנד. לאַסאַלס שיטה איז געווען, אז ס'איז מעגלעך איבערצוגיין צו דער סאָציאַליסטישער אָרדנונג דורך איינאָרדענען פרייע אַרבעטס־געזעלשאַפטן, וואָס זאָלן זיך געפינען אונטער דער אויפזיכט פון דער מלוכה און דורך איר געשטיצט ווערן.

**לאַפאַרג, פּאָל** (1840—1911) — אַ פראַנצ. פּאָליטטוער, געהערט צו דער אַלוועלטלעכער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע „אינטערנאַציאָנאַל“. אין דער צייט פון דער קאָמונע מוז ער פאַרלאָזן פּאַריז און ער אַנטלויפט קיין שפּאַניע. אין 1872 ווערט ער אויסגעוויילט דורך שפּאַנישע אַרבעטער פאַר אַ דעלעגאַט אויף דער קאָנפערענץ פון „אינטערנאַציאָנאַל“ אין האַאַג. אין 1880, נאָך דער אַמנעסטיע, קומט ער צוריק קיין פּאַריז און ווערט איינער פון די רעדאַקטאָרן פון דער סאָציאַליסטישער צייטונג „גלייכהייט“, אין וועלכער ער אַנטוויקלט מאַרקס שיטה.

**לאַצאַראָני** (איט.) — אַזוי הייסן באָסאַקעס און אָרימעלייט אין איטאַליע.

**לאָקאַוט** (לאַט.)—דאָס שליסן פון פאַבריקן דורך די אייגנטימער, כדי צו נייטן די אַרבעטער, אָפּצוזאָגן זיך פון זייערע אַרויסגעשטעלטע פאָדערונגען.

**לאָקאַליזירן** (לאַט.) — באַגרענעצן אין אַ געוויסן פּונקט, אָפּשליסן; למשל: לאָקאַליזירן אַן עפּידעמיע, אַ מגפה, אַ שרפה.

**לאַראָשפוקאָ, ל. א.** (1743—1792) — אַ באַוווּסטער פראַנצ. פּאָליטישער טוער אין דער צייט פון דער גר. פר. רעוו. אין דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג איז ער צוגעשטאַנען צום דריטן שטאַנד. ער האָט געפאָדערט פּרעסע-פרייהייט, פאַרבאָט פון נעגער-שקלאַפעריי, מען זאָל פאַרקויפן די גיטער, וואָס געהערן צום קלער, און פאַרניכטן די מאָנאַסטירן. בשעת די געשעענישן אין 1792 מוז ל. פאַרלאָזן פּאַריז נאָר אויפן וועג דערהרגעט אים דער צעווילדעוועטער המון.

**לאָרבערבלעטער** — איביק-גרינע בלעטער; מיט די לאָרבערבלעטער פלעגט מען אין די אַלטע צייטן באַצירן זיגער; פון דעם נעמט זיך די פראַזע: „שניידן לאָרבערבלעטער“—האָבן דערפאָלג.

**לודדיטן** — אַ פּאַרטיי פון ענגלישע אַרבעטער (אין אָנהייב XIX י״ה), וואָס האָבן צעשטערט די טעקסטיל-מאַשינען, זעענדיק אין זיי די סיבה פון אַרבעטסלאָזיקייט.

**לוטעראַנער** —אָנהענגער פון דער רעליגיעזער שיטה, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין דייטשל. דורך מאַרטין לוטער אין XVI י״ה

די לוטעראנער זענען קעגנער פון קאטאליציזם מיט זיינע אלע צערעמאניעס; זיי גלייבן בלויז אין דער ביבל און אין דער עוואנגעליע.

## לויפנדע רעכענונג —

די פאָרם פון אריינלייגן געלט אין א באנק, לויט וועלכער דער אריינלייגער קאָן ארויסנעמען און אריינלייגן זיין געלט צו יעדער צייט.

## לומפּן־פּראָלעטאריאט —

א קלאס מענטשן, וואָס נעמט נישט קיין אָנטייל אין דער ארבעט פון דער געזעלשאפט. צוליב זייער דעקלאסירונג פון דער געזעלשאפט זענען זיי נישט פעיק צו אָרגאניזירן־זיך אין א פאריין און פירן א קלאסן־קאמף.

## לונאטשארסקי אנ.

ג. (1866)—א רוסישער קאָמוניסט, א זשורנאליסט. זינט דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש איז ל. בילדונגס־קאָמיסאר. ל. רעכנט זיך פאר א קענער פון ליטעראטור און קונסט.

## לוקסעמבורג, ראָזע

(1870—1919)—געבוירן אין פוילן. זייענדיק א שילערין פון איינע פון די ווארשעווער מיטלשולן איז ל. אריינגעטרעטן אין דעם קרייז פון דער יוגנט־אָרגאניזאציע „פּראָלעטאריאט". צו 18 יאָר, מוז זי שוין אנטלויפן קיין ציריך, ווו זי ענדיקט א הויכשול און באקומט א דאָקטאָר־דיפּלאָם פאר דער דיסערטאציע „די אנטוויקלונג פון דער פוילישער אינדוסטריע". ל. האָט א סך מיטגעהאָלפן צו אנטוויקלען די טעאָריע פון דער פוילישער ס.־ד. פארטיי און אויך צו דער אנטשטייונג פון דער פוילישער און ליטווישער ס.־ד. פארטיי. אויפן ציריכער אינטערנאצ. קאָנגרעס (1893) באקומט ל. דעם מאנדאט פון די ווארשעווער ארבעטער. אין 1897 פאָרט ל. קיין דייטשל., ווו זי זעצט־פאָר איר טעטיקייט צווישן די פוילישע ארבעטער אין פויזן און אין שלעזיע. אין 1905 קומט ל. קיין ווארשע און נעמט א לעבעדיקן אָנטייל אין דער רעוואָלוציע פון פינפטן יאָר, ווערט ארעסטירט, נאָר אינגיכן ווערט זי באפרייט און פאָרט צוריק קיין אויסלאנד. אין 1907 איז ל. א דעלעגאטין פון דער פוילישער און ליטווישער ס.־ד. אויף דער לאָנדאָנער קאָנפערענץ און שליסט־זיך דאָרט אָן אָן דער באָלשעוויסטישער פראקציע. פון 1907 אָן ארבעט ל. אין דער דייטשער ס.־ד. פארטיי און פארנעמט א

לינקע ראדיקאלע שטעלונג. אין 1913 ווערט ל. פאר א רעדע קעגן מיליטאריזם פארמשפט אויף א יאר תפיסה. אין 1914, בעת דער וועלט-מלחמה, פארנעמט ל. אן אינטערנאציאנאלע שטעלונג. איר זשורנאל „אינטערנאציאנאל" ווערט קאנפיסקירט. ל. טרעט אריין אין פאריין „ספארטאקוס", געגרינדעט דורך ק. ליבקנעכט. אין 1916 ווערט ל. ווידער ארעסטירט. אין תפיסה שרייבט זי אן איר בראשור „דער קריזיס פון דער ס.-ד. פארטיי". די נאוועמבער-רעוואלוציע (1918) גיט איר די מעגלעכקייט צו פירן די ברייטסטע רעוואלוציאנערע אגיטאציע. בעת דעם יאנואר-אויפשטאנד אין 1919 רופט ל. צו א פראלעטארישע רעוואלוציע. אין זעלבן חודש ווערט ל. געטייט צוזאמען מיט ליבקנעכטן.

## ליבער, מיכל (געב. 1880)—

אין די יונגע יארן אריין אין דער סאצ. באוועגונג, געווען טעטיק אין בונד. א גלענצנדער רעדנער, זינט 1905 געווען מיטגליד פון צ. ק. פון בונד, א קעמפער פאר דער נאצ.-קולטורעלער אויטאנאמיע. אין 1910 ווערט ל. פארשיקט קיין וואלאגדע, פון דארט אנטלויפט ער קיין אויסלאנד. אין דער צייט פון קערענסקיס רעגירונג קומט ל. קיין פעטערבורג און פארנעמט א חשוב ארט אין דעמאלטיקן פאליטישן לעבן. נאך דער באלשעוויסטישער איבערקערעניש נעמט שוין נישט ל. קיין אנטייל אין פאליטישן לעבן אין רוסלאנד, ווייל ער איז א שארפער קעגנער פון באלש. אין א צייט ארום ווערט ל. איינגעזעצט אין מאסקווער טורמע, ווו ער שרייבט זיינע זכרונות. שפעטער ווערט ל. פארשיקט קיין טורקעסטאן.

## ליבעראל (לאט.) — אן אנהענגער פון געזעלשאפטלעכער, פאליטישער, רעליגיעזער פרייהייט. ליבעראליזם (פרייזיניקייט) איז א פאליטישער סיסטעם, וואס פאדערט קאנסטיטוציאנעלע רעגירונגס-פארמען און גלייכבארעכטיקונג פון אלע בירגער און קלאסן.

**ע ק א נ א מ י ש ע ר ל י ב ע ר א ל י ז ם**—(פארשטייער פון דאזיקן שטאנדפונקט זענען: סמיט, ענגלישער באוווסטער עקאנאמיסט, און דער פראנצ. עקאנאמיסט ס״י) אנערקענט דעם פרינציפ, אז די מלוכה דארף זיך נישט מישן אין ווירטשאפטלעכן לעבן פון לאנד, ווייל די פרייע קאנקורענץ ברענגט

נוצן דער געזעלשאַפט. דער קעגנזאַץ צו ע. ל. איז דער סאָציאַליזם און קאָמוניזם.

**פּאָליטישער ליבעראַליזם** —(לאָק, בענדושאַמין קאָנסטאַנט) אַ שטאַנדפּונקט פון אינדיווידועלער פרייהייט. דער קעגנזאַץ צו פּ. ל. איז דער מלוכה־אַבסאָלוטיזם; מאָנאַרכיסטישער אָדער קאָמוניסט. אַבסאָלוטיזם.

**גייסטיקער ליבעראַליזם** — (וואָלטער, העקעל, ביסאָן) אַ שטאַנדפּונקט, אַז דעם מענטשן דאַרפן נישט אָנגעוואָרפן ווערן קיין שום דאָגמעס, מנהגים, טראַדיציעס, נאָר ס׳דאַרף אים געגעבן ווערן אומבאַשרענקטע פרייהייט פון דענקען. ג. ל. איז קעגן יעדער רעליגיע.

## ליבערמאַן, א. ש.

(184...—1880) — געב. אין לונע, גראָדנער קאַנט. האָט באַזוכט די ווילנער ראַבינער־שול. נאָכן ענדיקן דעם סעמינאַר באַזעצט זיך ל. אין סוּוואַלק און עפנט דאָרט אַ העברעישע שול. אין 1869 קומט ל. אָן אין פּעטערבורגער טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט און דאָרט קומט ער אין באַציונגען מיט רוסישע ראַדיקאַלן, די שפּעטערדיקע גרינדער פון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" (פאָלקסווילן). אָנהייב 70־ער יאָרן טרעט ל. אַריין אין ווילנער יידישן סאָצ. קרייז. אין 1875 אַנטלויפט ל. קיין אויסלאַנד, צוליב זיין אַגיטירן דעם סאָציאַליזם צווישן פּויערים, און לסוף באַזעצט ער זיך אין לאָנדאָן. דאָרט פאַרעפנטלעכט ל. די ערשטע סאָצ. פּראָקלאַמאַציע אין העברעיש. די פּראָקלאַמאַציע איז געוואָרן פאַרשפּרייט אין רוסלאַנד אין טויזנטער עקזעמפּלאַרן און געמאַכט אַ שטאַרקן רושם, בפרט אויף די ישיבה־בחורים. אין יאָר 1876 גרינדעט ער אין לאָנדאָן די ערשטע יידישע סאָצ. אָרגאַניזאַציע אויף דער וועלט „אגודת הסאָציאַליסטים העברים בלונדון", צוזאַמען מיט ל. גאָלדבערגן, איינער פון די ערשטע יידישע סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן אין רוסלאַנד. אין זעלביקן יאָר מוז ל. פאַרלאָזן ענגלאַנד און ער באַזעצט זיך אין ווין, ווו ער גיט אַרויס אין מאַי 1877 דעם ערשטן סאָציאַליסטישן זשורנאַל אין העברעיש „האמת". נאָכן פערטן נומער האָט זיך דער זשורנאַל אָפּגעשטעלט. אין יאָר 1878 ווערט ל. אַרעסטירט נאָכן באַפרייט ווערן אין יאָר 1879 פאַרלאָזט ל. אייראָפּע, וואַנדערט איבער קיין אַמעריקע, ווו, צוליב

גאָרנישט אויפגעקלערטע סיבות, האָט ער זיך גענומען דאָס לעבן.

## ליבקנעכט, ווילהעלם

(1826—1906) — אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט, אַ תּלמיד פון מאַרקסן, אַ רעוואָלוציאָנער, אַ גלענצנדער אַגיטאַטאָר און שריפטשטעלער. איינער פון די גרינדער פון דער דייטשער ס.-ד. פּאַרטיי אין 1869. אַ מיטגליד פון זאַקסישן לאַנדטאַג און שפּעטער דעפּוטאַט אין רייכסטאַג. בעת דער דייטש-פראַנצ. מלחמה (1870) האָט ל. געהאַט דעם מוט צוזאַמען מיט בעבעלן אַרויסצוטרעטן קעגן מלחמה. ל. האָט אַ סך יאָרן פאַרבראַכט אין די דייטשע תּפיסות. זיינע בעסטע ביכער זענען: „וויסנשאַפט איז מאַכט און מאַכט איז וויסנשאַפט", „ראָבערט אָוען" און „קאַרל מאַרקס לעבן". ל. איז געווען זייער באַליבט ביי די דייטשע אַרבעטער-מאַסן.

## ליבקנעכט, קאַרל

(1871—1919) — אַ זון פון ווילהעלם, אַ רעוואָלוציאָנער-קאָמוניסט. אין אָנהייב פון דער וועלט-מלחמה האָט ער איינער אַליין צווישן אַלע דייטשע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע דעפּוטאַטן אין רייכסטאַג געהאַט דעם מוט אַרויסצוטרעטן קעגן דער מלחמה צווישן פעלקער. קיינער פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָט אים נישט אונטערגעהאַלטן. ל. גרינדעט אַ באַזונדער סאָציאַליסטישע גרופּע „ספּאַרטאַקוס", וואָס איז דער קערן צו דער שפּעטערדיקער דייטשער קאָמוניסט. פּאַרטיי. פאַר אַגיטירן קעגן דער מלחמה ווערט ל. אַריינגעזעצט אין תּפיסה, ווו ער זיצט אָפּ ביז דער רעוואָלוציע (1918). נאָכן באַפרייט-ווערן זעצט ל. פאָר זיין קאָמוניסטישע טעטיקייט און רופט די אַרבעטער צו פאַרכאַפּן די מאַכט. בעתן יאַנואַר-אויפשטאַנד (1919) ווערט ל. אַרעסטירט צוזאַמען מיט ראָזע לוקסעמבורג (זע), און אויפן וועג צו דער תּפיסה ווערן זיי געטייט אויף אַן אַכזריותדיקן אופן.

**ליגע** (איט.) — אַ פאַרבאַנד, אַ געזעלשאַפט, וואָס האָט פּאָליטישע, רעליגיעזע אָדער אַנדערע צילן.

**פעלקער-ליגע**—נאָך דער וועלט-מלחמה (1914 — 1918) האָבן די בורזשואַזע רעגירונגען געוואָלט אָפּשוואַכן די אומצופרידנהייט פון די אַרבעטער-מאַסן, און געזוכט מיטלען קעגן מלחמות. צוליב דעם האָט אַמעריקע פאָרגעלייגט צו שאַפן די פעלקער-ליגע, וואָס זאָל אינטער-

ווענירן אָדער נישט דערלאָזן צו קיין קינפטיקע מלחמות.

**לידער** (ענג.) — אָנפירער פון א פּאָליטישער פּאַרטיי.

**לינגוויסט** (לאַט.)—אַ שפּראַכנ־קענער, שפּראַכנפאָרשער.

**לינקאָלן, אברהם** (1809—1865) — פּרעזידענט פון די פאַרייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע. אין דער יוגנט איז ל. געווען אַן ערדאַרבעטער, שפּעטער ווערט ער אַן אַדוואָקאַט. אין 1748 ווערט ער אויסגעקליבן אין פּאַרלאַמענט, ווו ער טרעט אַרויס קעגן נעגער־שקלאַפעריי. אין 1860 ווערט ער אויסגעווײלט דורך די שטאַטן, ווו ס'האָט נישט געהערשט קיין שקלאַפעריי, אַלס פּרעזידענט פון דער רעפּ. ל. קעמפט פאַרן אָפּשאַפן פון דער שקלאַפעריי קעגן די פאַרטיידיקער פון לייב־אייגנטום. דעם 14־טן אַפּריל 1865 ווערט ל. געטייט דורך אַ שליח פון די שקלאַפן־אייגנטימער. דאָס אַמעריקאַנישע פאָלק רעכנט ל. פאַר דעם אמתן רעפּובליקאַ־נער־אידעאַליסט. אין 1876 האָט מען ל. געשטעלט אַ דענקמאָל אין וואַשינגטאָן.

**לינקע**—אַזוי ווערן אָנגערופן אין די פּאַרלאַמענטן די ליבע־ראַלע פּאַרטייען, אין קעגנזאַץ צו די קאָנסערוואַטיווע, וועלכע הייסן רעכטע, ווייל די מיטגלי־דער פון דער ליבער. פּאַרטיי זיצן לינקס צום פּרעזידיום און די קאָנסערוו. זיצן רעכטס, די מעסיקע זיצן צווישן די לינקע און די רעכטע, און זיי הייסן דער צענטער.

**ליצענציא** (גר.)—דאָס רעכט אַרויסצופירן און אַריינצופירן באַשטימטע סחורות דורך דער גרענעץ.

**ליקווידירן** (לאַט.)—פאַרענ־דיקן, אָפּשטעלן אַן אונטער־נעמונג.

**לייבאָר־פּאַרטיי** (ענג.) — (אַרבעטס־פּאַרטיי). אַ ראַדיקאַלע אַרבעטער־פּאַרטיי, וואָס איז אַנט־שטאַנען אין ענגלאַנד ביים סוף פון XIX י"ה.

**לייט־מאָטיוו** (ד.) — דער הויפּט־מאָטיוו, וואָס כאַראַק־טעריזירט אַ ווערק. דער הויפּט־געדאַנק.

**לעבעל** (ענג.)—אַ ספּעציעלער צעטל מיט אַ הערב, וואָס די אַר־בעטער־פאַרבאַנדן קלעבן אָן אויף די דורך זיי אויסגעאַרבעטע סחורות. דער ל. איז איינגעפירט

אין אַמעריקע און אין ענגלאַנד. דער ל. דינט פאַר אַ צייכן, אַז די סחורה איז אויסגעאַרבעט דורך אַ באַשטימטן אַרב.-פאַרבאַנד, און אין פאַל פון אַ שטרייק קענען די קונים ווירקן אויף די אינדוסטריעלער, אַז זיי זאָלן נישט אָננעמען קיין שטרייקברעכער, ווייל אין קעגנפאַל קענען די סחורות באַיקאָטירט ווערן.

**לעגאַט** (לאַט.)—אַ דיפּלאָמאַטישער פאָרשטייער פון פויבסט.

**לעגאַל** (לאַט.) — געזעצלעך, דערלויבט.

**לעגיאָן** (לאַט.)—1) אומגעהייער פיל; 2) אַ מיליטער-אָפּטיילונג אין דער רוימישער אַרמיי; אַ מיליטער-אָפּטיילונג, וואָס באַשטייט פון פרייוויליקע און געהערט נישט צו דער שטענדיקער אַרמיי.

**לעזשיאָן ד'אָנער** (פר.) — אַן ערן-לעגיאָן, אַן אָפיציר-אָרדן.

**לעגיטים** (לאַט.)—געזעצלעך.

**לעגיטימאַציע** (לאַט.) — 1) אַ צייגניש וועגן נאָמען, פערזענלעכקייט, באַשעפטיקונג, וווינאָרט א. אַז. וו. (פּאַס, לעגיטימאַציע-ביכל); 2) באַשטעטיקן אַ רעכט, אָדער אַן אַקט געזעצלעך; למשל: די אָנערקענונג פון אַ נישט-כשר געבוירן קינד פאַר אַן אייגנס.

**לעגיטימיזם** (לאַט.) — אַ פּאָליטישע טעאָריע, וואָס באַווייזט די געטלעכע אָפּשטאַמונג פון אַ קייזער.

**לעגיסלאַטור** (לאַט.) — 1) די געזעצגעבערישע קערפערשאַפט, געזעצגעב. מאַכט; 2) די צייט, וואָס עס דויערט די פולמאַכט פון די פאָלקספאַרטרעטער.

**לעדעבור, ע.** (געב. 1850)— אַ זשורנאַליסט, מיטגליד פון דער דייטשער סאָצ.-ד. פאַרטיי, דעפּוטאַט אין רייכסטאַג. פון 1900 אָן, געהערט ל. צום לינקן פליגל. איינער פון די פירער פון די אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטן אין דער צייט פון וועלט-קריג, האָט זיך באַטייליקט אין דער בערלינער רעוו. (1919). אין די לעצטע פאַר יאָר דער אָנפירער פון אַ קליינע גרופּע אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטן (פון 1923 אָן).

**לעדריו-ראָלען, אַל. אָ.** (1807—1874) — אַ פראַנצ. דעמאָקראַט, פאַרטיידיקער פון פּאָליטישע פאַרברעכער. ווערט אין יאָר 1841 אויסגעוויילט אין פּאַרלאַמענט און טרעט אַריין אין

דער עקסטלינקער פארטיי. אין זיין צייטונג „רעפארמא" פראפאגאנדירט ל. ראדיקאלע אידייען און פארטיידיקט די אינטערעסן פון ארבעטער-קלאס. אין 1848 ווערט ל. א מיטגליד פון דער צייטווייליקער רעגירונג און טרעט אריין אין דער געזעצגעבערישער פארזאמלונג. נאכן אויפשטאנד פון 13-טן יוני (1848) אנטלויפט ער קיין לאנדאן און צוזאמען מיט מאדזיני, רוגע און אנדערע שאפט ל. א רעוו. גרופע צו פארייניקן אלע אייראפעישע דעמאקראטן. אין 1870 קערט ער זיך אום צוריק קיין פראנקרייך, נעמט אן אנטייל אין די געשעענישן פון 1871 און ווערט אויסגעוויילט פאר א מיטגליד פון דער נאצ. פארז. א דאנק ל. איז אין פראנקרייך איינגעפירט געווארן אלגעמיינע וואל-רעכט.

**לעוועלערן** — א פארטיי אין ענגלאנד אין דער צייט פון דער ערשטער רעוואלוציע (1649), וואס האט געפאדערט, אז די רעגירונג זאל איבערגיין צום פאלק.

**לעטארגיע** (גר.) — הינער-פלעט-שלאף; אומבאוועגלעכקייט, גייסטיקער פאראליזש; א לאנגער שלאף, ענלעך צו טויט.

**לענין (אוליאנאוו), וולאדימיר איליטש** (1870—1924) — רעוואלוציאנער, טעארעטיקער פון מארקסיזם, גלענצנדער רעדנער, שעפער פון דער איצטיקער רוס. קאמוניסטישער רעגירונג. אין די 90-ער יארן נעמט ל. א שטארקן אנטייל אין דער ארגאניזאציע „קאמפס-פארבאנד פאר באפרייונג פון רוסישן ארבעטער-קלאס". אין 1897 ווערט ל. פארשיקט קיין סיביר. אין יענער צייט דערשיינט זיין בוך „די אנטוויקלונג פון קאפיטאליזם אין רוסלאנד". אין 1900 פארט ל. ארויס קיין אויסלאנד און צוזאמען מיט פלעכאנאוו, מארטאוו א. אנד. גיט ער ארויס די צייטשריפט „איסקרא". אין 1905, אין דער צייט פון דער ערשטער רוס. רעוואל., קערט זיך ל. צוריק אומלעגאל קיין רוסלאנד און דא נעמט ער א לעבעדיקן אנטייל אין דער רעוו. נאכן נצחון פון דער רעאקציע פארט ל. צוריק קיין אויסלאנד, ווו ער זעצט-פאר זיין רעוו. טעטיקייט ביי די שווערסטע מאטעריעלע באדינגונגען און ביי שטענדיקן נע-ונד זיין. אויף אלע אונטע-נאציאנאלע צוזאמענפארן פארנעמט ל. די סאמע ראדיקאלסטע פאזיציע. נאך דער פעברואר-רעוואל. (1917) קערט זיך

ל. אום קיין רוסלאנד און פירט־דורך די באלשעוויסטישע איבער־קערעניש (דעם 17־טן אקטאבער 1917). דעמאלט ווערט ל. אויס־געוויילט אלס פארזיצער פון ראט פון די פאלקסקאמיסארן. אין 1919 געלינגט לענינען צונויפצו־רופן דעם 1־טן קאנגרעס פון דריטן אינטערנאציאנאל. צווישן אנדערע זענען באוווסט לענינס פאלגנדיקע ביכער: „פאר 12 יאר—צוויי שטרעמונגען אין דער רוס. ס.־ד.", „די אגראר־פראגע", „אימפעריאליזם אלס נייע עטאפ פון קאפיטאליזם", „מלוכה און רעוו."

**לעקערט, הירש** (1880—1902)—געבוירן אין אניקשטי, קאוונער גובערניע. אן ארבעטער א שוסטער, א קעמפער אין די רייען פון בונד. אין מאי 1900 באטייליקט זיך ל. אין אנפאל אויף א פאליציי־צירקל אין ווילנע, כדי צו באפרייען ארעסטירטע חברים. דעמאלט ווערט ער ארעס־טירט און זיצט אפ אנדערהאלבן יאר אין תפיסה. אין חודש מאי 1902 שיסט ל. צום ווילנער גו־בערנאטאר פאן־וואל, פאר זיין באפעל צו שמייסן פאליט. ארעס־טירטע, און פארוואונדעט אים. פארן דאזיקן אטענטאט ווערט ל. געשטעלט פארן קריגסגעריכט און ווערט פארמשפט צום טויט דורך הענגען.

# מ

**מאביליזאציע** (לאט.) — א שנעלע באוועגונג; דאס צו־נויפזאמלען מיליטער אין א באַ־שטימט ארט, גרייט צו מלחמה; דער פארבייט פון אומבאוועגלעכע גיטער אויף קאפיטאל.

**מאגיסטראט** (לאט.)—שטאט־פארוואלטונג, ראטהויז.

**מאגנאטן** (לאט.) — גרויסע גוטבאזיצער אין אונגארן און אין פוילן; פיג. גרויסע קאפיטאליסטן, וואס האבן א גרויסע השפעה אויף דער אינדוסטריע און אויף דער עקאנאמישער פאליטיק.

**מאדוס וויווענדי** (לאט.)—אן אופן צו לעבן בשלום מיט מענטשן פון אן אנדער פאלק אדער קלאס.

**מאדזיני, דזשוזעפע** (1805—1872)—אן איטאליע.

נישער פּאָליטיקער, אַן אַדוואָקאַט און זשורנאַליסט. אַלס קאַראָבאַריער (זע) איז ער אין 1830 געוואָרן אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט פון איטאַליע. פון מאַרסעל האָט ער צוגעשיקט דעם סאַרדינער קעניג קאַרל אַלבערט זיין באַוווּסטן בריוו, אין וועלכן ער ווענדעט זיך צו אים, אַז ער זאָל באַפרייען איטאַליע. מ. גרינדעט אַ פאַרבאַנד „יונג-איטאַליע“ און אין דער צייטונג מיטן זעלביקן נאָמען פּראָפּאַגאַנדירט ער פרייהייט און גלייכהייט, ווי אויך די פאַרייניקונג פון אַלע טיילן פון דער איטאַליענישער רעפּובליק. ווען זיינע צוויי אַטענטאַטן, מיט וועלכע ער האָט אָנגעפירט אין גענף, האָבן זיך נישט איינגעגעבן, ווערט ער פאַרטריבן פון דער שווייץ און אין זיין אָפּוועזנהייט ווערט ער דורך די ריכטער אין סאַרדיניע פאַרמישפּט צום טויט. אין 1842 באַזעצט זיך מ. אין לאָנדאָן, וווּ ער גיט אַרויס זיין צייטונג „דער פאָלקס-אַפּאָסטאָל“. בעת דער רעוואָלוציע פון 1848 קומט מ. קיין מילאַן און גרינדעט דאָרט די צייטונג „דאָס איטאַליענישע פאָלק“. נאָך דער קאַפּיטולאַציע פון מילאַן אַנטלויפט מ. קיין שווייץ; אויפן וועג קומט אים אָן די ידיעה וועגן אַנטלויפן פון הערצאָג פון טאָסקאַניע, אײַלט ער קיין פלאָרענץ, וווּ ער ווערט אויסגעוויילט אַלס דעפּוטאַט, דערנאָך דעלעגירט דורך די צייטווייליקע רעגירונג צו פירן די אונטערהאַנדלונגען אין רוים. דאָ ווערט ער צוזאַמען מיט אַרמעליני און סאַפי אויסגעוויילט אין טריומווירַאַט און פאַרטיידיקט די איטאַליענישע רעפּובליק קעגן פראַנקרייך. נאָכן פאַלן פון רוים קניפּט מ. אָן באַציונגען מיט קאָשוט, לעדריו-ראָלען און רוגע, און צוזאַמען מיט זיי שאַפט ער „אַן אייראָפּעישן קאָמיטעט“, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו גרינדן אַן אייראָפּעישע רעפּובליק. גלייכצייטיק פירט מ. אָן מיט דעם אויפשטאַנד אין מילאַן (1853), אין גענף (1857) און נעמט אויך אַן אָנטייל אין גאַריבאַלדיס אויפשטאַנד.

## מאַדיע, דע מאָנזשאָ

(1814—1892) — אַ פראַנצ. פּאָליטישער טוער, אַדוואָקאַט, פאַרטיידיקער פון פּאָליטישע פאַרברעכער, גענומען אַן אָנטייל אין דער רעוואָלוציע פון 1848. אין 1850 ווערט מ. מיטגליד פון דער געזעצגעבערישער פאַרזאַמלונג. פאַר זיין אָפּאָזיציע קעגן דער מלוכה-איבערקערעניש אין 1852

װערט מ. ארעסטירט און ארױסגעשיקט קײן אױסלאנד. אין 1871 קומט מ. צוריק קײן פראנקרײך, װוּ ער װערט אױסגעװײלט אין דער נאציאנאל-פארזאמלונג. אין דער נ.-פ. פארנעמט מ. אן ארט צװישן די עקסטלינקע און קעמפט קעגן די אולטראמאנטאנער (זע). אין 1876 װערט מ. אײנער פון די אנפירער פון דער ראדיקאלער פארטײ אין פארלאמענט. אין װאליאנס האט מען מ. געשטעלט א דענקמאל פאר זײנע פארדינסטן פאר פראנקרײך.

**מאדעראדאסן** (שפ.) — א מעסיקע פאליטישע פארטײ אין שפאניע, אנטשטאנען אין יאר 1820.

**מאהיקאנער** — 1) אן אינדיאנישער אױסגעשטארבענער שבט; 2) די לעצטע פארשטײער פון א דור, ריכטונג, אידײע א. אז. װ.

**מאטאר** (לאט.) — באװעגער; א מאשין, װאס מיט איר הילף פירט-אױס א געװיסע קראפט (װאסער, נאפט, גאז, עלעקטרי א.אז.װ.) א מעכאנישע ארבעט.

**מאטיװ** (לאט.) — א טעם, א סיבה; די הױפט-אידײע פון א מוזיקאלישער קאמפאזיציע.

**מאטיװירן**—דערקלערן דעם טעם פון א מײנונג, סברא, פארשלאג א. אז. װ.

**מאטעריאליזם** (לאט.) — א װעלטאנשױונג, װאס לערנט, אז דער מקור פון אלעם װאס קומט פאר אין דער נאטור, אױך אין לעבן פון יחיד און פון כלל, איז נאר דער קערפערלעכער שטאף (מאטעריע), דער חומר; קײן שום אזױגערופענע אידעאלע אדער גײסטיקע (רוחניותדיקע) פאקטארן עקזיסטירן נישט. די שעפער פון דיאלעקטישן מאטעריאליזם זענען מ א ר ק ס און ע נ ג ע ל ס.

**מאטעריאליסט** (לאט.) — 1) אנהענגער פון מאטעריאליזם; 2) א מענטש, װאס האט אין זינען נאר די אײגענע מאטעריעלע אינטערעסן.

**מאטריארכאט** (לאט.)—אן אוראלטע פארם פון משפחהלעבן, בײ װעלכער דער ראש פון דער משפחה איז געװען די מוטער.

**מאיאראט** (לאט.)—א ירושהסיסטעם, לױט װעלכן די גאנצע הױפט-ירושה גײט איבער צום עלטסטן יורש פון דער משפחה.

**מאיאריטעטס-פארשטײערשאפט**—א װאל-

סיסטעם, ביי וועלכן דאָס פאַרשטייערשאַפטס-רעכט האָט נאָר די מערהייט. אויב אַ קאַנדידאַט באַקומט אין אַ וואַלקרייז אַ מערהייט שטימען, ווען אפילו מער בלויז מיט איין שטים, באַקומט ער דעם מאַנדאַט. ביי אַזאַ סיסטעם קאָן די מינדערהייט פאַרבלייבן אָן אַ פאַרשטייער.

**מאַי-יום-טוב** — אַן אַלוועלטלעכער אַרבעטער-יום-טוב, ווערט געפייערט יעדעס יאָר דעם 1-טן מאַי. דערדאָזיקער יום-טוב איז באַשטימט געוואָרן אויפן אַלוועלטלעכן סאָציאַליסטישן צוזאַמענפאָר אין פאַריז (1889). דעם 1-טן מאַי שטעלן די אַרבעטער אַרויס זייערע פאָדערונגען, וואָס דינט פאַר אַ באַווייז פון אחדות צווישן דער אַרבעטערשאַפט פון דער גאָרער וועלט.

**מאַכאַיעווטשינע** — אַ רעוו. באַוועגונג אין דער רוסישער אַרבעטערשאַפט ביים סוף פון XIX י"ה מיט אַן אַנאַרכיש-סינדיקאַליסטישער פאַרפאַרבונג. די מ. האָבן אינגאַנצן איגנאָרירט דאָס מיטאַרבעטן פון דער אינטעליגענץ צווישן די אַרבעטער. די רוסישע ס.-ד. האָבן געפירט אַ העפטיקן קאַמף מיט די מ. אין 1903 איז דידאָז. פאַרטיי ליקווידירט געוואָרן.

**מאַכינאַציע** (לאַט.) — אַ כיטרער אויפטו, אַ שפיצל.

**מאַלאַכאָווסקי, סטאַניסלאַוו** (1736—1809) — אַ באַוווסטער פוילישער פּאָליטיקער. אין סיים פון 1788 איז מ. געווען דער גייסטיקער פירער פון דער רעפאָרם-פאַרטיי. מ. האָט גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל אין שאַפן די קאָנסטיטוציע פון 3-טן מאַי און אין איר אַדורכפירונג אין סיים. מ. איז געווען איינער פון די ערשטע פריצים, וואָס האָבן געגעבן די פערזענלעכע פרייהייט די פאַנשקלאַפטע פויערים. נאָכן דורכפאַל פון דער קאָנסטיטוציע, פאַרלאָזט מ. פוילן און באַזעצט זיך אין איטאַליע. אין אַ צייט אַרום קערט זיך מ. צוריק אין זיין גוט אין גאַליציע, ווערט באַשולדיקט אין מאַכן אַ פאַרשווערונג, ווערט אַרעסטירט. אין באַנייטן פוילן האָט מען מ. פאַרייביקט מיט דעם, וואָס אין אַ סך שטעט האָט מען אָנגערופן גאַסן און פלעצער אויף זיין נאָמען.

**מאַלווי, ל.** (געב. 1875) — אַ פראַנצ. פּאָליטיקער פון ראַדיקאַל-סאָציאַליסטישן לאַגער, דע-

פוטאַט אין פּאַרלאַמענט פון 1906 — 1918; אין 1924 ווערט ער ווידער געוויילט. אינערן-מיניסטער פון 1914 — 1917. פאַר זיין אַנטימיליטערישע פּראָפּאַגאַנדע איז מ. פאַרטריבן געוואָרן פון לאַנד (1918). נאָך דער אַמנעסטיע פון 1924 קערט ער זיך אום אַהיים. באַלד ווערט ער ווידער געוויילט פאַר אַ דעפוטאַט אין פּאַרלאַמענט, ווערט אינערן - מיניסטער אין בריאַנס קאַבינעט (פון מערץ ביז אַפּריל 1926).

**מאַלטוזיאַניזם** — די לערע פון ענגלישן גייסטלעכן און געלערנטן טאָמאַס-ראָבערט מאַלטוס, אַז די פּראָדוקציע-מיטלען זענען שטענדיק הינטערשטעליק צום צואוואוקס פון דער באַפעלקערונג. מיט דעמדאָזיקן נאַטור - געזעץ האָט מאַלטוס דערקלערט די סיבה פון דער אַנטוויקלונג פון אָרעמקייט (פּויפּעריזם). דערפאַר עצהט מאַלטוס, אַז די אַרבעטער - מאַסן זאָלן זיך אָפּהאַלטן פון האָבן אַ סך קינדער. דער מאַרקסיזם האָט באַוויזן די גאַנצע פאַלשקייט פון דערדאָזיקער טעאָריע, וואָס האָט באַהאַלטן פון די אַרבעטער די אמתע סיבה פון זייער אָרעמקייט.

**מאַלטקע, ק. ב., גראַף** (1800 — 1891) — אַ דייטשער פּאָליטישער טוער, קאָמאַנדיר, זעלטענער סטראַטעג, דער נאָענטסטער בעל-יועץ פון ווילהעלם I, גרינדער פון אַמאָליקן דייטשן מיליטאַריזם. פאַר זיין ליבע צו אמת און אויסגעהאַלטענע מיינונגען האָבן אים אפילו די סאָצאַליסטן זייער געאַכטעט.

**מאַליאָטענען** — פּאַריזער אַרבעטער, וואָס האָבן צוזאַמען מיט דער בורזשואַזיע אין XIV י"ה געמאַכט אַן אויפשטאַנד צוליבן איינפירן נייע שטייערן.

**מאַלינאָווסקי, מ.** (געב. 1860) — אַ פּוילישער פּאָליטישער טוער פון ראַדיקאַלן לאַגער, אַ פאָלקס-לערער, שפּעטער פון דער פּאַרטיי „וויזוואָלעניע" (באַפרייונג), און רעדאַקטאָר פון „זאַראַניע" (פרימאָרגן, 1907 — 15), גרינדער פון קאָאָפּעראַציון און פריערישע פאַרבאַנדן, אַרויסגעבער פון וואָכנבלאַט „וויזוואָלעניע", פאָרזיצער פון צ. ק. פון „וויזוואָלעניע". פון יאָר 1922 אָן סיים-דעפּוטאַט.

**מאַמאָן** (סיר.) — דער גאָט פון עשירות ביי די אַלטע פעלקער און אַלטע העברייער.

**מאַמעליוקן** (אר.)—אויסגעקויפטע קנעכט. קנעכט פון די עגיפּטישע סולטאַנען, א זייער געטרייע ארמיי. אָבער דיזעלבע בליגד-געטרייע קנעכט האָבן אויך געמאָרדעט זייערע סולטאַנען. פון XIII י"ה ביזן XVI י"ה האָבן די מ. אויסגעוויילט פון זיך סולטאַנען, די השפעה פון די מ. האָט געהערשט ביז נאַפּאָלעאָנס ערשטער מארש אויף עגיפּטן (1798—1799).

**מאָנאָטעיזם** (גר.) — דער גלויבן אין איין גאָט.

**מאָנאָמעטאַליזם** (גר.) — א מטבע-סיסטעם, וואָס איר יסוד איז בלויז איינער פון די איידעלע מעטאַלן: אָדער גאָלד אָדער זילבער.

**מאָנאָפּאָל** (גר.)—אויסשליסלעכע רעכט צו באַנוצן זיך מיט א געוויסן האַנדלסצווייג, אונטערנעמונג. אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג זענען פאַראַן צוויי מינים מאָנאָפּאָלן: מלוכהשע און פּריוואַטע. אין פּוילן, למשל, האָט די מלוכה דעם מ. אויף בראָנפן, טאַבאַק און שוועבעלעך.

**מאָנאַרכאָמאַכן**—גרופּן פון פראַנצ., שאָטלענדישע און שפּאַנישע שרייבער ביים סוף פון XVI י"ה, וועלכע האָבן געקעמפט קעגן אַבסאָלוטן מאָנאַרכיזם.

**מאָנאַרכיסטן** (גר.)—אָנהענגער פון אַליינהערשאַפט.

**מאָנאַרכיע** (גר.)—1) א רעגירונגס-סיסטעם, לויט וועלכן בראש פון דער מלוכה שטייט איין פּערזאָן, וואָס נעמט איבער די הערשאַפט בירושה; 2) א מדינה, וואָס ווערט רעגירט דורך א מאָנאַרך.

**מאַנדאַט** (לאט.)—באַפולמעכטיקונג. באַשטימטער דאָקומענט, וואָס באַשטעטיקט די באַפולמעכטיקונג פון א געוויסער פּערזאָן.

ד ע פּ ו ט א ט ן-מ א נ ד א ט — באַפולמעכטיקונג פון א גרופּע וויילער פאַר א פּערזאָן, וואָס זאָל רעפּרעזענטירן די גרופּע אין דער געזעצגעבערישער אינסטאַנץ. אין פּוילן ווערט דער דעפּוטאַט אין סיים אָדער אין סענאַט אויסגעוויילט אויף 5 יאָר.

צ ו ו י ש נ פ ע ל ק ע ר י ש ע ר מ א נ ד א ט—אַזוי הייסט דער מאַנדאַט, וואָס עס האָבן באַקומען ענגלאַנד און פראַנקרייך איבער אַמאָליקע דייטשע קאָלאָניעס און

טערקישע טעריטאָריעס, לויטן ווערסאַלער טראַקטאַט און מיט דער באַשטעטיקינג פון דער פעלקער-ליגע. פראַנקרייך האָט באַקומען דעם מ. איבער סיריע, לבנון און דעם מזרח-טייל פון קאַמערון און טאָגאָ. ענגלאַנד האָט באַקומען דעם מאַנדאַט איבער פאַלעסטינע, מעסאָפּאָטאַמיע און אַ ריי דייטשע קאָלאָניעס אין אַפריקע און אין אויסטראַליע.

**מאַנופאַקטור** (לאַט.) — די אָרגאַניזאַציע פון מאַסן-פּראָדוקציע, דורך האַנטאַרבעטן; פאַבריקן, וואָס אַרבעטן-אויס האַלב-שטאָף.

**מאָנטאַניאַרן** — זע גרויסע פראַנצ. רעוואָלוציע.

**מאָנטעסקיע, שאַרל** (1689—1755) — אַן אַדוואָקאַט, פילאָזאָף און סאָציאָלאָג. אין זיין קלאַסישן ווערק „דער גייסט פון רעכט" (1748) האָט מ. צעטיילט די מלוכה-מאַכט אויף אַ געזעצגעבערישע, אויספירערישע און געריכטלעכע. דאָס בוך האָט געהאַט אַ וויכטיקע באַדייטונג פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון פּאָליטישן געדאַנק און האָט אויסגעטרעטן אַ וועג צו דער טעאָריע פון קאָנסטיטוציאָנעלן מלוכה-רעכט.

**מאָניזם** (גר.) — אײנהייט. אַ פילאָזאָפישער סיסטעם, לויט וועלכן אַלע פיזישע און פסיכישע דערשיינונגען נעמען זיך פון איין מקור. דער מאָניזם קאָן זיין אַן אידעאַליסטישער (זיין יסוד איז דער גייסט) אָדער אַ מאַטעריאַליסטישער (זיין יסוד איז די מאַטעריע); דער מאָניזם איז דער היפך פון דואַליזם (זע). דער יסוד פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם איז דער מאַטעריאַליסטישער מאָניזם.

**מאַניער** (פר.) — דער אופן פון באַנעמונג, פון האַלטן זיך צווישן מענטשן; באַזיצן שיינע באַוועגונגען, אויסדרוקן בעתן רעדן.

**מאַניפּולאַציע** (לאַט.) — 1) דאָס שנעלע באַוועגן מיט די הענט; 2) אַ קאָמפּליצירטע מלאכה.

**מאַניפעסט** (לאַט.) — 1) אַן עפנטלעכע דערקלערונג פון דער רעגירונג צום פאָלק וועגן אַ וויכטיקן ענין; 2) אַ מעלדונג פון פּאָליטישער פּאַרטיי, מיטן אינהאַלט פון זייער פּראָגראַם.

**מאַנעוור** (פר.) — 1) אַ געלונגענע באַוועגונג; 2) באַוועגונגס-קונסט; באַוועגונג פון שיפן



מאנטעסקיע



אדאם סמיט



דזש. סט. מיל.

אָדער מיליטער-אָפּטיילונגען, מיטן צוועק צוצוגעווינען זיי צו סטראַטעגישער געשיקטקייט אין דער צייט פון א מלחמה; 3) דאָס אריינגענאַרן דורך עפּעס א שפּיצל, אויסדרייען זיך כיטרע פון א פאַרלעגנהייט, אומאָנגענעמער לאַגע.

**מאַנקירן** (פ״.)—א פאַרנאַכלעסיקטע באַציונג צו די אייגענע פליכטן.

**מאָנראָ, דז.** (1831—1758)— דער פינפטער פרעזידענט פון די פאַ״. שטאַטן פון צפון-אַמעריקע. אין 1776 האָט מ. גענומען אָן אָנטייל אין דער מלחמה פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון די פאַר. שט. א מיטגליד פון נאַצ. קאָנגרעס און סענאַט, אָנהענגער פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. אין 1814 ווערט מ. קריגס-מיניסטער און אין 1816 ווערט ער אויסגעוויילט אַלס פרעזידענט פון דער רעפּובליק. אין 1820 ווערט מ. אויסגעוויילט צום צווייטן מאָל. מ. איז דער איניציאַטאָר פון דער אַזויגערופענער מאָנראָ-דאָקטרין, לויט וועלכער ס'דאַרף נישט דערלאָזט ווערן דאָס אריינמישן זיך פון אייראָפּע אין די אַמעריקאַנער אינטערעסן און דאָס אריבערטראָגן קיין אַמ. די אייראָפּעישע מלוכה-פאָרמען. „אַמעריקע פאַר אַמעריקאַנער“ — דאָס איז מ.׳ס דעוויז. אין 1825 פאַרענדיקט זיך זיין קאַריערע אַלס פרעזידענט.

**מאַסאָנען** (פר.) — זע פרייע מויערער.

**מאַסאַריק, טאָמאַס** (געב. 1850) — פרעזידענט פון דער טשעכאָסלאָוואַקישער רעפּובליק פון 1918 אָן. פראָפ. פון פילאָזאָפיע אין פּראַגער אוניוו., פון 1882 אָן געוועזן דעפּ. אין עסטר. פאַרלאַמענט, פירער פון דער טשעכישער פאָלקספּאַרטיי פון 1891 אָן. ביים אויסברוך פון דער וועלט-מלחמה פאָרט מ. קיין פאַריז און גרינדעט דאָרט א טשעכישן פאָלקסראַט. זיינע ווערק: „די פילאָזאָפישע און סאָציאָלאָגישע יסודות פון מאַרקסיזם“ (1899), „רוסלאַנד און אייראָפּע“ (1908) און „דאָס נייע אייראָפּע“ (1922).

**מאָסט, י.** (1906—1846)— א דייטשער פּאָליטישער טוער, סאָצ.-דעמ., רעדאַקטאָר פון דער צייטונג „פרייע פּרעסע“ אין בערלין, אַן אַטעיסט, קעגנער פון פּאַטריאָטיזם. מ. האָט געהאַט א גרויסע השפּעה אויפן אַרבעטער-

קלאַס און אויף דער יוגנט. צוליב אָפטע אַרעסטן פאַרלאָזט מ. בערלין, באַזעצט זיך אין לאָנדאָן, גיט דאָרט אַרויס אַ נייע סאָצ. צייטונג „פרייהייט". אין אַ צייט אַרום עמיגרירט מ. קיין אַמעריקע און טרעט אַריין אין דער אַנאַרכיסטישער פּאַרטיי. זע אַנאַרכיזם.

**מאַסקירן** (פר.)—פאַרשטעלן זיך, אויסגעבן-זיך אַנדערש ווי מען איז אינדערעמתן, באַהאַלטן די אמתע כוונה.

**מאַפיע** (איט.)—אַ נישטאָרגאַניזירטע, פאַרברעכערישע, געהיימע געזעלשאַפט אין איטאַליע, איבערהויפּט אין סיציליע, וואָס האָט דעם ציל אויסצופּרעסן געלט ביי דער באַפעלקערונג דורך פאַרשידענע רויבערישע מיטלען פיג. אַ הייפל מענטשן, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט בייזע מחשבות.

**מאַקדאָנאַלד, ר.** (געב. 1866)—אַ לערער, אַן ענגלישער פּאָליטיקער, פּאַציפיסט, אָנפירער פון דער לייבאָר-פּאַרטיי. אין 1906 ווערט מ. אויסגעוויילט אין פּאַרלאַמענט, פּרעמיער און אויסערן-מיניסטער אין 1924. איינער פון די הויפּטשעפער פון אַזויגערופענעם „גענפער פּראָטאָקאָל" (זע).

**מאַקיאַוועליזם**—אַ טעאָריע, לויט וועלכער דער מושל דאַרף זיך נישט אָפּשטעלן פאַר קיין שום פאַלשקייט, אינטריגע, געהיימע רציחה א. אַז. וו., אַבי זיין ציל צו דערגרייכן. דער מ. שטאַמט פון ניקאָלאַי מאַקיאַוועלי (1469 — 1527), קאַנצלער און סעקרעטאַר פון דער נעאַפּאָליטאַנישער רעפּובליק אין XVI י"ה.

**מאַקסימאַליסטן** (לאַט.)—אַ רעוואָלוציאָנערע פּאָלקספּאַרטיי אין דער צייט פון דער ערשטער רוסישער רעוו. (1905). די מ. האָבן געפאָדערט, אַז ס'זאָל באַלד איינגעפירט ווערן אַ סאָצ. אָרדנונג, נישט רעכענענדיק זיך מיט די אָביעקטיווע באַדינגונגען. די מ. האָבן אַדורכגעפירט טעראָריסטישע אַקטן און עקספּראָפּריאַציעס.

**מאַקסימום** (לאַט.) — אַמערסטן, דער העכסטער ווערט אָדער צאָלן העכסטנס.

**מאַראָדער** (פר.)—אַ זעלנער, וואָס טיילט זיך אָפּ אין אַ מלחמה-צייט פון דער אַרמיי, כּדי צו באַרויבן די פרידלעכע איינוואוינער.

**מאַראַט, זשאַן-פּאָל** (1744—1793) — דער אַזוי-

גערופענער פריינט פון פאָלק, איינער פון די גרעסטע קעמפער אין דער צייט פון דער גר. פר. רעוו. צוזאַמען מיט דאַנטאָנען און ראָבעספיערן, האָט דורכגעפירט דעם רויטן טעראָר אויף דעם אַדלשטאַנד. מ. איז געווען אַ פאָפולערער שריפטשטעלער, גלענצנ־דער רעדנער, גרויסער אַרבעטער־פריינט, האָט אַקעגן זיך אויפ־געשטעלט די מעסיקע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט פאַר זיין שטרענגן אָפרעכענען זיך מיט די זשיראָנ־דיסטן. דעם 13־טן יולי 1793 האָט אַ פאַנאַטיש יונג מיידל, שאַרלאָטע דע קאָרטע, דערהרגעט מאַראַטן, ווייל זי האָט גערעכנט, אַז מיט זיין טויט וועט אויפהערן דער רויטער טעראָר.

**מאָראַטאָריום** (לאַט.)—דאָס פראָלאָנגירן אַ חוב ביז צו אַ געוויסן טערמין.

**מאָראַטשעווסקי, י.** (געב. 1870) — אַ אינזשיניער, פוי־לישער פאָליטיקער, מיטגליד פון פ. פ. ס., פרעמיער ־ מיניסטער אין 1918 — 1919, סיים־דע־פוטאַט פון 1919 אָן, וויצע־מאַרשאַל פון סיים, אַרבעטס־מיניס־טער (נאָוועמבער 1925 — פעב־רואַר 1926).

**מאָראַל** (לאַט.) — מוסר, די פרינציפן־לערע פון יושרדיקע, ערלעכע האַנדלונג; דער קאָמפּ־לעקס פון מענטשלעכע פליכטן.

**מאָרגאַנאַטישער זיווג**— אַ נישטאָפּ ציעלע חתונה פון אַ מיטגליד פון אַ קייזערלעכע פאַמיליע מיט אַ פרוי פון אַ ניד־ריקן שטאַנד.

**מאַרגאַרין־פוטער** — פוי־טער, וואָס ווערט געמאַכט פון פעטס מיט אַ צומיש פון ריינע פוטער; אויסגערופענע קינסטלעכע פוטער. דאָס וואָרט „מאַרגאַרין" ווערט באַנוצט צו באַצייכענען יעדן פאַלסיפיקאַט.

**מאַרטאָוו, ל. (צעדער־בוים)** (1873—1923)—אָנ־פירער פון די מענשעוויקעס, מיט־רעדאַקטאָר פון דער אומלעגאַלער סאָציאַליסטישער ציי‌טונג „איסקרי" (פונקען), וואָס האָט געשפילט אַ וויכטיקע ראָל ביי דער פאַרשפריי־טונג פון סאָציאַליסטישן געדאַנק. אין 1903 איז מ., צוליב סיכסוכים וועגן דער טאַקטיק פון דער פאַר־טיי־פירונג, צעגאַנגען זיך מיט דער מערהייט און געגרינדעט די פראַקציע מענשעוויקעס. אין אָנ־הייב פון דער באָלשעוו. רעוואָ־לוציע איז מ. אויף דער זייט פון

3-טן אינטערנאַציאָנאַל און צעגייט זיך מיט דער מערהייט פון דער מענשעוויסט. פּאַרטיי. צוליב זיין קעגנערשאַפט צו דער טאַקטיק פון דער סאָוו. רעגירונג פאַרלאָזט מ. רוסלאַנד און באַזעצט זיך אין דייטשלאַנד. (זכרונות וועגן מאַרטאָוון איז דאָ אין יידיש).

**מאַרטינעס, דע לאַ ראָזאַ** (1789—1862) — א שפּאַנישער פּאָליטישער טוער און דיכטער. בעתן אויפשטאַנד קעגן די פראַנצויזן האָט דער שפּאַנישער פּאַרלאַמענט (קאָרטעס) געשיקט מ.׳ן מיט אַ דיפּלאָמאַטישע שליחות קיין לאָנדאָן. צוריקקומענדיק קיין שפּאַניע ווערט מ. פּרעזידענט פון פּאַרלאַמענט, אָבער זייענדיק אַ שטאַרקער פּאַרטיידיקער פון דער קאָנסטיטוציע ווערט ער פאַרשיקט דורך פערדינאַנד VII קיין אַפריקע. אין 1834 קומט מ. צוריק קיין שפּאַניע, ווערט אויסערן-מיניסטער און פאַרעפנטלעכט די „מלוכה-קאָנסטיטוציע" אין מעסיקן נייסט. אין 1858 ווערט מ. פּאָרזיצער פון סענאַט.

**מאַריאַוויטן** — אַ פּוילישע רעליגיעזע סעקטע, וואָס האָט זיך אָפּגעזונדערט פון דעם קאַטאָליציזם. געגרינדעט אין 1905 דורך פ. קאָזלאָווסקאַ פון פּלאָצק און גלח יאַן קאָוואַלסקי. די מ.-סעקטע ציילט אַ סך טויזנטער אָנהענגער אין קאָנגרעס-פּוילן. די מ. גלייבן נישט אין דער הייליקייט פון פּויבסט. אין 1906 האָט דער פּויבסט אַריינגעלייגט קאָזל. און קאָוו. אין חרם אַריין און זייערע לערע דערקלערט אַלס אַפּיקורסות.

**מאַריניזם** (פר.)—די שטרעבונג פון מלוכות צו הערשאַפט אויפן ים, כדי צו פאַרכאַפּן אָפּזאַץ-מערק פאַר דער אייגענער אינדוסטריע.

**מאָריס, וויליאַם** (1834—1898)—אַן ענגלישער סאָציאַליסט, באַוווסט אַלס מחבר פון דעם אוטאָפּיסטישן ראָמאַן „ידיעות פון ערגעצלאַנד".

**מאַרלאָ, ק. ג.** (פּסעוודאָנים פון פּראָפעסאָר וינקלבלעך) (1810 — 1865) — אַ דייטשער עקאָנאָמיסט, דער ערשטער, וואָס האָט געשטעלט אויפן טאָג-אָרדנונג די פראַגע וועגן אַרבעטער-אַסעקוראַציע.

**מאַרליי, דזשאָן** (1838 — 1910) — אַן ענגלישער זשורנאַליסט און פּאָליטישער טוער. פון 1883 אָן איז מ. דעפּוטאַט אין פּאַרלאַמענט, געהערט צו דער ראַדי-

קאַלער פּאַרטיי און פּאַרטיידיקט
דעם פּראָיעקט וועגן געבן איר-
לאַנד אויטאָנאָמיע (האָם רול). מ.
איז געווען איינער פון די אָנגע-
זעענסטע פירער פון ענגלישן ליבע-
ראַליזם, קעגנער פון אימפּעריאַליזם.

**מאַרס** (לאַט.) — 1) דער גאָט
פון מלחמה ביי די רוימער;
2) אַ פּלאַנעט פון זון-סיסטעם.

**מאַרסעליעזע** (פר.) —
„מאַרסעליעזער מאַרש", אַ ליד
פון די מאַרסעליעזער, וואָס זענען
געקומען קיין פּאַריז צו הילף די
רעוו. (1792). אַ קאַמף-הימן, וואָס
וועקט צום קאַמף פאַר פרייהייט
און גלייכהייט, איצט איז די מ.
דער נאַציאָנאַלער הימן פון פראַנק-
רייך. נאָך איין ווערסיע איז דער
מחבר און קאָמפּאָזיטאָר פון דער
מ. דער שטראַסבורגער אינזשי-
ניער, קאַפּיטאַן רוזש דע ליל
(געשט. 1836), לויט דער צווי-
טער ווערסיע איז דער קאָמפּאָזי-
טאָר אַ געוויסער האָלצמאַן.

**מאַרק** (ד.) — אַ זילבערנע
מטבע אין דייטשלאַנד, גלייך
צו אונזערע 2 זלאָטעס.

**מאַרקס, קאַרל** (1818—
1883) — איינער פון די גע-
ניאַלסטע דענקער פון XIX י"ה,
דער גרינדער פון וויסנשאַפטלעכן
סאָציאַליזם, קאָמוניסט - רעוואָלו-
ציאָנער, געוואָרן אַרויסגעטריבן
פון דייטשלאַנד, בעלגיע און
פראַנקרייך, אָנפירער פון אינ-
טערנאַציאָנאַל, מחבר פון אַ סך
פילאָזאָפישע, פּאָליטיש - עקאָנאָ-
מישע און היסטאָרישע ווערק.
מ.'ס וויכטיקסטער בוך, „קאַפּי-
טאַל" (פאַראַן אין יידיש), וואָס
איז דערשינען אין 1867, האָט
געשאַפן אַ נייע ערע אין דער
עקאָנאָמישער לערע. דאָס דער-
שיינען פון „קאַפּיטאַל" איז געווען
אַ גרויסער נצחון פון פּראָלעטאַר-
יאַט אויפן געביט פון וויסנשאַפט-
לעכן געדאַנק. מ.'ס עקאָנאָמישע
שיטה האָט אַנטפּלעקט דעם סוד
פין דער קאַפּיטאַליסטישער עקס-
פּלואַטאַציע פון די אַרבעטער. מ.
האָט דערוויזן, אַז דער קאַפּיטאַ-
ליזם שאַפט זיך פון דעם פאַר-
וואַנדלען די מיטלען פון פּראָדו-
צירונג אין קאַפּיטאַל, ד. ה., אין
אויסנוצן די קראַפט פון די גע-
דונגענע אַרבעטער, פּראָלעטאַר-
יער. די קאַפּיטאַליסטן צאָלן די
אַרבעטער אַ סך ווייניקער, ווי
ס'איז דער אמתער ווערט פון
זייער אַרבעט, און דעם דאָזיקער
מותר, וואָס בלייבט ביים קאַפּי-
טאַליסט, איז דער יסוד פון
דער קאָנצענטראַציע פון קאַפּי-
טאַל, אַזויאַרום קאָנצענטרירט זיך

עָשירות אויף איין זייט און
אָרעמקייט אויף דער אַנדערער
זייט. דיווירטשאַפטלעכע אַנטוויק-
לונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער
געז. גייט אין דער ריכטונג פון
קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל און
פּראָדוקציע-מיטלען, ד. ה., פּאַ-
בריקן, זאַוואָדן, רוישטאָפן, אין
די הענט פון עטלעכע פּערזאָן.
די יסודות פון מ.׳ס טעאָריע זע-
נען, אַז אין היסטאָרישן פּראָצעס
שפּילט די וויכטיקסטע ראָל די
אַנטוויקלונג פון די פּראָדוצירנדע
כּוחות, וועלכע באַשטימען די עקאָ-
נאָמישע סטרוקטור פון דער גע-
זעלשאַפט. אַלע גייסטיקע, עטישע
און סאָצ. דערשיינונגען (אמונה,
וויסנשאַפט, קונסט, ליטעראַטור,
פּאָליטישע אידייען, מלוכה א.אַ.וו.)
שטעלן מיט זיך פאָר אַ בנין,
וואָס ווערט געשאַפן דורך די
עקאָנאָמישע פאַקטאָרן, דורכן ענ-
דערן דעם שטייגער פון פּראָדו-
צירן. ווען ס׳טרעפט אַ מאָמענט,
אַז די פּראָדוציר-כּוחות טרעטן
אַריין אין אַ סתירה צו דער עקאָ-
נאָמישער אָרדנונג, און ווען די
פּראָדוציר-כּוחות קענען אין דער-
דאָזיקער אָרדנונג זיך ווייטער
נישט אַנטוויקלען, דעמאָלט קומט
די סאָציאַלע רעוואָלוציע. אויסער
יעם האָט מ. איבערגעלאָזט אַ
גייסטיקע ירושה, אין וועלכער ער
האָט געגעבן טאַקטישע און פּאָלי-
טישע אָנווייזונגען, איבערהויפּט
אין דער פראַגע פון מלוכה-אָרדנונג.
די פּאָלעטאַריער פון אַלע לענ-
דער ניצן-אויס מ.׳ס אָנווייזונגען
אין קאַמף מיטן קאַפּיט. אויסער די
3 בענדער „קאַפּיטאַל“ זענען
אויך וויכטיק זיינע פאָלגנדיקע
ביכער: „18-טער ברומער“, „קאָ-
מוניסטישער מאַניפעסט“, „קלאַסן-
קאַמף אין פראַנקרייך“ און פיל
אַנדערע.

**מאַרקסיזם** — די לערע פון
ק. מאַרקס.

**מאַרקסיסטן**—די אָנהענגער
פון ק. מאַרקס שיטה.

**מאַרקע** (פראַנצ.) — אַ צייכן,
למשל: פּאָסטמאַרקע, סטעמפּל-
מאַרקע א. אַז. וו.

**מאַרשאַל** (פּויליש) — אַ היס-
טאָרישער טיטל. פּאָרזיצער פון
גרויסע און וויכטיקע צוזאַמענ-
פאָרן, ספּעציעל, פּאָרזיצער אין
סיים און סענאַט; דער העכסטער
מיליטערישער טיטל. אין פּוילן
האָבן מיר 2 מיליטער-מאַרשאַלס:
יוזעף פּילסודסקי און ערנמאַרשאַל
פערדינאַנד פאָש.

**מאַרשרוט** (פר.) — אַ פאָר-
אויסגערעכנטער פּלאַן פון אַ

נסיעה; א באַשטימטער סדר פון א ריכטונג.

**מאָשטשיצקי, איגנאַצי** (געב. 1867) פּרעזידענט פון דער פּוילישער רעפּובליק, געב. אין מיעזשאַנאָוו, פּלאָצקער קרייז, געענדיקט דעם ריגער פּאָליטעכניקום אין 1891, אַסיסטענט פון פיזיק אין פרייבורגער אוניוו. (1897—1901). פּראָפעסאָר פון עלעקטראָ-כעמיע און פיזישע כעמיע אין לעמבערגער פּאָליטעכניקום פון 1912 אָן, פּאַרוואַלטער פון דער פאַבריק פון כעמיקאַלישע אויסאַרבעטונגען אין כאָזשאָוו פון 1921 אָן. אויסגעווילט פאר א פּרעזידענט אין מאי 1926. מ. האָט געמאַכט א סך אנטדעקונגען אויפן געביט פון כעמיע.

**מאַשין** (גר.) — א מעכאַניזם, וואָס ווערט באַוועגט דורך א געוויסן כּוח, פירט אויס א קאָמפּליצירטע טעכנישע אַרבעט, וואָס איז פריער געוואָרן איסגעפירט דורך איינעם אָדער עטלעכע אַרבעטער.

**מודאַנער קאָנפערענץ** — א מיליטערישער אָפּמאַך, אונטערגעשריבן דעם 11-טן אָקטאָבער 1922 צווישן די פאַרבינדעטע מלוכות און טערקיי. דורך דעמדאָזן אָפּמאַך האָט טערקיי באַקומען א גרויסע באַפרידיקונג אויפן רעכענונג פון גריכנלאַנד.

**מוטואַליזם** (לאַט.)—אחדות, א פעיקייט מיטצוהעלפן איינער דעם אַנדערן. דעמדאָזיקן געפיל באַגעגענען מיר אַפילו ביי חיות און צמחים.

**מוטואַליסטן** — מיטגלידער פון דער געהיימער פּאָליטישער פּאַרטיי, וואָס איז אַנטשטאַנען אין ליאָן (1883), דער ציל אירער איז געווען גלייכהייט פון מענטשלעכער רעכט.

**מוניציפּאַליזאַציע** (ל.)— 1) דאָס איינפירן פון געזעלשאַפטלעכער זעלבסטפאַרוואַלטונגען 2) באַקומען עפּעס א מתנה פאר דער ש. אָט.

**מוניציפּאַליטעט** (לאַט.)— אַזוי הייסט די שטאָטישע זעלבסטפאַרוואַלטונג אין מערב-אייראָפּע.

**מוסאָליני, בעניטאָ** (געב. 1883)—דער שעפער פון איט. פאַשיזם. א זון פון א שמיד, אַן אַרבעטער, זשורנאַליסט, רעדאַגירט (1912—1914) די סאָצ. צייטונג „אוואַנטי" („פאָרווערטס"). אין

1914 ווערט מ. אויסגעשלאָסן פון דער סאָצ. פּאַרטיי, גרינדעט אין מעדיאָלאַן אַ צייטונג, אין וועלכער ער אַגיטירט פאַר דעם, אַז איטאַליע זאָל צוטרעטן צו דער מלחמה. אין מערץ 1919 אָרגאַניזירט מ. די ערשטע „פאַסציאָ“ (פאַשיסטן) אין מעדיאָלאַן, אין 1921 ווערט ער אויסגעוויילט אין פּאַרלאַמענט, אין 1922 אָרגאַניזירט ער אַ מאַרש אויף רוים און ווערט באַשטעטיקט דורכן קעניג פאַר אַ פּרעמיער, אין נאָוועמבער 1922 באַקומט ער פולע דיקטאַטאָרישע רעכט. אין 1923 פאָרט מ. דורך אַ נייעם וואַל-סיסטעם, אין 1926 פירט ער דורך דעם געזעץ וועגן סינדיקאַטן, שאַפט אַ צוואַנג-געריכט אויסצוגלייכן סכסוכים צווישן באַלעבאַטים און אַרבעטער.

**מוסטאַפאַ קעמאַל פּאַשאַ**—אָנפירער פון דער נאַציאָנאַליסטישער באַפרייונגס באַוועגונג אין טערקיי.

**מיט** (גר.) — דערציילונג; פאָעטישע פאָלקס-דערציילונג וועגן געטער, העלד, וועלטבאַשאַפונג א. אַז. וו.

**מיטינג** (ענג.) — עפנטלעכע גרויסע פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער ס׳ווערן באַהאַנדלט פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פראַגן.

**מיכאַלעוויטש, ביינעש** (יוסף איזביצקי) (1876–1928)—געב. אין בריסק-דליטא, באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע יידישע דערציונג. צו 17 יאָר באַקענט זיך מ. מיט דער סאָצ. לערע און פאַרנעמט אינגיכן אַן אָנפירנדיקע ראָל אין דער בריסקער סאָצ. אָרג. פון 1897 אָן אַן אָנגעזעענער טוער פון „בונד“. 10 יאָר האָט מ. פאַרבראַכט אין רוסישע תפיסות און געווען פאַרשיקט אין סיביר. אין 1899 גיט מ. אַרויס די אומלעגאַלע צייטשריפט „וואַרשעווער אַרבעטער“. זייענדיק פאַרשיקט אין פּאָלטאַווע טרעט מ. אַריין אין דער רוס. ס.-ד. פּאַרטיי. אין אַ צייט אַרום קומט מ. קיין ביאַליסטאָק, אַרבעט אויפסניי אין „בונד“, ווערט מיטגליד פון צ. ק., רעדאַגירט דאָרט „די אַרבעטער שטימע“, שרייבט פּראָקלאַמאַציעס אין פלוגבלעטלעך. אין 1898 פאָרט מ. אַריבער קיין לאָדזש און אַרבעט דאָרט אַ געוויסע צייט אין „בונד“. אין 1902 רעדאַגירט ער אין מינסק „דעם וועקער“. נאָך דער אָקטאָבער-רעוו. (1905) באַזעצט זיך מ. אין וואַרשע, פונוואַנען ער ווערט אינגיכן פאַרשיקט קיין סיביר. אין 1912 באַזעצט זיך מ. אין פּעטערבורג, וווּ ער איז מיטגליד פון דער רע-

דאַקציע פון פּאַרטיי-אָרגאַן „די צייט". בעת דער דייטשער אָקופּאַציע קומט מ. קיין ווילנע, כדי אָנצופירן מיט דער אַרבעט אין „בונד". אין 1917 באַזעצט זיך מ. אין וואַרשע, וווּ ער איז טעטיק אַלס איינער פון די פירער פון „בונד" אין פּוילן. אין די לעצטע יאָרן מיטרעדאַקטאָר פון „פאָלקסצייטונג", פּאָרזיצער פון „ציש"אָ", מיטגליד אין דער פאַרוו. פון דער וואַרש. יידישער קהילה. זיינע ביכער: „סאָצ. עטיודן און פּאָליטישע סקיצן", „זכרונות פון א יידישן סאָציאַליסט און פיל אַנדערע בראָשורן און ביכער.

**מיל, דזשאָן סטיואַרט** (1806—1873) — אַן ענגלישער פילאָזאָף און עקאָנאָמיסט. אין זיין טראַקטאַט „אוטיליטאַריאַניזם" לייגט מ. פּאָר כללים, לויט וועלכע א גרעסערע צאָל מענטשן וואָלט געקענט לעבן באַשיידן. זיינע אַלע ווערק זענען דורכגעדרונגען מיט א גרויסער ליבע צום פאָלק און מיט א שטאַרקער אויפמערקזאַמקייט צו די פאָלקס-אינטערעסן. מ. האָט פאַרעפנטלעכט פאָלגנדיקע ווערק: „דער סיסטעם פון לאָגיק", „די גרונט-יסודות פון פּאָליטישער עקאָנ.", „וועגן פרייהייט", „די הכנעה פון דער פרוי" און א סך אַנדערע.

**מיליוקאָוו, פּאַוול** (געב. 1859) — א רוסישער היסטאָריקער, סאָציאָלאָג און פּאָליטיקער, לידער פון דער ליבעראַלער ק. ד.-פּאַרטיי. בעת דער וועלט-מלחמה (1914—1917) איז מ. דער אידעאָלאָג פון די אימפּעריאַליסטן. בעת דער רעוו. פון 1917 איז מ. א מיטגליד פון דער צייטווייליקער רעגירונג, וווּ ער פאַרנעמט דעם פּאָסטן פון אויסערן-מיניסטער. נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש עמיגרירט מ. קיין אויסלאַנד.

**מיליטאַריזם** (לאַט.)—מיליטער-הערשאַפט. א מיליטער-סיסטעם, וואָס פאַרכאַפּט איצט א סך אייראָפּעישע און אַזיאַטישע לענדער. דער מ. איז א שווערער יאָך אויפן בידזשעט פון א מלוכה; ער שלינגט איין דעם גרעסטן טייל פון מלוכה-בידזשעט, און ס'בלייבט נאָר זייער ווייניק פאַר די קולטורעלע, געזעלש. און ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס פון לאַנד.

**מיליץ** (לאַט.) — א פאָלקס-אַרמיי. אַזא סיסטעם פון אָרגאַניזירן מלוכה-מיליטער, ביי וועלכער די בירגער פון לאַנד לערנען זיך אויס די מיליטערישע איבונגען אין א קורצער צייט אין זייער וווינאָרט, און אין שטע-

דיקער מיליטער-דינסט געפינען זיך נאר די לערער פון דער מיליץ.

**מילעראן, א.** (געב. 1859)— א פראנצ. פאליטישער טוער. אין 1885 ווערט מ. אויסגעוויילט אין פארלאמענט אלס סאציאליסטישער דעפוטאט, באלד ציט ער אויף זיך די אויפמערקזאמקייט מיט זיינע אנפראגן לטובת דעם ארבעטער-קלאס. אין 1889 גייט אריין מ. ווי אן ערשטער סאציאליסט אין בורזשואזן מיניסטארן-קאבינעט אלס האנדלס-מיניסטער. אין 1904 ווערט ער אויסגעשלאסן פון דער סאצ. פארטיי.

**מיניסטער** (לאט.) — דער הויפטאנפירער פון אן אדמיניסטר. אפטיילונג אין דער מלוכה, למשל: יוסטיץ-מיניסטער, באן-מיניסטער א. אז. וו. אין קאנסטיט. מלוכות זענען מיניסטארן פאראנטווארטלעך פארן פארלאמענט.

**מינעראל-באהייצונגס-מאטעריאל** — א מין באהייצונגס-מאטעריאל, וואס מען באקומט פון די ערד-טיפענישן, למשל: נאפט, שטיין-קוילן און אנדערע.

**מיסטיפיקאציע** (לאט.) — אריינפירן עמעצן אין א טעות.

**מיסטיציזם** (גר.) — א רעליגיעזע ריכטונג, וואס האלט, אז מען קאן דערגיין דעם סוד-הבריאה און די אמתע עקזיסטענץ פון דער געטלעכקייט דורך פארטיפונג אין זיך אליין.

**מיסיע** (לאט.) — 1) א דיפלאמאטישע שליחות; 2) עפעס אן אויפגאבע אויסצופירן.

**מיעראסלאווסקי, לודוויק** (1813 — 1878) — א פוילישער רעוואל. אין 1828 איז מ. אריינגעטרעטן אין דער פוילישער ארמיי, בעתן אויפשטאנד (1830) איז מ. אן אפיציר, נאכן אויפשטאנד עמיגרירט ער קיין פראנקרייך און ווענדעט אויף זיך די אויפמערקזאמקייט פון פראנצ. געלערנטע, ער ווערט פראפ. פון געשיכטע אין פאליטעכניקום. זייענדיק אין נאענטע באציונגען מיט דער „דעמאקראטישער געזעלשאפט" באקומט מ. אין 1845 א באפעל צו ארגאניזירן אן אויפשטאנד אין פוילן. מ. ווערט ארעסטירט צוזאמען מיט זיינע חברים און פארמשפט צום טויט, וואס ווערט אים פארביטן אויף אייביקע תפיסה. אין 1848 ווערט מ. אמנעסטירט און גרינדעט אין בערלין א נאציאנאלן פוילישן קאמיטעט, וואס צווינגט פרידריך

ווילהעלם I צו געבן אַ שריפטלעכע הבטחה, דורכצופירן רעפאָרמען אין פרייסישן פוילן. אין 1849 נעמט מ. אויך אָן אַנטייל אין די אויפשטאנדן אין סיציליע און באדען, נאָכדעם אַנטלויפט ער קיין פראנקרייך. אין 1863 ווערט מ. אייגעלאַרן דורך דער פוילישער ראדיקאלער פּארטיי פון דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג צו פארנעמען דעם פּאָסטן פון אַ דיקטאַטאָר. פארוואונדעטערהייט אַנטלויפט מ. קיין פרייסן.

**מיקאַדאָ** (יאַפּ.) — אַן אַלטער טיטל פון יאַפּאָנישן קייזער.

**מיראַבאָ, אָ. ג., גראַף** (1749—1791) — אַן אָנגעזעענער טוער פון דער פר. רעוו. אין זיין ווערק „וועגן דעספּאָטיזם" האָט מ. ארויסגעזאָגט זייער דרייסטע פּאָליט.-געז. געדאנקען. אין 1789. ווערט מ. אויסגעוויילט אין דער נאַצ.-פארז. פון דריטן שטאַנד. מ. איז געווען אַן אָנהענגער פון אַ קאָנסטיטוצ. מאָנארכיע מיט ברייטע וואַל-רעכט, האָט שטארק מיטגעהאָלפן צו פאַרוואַנדלען די „גענעראַלע שטאַטן" אין אַ נאַצ.-פארזאמלונג. וועלנדיק זיין נאָענט אי מיטן פאָלק אי מיטן קעניג, האָבן ביידע פארלאָרן דעם צוטרוי צו מ., און ער הערט אויף צו שפּילן די הויפּטראָל אין דער נאַצ.-פארז. אינגיכן שטאַרבט מ. און ווערט באַגראָבן אין פּאַנטעאָן. אין 1793 האָט דער המון ארויסגעשלעפּט זיינע ביינער און זיך איבער אים לוסטיק געמאַכט.

**מיראַזש** (פר.) — אָפּטישע דערשיינונג, ביי וועלכער מען זעט די נידעריקע זאַכן העכער און די העכערע איבערגעדרייט. אַזעלכע דערשיינונגען קומען-פאָר אין די הייסע טעג אין מדבריות און אויף ימים; פיג. אַ פאַנטאַזיע, וואָס קאָן נישט פאַרווירקלעכט ווערן.

**מישוראַ** (פר.) — זייער דינע גלאַנציקע מעטאַלישע פּעדעמלעך, וואָס ווערן באַנוצט אויף עפּאָלעטן; פיג. אַ פאַרבלענדנדיקער אויסערלעכער גלאַנץ.

**מישעל, לואיזע** (1836 — 1905) — אַ פראַנצ. קאָמוניסטין-אַנאַרכיסטין, איינע פון די געבילדעטסטע פרויען אין פראַנקרייך אין איר צייט, שפּעטער אַ לערערין. בעת דער קאָמונע (1871) איז מ. געשטאַנען אין די רייען פון די ראדיקאַלסטע אָנפירער. נאָכן פאַלן פון דער קאָמונע ווערט מ. אַרעסטירט און פאַר-

שיקט קיין נומעע. אין 1880 ווערט מ. אַמנעסטירט און קערט זיך אום צוריק קיין פראַנקרייך, פּראָפּאַגאַנדירט ווייטער אַנאַרכיזם. אין 1883 ווערט מ. ווידער אַרעסטירט פאַר איר אַגיטאַציע צו באַרויבן די ברויט-געוועלבן.

**מעדיאַטיזאַציע** (לאַט.) — דאָס צונעמען ביי אַ מדינה די זעלבשטענדיקייט, מאַכן זי אָפּהענגיק.

**מעדעם, וולאַדימיר** (1879—1923) — געב. אין ליבאַווע, דערצויגן-געוואָרן אין אַ רוסיפיצירטער סביבה. נאָכן ענדיקן די מינסקער גימנאַזיע קומט מ. אָן אין קיעווער אוניווערזיטעט, דעמאָלט באַקענט ער זיך מיטן סאָציאַליזם, פאַראינטערעסירט זיך מיט פּאָליטישער עקאָנאָמיע, נעמט אָן אָנטייל אין 1-טן פּאָליטישן שטרייק פון די רוס. סטודענטן (1899), ווערט אויסגעשלאָסן פון אוניווערזיטעט, און נאָכן אָפּזיצן אַ קורצע צייט אין תפיסה ווערט ער אַרויסגעשיקט אין זיין וווינאָרט מינסק. אין 1900 טרעט מ. אַריין אין „בונד“, פירט אַ פּראָפּאַגאַנדע צווישן יידישע און קריסטל. אַרבעטער. אין יענער צייט שרייבט מ. פּראָקלאַמ. און אַרטיקלען אין אומלעג. סאָצ. אָרגאַנען, אין 1901 ווערט מ. אַרעסטירט, און פאַרשיקט אויף 5 יאָר קיין סיביר, פונוואַנען ער אַנטלויפט קיין אויסלאַנד, שטודירט אין בערן פילאָזאָפיע, ווערט שנעל אַריינגעצויגן אין בונדישער אַרבעט, ווערט באַרימט אַלס גלענצנדער רעדנער און פּאָלעמיסט. אין 1903 ווערט מ. באַשטימט אַלס מיטגליד פון אויסלענדישן קאָמיטעט פון „בונד“. זיין אָפּהאַנדלונג „די סאָצ.-דעמ. און די נאַצ. פראַגע“ (1906), אין וועלכער ס'איז געוואָרן פאָרמולירט דער בונדישער „נייטראַליזם“, איז דעמאָלט באַטראַכט געוואָרן פאַרן אַני-מאמין פון „בונד“ אין דער נאַצ. פראַגע. אין 1904 באַטייליקט-זיך מ. אַלס דעלעגאַט פון „בונד“ אויפן אינטערנאַצ. סאָצ. קאָנגרעס אין אַמסטערדאַם. אין 1905, בעת דער ערשטער רוס. רעוו. קומט מ. צוריק קיין רוסלאַנד און ווערט מיטרעדאַקטאָר אין נייעם בונדישן אָרגאַן „נאַשע סלאָוואָ“ (אונדזער וואָרט), וואָס איז דערשינען אין ווילנע. אין יענער צייט ווערט מ. אויסגעוויילט אין צ. ק., באַטייליקט-זיך אַלס פאָרשטייער פון צ. ק. אין צוזאַמענפאָר פון די „טרודאָוויקעס“ אין אימאַטרע. שפּעטער באַטייליקט-זיך מ. אין

רעדאַקציע פון „די פאָלקסצייטונג“, „האָפנונג“, „דער מאָרגנשטערן“ און די זאַמלהעפטן „די נייע צייט“, „צייט-פראַגן“ און אין גרויסן רוס. זאַמלבוך „די פאָרמען פון דער נאַצ. באַוועגונג“. אין דער צייט פון דער רוס. רעאַקציע פאַרלאָזט מ. רוסלאַנד, באַזעצט זיך אין גענף און זעצט דאָרט פאָר זיין סאָצ. און ליטער. טעטיקייט. אין 1910 באַטייליקט זיך מ. אַלס דעלעגאַט אין אינטערנאַצ. סאָצ. קאָנגרעס אין קאָפּענהאַגען. אין 1912 באַזעצט זיך מ. אין ווין אַלס קאָרעספּאָנדענט פון רוס. צייטונגען, שפּעטער רעדאַג. ער „די לעבנס-פראַגן“; פאַרן 2-טן נומער „לעבנס-פראַגן“ שרייבט ער אָן צום ערשטן מאָל אַן אַרטיקל אין יידיש, הגם מיט לאַטיינישע אותיות. אין 1913 קומט מ. קיין רוסלאַנד, וווּ ער ווערט גלייך אַרעסטירט, זיצט אין פאַרשידענע תּפיסות, דערהויפּט אין 10-טן פּאַוויליאָן אין וואַרשעווער ציטאַדעל, ווערט פאַרמשפּט צו 4 יאָר קאַטאָרגע, נאָר צוליב זיין קראַנקהייט פאַרבלייבט ער אין טורמע-שפּיטאָל. דעם 4-טן אויגוסט 1915, נאָך דער עוואַקואַציע פון די רוסן פון וואַרשע, ווערט מ. באַפרייט, נאָכן אָפּזיצן 25 חדשים אין תּפיסה. בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין פּוילן הייבט זיך אָן דער פּרוכטבאַרסטער פּעריאָד פון מ.׳ס פּאָליטישע, געז. און ליטעראַרישע טעטיקייט; ווערט הויפּטפירער פון „בונד“, רעד. פון די „לעבנס-פראַגן“, איינער פון די פירער פון דער יידישער שול-באַוועגונג. אין 1921 קומט מ. קיין אַמעריקע, דאָרט אַרבעט ער מיט אין „פאָרווערטס“, „צוקונפט“, „נייע וועלט“, „פריינד“, דרוקט זיינע מעמואַרן „זכרונות פון מיין לעבן“. געשטאָרבן אין ניו-יאָרק.

**מעטאָד** (גר.) — 1) אַ מיטל אָדער דער אַרט פון אַרבעטן; 2) אַ ספּעציעלער אופן אויסצופאָרשן אַ געוויסן געגנשטאַנד; 3) וויסנשאַפטלעכער מעטאָד — אַ באַשטימטער כּלל, רעגל אָדער מיטל פון אויספאָרשונג, וואָס פירט צו אַ וויסנשאַפטלעכן סיסטעם.

**מעטיס** — אַ קינד פון אַן אינדיאַנער און אַן אַנ׳אייראָפּעערין אָדער פאַרקערט.

**מעטערניך, ל. וו.**, גראַף (1773—1859)—אַן עסטרייכישער פּאָליטישער טוער. זיין פּאָליטישע קאַריערע הייבט זיך אָן אין 1791. 38 יאָר איז ער געווען אויסערן-מיניסטער. ווי אַ עקסטרער רעאַקציאָנער און שונא פון אַלע

ליבעראַלע אידייען האָט מ. נישט צוגעלאָזט דורכצופירן די ניטיקסטע רעפאָרמען, דערפאַר האָט דאָס פאָלק אים נישט געליטן און גערופן „דער גייסט פון פינסטערניש און טיראַניע". די רעוו. באַוועגונג אין עסטרייך (1848) איז געווען איבערהויפּט געווענדעט קעגן מ., און ער האָט געמוזט דעמיסיאָנירן.

**מעטראָפּאָליע** (גר.) — אַ מלוכה, וואָס האָט קאָלאָניעס; למשל: ענגלאַנד, פראַנקרייך, בעלגיע און אַנדערע מלוכות.

**מעכאַניש** (גר.) — אומבאַוווסטזיניק, אויטאָמאַטיש, נישטווילנדיק, אומבאַרעכנט.

**מעליאָראַטיווער** קרעדיט — אַ קרעדיט, וואָס אַ מלוכה גיט פּריוואַטע פּערזאָנען אָדער אינסטיטוציעס, כדי אויסצובעסערן שטחים באָדן פאַר לאַנדווירטשאַפט.

**מעליאָראַציע** (לאַט.) — פאַרבעסערונג, מיסטיקונג און באַוועסערונג פון פעלדער. אין אַלגעמיין: אויסבעסערונג פון דער ערדווירטשאַפט, כדי צו באַקומען פון באָדן אַ גרעסערן איינקונפט.

**מעמאָראַנדום** (לאַט.) — אַ דענק־בוך, אַ דיפּלאָמאַטישע נאָטע, וואָס ווערט איבערגעגעבן אַ פּאַרלאַמענט, מיניסטעריום אָדער אַ רעגירונג א. ד. גל., אין וועלכער עס ווערט דערקלערט די לאַגע אָדער צושטאַנד פון עפּעס אַ וויכטיקע פראַגע.

**מענאָניטן** — אַ פּראָטעסטאַנטישע סעקטע, וואָס איז אַנטשטאַנען אין XVII י"ה, קעגנער פון מלחמה.

**מענשעוויקעס** (רוס.) — בעת דעם 2־טן צוזאַמענפאָר פון דער רוסישער ס.־ד. פּאַרטיי (1903) האָט אַ טייל פון דער פּאַרטיי, וואָס איז געבליבן אין דער מינדערהייט, זיך אָפּגעטיילט אין אַ באַזונדער פראַקציע — מענשעוויקעס (מינדערהייט). די שפּאַלטונג איז פאָרגעקומען צוליב דער אָרגאַניזאַציע־פראַגע: ווער קאָן ווערן אַ מיטגליד פון דער ס.־ד. פּאַרטיי און אויף וועלכע יסודות דאַרף זי געבויט ווערן. די מענשעוויקעס זענען געווען פאַר דעם, אַז אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי קאָן ווערן אפילו אַ סימפּאַטיקער. די באָלשעוויקעס האָבן געפאָדערט אַ שטרענגע דיסציפּלין און אַ שטאַרקע איינהייטלעכע אָרגאַניזאַציע. די מ. האָבן גערעכנט, אַז די נאָענטע רעוו. דאַרף זיין אַ בורזשואַזישע, סיי לויטן געזעלשאַפטלעך־

עקאָנאָמ. איגהאַלט און סיי לויט די באַוועגענדע כחות, וואָס די מ. זענען אין דער ליבעראַלער בורזשואַזיע.

**מעסיאַניזם** (העבר.) — משיח־מיסיע. דאָס גלייבן פון אַ פאָלק, אַז ער איז אַ משיח־פאָלק, ד. ה., אַז ער איז געוואָרן אויסדערוויילט דורך דער השגחה צו ברענגען דער מענטשהייט אַ דערלייזונג.

**מעסידאָר** — דער ניינטער חודש (מאַי—יוני) אין קאַלענדאַר פון דער גר. פר. רעוו., לויט וועלכן דאָס יאָר האָט זיך אָנגעהויבן דעם 22־טן סעפטעמבער 1792, דער טאָג, אין וועלכן ס'איז געגרינדעט געוואָרן די פראַנצ. רעפּובליק.

**מער** (פר.) — בירגערמייסטער פון אַ שטאָט.

**מערינג, פראַנץ** (1846—1919) אַן אָנגעזעענער טוער און היסטאָריקער פון דער דייטשער ס.־ד. פאַרטיי. זיינע ווערק זענען: „ליטעראַרישע ירושה פון קאַרל מאַרקס", פ. ענגעלס און פ. לאַסאַל" און „די געשיכטע פון דער דייטשער ס.־ד. פאַרטיי". אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה, ווען די גאַנצע דייטשע ס.־ד. פאַרטיי איז געווען פאַרטומלט פון שאָוויניסטישן טשאַד, איז מערינג אַרויסגעטרעטן מיט אַ שאַרפן פּראָטעסט קעגן דער מלחמה, מלחמה־קרעדיטן און קעגן בירגער־שלום מיט דער בורשואַזיע. צוזאַמען מיט ר. לוקסעמבורג האָט ער געטאַדלט די טאַקטיק פון די סאָציאַליסטן פשרה־מאַכער. ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן איז מ. געווען איבערגעגעבן דער סאָציאַליסטישער אידייע.

**מערץ־דערגרייכונגען** — אַזוי ווערן אָנגערופן די הנחות און די געזעצן אין דער קאָנסטיטוציע, וואָס דאָס פאָלק האָט באַקומען פון דער דייטשער רעגירונג נאָך דער מערץ־רעוואָלוציע אין יאָר 1848.

**מערץ־טעג** — אַזוי ווערן אָנגערופן די מערץ־רעוואָלוציעס, וואָס זענען פאָרגעקומען אין 1848 אין די גרעסערע דייטשע מלוכות (עסטרייך, בייערן און פּרייסן).

**מערקאַנטיליזם** (לאַט.) — אַן עקאָנאָמישער סיסטעם, וואָס דריקט זיך אויס אין אויפזאַמלען אין לאַנד וואָס מער איידעלע מעטאַלן (פּלאַטין, גאָלד, זילבער)

# נ

**נאַוויגאַציע** (גר.) — 1) די צייט פון יאָר, אין וועלכער די וואַסערוועגן זענען אָפן פאַרן שיפס-פאַרקער; 2) א ים-נסיעה; 3) די קונסט צו פירן א שיף.

**נאָוועלע** (איט.) — 1) א צוגאָב צו א געזעץ, וואָס פירט אריין קליינע אויסבעסערונגען; 2) א קליין בעלעטריסטיש ווערק, וואָס שילדערט מיט עטלעכע כאַראַקטעריסטישע שטריכן א געוויסן פאַקט פון לעבן, א כאַראַקטער-אייגנשאַפט א. אז. וו.

**נאַטוראַליזאַציע** (לאַט.) — דאָס אָנערקענען אָן אויסלענדער פאַר א בירגער פון דער מדינה, אין וועלכער ער האָט זיך באַזעצט.

**נאַטור-ווירטשאַפט** — א ווירטשאַפטס-סיסטעם, לויט וועלכן א געוויסע גרופּע (א קהילה, א משפּחה) באַפרידיקט אירע באַדערפעניששן, דורך פּראָדוצירן די נייטיקסטע פּראָדוקטן מיט אייגענע כוחות, און מיידט אויס צו פאַרשאַפן פאַר זיך פרעמדע סחורות.

**נאָטיפיצירן** (לאַט.) — מודיע זיין אַנדערע מלוכות וועגן א פּאָליטישן אַקט, למשל: וועגן א בלאָקאַדע, קאָראַנאַציע א. אז. וו.

**נאָטע** (לאַט.) — באַמערקונג, דערקלערונג; קליינע געשעפטס-חשבונות.

דיפּלאָמאַטישע נאָטע — א שריפט פון איין מדינה צו א צווייטער וועגן א פּאָליטישן ענין.

מלוכה-נאָטע — א מלוכה-הלוואה, אָנפּראַצענטיקע מלוכה-פּאַפּירן, וואָס זענען צאָלבאַר צו יעדער צייט.

מוזיקאַל-נאָטע — א מוזיקאַלישער צייכן פון א טאָן.

**נאָסקע, גוסטאַוו** (געב. 1868) — א דייטשער פּאָליטיקער פון סאָצ. לאַגער, רעדאַקטאָר, דעפּוטאַט פון 1906 אָ', מיניסטער פון מלוכה-פאַרטיידיקונג (1919—20). נ. האָט דערשטיקט דעם ספּאַרטאַקוס-אויפשטאַנד (1919). איצט פּרעזידענט פון האַנאָווער.

**נאַפּאָלעאָן I, באָנאַפּאַרט** (1769 — 1821) — פראַנצ. אימפּעראַטאָר, ארויסגערוקט-זיך אין דער צייט פון דער גרויסער פר. רעוו. מיט דער הילף

פון דער בורזשואזיע און ארמיי, וואס האבן אים פארגעטערט, פארכאפט נ. די מאכט אין 1799. לכתחילה איז נ. געווען קאנסול פון פראנקרייך. אין 1804 קריינט ער זיך פאר קייזער, נ. האט געפירט גרויסע מלחמות, באזיגט א גרויסן טייל אייראפע און אים אונטערטעניק געמאכט צו פראנקרייך. צעשלאגן דורך דער קאאליציע פון די איראפעישע מלוכות, ווערט נ. אראפגעזעצט פון טראן און ווערט פארשיקט אויפן אינדזל עלבע. אין א קורצער צייט ארום אנטלויפט ער פון אינדזל, קומט קיין פראנקרייך, פארכאפט צוריק די מאכט. נאך א קורצער הערשאפט, האט נ.'ס חיל א מפלה ביי וואטערלאא און נ. ווערט ווידער פארשיקט אויפן אינדזל הייליקע העלענע. אויפן דאזיקן אינדזל איז נ. געזעסן ביזן טויט.

**נאפאלעאן III** (1808 — 1873)—א קוזין נאפאלעאנס I. נאך דער רעוו. פון 1848 האט נ. III מיט דער הילף פון די פויערים און בורזשואזיע פארכאפט די מאכט אין פראנקרייך. דער „קליינער נאפאלעאן" האט דורך זיין אימפעריאליסטישע פאליטיק דערפירט צו א צוזאמענשטויס מיט דער שטארקער דייטשער בורזשואזיע (פר.-דייטשער קריג אין 1870), פראנקרייך האט געליטן א מפלה, נאפ. III איז אראפ פון טראן, און אין פראנקרייך איז איינגעפירט געווארן די רעפובליקאנישע ארדנונג.

**נ. פ. ר.** — א פוילישע פאליטישע פארטיי, געגרינדעט אין 1920 דורכן פאלקס-ארבעטער-פאריין, וואס איז פון 1905 אן געווען טעטיק אין קאנגרעס-פוילן צוזאמען מיטן פאלקס-ארבעטער-פאריין, וואס איז געווען טעטיק אין פויליש-פרייסישן געביט. דער לאזונג פון נ. פ. ר. איז די באפרייונג און גלייכבארעכטיקונג פון די ארבעטער-קלאסן, נישט אפווארפנדיק דעם פרינציפ פון נאציאנאלער איינהייטלעכקייט. נ. פ. ר. האלט נישט פון אינטערנאציאנאלער פראלעטארישער סאלידאריטעט און איז רעליגיעז-קאטויליש. אין פאליטישע פראגן גייט אפט די נ. פ. ר. צוזאמען מיט די סאציאליסטן. אין היינטיקן סיים האט נ. פ. ר. 17 דעפוטאטן און 3 סענאטארן.

**נאציאנאליזאציע** (לאט.)— דאס פארוואנדלען פריוואט-אייגנטום אין פאלקס-אייגנטום, למשל: ערד, וואסער, האנדלס-אונטערנעמונגען, טראנספארט א. אז. וו.

**נאַציאָנאַליזם** (לאַט.)—1) אַ ריכטונג און שטרעבונג פון אַ פאָלקס-פּאָליטיק צו שטעלן אירע אייגענע אינטערעסן אויבן ערשטן פּלאַן און צו פאַרדרענגען די אינטערעסן פון די נאַצ. מינדער-הייטן; 2) אַ שטרעבונג פון שטאַרקע, גרויסע פעלקער צו אַסימילירן די קליינע פעלקער, וועלכע וווינען צווישן זיי, אָדער אונטערצודריקן זיי, ווען זיי לאָזן זיך נישט אַסימילירן.

**נאַציאָנאַלער קאָנווענט** (פון 20-טן סעפּטעמבער 1792—23-טן אָקטאָבער 1795) — דער פּאַרלאַמענט פון דער גר. פראַנצ. רעוו., וואָס האָט געשאַפן די רעפּובליק, האָט געמשפּט לודוויק XVI, געשאַפן די רעוו. רעגירונג, דעם קאָמיטעט צו פאַרטיידיקן די געזעלשאַפט. גלייכצייטיק איז דער נ. ק. געווען דער געזעצגעבערישער, אויספירערישער און געריכטלעכער אָרגאַן. דער נ. ק. האָט צוגעשיקט אין אַלע דעפּאַרטאַמענטן און אַרמייען זייגע עמיסאַרן, וועלכע האָבן געהאַט דיקטאַטאָרישע רעכט. דער רעוו. טריבונאַל האָט געאַרבעט לויטן נ.ק.'ס אָנווייזונגען, און די רעכטע פּאַרטיי „זשיראָנדיסטן" איז דורכן נ. ק. דערקלערט געוואָרן אויסערן געזעץ און דערמיט צוגענומען ביי זיי זייער דעפּוטאַטן-רעכט. די בירגער האָבן געהאַט דאָס רעכט צו ווענדן זיך צום נ. ק. מיט פּעטיציעס, וועלכע זיי האָבן פאַרגעלייענט אויף זיצונגען און געפאָדערט אַ באַלדיקן ענטפער. דער נ. ק. האָט אָרגאַניזירט די פאַרטיידיקונג פון פראַנ. קעגן די רעאַקציאָנערע אַרמייען פון איראָפּע און האָט דערשטיקט די קאָנטר-רעוו. אין לאַנד.

**נאַציע** (לאַט.)—אַ היסטאָרישע גרופּירונג פון מענטשן, וואָס זענען פאַרבונדן צווישן זיך מיט זייער אייגנאַרטיק לעבן, שפּראַך, טעריטאָריע. איינס פון די כאַראַקטעריסטישסטע סימנים פון אַ נאַציע איז די שפּראַך.

**נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע, (נ. ד.)** — דער אַמאָליקער נאָמען פון דעם היינטיקן פאַריין „לודאָוואָ-נאַראָדאָווי" (1919), אַנטשטאַנען אין 1897 אַלס אַן עקספּאָזיטור פון דער געהיימער געז. „פאָלקס-ליגע". די גרונט-אידייע פון נ. ד. איז געווען די באַפרייונג און פאַראייניקונג פון פּוילן, איר אידעאָלאָגיע איז געווען אַ נאַציאָנאַליסטישע, איר טאַקטיק איז בעיקר געווען געווענדעט אויף דער אָר-

גאַניזירונג פון דער געזעלשאַפט און אויף צו באַקעמפן די פשרה-פּאָליטיק מיט רוסלאַנד, דייטשלאַנד און עסטרייך. די שעפער פון נ. ד. זענען געווען: יאַן פּאָפּלאַווסקי, ראָמאַן דמאָווסקי און זיגמונט באַליצקי. דאָס פּראָגראַם פון נ. ד. איז אַמבעסטן געווען פאָרמולירט אין דער צייטונג: „פּזשעגלאָנד ווסעכפּאָלסקי״ (דער אַלפּוילישער איבערזיכט), אַרויסגעגעבן אין לעמבערג (1895 — 1905) און דערנאָך אין קראָקע דורך דמאָווסקין און פּאָפּלאַווסקין. בעת דער וועלט-מלחמה איז נ. ד. געשטאַנען אויף דער זייט פון דער אַנטאַנט, ר. דמאָווסקי איז געווען דער פאָרזיצער פון דעם פּוילישן פאָלקס-קאָמיטעט אין פּאַריז און האָט אונטערגעשריבן אין נאָמען פון פּוילן דעם ווערסאַלער טראַקטאַט.

**נאַרוטאָוויטש,** גאַבריעל (1865—1922) — דער ערשטער פּוילישער פּרעזידענט אין באַנייטן פּוילן. אַ פּאָליטיקער, פּראָפעסאָר אין ציריכער אוניווערזיטעט. אין 1920 ווערט נ. איינגעלאַדן צו קומען קיין פּוילן, כדי צו פאַרנעמען דעם פּאָסטן פון אַרבעטס-מיניסטער, אין 1922 ווערט ער אויסערן - מיניסטער אין שליווינסקי׳ס און אין נאָוואקס קאַבינעט. אין דעצעמבער 1922 ווערט נ. אויסגעוויילט דורך די לינקע און די מינדערהייטן פאַר פּרעזידענט פון דער רעפּובליק. אַ שאָוויניסטישער פאַנאַטיקער, דער מאָלער ניעוויאַדאָמסקי, דערשיסט אים אין בילדער-גאַלעריע „זאַכענטאַ״ אין וואַרשע.

**נאָרמע** (לאַט.) — אַ ריכטיקע מאָס, כלל, מוסטער, פּרינציפּ.

**נונציוס** (לאַט.)—אַ דיפּלאָמאַטישער פאַרטרעטער פון פּויבסט, מיט די רעכט פון אַן אַמבאַסאַדאָר.

**ניהיליזם** (לאַט.)—אַ ריכטונג אין דער רוס. דענקנדיקער געזעלשאַפט אין די 50-ער און 60-ער יאָרן פון XIX י״ה. דער נ. האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פאַרניכטן די מלוכה-אָרדענונג און דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פון יענער צייט. אַ טיפּ פון אַ רוסישן ניהיליסט איז באַזאַראָוו, דער העלד אין טורגעניעווס ראָמאַן „עלטערן און קינדער״.

**ניוואָז** — דער פערטער חודש אין קאַלענדאַר פון דער 1-טער פראַנצ. רעפּובליק. (פון 21-טן דעצעמבער—19-טן יאַנואַר).

**ניוועלאציע** (לאט.) — דאָס אויסגלייכן אַ שטח, דאָס ברענגען צו אַ גלייכער מדרגה.

**פּאָליטישע ניוועלאציע** — גלייכע פּאָליטישע רעכט פאַר אַלע.

**עקאָנאָמישע ניוועלאציע** — גלייכע עקאָנאָמישע באַדינגונגען פאַר אַלע בירגער.

**ניטטי, פ.** (געב. 1868) — פּראָפעסאָר, איטאַליענישער עקאָנאָמיסט און פּאָליטיקער, דעפּוטאַט פון 1904 אָן (ליבעראַל), פּרעמיער (1919). נ. פּראָפּאַגאַנדירט דעם פּאַציפיזם און קריטיקירט דעם ווערסאַלער טראַקטאַט. זיינע ווערק: „אייראָפּע אָן שלום" (1922), „אונטערגאַנג פון אייראָפּע" (1923) א. אַנד.

**נייטראַל** (לאַט.) — נישט אריינמישן-זיך אין פרעמדע ענינים, למשל: נייטראַלער צושטאַנד פון אַ מלוכה אין דער צייט פון מלחמה, נייטראַלער צושטאַנד פון אַ פּאַרטיי אין דער צייט פון אַ בירגער-קריג.

**ניעמאָיעווסקי, אַנדזשיי** (1864—1921) — אַ פּוילישער פּובליציסט און פּאָליטיקער. אין 1904 — 1905 גיט נ. אַרויס אַן אומלעגאַלן הודש-זשורנאַל „פּראַוודאַ", אָרגאַניזירט אַ שול-שטרייק. אין 1905 גרינדעט נ. די צייטשריפט „דער אומאָפּהענגיקער געדאַנק", אין וועלכן ער פּראָפּאַגאַנדירט פרײַדענקעריי. נאָך דער מלחמה ווערט דערדאָזיקער זשורנאַל אַ רעאַקציאָנערער אָרגאַן, וואָס רופט צו ראַסן-שנאה.

**ניקאָלאַי II** (1870—1918) — דער לעצטער רוסישער צאַר פון דער ראָמאַנאָוו-דינאַסטיע. אַן עקסטער רעאַקציאָנער און שווארץ-מאהניק, האָט זיך באַרימט-געמאַכט דורך זיינע אָפּטע „באַרויקונגען" פון אַרבעטער און פּויערים. דעם 27-טן פעברואַר 1918 איז נ. II געוואָרן אַראָפּגעזעצט פון טראָן בעתן אויפשטאַנד פון אַרבעטער און פּויערים. לויטן באַשלוס פון אוראַלער קרייזגעריכט איז נ. II פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט אין יעקאַטערינבורג (זומער 1918).

**נעאָפיט** (גר.) — אַ גרן; פיג. איינער, וואָס פאַרלאָזט זיין פּאַרטיי און שליסט זיך אָן אָן אַ צווייטער.

**נעטשאיעוו, ס. ג.** (1846—1882) — אַ רוסישער רעוואָלוציאָנער, טעראָריסט, געגרינדעט אַ גרויסע געהיימע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע („נעטשאיעווצעס"),

געשטאָרבן אין פעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג.

**נעפ** (רוס.)—נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק. לאָזונג פון א נייער ווירטשאַפט אין רוסלאַנד.

**נעפּמאַן**—אַן אָנהענגער און מיטאַרבעטער פון נעפּ.

# ס

**סאַבאָטאַזש** (פר.)— קאַליע־מאַכן אַן אַרבעט. א קאַמפּס־מיטל, ביי וועלכן מען שטערט די אַרבעט פלומרשט בישטווילנדיק. ביי א סאַבאָטאַזש מאַכן די אַר־בעטער קאַליע מאַטעריאַל, מאַשי־נען, פירן־אויס מיט א פּיוון שלעפּט די אַרבעט א. אז. וו.

**סאַבאָטירן** — דורכפירן א סאַבאָטאַזש.

**סאַדלער, מ. ט.** (1780—1835) — אַן ענגלישער עקאָנאָמיסט און פילאַנטראָפּ, א קעגנער פון דער מאַלטוס־טעאָריע. ס. האַלט־זיך ביי דער מיינונג, אַז וואָס מער עס פאַרגרעסערט־זיך די באַפעלקערונג אַלץ שוואַכער ווערט דער פאַרמערונגס־פּראָצעס. ס. איז געווען דעפּוטאַט אין פּאַרלאַמענט, ווו ער האָט גע־קעמפט פאַר דער גלייכבאַרעכטי־קונג פון אַלע בירגער.

**סאַוואָיער דינאַסטיע** — די היינטיקע איטאַליענישע קע־ניגלעכע דינאַסטיע (פון 1900 אָן).

**סאַווינקאָוו, באָריס** (1877—1925) — א רוסישער פּאָליטיקער, א ס. ר., טעראָריסט, ווערט פאַרמשפט צום טויט, אַנט־לויפט קיין אויסלאַנד, פונוואַנען ער קומט צוריק אין 1917 און ווערט וויצע־קריגס־מיניסטער, קעמפט קעגן די באָלשעוויקעס. שפּעטער קומט ס. קיין פּוילן, ווו ער גיט אַרויס אין וואַרשע די צייטונג „זאַ סוואָבאָדו“. אײנגיכן פאַרלאָזט ס. פּוילן און וואוינט א שטיקל צייט אין פּאַריז. אין 1924 קערט ער זיך אום קיין רוסלאַנד, ווו ער ווערט אַרעס־טירט.

**סאַטראַפּ** (פּ.) — א פּראָוויני־צער איבער א פּראָווינץ אין אַלטן פּערסיען בכלל — א רעגי־

רונגס-באַאַמטער, וואָס הערשט דעספּאָטיש און אומפאַראַנטוואָרט-לעך איבערן לעבן, פאַרמעגן און אַרבעט פון זיינע אונטערטאַנען.

**סאַלדאָ** (לאַט.) — דער רעשט, וואָס בלייבט-איבער נאָכן אָפּ-רעכענען זיך, דער אונטערשיד צווישן דער הוצאה און דער הכנסה.

**סאָלטיס** (מגר.)—נידריקסטער גמינע-באַאַמטער.

**סאָלידאַריטעט** (איט.) — אחדות, איינשטימיקייט פון מיי-נונגען, האַנדלונגען; פאַראַנטוואָרט-לעכקייט פון אַלע פאַר איינעם און פון איינעם פאַר אַלע; גע-מיינזאַמקייט פון אינטערעסן.

**זאַמוראַי** — אין אַלטן יאַפּאַן אַ מיליטערישע סוויטע פון די קליינע פירשטן.

**סאַנדזשאַק** (טר.)—אַ קרייז, פּראָווינץ.

**סאַנקיולאָטן** (פר.)—ווערט-לעך: אָן קורצע הויזן, אַ שפּאָט-נאָמען, מיט וועלכן די אַריסטאָקראַ-טיע האָט גערופן די נידעריקע שיכטן פון פאָלק בעת דער גרוי-סער פראַנצ. רעוואָלוציע.

**סאַנקציאָנירן** (לאַט.)—באַ-שטעטיקן.

**סאַנקציע** (לאַט.) — באַשטע-טיקונג.

**סאָפיזם** (גר.) — אַ פאַלשע מסקנה, וואָס אין פלוג זעט זי אויס ווי אַ ריכטיקע, למשל: פי-לאָזאָפיע פירט צו צווייפל, צווייפל— צו יאוש, יאוש—צו זעלבסטמאָרד, הייסט עס: פילאָזאָפיע פירט צו זעלבסטמאָרד.

**סאָפיסט** — אַ מענטש, וואָס באַנוצט זיך ביי אַ וכּוח מיט סאָ-פיזמען.

**סאָציאָלאָגיע** (לאַט.-גר.) — אַ לערע וועגן די געזעצן, לויט וועלכע ס׳אַנטשטייען און אַנט-וויקלען-זיך די פאָרמען פון גע-זעלשאַפטלעכן לעבן.

**סאָציאַליזאַציע פון באָדן**—דאָס איבערגעבן דעם באָדן אין די הענט פון פויערי-שע איבערלאָזנדיק זיי דאָס רעכט פון פאַרקויפן און אַרענדירן, נאָר אַליין צו באַאַרבעטן.

**סאָציאַליזם**—אַ געזעלשאַפט-לעכע אָרדנונג, אַלס העכסטע פאָרם פון געזעלשאַפטלעכער אַנט-וויקלונג. אין דער סאָציאַליסטי-שער געזעלשאַפט וועלן די פּראָ-דוקציע-מיטלען (פאַבריקן, אייזנ-באַנען, באָדן, מאַשינען, רוי-

שטאָפּן געהערן נישט דעם יחיד, נאָר דער גאַנצער געזעלשאַפט. די סאָציאַליסטישע ווירטשאַפטס־אָרגאַניזאַציע שטרעבט צו סאָציאַליזירן נאָר די מיטלען און מכשירים פון דער פּראָדוקציע, אָבער נישט די געגנשטאַנדן פון פּערזענלעכן געבּרויך. יעדער מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער געמיינדע איז מחויב צו אַרבּעטן אַ באַשטימטע צאָל שעהן, און דערפאַר באַקומט ער אין זיין רשות אַ געהעריקן סכום פּראָדוקטן פאַרן אייגענעם געבּרויך לויט זיין אייגענעם אויסוואַל. אין דער סאָצ. געז. ווערן די פּראָדוקציע און דער געבּרויך געבּויט לויט דער פאָרמול: „פון יעדן לויט זיינע פעיקייטן, יעדן לויט זיין אַרבּעט". אין דעם ליגט דער אונטערשיד צווישן סאָצ. און קאָמוניזם (זע), ד. ה., פון דער מער־פאַרפולקאָמטער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע, ווו נישט בלויז די פּראָדוקציע, נאָר אויך דער געבּרויך טראָגט אַן אָרגאַניזירטן געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, ווו נישט בלויז די מכשירים און פּראָדוקציע־מיטלען, נאָר אויך די געבּרויכסגעגנשטאַנדן זענען דאָס געמיינזאַמע אייגנטום פון אַלע מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער געמיינשאַפט. אין דער קאָמוניסטישער געז. באַזירט די פּראָדוקציע און דער געבּרויך לויטן פּרינציפּ: פון יעדן לויט זיינע פעיקייטן, יעדן לויט זיינע באַדערפעענישן. ביז צו דער ערשטער העלפט פון XIX י"ה האָבּן די סאָציאַליסטישע טעאָריעס געטראָגן אַן אוטאָפּיסטישן כאַראַקטער. די סאַמע דייטלעכסטע ליטעראַרישע באַשרייבונג פון דער סאָציאַליסטישער אָרדנונג האָט געגעבּן בּיים באַגינען פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט דער בּאַרימטער ענגלענדער טאָמאַס מאָר אין זיין „אוטאָפּיע" (דערפון שטאַמט דער נאָמען אוטאָפּיסטישער סאָציאַליזם), מאָר און די שפּעטערדיקע אוטאָפּיסטן — ט. קאַמפּאַנעלאַ, סען־סימאָן, פוריע, קאַבּע, אָוען און אַנד. — האָבּן געגלייבּט אין דער מעגלעכקייט צו דערגרייכן דעם סאָציאַליזם דורך איינאָרדנען מוסטערהאַפטע געמיינשאַפטן אויף סאָצ. יסודות, וואָס מיט זייער ביישפּיל זאָלן זיי דערוויזן דעם פאָרצוג פון דער נייער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג און אויף אַזאַ אופן געווינען די סימפּאַטיע פון דער גאַנצער מענטשהייט פאַרן איבּערגאַנג צום סאָציאַליזם. די אוטאָפּיסטן האָבּן געהאָפט, אַז זייערע סאָצ. פּרווון וועלן געפינען מיטגעפיל און שטיצע מצד די

געבילדעטע קאפיטאליסטן און קולטורעלע רעגירונגען. א טייל פון די אוטאפיסטן — אועו און קאבע—האבן געפרווט גרינדן א סאציאליסטישע געמיינשאפט אין די ראמען פון דער קאפיטאליסטישער ארדנונג, אבער דידאזיקע פרווון האבן זיך געענדיקט מיט א דורכפאל. דער פראנצייזישער סאציאליסט-אוטאפיסט לואי בלאן און דער דייטשער סאציאליסט פ. לאסאל האבן ארויפגעלייגט די אויפגאבע פון סאציאליסטישן איבערבוי פון דער געזעלשאפט אויף דער מלוכה, וואס דארף נעמען אויף זיך די ארבעט צו ארגאניזירן דורך געזעלשאפטלעכע מיטלען פראדוציר-געמיינשאפטן (פ. לאסאל), געזעלשאפטלעכע ווארשטאטן (לואי בלאן). דידאזיקע געמיינשאפטן דארפן, לויט זייער מיינונג, ביסלעכווייז ארויסשטופן אלע פריוואטע אונטערנעמונגען. ערשט דורך ק. מארקס׳(יע) טעאריע וועגן וויסנשאפטלעכן סאציאליזם באקומט דער ארבעטער-קלאס א שטארק טעארעטיש געווער אין קאמף פאר זיין באפרייונג. די גרונטלייגער פון וויסנשאפטלעכן סאציאליזם האבן באוויזן, אז אין דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט גופא געפינט זיך דער קערן פון איבערגאנג צו א מער שלמות'דיקן סאצ. פראדוקציע-סיסטעם, און אז דער ארבעטער-קלאס וועט ברענגען די באפרייונג פאר דער גאנצער מענטשהייט. ביים סוף פון XIX י"ה טרעט-אויף דער ארבעטער-קלאס — ארגאניזירט אין פאליטישע ס.-ד. פארטייען—אויף דער ארענע פון פאליטישן און עקאנאמישן קאמף.

**סאציאליסטישע פאר-טייען**—פארטייען, וואס דער ציל פון זייערע שטרעבונגען איז דער סאציאליזם (זע).

**סאציאל-דעמאקראטן** (ס.-ד., עס-דעק.)—נאכן האלער קאנגרעס (1890) איז ס.-ד. געווארן דער אפיציעלער נאמען פון די מיטגלידער פון דער פריערדיקער „דייטשער סאציאליסטישער ארבעטער-פארטיי". אויפן קאנגרעס אין 1891 אין ערפורט איז אנגענומען געווארן דאס אזויגערופענע ערפורטער פראגראם, וואס איז געווארן דער יסוד פון דער סאציאל-דעמאקראטישער טעטיקייט פון די קומענדיקע יארן. דער שנעלער וווּקס פון דער פארטיי, די נאך גרעסערע, כסדר-וואקסנדיקע צאל שטימען פאר די ס.-ד.-דעפוטאטן — דאס אלץ האט גורם געווען דערצו, אז די פארטיי-לי-

דער זאָל ווערן באַאיינפלוסט פון זייערע סימפּאַטיקער, וואָס האָבן זיך רעקרוטירט פון דער קליין-בורזשואַזיע. בעתן מלחמה-אויסברוך אין 1914 האָבן די ס.-ד., נישט געקוקט אויף אַלע פריערדיקע רעזאָלוציעס פון די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן און פּאַרטיי-צוזאַמענפאָרן, פאַרנומען אין פּאַרלאַמענט אַ נאַציאָנאַל-פּאַרטייִדיקונגס- און סאָציאַל-פּשרהדיקע פּאָזיציע. דערדאָזיקער מצב האָט אינגיכן דערפירט די דייטשע ס.-ד. צו אַ שפּאַלטונג אויף אַ מערהייט (שיידעמאַנער) און אויף אומאָפּהענגיקע (קויטסקי, האַאַזע, לעדעבור). באַלד האָט קאַרל ליבקנעכט געשאַפן דעם פאַרבאַנד „ספּאַרטאַקוס“, וואָס איז שפּעטער געוואָרן די דייטשע קאָמוניסטישע פּאַרטיי. נאָך דער נאָוועמבער רעוואָלוציע אין 1918 איז אין דייטשלאַנד די מאַכט איבער צו די ס.-ד.-מערהייט און אומאָפּהענגיקע. אויפן זעלבן דרך פון די דייטשע ס.-ד. זענען אויך אַוועק די ס.-ד.-פּאַרטייען אין עסטרייך, פראַנקרייך, שווייץ א. אנד.

## סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן (ס. ר.) —

אַ רוסישע פּאָליטישע פּאַרטיי, וואָס איר קערן געפינט זיך שוין אין אָנהייב XIX י״ה ביי די דעקאַבריסטן (זע), פּעטראַשעווצעס (זע), נאַראָדאָוואָלצעס, און ביים סוף 80-ער יאָרן אין דער טעטיקייט פון די רוס. פּאָליט. עמיגראַנטן אין דער שווייץ. דער תמצית פון ס.-ר.-פּראָגראַם איז: די אַרבעטער-באַוועגונג קעגן די קאַפּיטאַליסטן געפינט איר אויסדרוק אין אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם, וואָס דאַרף דורכמאַכן פאַרשידענע סטאַדיעס פון אַנטוויקלונג, ביז מען וועט דערגרייכן דעם ענדציל: פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט. דער דעוויז פון די ס.-ר. איז: „דורך קאַמף וועסטו דערוואַרבן דיין רעכט“. אָבער די ס.-ר.-פּאַרטיי געפינט, אַז ביז דער גרויסער אידעאַל, דער סאָציאַליזם, וועט דערגרייכט-ווערן, קאָן מען אויסקעמפן ביי דער רוס. רעגירונג געוויסע סאָציאַלע און פּאָליטישע הנחות דורך פאַרשידענע מיטלען. די ס.-ר.-פּאַרטיי שטיצט זיך אויף די מאַסן, גאָר גלייכצייטיק איגנאָרירט זי נישט די וויכטיקייט פון פּאַרטיזאַנען-קאַמפן און די ראָל פון יחיד אין קאַמף מיט דער מאַכט און בורזשואַזיע, און זי אָנערקענט דעם טעראָר. אַלע טעראָריסטישע אַקטן, וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן אויף

די רוסישע „צארן" און אויף זייערע משרתים, איז געווען די אַרבעט פון די ס. ר. נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש האָבן די ס. ר. געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער רוסישער געזעלשאַפט; ביי היינטיקן טאָג זענען די ס. ר. פאַררעכנט פאַר קאָנטררעוואָלוציאָנערן.

**סאָציאַלער** (לאַט.) — געזעלשאַפטלעכער.

**סאָרעל, ע,** (1922—1847) — אינזשיניער, פראַנצייזישער פּובּליציסט און פּאָליטיקער, הויפּט-טעאָרעטיקער פון רעוואָלוציאָנערן סינדיקאַליזם (זע).

**סובאָרדינאַציע** (לאַט.) — געהאָרכזאַמקייט, אונטערטעניקייט צו דער העכערער מאַכט; דיסציפּלין.

**סובווענציע** (לאַט.)—אַ שטיצע פון דער רעגירונג פאַר קאָמונאַלע אינסטיטוציעס, אויף ספּעציעלע צוועקן: פאַר נייע שול-בנינים א. אַז. ח.

**סובסטאַנץ** (לאַט.)—אין מעטאַפיזיק: דער מהות פון זאַכן און דערשיינונגען, וואָס בלייבט אומפאַרענדערט; 2) דער שטאָף, עלעמענטן, וואָס פון זיי שאַפט זיך אַ קערפּער; דער באַשטאַנדטייל פון אַ זאַך.

**סובסידיע** (לאַט.) — הילף, שטיצע.

**סוביעקטיוו** (לאַט.) — פּערזענלעך, אינדיווידועל.

**סובסקריפּציע** (לאַט.) — אונטערשריפט, חתימה; דאָס פאַרפליכטן-זיך מיט אַן אונטערשריפט צו קויפן הלוואה-פּאַפּירן, מלוכהשע ציטשריפטן א. אַז. ח.

**סווערעניטעט** (פר.)—אויבערהערשאַפט; אומאָפּהענגיקייט פון אַ מלוכה.

**סווערען** (פר.)—אויבערהערשאַפט. די העכסטע און אומבאַגרענעצטע מאַכט פון אַ רעגירונג אינערלעך און די אומאָפּהענגיקייט אויסערלעך. די מלוכות, וואָס זענען פאַרבונדן צווישן זיך דורך פעדעראַציעס (דייטשלאַנד, שווייצאַריע, פאַראייניקטע שטאַטן), זענען נישט סווערען, ווייל זיי זענען באַגרענעצט אין זייערע קאָמפּעטענצן. נישט-סווערען זענען אויך די מלוכות, וואָס געפינען זיך אונטער אַ פּראָטעקטאָראַט.

**סוויטינג - סיסטעם** — שוויס-סיסטעם, ד. ה., די אומ-

באַגרענעצטע עקספּלואַטאַציע פון ארבעטער. דערדאָז, סיסטעם ווערט איבערהויפּט באַנוצט דורך די קאַפּיטאַליסטן אין באַצוג צו ארבעטער „כאַלופּניקעס", וואָס נעמען די ארבעט אהיים.

**סווערדלאָוו, י.** (1885 — 1919) — א רוס. רעוו. פאַר זיין באַטייליקן-זיך אין א פּאָליטישער דעמאָנסטראַציע (1902) באַקומט ער אן אַדמיניסטראַטיוון ארעסט, אין 1907 איז ס. אַלס מיטגליד פון דער פּערמער אָרגאַניזאַציע געוועז פאַראורטיילט אויף צוויי יאָר פעסטונג. אין 1911 ווערט ס. פאַרשיקט אויף 4 יאָר, וווּ ער בלייבט גאַנצע דריי יאָר, ביז צו דער פעברואַר-רעוואָלוציע. אין 1917 נעמט ס. אן אַקטיוון אנטייל אין דער רעוואָלוציע, נאָך דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע ווערט ס. דער שטענדיקער פּאַרזיצער פון וציק.

**סון-יאַט-סען** (1863—1925) — א כינעזישער פּאָליטיקער פון ראַדיקאַלער ריכטונג, אָרגאַניזירט די רעוואָלוציע אין די דרום-פּראָווינצן פון כינע, פּרעזידענט פון דער כינ. רעפּוב. פון 1911—1912.

**סופּראַזשיסטקעס** — אַנהענגערינס פון וואַל-רעכט פאַר פרויען, סופּראַזשיסטקעס הייסן אין ענגלאַנד די פרויען, וואָס קעמפן פאַר וואַל-רעכט מיט געוואַלט-מיטלען.

**סטאַביליזאַציע** (לאַט.) — דאָס אויפשטעלן דעם גלייכגעוויכט; דאָס פעסטשטעלן דעם קורס פון פּאַפּירגעלט. ביי א סטאַב. ווערט באַגרענעצט די עמיסיע פון פּאַפּירגעלט.

**סטאַדיע** (גר.) — די מדרגה פון אנטוויקלונג (פון א קרענק, פון עקאָנאָמיש-ווירטשאַפטלעכן לעבן, פון קאַפּיטאַליזם א. אז. וו.)

**סטאַזש** (לאַט.) — א פּראַקטישע צוגרייטונג; די צייט, וואָס מען פאַרגעמט אן אמט, למשל: די צאָל יאָרן פון ארבעט אויף א געוויסן געביט.

**סטאַטוט** (לאַט.) — די פאָרשריפטן, תקנות פון אן אָרגאַניזאַציע, חברה, זעלבסטפאַרוואַלט.

**סטאַטיסטיק** (לאַט.) — די לערע, וואָס ווייזט אָן די צאָלן פון נאַטירלעכן, קולטורעלן און עקאָנאָמישן מצב פון א מדינה, פּראָווינץ, שטאָט א. אז. וו.

**סטאַטיק** (גר.) — א טייל פון דער מעכאַניק, וואָס לערנט וועגן גלייכגעוויכט פון קערפּערן;

אין פאָליטיק און אין סאָציאָלאָגיע באַדייט סט.: אַ מצב פון שטילשטאַנד, פאַרגליווערטקייט.

**סטאָיציזם** (גר.)—אַ פילאָזאָפישע שיטה, לויט וועלכער די צניעות איז דער העכסטער ציל פון מענטשלעכן לעבן. דער סט. זעט אין באַהערשן די אייגענע תאוות דעם וועג, וואָס פירט צו שלמות; פיג. גלייכגילטיקייט צו אייגענע ליידן, די זעלישע רויִקייט ביי אומגליקספאַלן, שטאַרקייט פון כאַראַקטער, דאָס באַהערשן אייגענע אויפרעגונג, כעס.

**סטאַלין, אי. וו.** (דזשוגאַשווילי, געב. 1879)—אַ פויער פון טיפליסער גובערניע, צו 17 יאָר טרעט ער אריין אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אין 1912 ווערט ס. אַ מיטגליד פון צ. ק., פיל מאָל געווען אַרעסטירט און פאַרשיקט, גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע, איצט גענעראַל-סעקרעטאַר פון צ. ק. פון דער אַלרוסישער קאָמ. פאַר., איינער פון די הויפּטאָנפירער אין דער באָלשעוו. רעגירונג.

**סטאַמבולינסקי, אַל.** (1879—1923) — אַ בולגאַרישער פאָליטיקער פון דער ראַדיקאַל-פויערישער פאַרטיי. אָנפירער פון דער רעוואָלוציע אין 1918, פּרעמיער און פאַקטישער דיקטאַטאָר אין 1920 — 23, דערמאָרדעט בשעת דער מלוכה-איבערקערעניש אין יוני 1923.

**סטאַנדאַרט** (ענג.) — פעסטגעשטעלטע מאָס אָדער מוסטער.

**סטאַנדאַרטיזאַציע** (לאַט.) — דאָס אויסאַרבעטן סחורות לויט אַ באַשטימטן, איינהייטלעכן, פעסטגעשטעלטן אַרט און שטייגער.

**סטאַפּינסקי, י.** (ג. 1867)—אַ פוילישער פאָליטיקער פון פאָלקס-ראַדיקאַלן לאַגער, איינער פון די גרינדער פון פאַרצעלאַציע-באַנק אין לעמבערג, רעדאַגירט אין קראָקע דעם וואָכן-זשורנאַל „פאָלקס-פריינט", דעפּוטאַט צום עסטרייכישן פאַרלאַמענט (1898—1918). אין 1912 שאַפט ס. די „פּיאַסט"-גרופּע מיט וויטאָסן. פון 1919—22 איז ס. דעפּוטאַט פון פוילישן סיים.

**סטאַראָסטע**—(ס"ל.) אַ מלוכה-באַאַמטער איבער אַ קרייז, נאָמינירט דורכן אינערן-מיניסטער, זיין דירעקטע העכערע מאַכט איז דער וואָיעוואָדע.

**סטודניצקי, וו.** (ג. 1867)— א פוילישער פובליציסט און פאָליטיקער, געווען א פּעפּעסאָוויעץ, שפּעטער מיטגליד פון דער פאָלקס־פּארטיי אין גאַליציע, לסוף גייט ער איבער צו די נ. ד. אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה, אַן אַקטיוויסט און גרינדער פון קלוב „קעמפער פאַר דער פוילישער מלוכה" אין ווארשע, מיטגליד פון מלוכה־ראט אין 1917—18. זיינע ווערק: „פּאָליטישע עקאָנאָמיע", „די געשיכטע פון דער רוס. מלוכה־אָרדנונג", „די היינטיקע ליטווישע מלוכה" א. אנד.

**סטיכיע** (גר.) — די בלינדע קראַפט פון דער נאַטור; א געזעלשאַפטלעכער קלאַס, למשל: די קליינבירגערלעכע סטיכיע.

**סטיכיש** — אומבאַוואוסטזיניק, אינסטינקטיוו.

**סטימול** (לאט.)—אָנרעגונג צו עפּעס א טאָט.

**סטראַטעגיע** (גר.)—די לערע און קונסט איינצואָרדנען און א בערצוואַרפן די ארמייען אין א מלחמה; די פעיקייט צו דערגרייכן א דערפאָלג ביי א מינימאַלן פאַרלוסט פון ענערגיע.

**סטראָנסקי,** סטאַניסלאַוו (געב. 1882) — א פוילישער פובליציסט און פאָליטיקער, געהערט צו דער קריסטלעך־נאַציאָנאַלער פּאַרטיי. רעדאַקטאָר פון וואָכנבלאַט „זשעטשפּאָספּאָליטאַ" פון 1909 — 14, פון 1920 אָן שעף־רעדאַקטאָר פון דער צייטונג „זשעטשפּאָספּאָליטאַ" אין ווארשע, סיים־דעפּוטאַט פון 1922 אָן.

**סטרוווע, פּ. ב.** (געב. 1870)—א שריפטשטעלער, אָנגעזעענער ס.־ד. פון די 90־ער יאָרן, געפירט א קאַמף מיט דער באַוועגונג פון „גיין אין פאָלק", דער רעדאַקטאָר פון מאַניפעסט בעת דעם ערשטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר (1898), שפּעטער פאָרשטייער פון „לעגאַלן מאַרקסיזם". אין סוף 90־ער יאָרן טרעט ס. אַריין אין דער קאַדעטישער פּאַרטיי, שפּעטער א מאָנאַרכיסט. נאָך דער אָקטאָבער־רעוו. (1917) האָט ס. געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָל אין דעניקינס רעגירונג. איצט געפינט זיך ס. אין אויסלאַנד.

**סטרוקטור** (לאט.)—דער אופן פון פאַרייניקן איינצלנע טיילן אין א גאַנצע זאַך; דער געבוי, צוזאַמענשטעל פון הויפּט־טיילן; סטיל.

**סיוזערען**—זע חאַסאַל;

**סיטואַציע** (לאַט.)—דער מצב, וואָס קומט אַלס פועל־יוצא פון קעגנזייטיקער טעטיקייט און קעגנזאַץ פון אינטערעסן.

**סיס, ע. זש.** (1748 — 1836)—אַ גייסטלעכער, פראַנצ. פּאָל טיש, טוער, פאַרעפנטלעכט אַ סך באַשורן, וואָס איינע פון זיי האָט אין זיך אַנטהאַלטן די פּרינציפּן פון דער „דעקלאַראַציע פון מענטשנרעכט". ס. איז געווען אַ מיטגליד פון נאַציאָנאַלן קאָנווענט (1793).

**סיידא, מ.** (געב. 1879) — אַ פּוילישער פּאָליטיקער, געהערט צו דער פאָלקס־נאַציאָנאַלע פּאַרטיי, רעדאַקטאָר פון „פּויזנער קורירער", פון 1906 — 15 מיטגליד פון פּוילישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט אין פּאַריז, סיים־דעפּוטאַט פון 1919 אָן, אויסערן־מיניסטער אין 1923.

**סיים** — אַזוי הייסט דער פּאַרלאַמענט אין פּוילן און אין פינלאַנד.

**סילאָגיזם** (גר.) — אַ מסקנא, לאָגישער שלוס, אויספיר.

**סימאָן. זש. פר.** (1814—1896)—אַ פראַנצ. פּאָליטישער טוער און פילאָזאָף, מיטגליד פון דער נאַצ. פאַרזאַמלונג אין 1848. פאַר זיין נישט וועלן שווערן טריישאַפט צו לודוויק נאַפּאָלעאָן (1851) פאַרלירט ס. זיין רעגירונגס־פּאָסטן. אין 1863 איז ס. מיטגליד פון געזעצגעבערישן קאָרפּוס, געהערט צו דער אָפּאָזיציע. נאָכן פאַלן פון נאַפּ. III (1870) ווערט ס. מיטגליד פון דער פאַרטיידיקונגס־רעגירונג און בילדונגס־מיניסטער, שפּעטער מיטגליד פון דער נאַצ. פאַרזאַמלונג, אין 1875 שטענדיקער סענאַטאָר און מיטגליד פון דער פראַנצ. וויסנש. אַקאַדעמיע, אין 1876 מיניסטער־פּרעזידענט.

**סימאָן, ל.** (1810—1872)—אַ דייטשער פּאָליטישער טוער, אַן עקסט־לינקער, גלענצנדער רעדנער, מיטגליד פון דער נאַצ. פאַרז., אין 1848 מיטגליד פון דער „קאָמיסיע פון די דרייסיק" אין פראַנקפורט. נאָכן פאַלן פון פאַרלאַמענט אַנטלויפט ס. קיין שווייץ, ווערט אין זיין אָפּוועזנהייט פאַרמשפּט צום טויט.

**סימבאָל** (גר.) — אַ צייכן, אַ בילד, וואָס פאַרקערפּערט אַן אידייע, פאָרשטעלונג, און וואָס רופט אַרויס אַ ריי געדאַנקען אָדער געפילן, למשל: דער רויטער קאָליר—סימבאָל פון רעוואָל. דער קאַנטשיק—סימבאָל פון צאַריזם.

**סימולאַציע** (לאַט.) — דאָס פאַרשטעלן זיך, אַרויסווייזן אַ פאַלשן גייסטיקן אָדער פיזישן צושטאַנד, כּדי עמעצן אָפּצונאַרן.

**סימעטריע** (גר.)—גלייכמעסיקייט, האַרמאָנישער צוזאַמענשטעל פון באַזונדערע טיילן אין איין גאַנצעס, לויט דער גרויס, צאָל, פאָרם.

**סימפּטאָם** (גר.)—אַ דערשיינונג, וואָס דורך אים דערקענט מען דעם מצב פון אַ זאַך, למשל: וואָס פאַר אַ קראַנקהייט, אָדער אַן אַנדער צושטאַנד, וואָס איז ביז איצט געווען נישט פעסטגעשטעלט.

**סינאָד** (גר.)—די פאַרזאַמלונג פון העכערע גייסטלעכע.

**סינדיקאַט** (לאַט.)—אַ פאַרבאַנד פון אינדוסטריעלער, וואָס האָט דעם צוועק אָפּצושאַפן די קאָנקורענץ, פאַרטיילן צווישן זיך דעם מאַרק, נאָרמירן דעם סכום פּראָדוקטן און באַשטימען די פרייזן אויף די פּראָדוקטן, וואָס זיי אַרבעטן אויס.

**סינדיקאַליזם** (לאַט.) — אַ רעוואָלוציאָנערע ריכטונג אין פראַנצייזישן סאָציאַליזם, וואָס האַלט, אַז די סינדיקאַטן, ד. ה., די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, זענען דער יסוד פון דער טעטיקייט און צוקונפט פון אַרבעטער-קלאַס. די ס. מיינען, אַז דער קלאַסן-קאַמף קאָן געפירט ווערן נישט אין די פּאַרלאַמענטן, נאָר בלויז אויפן עקאָנאָמישן באָדן, דירעקט דורכן פּראָלעטאַריאַט גופא, פאַראייניקט אין זיינע קלאַסן-אָרגאַניזאַציעס (סינדיקאַטן, לאָקאַלע ס.-פאַרבאַנדן אָדער אַרבעטער-בערזעס) מחוץ די פּאָליטישע פּאַרטייען. דער ס. רופט די אַרבעטער צום קאַמף פאַר אַ נייער אָרדנונג דורך דירעקטע, קאָנקרעטע מעשים: שטרייקן, בויקאָט, סאַבאָטאַזש א. אַז. וו. דער ס. אַנערקענט, אַז די סאָציאַלע רעוואָל. וועט קומען נישט אַלס רעזולטאַט פון קאַפּיטאַל-קאָנצענטראַציע מיט אַלע זיינע פאָלגן, נאָר דורכאויס אַלס פועל-יוצא פון פּראָלעטאַרישן באַוווּסטזיין און פון אַנטוויקלונג פון זיינע קלאַסן-אָרגאַניזאַציעס. דידאָזיקע אָרגאַניזאַציעס וועלן נאָך דער סאָציאַלער רעוו. זיך פאַרוואַנדלען פון קאַמפס-אָרגאַניזאַציעס אין קערפּערשאַפטן, וואָס פאַרוואַלטן מיט דער אינדוסטריע און מיט דער פּראָדוקטן-פאַרטיילונג. שטיצנדיק זיך אויף דערדאָזיקער הנחה איז דער ס. קעגן די אַלע מיטלען, וואָס עס לייגן-פאָר ז

אנאַרכיסטן, סאָציאַליסטן און אַפילו די קאָמוניסטן. דער ס. לייקנט-אָפּ די טאַקטיק פון באַוואָפנטע אויפשטאַנדן און די טעאָריע פון די סאָציאַליסטן וועגן דער נויטווענדיקייט צו פארכאַפּן די פּאָליטישע מאַכט. אַנשטאָט דעם לייגט דער ס. פאַר דעם אַלגעמיינעם שטרייק, ווי דאָס איינציקע ריכטיקע מיטל אויף דורכצופירן די סאָציאַלע רעוואָלוציע. דער גרינדער פון ס. איז געווען פּ ע ל ו ט י ע, און זיינע טעאָרעטיקער — זש. ס אָ ר ע ל און אַרטור ל אַ ב ר י אָ ל אַ. אין פראַנקרייך זענען אין דער סינדיקאַליסטישער באַוועגונג פאַראייניקט בערך צוויי מיליאָן אַרבעטער.

**סינטעזע** (גר.) — פאַראייניקונג פון פאַרשידענע פאָרשטעלונגען, באַגריפן אין איין באַגריף; פאַראייניקן פּרטים אין אַ כלל.

**סינטעטיש** (גר.) — פאַראייניקט לויט די כללים פון אַ סינטעזע.

**סינפייניסטן** — אַן אירלענדישע פּאָל. גרופּירונג, וואָס פאָדערט פולשטענדיקע אומאָפּהענגיקייט פון אירלאַנד; דער אָנפירער פון די ס. איז ד ע וואַ ל ע ר י ע.

**סינעקור** (לאַט.) — אַ באַצאָלטער פּאָסטן, אַמט, וואָס פאַרפליכטעט נישט צו קיין אַרבעט.

**סיסטעם** (גר.) — אַ פּלאַנמעסיקער, ריכטיקער צוזאַמענשטעל פון פאַרשידענע פּרטים, וויסנשאַפטלעכע פאַקטן; אַ סכום פון פּרינציפּן, וואָס באַגרינדעט אַ געוויסע דאָקטרין, שיטה.

**סכאָלאַסטיק** (גר.) — פּלפּול. אַ מיטלאַלטערלעכע פילאָזאָפישע שיטה, וואָס איז געווען אַ פאַרבינדונג פון אריסטאָטעלעס, פילאָזאָפיע מיט דער קריסט. טעאָלאָגיע; אַ טרוקענע אומפּראָדוקט. חקירה, וואָס צייכנט זיך אויס מיט בלויזן פּלפּול.

**סכעמע** (גר.) — אַ פאָרם, אַלגעמיינע פאָרשטעלונג וועגן עפּעס אַ זאַך; דער סקעלעט פון אַ ווערק, פאָרגעשטעלט אין זיינע אַלגעמיינע הויפּטשטריכן; אַ קורצע שילדערונג.

**סמיט, אַדאַם** (1723–1790)
אַ באַוווּסטער ענגלישער עקאָנאָמיסט, באַרימט געוואָרן דורך זיין ווערק „די נאַטור-רייכטימער און די סבות פון פעלקער-רייכטום“. לויט דער מיינונג פון געלערנטע איז דאָסדאָזיקע בוך געווען דער יסוד פאַר דער וויסנשאַפטלעכער פּאָליטישער עקאָנאָמיע,

סמיטס לערע האָט אין זיך ענלעכעס צו דער אַנשויונג פון די פיזיאָקראַטן (זע), זיין מיינונג איז, אַז דער מקור פון נאַציאָנאַלער עשירות איז די אַ ר ב ע ט פ ו ן פ אָ ל ק. די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון סמיטס לערע זענען: 1) נ אַ ט י ר ל ע ך זענען נאָר ד י ווירטשאַפטס-געזעצן, וועלכע גיבן די מעגלעכקייט פון פרייע ווירטשאַפטס-טעטיקייט; 2) ווען יעדער מענטש וועט האָבן די מעגלעכקייט פריי צו דערגרייכן און צו אַנטוויקלען זיינע אייגענע אינטערעסן, וועט ממילא דערפון אַרויסקומען דער גרעסטער נוצן אויך פאַר דער גאַנצער פאָלקס-ווירטשאַפט; 3) כדי די אַרבעט זאָל זיין וואָס מער פּראָדוקטיוו, איז נייטיק אַ ראַציאָנעלע צעטיילונג פון דער אַרבעט און אַ פרייע קאָנקורענץ; 4) יעדע אַריינמישונג פון דער מלוכה אין פאָלקס-ווירטשאַפט ברענגט נאָר שאָדן; 5) דער אמתער מקור פון נאַצ.-עשירות איז די יערלעכע אַרבעט פון פאָלק; 6) די אַרבעט איז דער אמתער קריטעריום פון ווערט (אויסטויש-ווערט) פון אַלע סחורות; 7) די הכנסות דאַרפן צעטיילט ווערן אויף דריי אופנים: אַרבעטס-לוין, ריווח פאַרן אינדוסטריעלער און רענטע (ערד-רענטע); 8) יעדע הכנסה דאַרף זיין אַ גערעכטער און פאַסיקער לוין פאַר פערזענלעכע לייסטונג ביי דער ווירטשאַפטס-טעטיקייט.

## סוספּענסיווע וועטאָ

(לאַט.) — די רעכט פון ראש פון אַ רעפּובליק צו קווּעסטיאָנירן אַ געזעץ, וואָס איז געוואָרן אָנגענומען דורכן פּאַרלאַמענט, און צוריק איבערצושיקן עס אין פּאַרלאַמענט, כדי צובאַטראַכטן דעם געזעץ-פּראָיעקט אַ צווייט מאָל. אַזאַ רעכט האָט דער פּרעזידענט פון די אַמ. פאַרייג. שט., פראַנצ. פּרעזידענט, נאָרוועגישע און ענגלישע קעניגן.

## סמעטאָנאַ, א. (געב. 1874)—

אַ ליטווישער פּאָליטיקער, אַדוואָקאַט, פאָרזיצער פון טאַריבע (זע) אין 1917, פּרעזידענט פון דער ליטווישער רעפּ. פון 1919—20 און נאָך דער מלוכה-איבערקערעניש אין דעצעמבער 1926. ס. רעפּרעזענטירט דעם נאַציאָנאַליסטישן טייל פון דער קריסטלעך-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

## סעווערשער טראַקטאַט-

דער טראַקטאַט, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אין סעוור נעבן פּאַריז אין 1920 צווישן דער

קאָאַליציע מיט טערקיי. דערדאָזיקער טראַקטאַט איז אָבער נישט אָנערקענט געוואָרן דורך דער אַנגאָרער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, נאָר ערשט דער טראַקטאַט, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אין לאָזאַן אין 1923, וואָס האָט אין געוויסע פּונקטן נאָכגעגעבן די טערקישע פּאָסטולאַטן, האָט געמאַכט אַסוף צום מלחמה-צושטאַנד.

**סעטימאָ, ד.** (1863—1778) אַן איטאַליענישער פּאָליטישער טוער, פלאָט-מיניסטער. צוליב דעם וואָס ס. איז געווען פּאָפּולער צווישן די ברייטע פאָלקסמאַסן האָט מען צו אים נישט געהאַט קיין צוטרוי אין די רעגירונגס-ספערן און ער האָט געמוזט דעמיסאָנירן. ס. האָט גענומען אַן אָנטייל אין דעם אויפשטאַנד פון פּאַלערמאָ (1848), פּרעזידענט פון דער צייטווייליקער רעוו. רעגירונג, נאָכן נצחון פון דער פאָלקס-פּאַרטיי אין נעאַפּאָל ווערט ער פּאַרוואַלטער אין סיציליע. נאָך דער מפּלה פון דער רעוו. רעגירונג (1899) אַנטלויפט ס. אויף דער אינדזל מאַלטא, ווו ער איז פאַרבליבן זיינע לעצטע יאָרן.

**סעמיט** (העב. פון שם, נחס זון) — אַ צווייג פון דער ווייסער ראַסע; צו איר געהערן יידן און אַראַבער.

**סענאַט** (לאַט.) — אין פאַרצייטישן רוים: דער רעגירונגס-ראַט; אין מיטלאַלטער: שטאָט-ראַט פון גרעסערע שטעט; די העכסטע געריכטס-אינסטאַנץ; די אייבערשטע פּאַלאַטע פון פּאַרלאַמענטן; אין צפון-אַמעריקע באַשטייט דער סענאַט פון צוויי פאָרשטייער פון יעדן שטאַט, וואָס געהערן צו די פאַראייניקטע שטאַטן.

**סענטימענט** (פר.) — געפיל, איינדרוק, שטימונג; אַ נייגונג, ליבע צו עמעצן אָדער צו עפּעס אַ זאַך.

**סענטימענטאַל** (פר.) — זייער פילבאַר.

**סענטענץ** (לאַט.) — מיינונג, שפּרוך, משל, אַפאָריזם; באַשלוס, געריכטלעכער פסק.

**סען-סימאָן, אַנרי** (1760—1825) אַ פראַנצייזישער אוטאָפּיסט. אין זיינע ווערק באַווייזט ס. די פסיכאָלאָגישע און עקאָנאָמישע סתירות פון דער געזעלשאַפט. אין זיינע ווערק ליגט שוין דער קערן פון דער קינפטיקער מאַרקסיסטישער לערע וועגן געזעלשאַפטלעכע קלאַסן און קלאַסן-

קאַמף (זע מאַרקסיזם). אין זיין „טראַק-
טאַט וועגן אייגנטום און געזעצ-
געבונג" (1818) טרעט ס. אַרויס
ווי אַ הייסער פאַרטיידיקער פון
אינדוסטריעלער ווירטשאַפט. דאָס-
דאָזיקע ווערק הייבט-זיך אָן מיט
דער פילזאָגנדיקן מאָטאָ: „אַלץ
דורך דער אינדוסטריע, אַלץ פאַר
איר". ס.-ס. שטעלט-פעסט דריי
גרונט-פרינציפן: 1) דער אינדוס-
טריעלער קלאַס איז דער איינצי-
קער קלאַס פון דער געזעלשאַפט;
2) דערדאָזיקער קלאַס ווערט
בסדר גרעסער; וואַקסנדיק אויפן
חשבון פון אַנדערע, וועט ער מיט
דער צייט ווערן דער איינציקער
קלאַס פון דער געזעלשאַפט; 3)
אַלע געזעצן און אַלע אַדמיניסטראַ-
טיווע פאַראָרדנונגען קענען ווערן
אָפּגעשאַצט בלויז פון איין אויס-
גאַנגספּונקט: צי זיי זענען צוגעפּאַסט
צו די אינטערעסן פון דער אינדו-
סטריע. דאָס איז דער איינציקער ריכ-
טיקער קריטעריום. לויט ס.'ן געהערן
צום אינדוסטריעלן קלאַס: קאַפּי-
טאַליסטן, וואָס באַשעפטיקן זיך
מיט אינדוסטריעלער טעטיקייט,
פּויערים און אַרבעטער. זיי שטעלט
ס. אַנטקעגן די פּאַראַזיטן-שיכטען
פון דער געזעלשאַפט, די נישט-
אַרבעטנדיקע קאַפּיטאַליסטן, די
רעפּרעזענטאַנטן פון געלט-קאַפּי-
טאַל, באַנקירן, אַריסטאָקראַטן-
גוטס-באַזיצער, מיניסטאָרן, בישאָפן.
פעסטשטעלנדיק דעם באַגריף
„אינדוסטריעלער" קלאַס, האָט ס.
נישט באַמערקט דעם אינטערעסן-
קעגנזאַץ צווישן אַרבעט און קאַ-
פּיטאַל. אין זיין לעצט ווערק „דאָס
נייע קריסטנטום" טרעט ס. אַרויס
קעגן דער קריסטלעכער רעליגיע,
וואָס איז פאַרקריפּלט געוואָרן
דורך די גייסטלעכע און רופט צו
שאַפן אַ נייע געזעלשאַפט, וואָס
זאָל זיין געבויט אויף פּריציפּן
פון אַ נייער געזעלשאַפטלעכער
מאָראַל, אויפן יסוד פון ברידער-
לעכקייט און געזעלשאַפטלעכן
אייגנטום פין דער ערד און פּראָ-
דוציר-מכשירים. דעם סענסימאָניזם
האָבן ווייטער אַנטוויקלט זיינע
תלמידים (ראָדריגער, באַזאַר און
אַנפאַנטען) און אַרויסגעשטעלט
דעם פּרינציפּ פון דער צוקונפטי-
קער געזעלשאַפט: „יעדן לויט זיי-
נע באַדערפעענישן, פון יעדן לויט
זיינע פעיקייטן". אין די יאָרן
1829—30 איז דער קרייז
תלמידים פון ס.-ס. פאַרוואַנדלט
געוואָרן פון אַ פילאָזאָפישער שול
אין אַ רעליגיעזע סעקטע, וואָס
איז זיך אינגיכן צעפאַלן.

**סעסיע** (לאַט.) — אַ זיצונג
אָדער אַ סעריע זיצונגען פון
אַ געוויסער באַראַטנדיקער קערי-
פּערשאַפט.

**סעפּאַראַטיזם** (לאַט.)—אָפּגעזונדערטקייט; דאָס אָפּטיילן זיך פון דער מערהייט פון אַ פּאָליטישער אָדער רעליגיע׳ער פּאַרטיי.

**סעפּאַראַטיסט** (לאַט.) — דער, וואָס האָט זיך אָפּגעטיילט פון זיין פּאַרטיי, רעליגיע, אָדער וואָס שטרעבט אָפּצוטיילן זיך; אַ פורש מן הצבור.

**סעצעסיע** (לאַט.) — דאָס אָפּטיילן־זיך פון אַ געוויסע ריכטונג, פּאַרטיי.

**סערוויליזם** (לאַט.) — הכנעהדיקייט; אַן אופן פון רעדן, טון, וואָס האָט דעם צוועק צו געווינען פאַר זיך אַ געוויסע איינפלוסרייכע פּערזאָן: אַ קעניג, אַ מיניסטער א. א. וו.

**סעקולאַריזאַציע** (לאַט.)—דאָס פאַרוואַנדלען קירכנגיטער אין מלוכה־אייגנטום.

**סעקוועסטער** (לאַט.) — אַן אַרעסט אויף זאַכן, פאַרמעגן, וועגן וועלכע ס׳איז אַ ספק צו וועמען זיי געהערן; אַן אַרעסט אויף אַ פּריוואַט פאַרמעגן צוליב אַ חוב.

**סעקטאַנט** (לאַט.) — דער, וואָס באַציט־זיך אומטאָלעראַנט צו אַ פרעמדער מיינונג.

**סעקטע** (לאַט.)—א כתה, אַ געמיינשאַפט מענטשן, וואָס רייסט זיך אָפּ פון אַ רעליגיע און לעבט לויט אירע אייגענע פּרינציפּן.

**סעקציע** (לאַט.) — אַן אָפּטיילונג פון אַ פּאַרטיי, געזעלשאַפט, צוזאַמענפאָר, קאָנגרעס, וואָס האָט די אויפגאַבע צו דערליידיקן געוויסע ענינים, אויסצואַרבעטן רעזאָלוציעס, פּראָגראַמען א. אַז. וו.

**סערוועראַ, א.** (1825—1860) — א שפּאַנישער עקאָנאָמיסט און פּאָליטישער טוער, אַרויסגעבער פון זשורנאַל „דער אַרבעטער“, וואָס איז געווען געווידמעט די אַרבעטער־אינטערעסן און האָט פאַרייניקט די סימפּאַטיקער פון קאָאָפּעראַציע. ס. האָט געגרינדעט אַרבעטער־קורסן, אַן איבערגעגעבענער פריינט פון פאָלקס־בילדונג, גערודפט געוואָרן פון דער דעמאָלטיקער שפּאַנישער רעגירונג.

**סערפּ און האַמער** — דער סימבאָל פון אַרבעטער־ און פּויערים־פאַרבאַנד, דער הערב פון די ראַטן־רעפּובליקן.

**ספאַראַדיש** (גר.) —איינצל, באַזונדער, זעלטן, אָפּגעזונדערט, צעטיילט, צעשפּרייט.

**ספּאַרטאַניש** — שטרענג, פּשוט, אויסגעהאַלטן, האַרטער לעבנס-שטייגער.

**ספּאַרטאַקוס** — אַן אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז ביים אָנהייב פון דער וועלט-מלחמה געגרינדעט געוואָרן דורך קאַרל ליבקנעכט, לייב מעיאָכיס (טישקאָ) און ראָזע לוקסעמבורג כּדי צו קעמפן קעגן דער אָפיציעלער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וואָס האָט פאַרראַטן דעם אינטערנאַציאָנאַל און די רעוואָלוציע. „ספּאַרטאַקוס" איז דער נאָמען פון איינעם פון די אויפשטענדיקע רוימישע שקלאַפן, וואָס איז געוואָרן געקרייציקט. דעם 4-טן אויגוסט 1914 האָט זיך די דייטשע ס.-ד.-פּאַרטיי, בעת איר פּאַרלאַמענטאַרישע פראַקציע האָט געשטימט פאַר די מיליטער-קרעדיטן, לחלוטין זיך געשטעלט אויפן צד פון דער רעגירונג. די ספּאַרטאַקער האָבן נישט נאָר געפירט אַן אַגיטאַציע קעגן דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, נאָר אויך גערופן די מאַסן צו אַ רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַר אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע. אין 1916, נאָך דער שפּאַלטונג פון די „אומאָפּהענגיקע" פון דער אָפיציעלער ס.-ד.-פּאַרטיי (האאזע, לעדעבור), וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו שטימען פאַר די מלחמה-קרעדיטן, אָבער גלייכצייטיק אויך געווען קעגן דער אַגיטאַציע פאַר אַ סאָצ. רעוו., איז „ספּאַרטאַקוס" איבערגעגאַנגען צוליב טאַקטישע טעמים צו דער אומאָפּהענגיקער ס.-ד.-פּאַרטיי פון דייטשלאַנד. נאָך דער נאָוועמבער-רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד (1918), בעת דעם אַנטשטיין פון אַן אָפיציעלער ס.-ד.-רעגירונג (שיידעמאַנער) און „אומאָפּהענגיקע", האָט „ספּאַרטאַקוס" מיט זיי איבערגעריסן די באַציונגען. אין צוזאַמענהאַנג מיטן אַנטשטיין פון דער דייטשער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט זיך „ספּאַרטאַקוס" אויפגעלייזט און איז אַריין אין צוזאַמענשטעל פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

**ספּיקער** (ענג.) — רעדנער; פּאָרזיצער אין ענגלישן פּאַרלאַמענט.

**ספּערע** (גר.) — האַנדלונגס-קרייז, ווירקונגס-סביבה.

**ספּעציפיש** (לאַט.) — אַ באַזונדערע אייגנשאַפט.

**סקאָראָפּאַדסקי** — אַן אוקראַאינישער „העטמאַן" (זע), געוועזענער גוואַרדיע-אָפיציר פון

דער רוס. צארישער ארמיי. מיט דער הילף פון די דייטשע חיילות האט ס. אין 1918 צעטריבן די „ראדע“ און זיך פראקלאמירט אלס אלאוקראינישער העטמאן, האט זיך אבער נישט לאנג געהאלטן. ס. איז געשטיצט געווארן פון די רייכע גוט-באזיצער, קעגן אים זענען געווען די ארבעטער, פּויערים אין די גאנצע קליין-בורזשואזיע. זיין הערשאפט איז די גאנצע צייט געווען באגלייט פון שטענדיקע אויפרעגונגען און אויפשטאנדן. די נאוועמבער-רעוואלוציע אין דייטשלאנד, וואס האט גורם געווען דערצו, אז די דייטשע ארמיי זאל פארלאזן די אוקראינישע טעריטאריע, האט אויך דערפירט צו דער מפּלה פון ס., וואס איז ארויסגעשטויסן געווארן דורך די פּעטלוראווצעס, וועלכע זענען שפּעטער געפאלן צוליב דער באלש. רעוואלוציע.

## סקופּטשינע (סער.) — אזוי

הייסט דער פּארלאמענט אין יוגא-סלאוויע.

## סקזשינסקי, א., גראף, (ג. 1882) — א פּוילישער דיפּלאמאט און פּאליטיקער, א הויכער-באאמטער אין פארמלחמהדיקן עסטרייכישן אויסערן-מיניסטעריום, סעקרעטאר פון דער עסטרייכישער אמבאסאדע בײם וואטיקאן (1910—12), דערנאך אמבאסאדאר אין בערלין און אין פּאריז, פּוילישער קאנסול אין רומעניע (1919—22), אויסערן-מיניסטער (1922—26), פּרעמיער (1925—1926).

## סקירמונט, ק. (ג. 1866)—

א פּוילישער דיפּלאמאט, יוריסט, מיטגליד פון מלוכה-ראט (1917), מיטגליד פון נאציאנאלן קאמיטעט אין פּאריז (1917—19), פּוילישער אמבאסאדאר אין איטאליע (1919—1921), אויסערן-מיניסטער (1921—22), אמבאסאדאר אין לאנדאן פון 1922 אן.

## סקעפּטיציזם (גר.) — א

פילאזאפישע ריכטונג, וואס צווייפלט אין יעדע פילאזאפישע דאגמע, מיינונגען און אייביקער צווייפל.

## סקעפּטיק — דער, וואס

צווייפלט אין אלעם.

# ע

**עבערט, פ.** (1871—1925)— א דייטשער פּאָליטיקער, איינער פון די אָנפירער פון דער דייטשער ס.-ד.-פּאַרטיי, אין דער יוגנט א זאָטלמאַכער, שפּעטער רעדאַקטאָר, דעפּוטאַט (1912), פ׳ן 1919 אָן מלוכה-פּרעזידענט.

**עגאַליטעריזם** (פר.) — די שטרעבונג אויסצוגלייכן אַלע מענטשן אין זייער עקאָנאָמישע און פּאָליטישע רעכט.

**עדיקט** (לאַט.)—אַן אָפיציעלע באַקאַנטמאַכונג, פאַראָרדנונג פון דער מאַכט.

**עוואָלוציע** (לאַט.) — אַנטוויקלונג, דער בהדרגהדיקער איבערגאַנג פון איין מצב אין א צווייטן. די בורזשואַזישע געלערנטע שטעלן אַנטקעגן די רעוואָלוציע—ווי א אומנאַטירלעכן שפּרונג— די כלומרשט-נאַטירלעכע עוואָלוציע, ד. ה., בהדרגהדיקע אַנטוויקלונג. פּאַקטיש ווערן אָבער אַלץ שפּרונגען אין דער נאַטור און אין דער געזעלשאַפט טאַקע צוגעגרייט דורכן גאַנצן גאַנג פון דער פריערדיקער אַנטוויקלונג, פּונקט אַזוי ווי דאָס קאָכן פון וואַסער ווערט צוגעגרייט דורכן פּראָצעס פון אָנוואַרעמען, ווי דער געבורט פון א הינדעלע ווערט צוגעגרייט דורך דער פריערדיקער אַנטוויקלונג פון איי, ווי דער געבורט פון א קינד—דורך זיין אַנטוויקלונג-פּראָצעס אין מוטער-לייב. ווי אין די געזעלשאַפט אַזוי אויך אין דער נאַטור פירט די עוואָלוציע צו רעוואָלוציע.

**עוואַנגעליע** (גר.)—בשורה. אַזוי הייסט דער נייער טעסטאַמענט (ברית החדשה), אין וועלכן ס׳איז באַשריבן דאָס לעבן און ווירקן פון ישו הנוצרי.

**עוואַנגעליקער** (גר.) — אָדער פּראָטעסטאַנטן. אַזוי הייסן די אָנהענגער פון דער רעפאָרמאַציע-קירך (XVI י״ה), וועלכע שטיצן זיך בלויז אויף דער ביבל (אַלטער און נייער טעסטאַמענט).

**עוואַקואַציע** (לאַט.) — דאָס פאַרלאָזן א געוויסע טעריטאָריע; למשל: עוואַקואַציע פון רור געביט דורך די פראַנצויזן אין 1925.

**עווידענץ** (לאט.)—קלארקייט, געוויסהייט; א גענויע אנווייזונג פון געוויסע זאכן, למשל: עווידענץ פון געוויסע אקטן א. א. וו.

**עטאט** (פר.) — א רשימה פון הוצאה און הכנסה; שטייער אויף אויסצוהאלטן געוויסע אנשטאלטן.

**עטאפ** (פר.) — אפרו-ארט בעתן איבערפירן גרויסע מיליטער-מאסן א. א. וו.; דער שטח צווישן די אפרו-ערטער; מדרגה.

**עטיק** (גר.) — די וויסנשאפט, וואס פארנעמט-זיך מיטן אויספארשן די געזעצן פון זיטלעכקייט, ד. ה., די פארשטעלונגען און נארמען, דורך וועלכע ס'ווערט באשטימט די באציונגס-נארמען צווישן איין מענטש און צווייטן. די זיטלעכקייט ענדערט-זיך אין צוזאמענהאנג מיט דער עקאנאמישער אנטוויקלונג און טראגט א קלאסן-כאראקטער.

**עטיקעט** (פר.) — 1) א סחורה-צייכן; 2) מנהגים, צערעמאניעס און העפלעכקייטס-כללים, וואס זענען אנגענומען אין דער העכערער געזעלשאפט.

**עלאקווענץ** (לאט.) — אויספראך.

**עליטא** (פר.) — די בעסטע, אויסדערוויילטע פון דער געזעלשאפט; יחידי-סגולה.

**עלסטער, ל.** (ג. 1856) — א דייטשער עקאנאמיסט, פראפ., ראטגעבער אין פרייסישן בילדונגס-מיניסטעריום (1897 — 1915) ארויסגעבער פון „ווערטערבוך פאר פאלקסווירטשאפט".

**עלעמענטאר** (לאט.) — אורשפרונגלעך, גרינדלעך, פשוט.

**עלעמענטן** (לאט.) — יסוד, פשוטער שטאף (אין כעמיע); די באשטאנדטיילן פון א קערפער, פון אן ארגאניזאציע, געזעלשאפט, וויסנשאפט א. א. וו.

**עלעקטריפיקאציע** (לאט.) - דאס איינפירן עלעקטרי אין פארשידענע פראדוקציע-צווייגן, חוינונגען א. א. וו.

**עלעקציע** (לאט.) — וואל, למשל: עלעקציע פון מלכים אין אמאליקן פוילן.

**עמאנסיפאציע** (לאט.) — באפרייונג פון אפהענגיקייט, קנעכטשאפט, אונטערדריקונג; גלייכבארעכטיקונג, למשל: די עמאנסיפאציע פון פרויען, פון שקלאפן א. א. וו.

**עמבאַרגאָ** (לאט.) — דער פאַרבאָט פאַר אַ שיף אַרויסצוגיין פון פּאָרט, דער אַרעסט פון אַ פרעמד שיף בעת אַ קאָנפליקט צווישן מלוכות.

**עמבלעם** (לאט.) — סימבאָל, בילד, צייכן פון עפּעס אַן אידייע אָדער באַגריף.

**עמיגראַנט** (לאט.) — דער, וואָס וואַנדערט־אויס פון זיין לאַנד אין אַן אַנדער לאַנד אַריין.

**עמיגראַציע** (לאט.) — דאָס אויסוואַנדערן, פאַרלאָזן אַ געבורטס־אָרט. דער היפך איז אימיגראַציע, דאָס קומען אין אַ פרעמד לאַנד אַריין, כדי זיך דאָרט צו באַזעצן.

**עמינענץ** (לאט.) — אַ טיטל מיט וועלכן מען ווענדעט־זיך צו קאַרדינאַלן.

**עמיסאַר** (פר.) — אַ געהיימער שלוח, בעת אַן אויפשטאַנד אָדער רעוואָלוציע ווערן געשיקט עמיסאַרן מיט געהיימע שליחותן.

**עמיסיע** (לאט.) — דאָס אַרויסלאָזן אין אומגאַנג באַנקנאָטן, פּאַפּירגעלט א. א. וו.

**עמיסיע־בענק** — ספּעציעלע בענק, וואָס האָבן רעכט אַרויסצולאָזן באַנקנאָטן.

**עמיר** (אר.) — אַ טיטל פון אומאָפּהענגיקע אַזיאַטישע הערשער.

**עמעריטור** (ל.) — אַ פּענסיע, וואָס ווערט געצאָלט נאָך אַ לענגערע צייט אַרבעטן אויף אַ פּאָסטן.

**עמפּיריזם** (גר.) — אַ וויסנשאַפטלעכע שיטה, לויט וועלכע די דערפאַרונג איז דער איינציקער מקור פון וויסן.

**ענגעלס, פרידריך** (1820—1895) געבוירן אין באַרמען, ריין־פּראָווינץ, וואָס האָט זיך צו יענער צייט אויסגעצייכנט אין גאַנץ דייטשלאַנד מיט איר שטאַרק אַנטוויקלטער גרויס־אינדוסטריע און מיט איר באַוווּסטזיניקן פּראָלעט. נאָכן ענדיקן דאָס מיליטער־דינסט אין בערלין האָט ע. געאַרבעט אין אַ פאַבריק אין מאַנטשעסטער. אין 1843 באַקענט זיך ע. אין פּאַריז מיט קאַרל מאַרקסן, און אין די יאָרן 1844—45 דערשיינט זייער בשותּפותדיק היסט.־פילאָז. ווערק „די הייליקע משפּחה". אין 1845 גיט ע. אַרויס זיין מערקווירדיק בוך: „דער מצב פון אַרבעטער־קלאַס אין ענגלאַנד". דאָזיקע ווערק קאָן פאַררעכנט־ווערן אַלס דאָס ערשטע ווערק אויפן געביט

פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם. צוזאַמען מיט מאַרקסן אָרגאַניזירט ע. דעם „אינטערנאַציאָנאַלן קאָמוניסטישן פאַרבאַנד", פאַר וועלכן ער האָט אָנגעשריבן דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט". ע. האָט כסדר געהאָלפן מאַרקסן אין זיינע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן, און זיי ביידע רעכענען-זיך אַלס גרינדער פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם; זיין הויפט-ווערק איבער דער פילאָזאָפיע פון מאַרקסיזם איז „אַנטי-דיורינג". אין דער זעלבער צייט האָט ע. גענומען אַ שטאַרקן אָנטייל אין פּאָליטישן קאַמף אַלס מיטגליד פון הויפט-ראַט פון אינטערנאַציאָנאַל. נאָך מאַרקס' טויט אין 1883 ווערט ע. דער הויפּט-פירער פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און ווערט דער פּוסק אין סאָצ.-טעאָרעטישע און פּראַקטישע פראַגן.

**ענונציאַציע** (לאַט.) — אַ ווירטיקע דערקלערונג, מעלדונג פון אַ מיניסטער אָדער פּאַרטיי-לידער.

**ענווער-פּאַשאַ** (1881—1922) — אַ טערקישער גענעראַל און פּאָליטיקער, אָנפירער פון די יונג-טערקן, אָרגאַניזירט אין 1911 די מלחמה קעגן איטאַליע, מיניסטער בעת דער וועלט-מלחמה, סימפּאַטיזירט מיט די דייטשן. נאָך טערקייס מפּלה אַנטלויפט ע. קיין רוסלאַנד (1918), אין 1919 ווערט ער פאַרמשפּט צום טויט אין זיין אָפּוועזנהייט.

**ענטוזיאַזם** (גר.) — באַגייסטערונג, געהויבענע שטימונג.

**ענציקלאָפּעדיסטן** (גר.) — די מיטאַרבעטער און אַרויסגעבער פון גרויסן פראַנצ. ענציקלאָפּעדישן ווערטערבוך, דערשינען אין פּאַריז אין 1751—72, אונטער דער רעדאַקציע פון ד י ד ר אָ און א ל א מ ב ע ר. אין דערדאָז. ענציקלאָפּעדיע האָבן מיטגעאַרבעט רוסאָ, וואָלטער און אַנדערע געלערנטע און פילאָזאָפן-פריידענקער, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער דעמאָלטדיקער אינטעליגענץ און אין אַ גרויסער מאָס גורם-געווען צו דער גרויסער פראַנצ. רעוואָלוציע.

**ענציקלאָפּעדיע** (גר.) — דער תמצית פון אַלע וויסנשאַפט; דער גאַנצער סכום ידיעות פון אַ געוויסן וויסנשאַפטלעכן געביט.

**ענציקליקע** (לאַט.) — אַ צירקולאַר פון פּויפּסט, געשריבן אין אַ פייערלעכן טאָן.



זש. שז. רוסאָ



זש. דאַלאַמבער



דידראָ



פ. וואָלטער

ענציקלאָפּעדיסטן

**ענקלאַוו** (פר.) — אַ מדינה, פּראָווינץ, וואָס געפינט־זיך צווישן די גרענעצן פון אַ פרעמ־דער מלוכה.

**עסקאַדרע** (פר.) — אַן אָפּ־טיילונג פון קריגס־שיפן אונטער די קאָמענדע פון אַ וויצע־אַדמיראַל.

**עסקאָרט** (פר.) — אַ באַ־וואָפנטע אָפּטיילונג, וואָס באַ־גלייט אַ הויכגעשטעלטע פּערזאָן, אָדער אַרעסטאַנטן, ווי אויך אַ טראַנספּאָרט געלט, סחורה.

**עפּאָכע** (גר.)—אַ צייט־אָפּשניט אין דער געשיכטע, וואָס דריקט־אויס דעם קולטורעלן אוןווירט־שאַפטלעכן מצב פון יענע דורות; למשל: שטיינערנע עפּ. בראָנז־עפּ., פּאָדאַלע עפּ. א. אַז. וו.

**עפּאַרכיע** (גר.) — אַן אדמי־ניסטראַטיווער קרייז אין דער גריכישער קירך.

**עפּיגאָנען** (גר.) — די יינגע נאָכפאָלגער פון גרויסע אידייען־טרעגער (אין פּאָל., קונסט א.אַז.וו.).

**עפּיסקאָפּאַט** (לאַט.) — דאָס בישאָפּנטום פון אַ געוויסער מלוכה.

**עפעקטן** (לאַט.) — זאַכן, באַ־וועגלעכע גיטער; לאַנגטערמי־ניקע ווערטפּאַפּירן, וואָס געפינען זיך אין אומגאַנג.

**עפעקט** (לאַט.)—אַן איינדרוק, ווירקונג.

**עקאָנאָמיסט** (לאַט.) — אַ בקי אין דער וויסנשאַפט פון געזעלשאַפטלעכן לעבן.

**עקאָנאָמיע** (גר.) — ווירט־שאַפט, גאַלעבאַטישקייט, שפּאָר־זאַמקייט; דאָס אויספירן אַן אַרבעט ביי אַ מינימום ענערגיע, קראַפט, געלט.

**עקאָנאָמיק** (לאַט.)—די עקאָ־נאָמישע (ווירטשאַפטלעכע) זייט פון געזעלשאַפטלעכן לעבן.

**עקזאַרך** (גר.) — 1) שטאַט־האַלטער פון דער ביזאַנטיש ר רעגירונג אין איטאַליע; 2) דער העכסטער מיטראָפּאָליט אין דער גריכישער קירך.

**עקזעמפּלאַר** (לאַט.) — איין קאָפּיע, איין מוסטער פון פיל ענלעכע פון זעלבן מין, למשל: אַן עקזעמפּלאַר פון אַ בוך, פון אַ געוויקס, א. א. וו.

**עקזעקוטיווע** (לאַט.)—אויס־פירונגס־מאַכט, אין קעגנזאַץ צו לעגיסלאַטיווע (געזעצ־געבערישע מאַכט).

**עקזעקוציע** (לאַט.) — דאָס אויספירן אַ פּסק־דין, אָדער אַן אַדמיניסטראַטיווע פאַראָרדנונג, מיט דער הילף פון דער אַדמיניס־טראַטיווער מאַכט.

**עקלעקטיזם** (גר.) — אַ פאַראייניקונג פון פאַרשידענע אפילו קעגנזעצלעכע פילאָזאָפישע שיטות אין איין באַזונדערן סיס־טעם.

**עקס** (ל.)—אַ צוגאָב צום טיטל, אַמט, פּאָסטן, באַדייט: געוועזע־נער, פריערדיקער, דימיסיאָניר־טער (עקס־קייזער, עקס־מיניסטער, עקס־דעפּוטאַט, עקס־דירעקטאָר).

**עקס אָפיציאָ** (לאַט.) — פון אַמט, אויפן סמך פון מאַכט, פליכט פון אַן אַמט.

**עקסטאַז** (גר.) — אַ שטאַרקע אויפרעגונג, אַ צושטאַנד פון אומגעוויינלעכער התפּעלות.

**עקסטענסיוו** (לאַט.)—ברייט, באַריכות.

**עקסטענסיווע לאַנד־ווירטשאַפט** — אַ ווירט־שאַפט, וואָס באַנוצט־זיך נישט מיט קיין מאַשינען, קינסטלעכער באַמיסטיקונג, נאָר באַנוצט־זיך מיט פאַרעלטערטע מיטלען.

**עקסטעריטאָריאַליטעט** (לאַט.) — באַדנלאָזיקייט; דאָס נישט אונטערוואַרפן־זיך די געזעצן פונם לאַנד.

**עקסטראַדיציע** (לאַט.) — דאָס אַרויסגעבן דורך אַ מלוכה פאַרברעכער דער צווייטער מלוכה. עקסטר. שטיצט־זיך אויף ספּעציעלע אָפּמאַכן, וואָס ווערן געשלאָסן דורך די רעגירונגען. פּאָליטישע פאַרברעכער ווערן נישט אַרויסגע־געבן.

**עקסטרעם** (לאַט.) — אַן איינ־זייטיקער אָנהענגער פון אַ געוויסער אידייע.

**עקסטרעמיסט** — אַן אָנ־הענגער פון ראַדיקאַלע מיטלען, פון אַנטשלאָסענע האַנדלונגען.

**עקסמיסיע** (לאַט.) — דאָס אַרויסזעצן אַ לאָקאַטאָר פון דער דירה אויפן סמך פון אַ גע־ריכטס־אורטייל.

**עקסעלענץ** (לאַט.) — אַ בכבודיקע ווענדונג צו הויכגע־שטעלטע פּערזאָנען.

**עקספּאָזע** (פר.) — דאָס אויפ־ווייזן, פאַרשטעלן דעם מצב פון געוויסע ענינים. עקספּ. הייסט אַ וויכטיקע רעדע פון אַ מיניסטער

**עקספאטריאציא** (לאט.) — גלות, דאָס פאַטער באַוווערן פון פאָטערלאַנד.

**עקספאַנסיע** (לאט.) — דאָס פאַרברייטערן זיך, פאַרשפּרייטן זיך.

**פּאָליטישע עקספּאַנסיע** — דאָס פאַרברייטערן, אויסשפּרייטן די מאַכט אָדער פּאָליטישע איינפלוסן.

**ווירטשאַפטלעכע עקספּאַנסיע** — דאָס פאַרכאַפּן אָפּזאַץ-מערק אין פרעמדע לענדער.

**עקספּאָרט** (לאט.) — דאָס אַרויספירן סחורות פון לאַנד.

**עקספּלואַטאַציע** (פר.) — דאָס אויסנוצן די קרעפטן און רייכטימער פון דער נאַטור (טעכנישע עקספּלואַטאַציע); דאָס באַנוצן געדונגענע אַרבעט פאַר פּריוואַט-אונטערנעמונגען, כדי אַרויסצובאַקומען וואָס מער ריווח.

**עקספּעדיציע** (לאט.)—דאָס אַרויסשיקן סחורות, מיליטער-אָפּטיילונגען; אַ נסיעה פון אַ גרופּע געלערנטע, כדי אויסצופאָרשן אַ געגנט.

**עקספּערט** (לאט.) — אַ זאַכקענער, מבין, מומחה, וואָס זאָגט אַרויס זיין מיינונג אין אַ געוויסע פראַגע.

**עקספּערימענט** (לאט.) — אַ פּרוּוו; דאָס אַרויסרופן אַ געוויסע דערשיינונג צוליב וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג.

**עקספּערימענטאַלער** — אַ באַוויזענע זאַך דורך פאָרשונג, דערפאַרונג.

**עקספּראָפּריאַציע** (לאט.)— 1) דאָס צונעמען מיט געוואַלט דעם פּריוואַט-אייגנטום לטובת דער געזעלשאַפט, מלוכה; 2) אַ רויב-אָנפאַל.

**עקסצעסן** (לאט.) — אומרוען, דאָס שטערן די אַלגעמיינע אָרדנונג, עפנטלעכע זיכערהייט.

**עקס קאַטעדראַ** (לאט.) — אַן עפנטלעכע דערקלערונג פון אַ געוויסן אויטאָריטעט, פּוסק (רעליגיעזער, פּאָליטישער א.אַ.וו.). ווען דער פּויפּסט דערקלערט פייערלעך אַ געוויסן דין פון דער רעליגיע, הייסט עס „עקס קאַטעדראַ"—באַשטימט, אָן אַ טעות.

**עקסקאָמוניקאַ** (לאט.) — אַ חרם, איינע פון די שווערסטע שטראָפן, מיט וועלכע די קירך באַשטראָפט אַן אפּיקורס.

**עראָ,דע־סעשעל** (1760—1794) — אַ פראַנצייזישער רעוואָלוציאָנער, פראָקוראָר. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע פראַנצ. רעוו. טרעט ע. אַריין אין דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, נעמט אַן אָנטייל אין שטורעם אויף דער באַסטיליע. אין 1791 איז ע. אַ מיטגליד פון דער געזעצגעבערישער פאַרזאַמלונג. אין נאַציאָנאַלן קאָנווענט איז ע. געגאַנגען צוזאַמען מיט דאַנטאָנען און געשטימט פאַר גילאָטינירן דעם קעניג. ע. איז געווען דער מחבר פון דער נייער קאָנסטיטוציע. צוזאַמען מיט דאַנטאָנען, דעמאָלענען און אַנדערע האָט ע. געשטרעבט אומצוּוואַרפן ראָבעספּיערס רעגירונג. ע. איז דורכן רעוואָל. טריבונאַל פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט.

**ערא** (לאַט.) — צייט־רעכענונג. אַן אויסערגעוויינלעכער מאָמענט אין לעבן פון דער מענטשהייט אָדער פון אַ פאָלק, אַ מערקווירדיקע געשעעניש, לויט וועלכן ס'ווערט געפירט די צייט־רעכענונג.

**ערודיציע** (לאַט.) — למדנות, בקיאות, געלערזאַמקייט.

**ערעקציע** (ל.) — דאָס דערהייבן, באַשטימען אַ העכערע קירכלעכע מאַכט.

**ערפורטער פּראָגראַם־** דאָס פּראָגראַם פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, אָנגענומען אויפן צוזאַמענפאָר אין ערפורט (דייטשלאַנד) אין יאָר 1891. דאָס ערפ. פּראָגראַם טיילט זיך אויף צוויי טיילן: 1) טעאָרעטישער טייל, וואָס באַהאַנדלט די טעאָריע פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם ביזן סאָציאַליזם, און 2) דער פּראַקטישער טייל, וואָס שטעלט אַרויס אַ ריי פאָדערונגען, וועלכע זענען דערגרייכבאַר אויך אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. דאָס ערפ. פּראָגראַם איז געווען אַ מוסטער פאַר אַ גאַנצער ריי פּראָגראַמען פון פאַרשידענע נאַציאָנאַלע סאָצ.־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען, צווישן אַנדערע אויך פון דער רוסישער ס. ד.—אין איצטיקן איבערגאַנגס־פּעריאָד, ביים אויפטריט פון די סאָציאַלע רעוואָלוציעס, איז דאָסדאָזיקע פּראָגראַם פאַרעלטערט. די קאָמוניסטן, למשל, האָבן אים פאַרביטן מיט אַ ניי פּראָגראַם פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. קויטסקיס קאָמענטאַרן צום ערפורט. פּראָגר. איז אין יענער צייט געווען דאָס עלעמענטאַר־בוך פון מאַרקסיזם פאַר די ס.־ד. קרייזלעך.

# פ

**פאדישאך** — פערסישער קעניג.

**פאדערעווסקי** (ג. 1860)— א קאמפאזיטאר, פיאניסט, פוילישער פאליטיקער. בעת דער וועלט-מלחמה איז פ. געוועזן א מיטגליד פון פוילישן נאצ. קאמיטעט אין פאריז, האט אנטוויקלט א שטארקע פראפאגאנדע פאר פוילן אין די פאראייניקטע שטאטן, פוילישער פרעמיער פון יאנואר ביז דעצעמבער 1919, דעלעגאט פון פוילן אויף דער שלום-קאנפערענץ, האט אונטערגעשריבן צוזאמען מיט דמאווסקין דעם ווערסאלער טראקטאט אין נאמען פון דער פוילישער רעפובליק.

**פאזיטיוו** (לאט.) — פאקטיש, רעאל, געשטיצט אויף מעשים.

**פאזיטיוויזם** (לאט.) — א פילאזאפישע שיטה, וואס האלט, אז דער מקור פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש זענען די עקספערימענטאלע פאקטן, דער באגרינדער פון פ. איז דער פראנצ. פילאזאף אגיוסט קאמט (1798—1857).

**פאט** — פוילישע טעלעגראפןאגענטור, האט איר צענטראלע אין ווארשע.

**פאטאלאגיע** (גר.) — די לערע וועגן די סיבות, דערשיינונגען און פאלגן פון פארשידענע קראנקהייטן.

**פאטאלאגיש** (גר.) — אומנארמאל, קרענקלעך.

**פאטאצקי, א.** (1741—1809) אן אנגעזעענער פוילישער פאליטישער טוער, א הייסער קעמפער פאר פאלקסבילדונג, אין משך פון 15 יאר געווען א טעטיקער מיטגליד פון דער עדוקאציאנסקאמיסיע. אין אלע סיימען האט פ. געקעמפט פאר ברייטע רעפארמען. איבערהויפט אין דעם 4 יאריקן סיים, וועלכער האט געשאפן די קאנסטיטוציע פון 3-טן מאי. בעתן קאסטשושקא-אויפשטאנד איז פ. ארייין אין דער רעוו. רעגירונג. נאכן פאלן פון ווארשע איז פ. ארעסטירט געווארן דורך סווואראוון און פארשפארט געווארן אין דער שליסלבורגער פעסטונג, פון וועלכער ער איז באפרייט געווארן אין 1796.

**פּאַטענט** (לאַט.) — אַ שוץ־שיין אויף אַ דערפינדונג; אַ צייגניש אויף רעכט צו פּראָדוצירן, אָדער צו האַנדלען.

**פּאָטענץ** (לאַט.)—די קראַפט, מאַכט, כּח אין אַ באַהאַלטענעם צושטאַנד.

**פּאָטענציאַלער** (לאַט.) — באַהאַלטענער כּח, וואָס אַנטפּלעקט זיך נישט ביז אַ געוויסן מאָמענט, נאָר איז פעיק אַרויסצורופן אַ געוויסע ווירקונג בײַ באַשטימטע באַדינגונגען.

**פּאַטריאָט** (לאַט.) — דער, וואָס איז טרײַ זיין פּאָטערלאַנד. אין פּאָליטישן לעבן שפּילן טיילמאָל די פּ. זייער אַ שעדלעכע ראָל, ווייל צוליב זײַער אומבאַוווסטזיניקייט העלפן זיי אָפטמאָל צו די רעגירונגען אַדורכצופירן זייער רעאַקציאָנערע פּאָליטישע געזעצן און שטערן דערמיט דעם פּראָגרעס פון דער מענטשהייט.

**פּאַטריאַרך** (גר.) — אורפּאָטער, פאָטער פון אַ גרויסער, צעצווייגטער משפּחה, פון אַ שטאַם. דער פּאַטריאַרכאַט דערשיינט אין אַ געוויסן מאָמענט פון עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, בעת ס׳הייבט זיך אָן די צעטיילונג פון דער הערשאַפט איבערן שטאַם. אין משך פון דער צייט ווערט דער אָנדענק פון פּאַטריאַרך פאַרהערלעכט און ווערט אַ לעגענדאַריש געשטאַלט, וואָס אים האָט דער שטאַם אַליין צו פאַרדאַנקען: ער האָט דער ערשטער געוויזן דעם וועג צו ערד־אַרבעט, אַנטדעקט דאָס פייער, געלערנט שמידן געווער, קאָכן עסן א. א. וו.; ער האָט איינגעפירט מנהגים און טראַדיציעס. אין דער קירך איז דער פּאַטריאַרך—דער הויפּט־אָנפירער פון די לאָקאַלע קירכן.

**פּאַטריאַרכאַלישע געמיינדע**—אַ שטאַם־גרופּע, וואָס אין איר שפּיץ שטייט דער פּאַטריאַרך, דער ראש פון שטאַם—געוועלעך אַ מענטש פון דער גרעסטער דערפאַרונג; ער פירט אָן מיט דער געמיינזאַמער אַרבעט, פאַרטיילט די געמיינזאַמע פּראָדוקציע. די פּאַטריאַרכאַלישע געמיינדע עקזיסטירט נאָך עד־היום בײַ אַ סך ווילדע פעלקער.

**פּאַטריאַרכאַליש** — אַלטפרענקיש, וואָס האָט זיין מקור אין גרויען אַלטערטום.

**פּאַטראָנאַט** (לאַט.) — יעדע אַרט הילף, שוץ, אָדער אָרגאַניזירטע פילאַנטראָפּיע.

**פּאַליאַטיוו** (לאַט.)—אַ האַלבּמיטל. אַ מיטל, וואָס ברענגט בלויז אַ צייטווייליקע פאַרלייכטערונג.

**פּאָליטיק** (גר.-לאַט.)—די פּעיקייט אָנצופירן מיט אַ מלוכהן אַ באַשטימטע ריכטונג אין די האַנדלונגען פון אַ רעגירונג, פּאַרטיי, אינסטיטוציע א. אַ. וו.

**פּאָליטיקאַנער** — דער, וואָס באַשעפטיקט-זיך מיט פּאָליטיק צוליב אייגננוציקע צוועקן; אַ ביטרער, אינטריגאַנט.

**פּאָליטיקער** (גר.-לאַט.) — דער, וואָס איז באַהאַוונט אין פּאָליטיק; אַ מלוכה-מאַן; פיג. אַ פּיפיקער, ביטרער מענטש.

**פּאָליטישע עקאָנאָמיע**— די לערע וועגן די אַנטוויקלונגס-געזעצן פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט. עקאָנאָמישע פּאָליטיק איז אַ טעאָרעטישע לערע, וואָס פאָרשט די נאָרמען פון ווירטשאַפטלעכן לעבן; די פּאָליטישע עקאָנאָמיע ווידער איז אַ פּראַקטישע לערע, וואָס ווייזט-אָן די בעסטע מיטלען צו דערגרייכן דעם וווילשטאַנד פון דער געזעלשאַפט.

**פּאָליטישע פאַרברעכער** — אַ פאַרברעכער קעגן דער רעגירונגס-מאַכט. אין אַלע מלוכות זענען פאַראַן מענטשן, וואָס קעמפן פאַר פּאָליטישע און עקאָנאָמישע רעפאָרמען. פאַר זייערע מיינונגען ווערן זיי פאַרשפּאַרט אין די תּפיסות.

**פּאָליטעיזם** (גר.) — פילגעטעריי.

**פּאַליי-ראָיאַל** (פר.) — (קעניגלעכער פּאַלאַץ) אַ פּאַלאַץ אין פּאַריז, געבויט (1629—34) דורך דעם קאַרדינאַל ר י ש ע ל י ע, דערנאָך ווערט דערדאָז. פּאַלאַץ אַן אייגנטום פון דער אָרלעאַנער קייזערלעכער פאַמיליע. בעת דער גרויסער רעוו. איז דער פּ.-ר. געווען דער זאַמלפונקט פאַר אַלע אומצופרידענע. אין דער צייט פון דער רעוו. אין 1848 איז דער פּאַלאַץ געוואָרן אינערלעך צעשעדיקט און בעת דער קאָמונע 1871 איז אַ טייל פון אים געוואָרן אָפּגעברענט; איצט רעסטאַווירט.

**פּאָלעמיק** (גר.) — אַ וכּוח אין דער פּרעסע אָדער אויף אַ פאַרזאַמלונג.

**פּאַמפּלעט** (פ.)—אַ ליטעראַריש ווערק, וואָס דעקט-אויף אומ-

רחמנותדיק געוויסע פאַקטן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון אַ געוויסן פּאָליטישן טוער א. א. וו.

**פּאָמפּע** (לאַט.) — 1) אַ פּלומפּ; 2) פּראַכט, הערלעכקייט.

**פּאַנאייראָפּעישע באַוועגונג** — אַ באַוועגונג, וואָס איז לעצטנס אַנטשטאַנען צווישן די בורזשואַזישע אינטעליגענטישע שיכטן פון אייראָפּע, און וואָס איר צוועק איז אַן עקאָנאָמישע פאַראייניקונג פון אייראָפּע, אין קעגנזאַץ צום אַמעריקאַנישן קאַפּיטאַל זם.

**פּאַנאַמע-קאַנאַל** — דער קאַנאַל דורכן פּאַנאַמישן יבשה-פּאַס (אין אַמעריקע) צווישן אַטלאַנטישן און שטילן ים, באַשטימט פאַרן דורכפאָר פון די גרעסטע שיפן, שטעלט מיט זיך פאָר דעם ריזיקסטן בוי-ווערק פון דער לעצטער צייט. דער בוי פון פּאַנאַמע-קאַנאַל האָט זיך נאָך אָנגעהויבן דורך אַן אַקציען-געזעלשאַפט אין יאָר 1881. צוליב דער שלעכטער לייטונג, געוואַלדיקע גנבות און מיסברויכן האָט די געזעלשאַפט באַנקראָטירט. דערפון שטאַמט דער אויסדרוק: אַ פּ אַ נ אַ מ ע. אין יאָר 1904 האָבן די פאַראייניקטע שטאַטן אָפּגעקויפט אַלע אַקציעס פון דערדאָזיקער געזעלשאַפט, ווייל דער קאַנאַל האָט פאַר זיי געהאַט די גרעסטע באַדייטונג: 1) אַ מיליטערישע — אַ מעגלעכקייט פון גיכן איבערפירן דעם פלאָט פון אַטלאַנטישן אין שטילן ים אַריין; 2) אַ קאָמערציעלע — אַן עקאָנאָמיע פון 45 טעג דורך אויסמיידן דאָס פאָרן אַרום דרום-אַמעריקע. געעפנט האָט זיך דער פּ. אין יאָר 1914, און איצט געפינט ער זיך אין גאַנצן אין רשות פון די צפון-אַמעריקאַנישע פאַראייניקטע שטאַטן.

**פּאַנאַמעריקאַניזם** — די שטרעבונג, וואָס איז אַנטשטאַנען אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון-אַמעריקע צונויפצובונדן אַלע אַמעריקאַנישע מלוכות פאַר אַ געמיינזאַמער טעטיקייט אונטער דער לייטונג פון די צפון-אַמעריקאַנישע פאַראייניקטע שטאַטן.

**פּאַנאַציייע** (גר.-לאַט.) — אַ רפואה צו אַלע מינים חולאת.

**פּאַנגאַלאָס, ט.** (ג. 1878) — אַ גריכישער גענעראַל און פּאָליטיקער, דעפּוטאַט, קריגס-מיניסטער, אינערן מיניסטער, מיליטער-אָנפירער פון טראַקיע (אַ פּראָווינץ אין גריכנלאַנד), האָט אָרגאַניזירט די מלוכה-איבערקערעניש פון 1926, ווען ער ווערט מלוכה-פּרעזידענט.

**פאַנטעיסט** (גר.) — אַן אָנהענגער פון דער פילאָזאָפישער שיטה, וואָס אידענטיפיצירט „גאָט" מיטן וועלטאַל (קאָסמאָס).

**פאַנסלאַוויזם** — אַ באַוועגונג, וואָס איר צוועק איז די סלאַוויאַנישע פאַראייניקונג. דער פאַנסלאַוויזם האָט געהאַט אַ מאַסע פאָרמען און ניואַנסן, פון דער שטרעבונג צו אַ ריין קולטורעלער פאַראייניקונג (שאַפן אַן איינהייטלעכע שפּראַך א. א. וו.) ביז דער פאָדערונג פון אַ פּאָליטישע פאַראייניקונג פון די סלאַוויאַנישע פעלקער.

**פאַנעגיריק** (גר.)—אַ רעדע אָדער שריפט, אין וועלכער עמעץ ווערט שטאַרק געלויבט.

**פאָסטולאַט** (ל.)– אַ פאָדערונג; אין דער וויסנשאַפט: אַ מיינונג, וואָס קאָן נישט דיסקוטירט ווערן, וואָס פאַלט נישט ארונטער אונטער קיין וכוח; אַ הנחה, מיינונג, השערה, אויף וועלכער ס'ווערן געבויט אַ ריי אַנדערע מיינונגען, פּרינציפּן.

**פאַסיביליסטן** — די מעסיקע פראַנצייזישע סאָציאַליסטן.

**פאַסיוו** (לאַט.) — אומטעטיק; אין מסחר: דער סכום חובות, הוצאות פון אַן אונטערנעמונג. פ. איז דער היפך פון אַ ק ט י וו— דאָס פּאָזיטיווע, פאַקטישע פאַרמעגן.

**פאַסיווער** — אומטעטיקער, אָדער ווירקנדיקער אינטער דער השפעה פון אַן אויסערלעכן כח, אָבער נישט פון דער אייגענער איניציאַטיוו.

**פּאָפּולאַציאָניסטיק** (י.) — אַ טייל פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, וואָס פאַרנעמט זיך מיט דער סטאַטיסטיק פון דער באַפעלקערונג.

**פּאָפּולאַריזאַציע** (לאַט.)— דאָס מסביר-זיין, לייכט דערקלערן אַ געוויסן ענין פאַרן ברייטן עולם.

**פּאָפּולער** (לאַט.) — פאַרשטענדלעך, קלאָר, דייטלעך פאַר אַלעמען.

**פּאָפּיעל, ק.** (ג. 1887) — אַ פּוילישער פּאָליטיקער, אָנפירער פון ג. פּ. ר. (זע), רעדאַקטאָר פון „אַרבעטער-שטים" אין טאָרן, סיים-דעפּוטאַט פון 1920 אָן, פּרעזעס פון ג. פּ. ר'ישן סיים-קלוב.

**פאַציפיזם** (לאַט.) — אַ באַוועגונג, וואָס שטעלט זיך אַלס

ציל דאס אפשאפן מלחמות און איינפירן א שטענדיקן שלום.

**פאקט** (לאט.) — א גאראנטיע-אפמאך, שלום-אפמאך.

**פאראדאקס** (גר.) א מיינונג, וואס לכתחלה ווייזט זי אויס צו זיין אויסטערליש, נאר אין תוך איז זי א ריכטיקע.

**פאראזיט** (גר.) — א זאאלאגישער אדער באטאנישער ארגאניזם, פון א נידריקער מדרגה, וואס לעבט אויף אן אנדער ארגאניזם, אדער אין אים, און שפייזט זיך אויפן חשבון פון זיינע געוועבן און זאפטן; פיג. א מענטש, וואס לעבט אויפן חשבון פון צווייטן.

**פאראל** — א סימן, צייכן, אן אפגערעדטער אויסדרוק, פראזע,ווארט, וואס ווערט איבערגעגעבן בסוד די אנפירער פון מיליטערישע אפטיילונגען, פאטרולן בעת דער אויספירונג פון זייער דיזשור. אין רעוואלוציאנערע פארטייען, וואס פירן אן אומלעגאלע ארבעט, ווערט דער פ. באנוצט אויף צו דערקענען די פארטיי-מיטגלידער.

**פאראליז** (גר.) — א שלאג, אנמאכט, דאס פארלירן די פעיקייט פריי צו באוועגן מיט די אבריפ

**פארוווס** (געש. 1925) — אן אנגעזעענער דייטשער סאציאל-דעמאקראט. אין 1915 איז פ. געשטאנען אין דער שפיץ פון דער מענשעוויסטישער צייטונג „דער אנהייב", צוזאמען מיט טראצקין פארפאסט די טעאריע וועגן דער „פערמאנענטער רעוואלוציע" (זע). ביים אנהייב וועלט-מלחמה גייט פ. אריבער אויף דער זייט פון די דייטשע אימפעריאליסטן.

**פארטא-פראנקא** (איט.) — א ים-פארט, וואס האט דאס רעכט פון א צאל-פרייען אריין- און ארויספיר פון סחורות.

**פארטיזאנער קריג** — קאמפן, ארויסטרעטונגען פון באזונדערע קליינע אפטיילונגען.

**פארטיי-פראגראם** — די פארמולירונג פון די נאענטסטע אויפגאבן און די ענד-צילן פון א פארטיי, פאר וועלכע זי קעמפט אין די אינטערעסן פון איר קלאסן; א פ.-פ. ווערט געווײנלעך אויסגעארבעט און אנגענומען דורך א פארטיי-צוזאמענפאר און פארפליכטעט אלע פארטיי-מיטגלידער.

**פאריזער קאמונע** — אן ארבעטער-רעגירונג אין פאריז, געווארן פראקלאמירט דעם 18-טן מערץ 1871. א באדייטנדיקער



מיליער



דעלעקליז



י. דאמבראווסקי



פערע

די העלדן פון דער קאָמונע.

טייל מיטגלידער פון דער פּ. ק. האָט געהערט צו די סאָציאַליסטישע שטרעמונגען (17 פּערזאָן זענען געווען מיטגלידער פון אינטערנאַציאָנאַל). די פּ. קאָמונע האָט עקזיסטירט בלויז 72 טעג, אָבער אין משך פון דערדאָזיקער קורצער צייט האָט זי באַוויזן דורכצופירן אַ גאַנצע ריי פאַראָרדנונגען, וואָס האָבן אַרויסגערופן ביי דער בורזשואַזיע אַ געוואַלדיקע שנאה, נאָר פון דער צווייטער זייט האָבן דידאָזיקע פאַראָרדנונגען געוווּנען די סימפּאַטיעס און די אָנערקענונג פון גאַנצן פּראָלעטאַריאַט. די וויכטיקסטע פאַראָרדנונגען פון דער פּ. ק. זענען: דאָס איבערגעבן די פאַבריקן, וואָס די אייגנטימער האָבן פאַרלאָזן, אין די הענט פון די אַרבעטער; דאָס אויסגלייכן די פּענסיעס פון די רעגירונגס־באַאַמטע מיטן אַרבעטס־לוין פון די אַרבעטער א. א. וו. צום אומגליק איז דער פּראָלעטאַריאַט נאָך נישט געווען דעמאָלט גענוג אָרגאַניזירט, האָט נישט געהאַט זיין איינהייטלעכע קלאַסן־פּאַרטיי, האָט אָנגעטרויט די לייטונג מענטשן פון פאַרשידנאַרטיקע איבערצייגונגען, האָט נישט געשאַפן דעם נויטיקן בונד מיטן פּויערטום. די פּ. קאָמונע האָט נישט אַרויסגעוויזן די געהעריקע רעוואָלוציאָנערע אַנטשלאָסנהייט, האָט איבערגעלאָזן די מלוכה־באַנק אין די הענט פון אירע שונאים; אין קאַמף מיט דער בורזשואַזיע האָט זי זיך נישט באַמיט צו פאַרכאַפּן רעכטצייטיק אין אירע הענט די איניציאַטיוו פון אָנגריף, האָט אָפט געביטן די מיליטער־אָנפירער, דאָס אַלץ האָט געמוזט ברענגען צו אַ מפּלה פון דער פּ. ק. די בורזשואַזישע רעגירונג, וואָס האָט זיך געפונען אין ווערסאַל, האָט אָרגאַניזירט די אַרמיי צום קאַמף מיטן רעוואָלוציאָנערן פּאַריז, פאַרשטאַרקנדיק זי מיט די זעלנער, וואָס זענען צוריקגעקומען פון פּרייסישער געפאַנגענשאַפט. דעם 21־טן מאַי איז די ווערסאַלער אַרמיי אַריין אין פּאַריז. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ העפטיקער באַריקאַדן־קאַמף אין די גאַסן („די בלוטיקע וואָך"). דעם 28־טן מאַי איז געפאַלן די לעצטע באַריקאַדע, די טריומפירנדיקע בורזשואַזיע האָט זיך אַכזריותדיק אָפּגערעכנט מיט די קאָמונאַרן. אַן ערך 25000 פאַרטיידיקער פון דער פּ. ק. זענען געוואָרן דערהרגעט, דערשאָסן; אומגעפער 15000 פאַראורטיילט אויף פאַרשיקונג אין קאַטאָרגע.

**פּאַריטעט** (לאַט.) — גלייכהייט, גלייכגעוויכט, באַזונדערס

די גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע רעליגיעזע געמיינדעס.

**פּאַרטיי** — אַן אָרגאַניזאַציע פון מענטשן, וואָס שטרעבן צו איין און דעם זעלבן ציל. די אויפגאַבע פון די פּאָליטישע פּאַרטייען איז דאָס פאַרייניקן מענטשן, כדי צו שיצן זייערע קלאַסן־אינטערעסן און צו פירן דעם קאַמף פאַר דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער הערשאַפט; צו דעם צוועק אַרבעטן זיי אויס געוויסע פּראָגראַמען און פירן אַ געהעריקע טאַקטיק.

**פּאַריע** (סאַנסק.) — אַ מענטש, וואָס געהערט צו דער נידריקסטער ראַסע אין מזרח־אינדיען; פיג. אַ רעכטלאָזער, דערנידריקטער עקאָנאָמיש און מאָראַליש.

**פּאַרירן** (פר.) — אָפּשלאָגן אַן אַטאַקע.

**פּאַרלאַמענט** (לאַט.) — אַ פאַרזאַמלונג פון אויסגעוויילטע פאָרשטייער פון פאָלק. דער פּ. האָט די אויפגאַבע אויסצואַרבעטן געזעצן, באַשטעטיקן מלוכה־ביודזשעטן און קאָנטראָלירן די טעטיקייט פון דער רעגירונג. דער פּ. באַשטייט געוויינלעך פון צוויי קאַמערן: אַן אייבערשטע און אַן אונטערשטע. די דעפּוטאַטן פון דער אונטערשטער קאַמער ווערן געוויילט אין גרעסטן טייל לענדער לויט אַ״געמיינע, גלייכע, פּראָפּאָרציאָנעלע און געהיימע וואַלן. פאַר דער אייבערשטער קאַמער גילט נאָך עד־היום דער מאָדוס פון ירושה, באַשטימונג אָדער וואַלן אויף ספּעציעלע יסודות. אין פלוג איז דער פּאַרלאַמענט דער ווילן־אויסדרוק פון גרעסטן טייל פון דער באַפעלקערונג, נאָר פאַקטיש איז דער פּ., צוליב דעם וואָס די אויספירונגס־אָרגאַנען ליגן אין די הענט פון דער בורזשואַזיע, אַן אָפּשפּיגלונג פון ווילן פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן.

**פּאַרלאַמענטאַריזם** (לאַט.) 1) אַ רעגירונגס־סיסטעם, ביי וועלכן דער פּאַרלאַמענט איז ניט בלויז אַ געזעצגעבערישער אָרגאַן, נאָר קאָנטראָלירט אויך די אויספירונגס־מאַכט: די מיניסטאָרן זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פּאַרלאַמענט; 2) די פּרינציפּן, אייגנאַרטיקייטן פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער אָרדנונג.

**פּאַרלאַמענטאַריער** — דער, וואָס פירט אונטערהאַנדלונגען מיטן שונא.

**פּאַרנעל, ס.** (1891-1846) — אַן אירלענדישער פּאָליטיקער, געהערט אין פּאַרלאַמענט צו דער

פארטיי האמרולער, געווען א שארפער קעגנער פון דער ענגלישער רעגירונג. אין 1883 ארגאניזירט פ. א ליגע, וואס פאדערט אפצונעמען די ערד־שטחים ביי די גרויסע ערד־באזיצער. אין אירלאנד האט מען פ. אפגעגעבן א קעניגלעכן כבוד. די ענגל. רעגירונג האט פ.'ן באשולדיקט אין א מלוכה־פארראט, אבער די געשווירענע ריכטער האבן אים פרייגעשפראכן.

**פארצעל** (לאט.) — א זייער־קליינער באדן־טייל.

**פארצעלאציע** (לאט.) — די צעטיילונג פון א גרויסן גוט אויף קליינע טיילן, וועלכע ווערן פארקויפט דערעיקר צו פויערים.

**פאשקוויל** (איט.) — אן ארטיקל אדער בראשור, וואס באשמוצט דעם כבוד פון קעגנער.

**פואנקארע, ר.** (ג. 1866) — א יוריסט, פראנצייזישער פאליטיקער, דעפוטאט פון 1887, סענאטאר פון 1920 אן, מיניסטער אין פארשידענע קאבינעטן, רעפובליק־פרעזידענט פון 1913—20, פרעמיער פון 1922—24. פ. האט דורכגעפירט די אקופאציע פון רור־געביט.

**פובליציסטיק** (ל.)—אן ארט ליטעראַרישע ווערק, וועלכע באהאנדלען די פראגן פון לויפנדן געזעלשאפטלעך פאליטישן לעבן.

**פובליקאציע** (לאט.) — א געדרוקטע מעלדונג, מודעה; א געדרוקט ווערק (א בוך, בראשור, זשורנאל, זאמלבוך א. א. וו.).

**פוטש** (ד.) — דער פרווו צו מאכן א מלוכה־איבערקערעניש ביי א שוואכער ארגאניזירטקייט און נישט־צוגעגרייטקייט פון די פאלקס־מאסן צו אן אויפשטאנד.

**פויל־באנקור, י.** (געבוירן 1873)—א פראנצייזישער פאליטיקער, סאציאליסט, אדוואקאט, דעפוטאט, ארבעטס־מיניסטער פון 1911 אן, פראנצייזישער דעלעגאט ביי דער פעלקער־ליגע פון 1924 אן.

**פוילישער נאציאנאלער קאמיטעט** — אנטשטאנען אין 1917 אין פאריז אלס רעפרעזענטאנץ פון פוילישן פאלק בשעת דער וועלט־מלחמה, אפיציעל אנערקענט דורך פראנקרייך, ענגלאנד איטאליע און אמעריקע. פרעזעס פון פ. נ. ק. איז געווען ראמאן דמאווסקי, וויצע־פרעזעס גראף זאמאיסקי. דער פ. נ. ק. האט געשטרעבט, אז פוילן זאל

אָנערקענט ווערן אַלס זעלבסשטענדיקע מלוכה דורך דער קאָאַליציע, צוליב דעם האָט זי געשאַפן אַ פּוילישע אַרמיי, מיט גענ. האַלער אין דער שפּיץ, כּדי צו קעמפן קעגן דייטשלאַנד. נאָכן דערגרייכן זיין ציל איז דער פּ. נ. ק. ליקווידירט געוואָרן אין 1919.

**פּוילישע פּויערים־פּאַרטײ** — אַנטשטאַנען אין 1926 נאָך דער שפּאַלטונג אין „וויזוואָלעניע". די גרופּע, וואָס איז אַרויסגעטרעטן פון „וויזוואָלעניע", האָט זיך פאַראייניקט מיטן „פּויערים־פּאַריין" און געשאַפן די פּ.־פּ. די דאָזיקע פּאַרטיי שטעלט־אַרויס די פאָדערונג, אַז ס'זאָלן אָפּגענומען ווערן ביי די רייכע פּריצים די ערד־שטחים אָן יעדע פאַרגיטיקונג. דער לאָזונג פון פּ.־פּ. איז: אַן אינטערג. פּ.־פּאַרב. דער אָרגאַן פון פּ.־פּ. איז „גאַזעטאַ כלאָפּסקאַ", דערשיינט אין וואַרשע. אין איצטיקן סיים האָט די פּ.־פּ. 25 דעפּוטאַטן. פּרעזעס פון קלוב איז יאַן דאָמבסקי.

**פּוילישער קאָרידאָר** — זע דאַנציקער קאָרידאָר.

**פּויפּסט** — דער ראש פון דער קאַטוילישער קירך. דער העכסטער געזעצגעבער, ריכטער און פירער פון דער קירכל. אָרגאַניז.

**פּויפּעריזם** (לאַט.) — פאַראָרעמטקייט פון די גרויסע מאַסן.

**פּולס** (לאַט.) — דער דופק, דאָס קלאַפּן פון בלוט אין די אַרטעריעס; דאָס קלאַפּן, באַוועגן זיך פון געזעלשאַפטלעכן לעבן.

**פּוריטאַנער** (ענג.) — די אָנהענגער פון דער סעקטע, וואָס איז אַנטשטאַנען אין דער ענגלישער קירך אין XVI י"ה. די פּ. האָבן אָנערקענט בלויז די קריסטלעכע אידעאַלן, וואָס האָבן געשטימט מיט דער עוואַנגעליע, און האָבן אָפּגעוואָרפן אַלע קירכלעכע צערעמאָניעס. די פּ. האָבן געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָל אין דער ענגלישער רעוואָלוציע פון XVII י"הן פיג. מענטשן, פון שטרענג־מאָראַלישע אָנשויונגען שפּאָרזאַמקייט.

**פּיאָנער** (פר.) — דער ערשטער באַגרינדער פון אַן אידייע, באַוועגונג, פון אַ נייעם ישוב.

**פּיאַסט** — אַ פּוילישע פאָלקס־פּאַרטיי, רעפּרעזענטירט די רייכע פּויערים, אַנטשטאַנען אין 1912 אין גאַליציע נאָך דער שפּאַלטונג אין דער פּוילישער פאָלקס־פּאַרטיי (פּ. ס. ל.), פאָדערט אַן אַגראַר־רעפאָרם. אין ערשטן סיים האָט „פּיאַסט" געשטיצט די לינקע פּאַרטייען און פּילסודסקין; אין 2־טן סיים איז „פּיאַסט" געגאַנגען צוזאַמען מיט די רעכטע, וואָס האָט גורם־געווען צו דעם, אַז די

ראדיקאלע גרופע (דאמבסקיס
גרופע) זאל א־ויסטרעטן פון דער־
דאזיקער פארטיי. פירער פון
„פיאסט" און פרעזעס פון פארלא־
מענטארישן קלוב (53 דעפוטאטן)
איז געווען וויצענטי ווי־
טאס. אין היינטיקן סיים ציילט
דער פיאסט־קלוב 21 דעפוטאטן;
פרעזעס פון קלוב איז סענאטאר
א. שניאדאחסקי.

**פיוס דער XI** (אכיל
ראטי, ג. 1857)—איטאליקער
פויפסט, דירעקטאר פון דער וואַ־
טיקאנישער ביבליאטעק, געוועז.
פויפסטלעכער געזאנדטער אין
פוילן 1918 – 23, מעדיאלאנישער
ארכיבישאף און קארדינאל 1921 –
22, פויפסט פון 1922 אן.

**פיידאקראציע** (גר.) — די
הערשאפט פון קינדער, שעד־
לעכע השפעה פון קינדער אויפן
פאליטישן לעבן.

**פילסודסקי, יוזעף** (געב.
1867 אין זשולאוו הינטער
ווילנע), פוילישער מארשאל, פא־
ליטיקער. געענדיקט די ווילנער
גימנאזיע, שטודירט מעדיצין אין
כארקאווער אוניווערזיטעט. אין
1887 ווערט פ. פארשיקט אדמי־
ניסטראטיוו קיין סיביר אלס א פא־
ליטיש־פארדעכטיקטער, אין 1892
קערט פ. זיך אום קיין ליטע און
טרעט ער ארײַן אין פ. פ. ס. אין
1899 ווערט פ. ארעסטירט אין
לאדזש, צוליב דעם וואס מ'האט
אנטדעקט אין זיין וווינונג א געהיי־
מע דרוקעריי פון אומלעגאלן „רא־
באטניק", ווערט איבערגעפירט
קיין פעטערבורג, פון דארט אנט־
לויפט ער קיין קראקע. אין די
יארן 1904—5 פירט פ. אן מיט
דער טעראר־אקציע אין קאנגרעס־
פוילן. אין 1905 דערפירט פ. צו
א שפאלטונג אין פ. פ. ס. און
שאפט די רעוואלוציאנערע פראק־
ציע, וועלכע האט אגיטירט פאר א
קאמפס־אקציע און פאר דער אומ־
אפהענגיקייט פון פוילן, אין קעגנ־
זאץ צום לינקן פליגל פון פ. פ. ס.,
וואס האט געפאדערט אן אויטא־
נאמיע און איז א־ויסגעטרעטן
קעגן טעראר. פ. שאפט אין גאַ־
ליציע שיסער־ארגאניזאציעס.
בשעת דער וועלט־מלחמה איז פ.
קאמענדאנט פון דער ערשטער
לעגיאנען־בריגאדע. ארעסטירט
דורך די דייטשן אין 1917, ווערט
פ. אינטערנירט אין מאגדעבורג.
קומנדיק צוריק קיין ווארשע אין
1918, ווערט פ. מלוכה־שעף און
הויפטקאמאנדיר. אין 1922 גייט
פ. אוועק פון פאליטישן לעבן,
אין 1926 שטעלט־זיך פ. אין דער
שפיץ פון א מיליטערישע איבער־

קערעניש, וואָס האָט גורם-געווען צו דער רעזיגנאַציע פון פּרעזידענט וואָיטשעכאָווסקי און פון וויטאָסעס רעגירונג. קריגס-מיניסטער און פרעמ ער פון 1926 אָן.

**פּיקירן** (פר.) — זאָגן איינער דעם אַנדערן שטעכווערטלעך.

**פּיקעטן** (פר.) — אַזוי רופן-אָן די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, אָדער די שטרייקנדיקע אַרבעטער, די אָרגאַניזאַציע, וואָס באַוואַכט די פּ בריקי, אין וועלכע ס'קומט-פאָר אַ שטרייק, כּדי נישט צו דערלאָזן קיין שטרייק-ברעכער. לכתחלה רעדן די פּ. מיט גוטן צו די שטרייק-ברעכער, נאָר אַז ס'העלפן נישט קיין רייד, באַנוצן זיך די פּ. אויך מיט געוואַלט-מיטלען. דאָס פּיקעטירן איז אַממערסטן פאַרשפּרייט אין די פאַריייניקטע שטאַטן פון צפון-אַמעריקע און אין ענגלאַנד.

**פּיראַט** (גר.) — אַ ים-רויבער.

**פּלאַגיאַט** (לאַט.) — אַ ליטעראַרישע אָדער קינסטלערישע גנבה; דאָס נעמען ביי עמעצן אַן איינפאַל, טעמע, פּלאַן און פאַרשפּנטלעכן עס אונטערן אייגענעם נאָמען.

**פּלאַטאָניש** — רוחניותדיק, אָן קערפּערלעכע תאוות.

**פּלאַטפאָרם** (פר.) — 1) אַ וואָגן מיט אַ גרויסער גלייכער אויבערפלאַך; 2) גלייך דערהויבן אָרט פאַר אַ וואָקזאַל; אַ טריבונע פאַר אַ רעדנער; 2) דאָס פּראָגראַם פון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי, געזעלשאַפטלעכע גרופּירונג א. א. וו.

**פּלאַן** (ל.)—אַ שקיץ, פּראָיעקט פון אַ געביידע, ווערק.

**ד יי וו י ס - פּ ל אַ ן**—דער פּראָיעקט צו לייזן די רעפּאַראַציע-פראַגע (זע רעפּאַראַציע), וואָס איז אויסגעאַרבעט און אָנגענומען געוואָרן מיט אומבאַדייטנדיקע ענדערונגען אויף דער לאָנדאָנער קאָנפערענץ פון די פאַרבינדעטע אין 1923. ד יי וו י ס, אַ געוועזענער אַמעריקאַנישער אַדוואָקאַט, שפּעטער אינטענדענט און גענעראַל פון דער אַמעריקאַנישער אַרמיי, טרעט-אַרויס מיט זיין פּלאָן אַלס אַגענט פון באַוווסטן אַמעריקאַנער מיליאַרדער מ אָ ר ג אַ ן. דער מהות פון דייוויס-פּלאַן באַשטייט אין פאָלגנדיקן: 1) די אייזנבאַנען ווערן אָפּגענומען פון דער דייטשער רעגירונג און איבערגעגעבן דער לייטונג פון אַ ספּעציעלער געזעלשאַפט, וואָס לאָזט-אַרויס אַקציעס און אָבליגאַציעס אויף אַ סומע פון 26 מיליאָיד דייטשע גאָלד-מאַרק. אַזוי-אַרום באַקומען די פאַרבינדעטע דאָס רעכט אויף דער גרעסערער העלפט פונם ווערט

פון דער דייטשער אייזנבאַן-נעץ, באַקומענדיק אויסער דעם 500 מיליאָן גאָלדמאַרק יערלעכע צינזן. אין דער שפּיץ פון דער אייזנבאַן-געזעלשאַפט שטייט אַ ראַט פון 18 פּערזאָן (9 מצד דער דייטשער רעגירונג און 9 מצד די פאַרבינדעטע) אונטער דער לייטונג פון אַ באַפולמעכטיקטן און אַ קאָמיסאַר, וועלכע ווערן באַשטימט דורך דער רעפּאַראַציע-קאָמיסיע; 2) כּדי צו סאַנירן דאָס דייטשע געלט-סיסטעם מיטן צוועק צו פאַרשטאַרקן דייטשלאַנדס צאָל-פעיִקייט, ווערט אָרגאַניזירט לויטן דייוויס-פּלאַן אַ „נייע באַנק" אויף אַ טערמין פון 50 יאָר מיט אַ גרונט-קאַפּיטאַל (אַ געמישטער: אַן אויסלענדישער און אַ דייטשער) פון 400 מיליאָן גאָלדמאַרק. אין משך פון דאָזיקן טערמין האָט די „נייע באַנק" דאָס אויסשליסלעכע רעכט אַרויסצולאָזן נײַ פּאַפּירגעלט. די דאָזיקע באַנק איז לחלוטין אומאָפּהענגיק פון קאָנטראָל פון דער דייטשער רעגירונג און ווערט אָנגעפירט דורכן באַנק-ראַט, וואָס באַשטייט פון 7 דייטשן און 7 אויסלענדער מיט אַ דירעקטאָר און פּרעזידענט אין דער שפּיץ, וועלכע ווערן באַשטימט דורך דער רעפּאַראַציע-קאָמיסיע; 3) אויף צו סאַנירן די דייטשע ווירטשאַפט באַקומט דייטשלאַנד אַ הלוואה פון 800 מיליאָן גאָלדמאַרק, און דאָסדאָזיקע געלט בלייבט אין דער פאָרם פון דעפּאָזיטן אין די אויסלענדישע בענק. אונטער דער גאַראַנטיע פון דאָזיקן געלט לאָזט-אַרויס די דייטשע באַנק מיט דער דערלויבעניש פון דער רעפּאַראַציע-קאָמיסיע באַנקנאָטן אויף אַ סומע פון צוויי מיליאַרד, וואָס ווערן איבערגעגעבן דער דייטשער רעגירונג; 4) דער פּאַקטישער מקור פון די רעפּאַראַציע-צאָלונגען זענען לויטן דייוויס-פּלאַן די שטייערן-הכנסות, וועלכע דאַרפן פאַרגרעסערט ווערן. ס'ווערט רעקאָמענדירט צו העכערן די אומדירעקטע שטייערן (אויף ביר, בראָנפן, צוקער, טאַבאַק א. א.וו.), ס'ווערט באַשטימט אַ טראַנספּאָרט-שטייער א. א. וו. לויטן דייוויס-פּלאַן וועט דייטשלאַנד דאַרפן אויסצאָלן מזומן געלט: פאַר 1925 אַ מיליאַרד גאָלדמאַרק, פאַר 1926 אַ מיליאַרד מיט 220 מיליאָן, פאַר 1927 אַ מיליאַרד מיט 220 מיליאָן, פאַר 1928 אַ מיליאַרד מיט 750 מיליאָן, פאַר 1929 צוויי מיליאַרד מיט 500 מיליאָן גאָלדמאַרק א. א. וו. אויף אַזאַ אופן ווערט דייטשלאַנד אַ קאָלאָניע פון אַמעריקאַנישן קאַפּיטאַל. די גאַנצע לאַסט פון ד.-פּ. פאַלט אויף די דייטשע אַרבעטנדיקע

מאַסן. (דער אַרבעטס-לוין פון דייטשן אַרבעטער איז קלענער 4 מאָל פון לוין פון אַמעריקאַנישן אַרבעטער און מער ווי צוויי מאָל פון ענגלישן אַרבעטער).

**פלוטאָקראַטיע** (גר.) — אַ רעגירונגס-אָרדנונג, ביי וועלכער די מאַכט געפינט-זיך אין די הענט פון די רייכע.

**פלוראַליזם** (לאַט.)—אַ לערע, לויט וועלכער די יסודות פון דער וועלט זענען פאַרשידנאַרטיק און פילפאַך. פ. איז דער היפך פון מאָניזם (זע).

**פלוראַלער וואָטום** (ל.)— אַזאַ מין וואַל-סיסטעם, לויט וועלכן אַ וויילער האָט רעכט צו שטימען אין נאָמען פון עטלעכע וויילער. אין אייניקע מלוכות איז פ. וו. באַשטעטיקט דורך דער מאַכט. אַזאַ רעכט האָבן מענטשן פון אַ געוויסן עלטער, פאַרמעגן און בילדונגס-צענז. אין בעלגיע, למשל, האָט פאַר דער וועלט-מלחמה יעדער פאַמיליע-פאָטער, נישט יונגער פון 35 יאָר, וואָס האָט געצאָלט נישט ווייניקער ווי 5 פר. שטייער, געהאַט 2 שטימען; מענטשן מיט אַ העכערער בילדונג, וואָס האָבן פאַרנומען אַ געזעלשאַפטלעכן אָדער פּריוואַטן פּאָסטן, האָבן געהאַט 3 שטימען.

**פלעאָנאַזם** (גר.-לאַט.) — אַן איבערפלוס פון ווערטער, פראַזן; די איבערחזרונג פון ענלעכע אויסדריקן ביים שרייבן אָדער ביי אַ רעדע.

**פלעבייער** (לאַט.) — דער נידעריקער קלאַס פון דער באַפעלקערונג אין אַלטן רוים, וואָס האָט נישט געניאָסן פון קיין שום בירגער-רעכט, און ערשט נאָך אַ לאַנגן קאַמף מיט די פּאַטריצער (דער העכערער קלאַס אין אַלטן רוים) האָט ער זיך דערשלאָגן צו גלייכבאַרעכטיקונג מיט זיי; בכלל דער נידעריקער קלאַס, דער המון.

**פלעביסציט** (לאַט.) — אַן אַלגעמיינע אָפּשטימונג פון גאַנצן פאָלק וועגן אַ וויכטיקן מלוכהשן ענין.

**פלעכאַנאָוו, ג.** (1856—1918) — דער באַגרינדער פון מאַרקסיזם אין רוסלאַנד. אין די 70-ער יאָרן האָט פ. גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער פאָלקס-באַוועגונג. אין דעצעמבער 1876 איז פ. אַרויסגעטרעטן מיט אַ רעדע בעת דער דעמאָנסטראַציע אויף קאַזאַנער פּלאַץ און איז צוליב דעם געווען געצוווּנגען צו פירן אַן אומלעגאַל לעבן. נאָך דער

שפאלטונג פון די „זעמלעוואלצעס" („ערד און פרייהייט") אויף צוויי פראקציעס איז פ. אריבער צו דער לינקער פר. שפעטער עמיגרירט פ. קיין אויסלאנד און שטודירט דארט די מערב-אייראפעישע ארבעטער-באוועגונג. אין 1873 איז פ. איינער פון די גרינדער פון דער גרופע „באפרייונג פון ארבעט" — דאס ערשטע רוסישע סאציאל-דעמאקראטישע „קרייז". זיינע ליטערארישע ארבעטן האבן געהאט אן אומגעהייערע באטייטונג פאר דער אנטוויקלונג פון קלאסן-באוווסטזיין פון די רוסישע ארבעטער און פאר זייער באפרייונג פון דער השפעה פון די נאציאנאלע אוטאפיעס. זיינע ווערק: „סאציאליזם און פאליטישער קאמף", „אונדזערע מיינונגס-פארשידנהייטן", „צו דער פראגע וועגן אנטוויקלונג פון דער מאניסטישער אנשויונג" א. א. וו. — פ. איז דער טיכטיקסטער טעארעטיקער פון רוסישן מארקסיזם. אין 1903, נאך דער שפאלטונג פון דער רוס. ס.-ד. אויף באל. און מענש. איז אין פ׳ס באריכט וועגן דאזיקן ענין געווארן דאס פראגראם פון רוס. ס.-ד. ארב. פאר., לויטן גייסט פון ערפורטער פראג. (זע), וואס אונטערשיידט-זיך אבער פון יענעם און בכלל פון אלע פריערדיקע ס.-ד.-פראגראמען מיט דער פאדערונג פון דער דיקטאטור פון פראלעטאריאט ביי א סאציאלער רעוואלוציע. פ. איז געווען איינער פון די אנטיילנעמער אין אלע אינטערנאציאנאלע סאציאליסטישע צוזאמענפארן ביזן יאר 1914. ביים אנהייב פון דער וועלט-מלחמה האט פ. פארנומען א פארטיידיקונגס-פאזיציע, שטייענדיק אין דער שפיץ פון סאציאל-פאטריאטישער ארגאניזאציע „אייניקייט".

**פלענאר-זיצונג** — א זיצונג אין פולן קאמפלעט; למשל: א זיצונג פון אלע סיים-דעפוטאטן אין קעגנזאץ צו די קאמיסיע-זיצונגען.

**פסיידא** (גר.) — פאלש. ווערט צוגעגעבן צו א ווארט, כדי צו באצייכענען די גישט-ריכטיקייט, די פאלשקייט פון א געוויסן באגריף, למשל: פסיידא-סאציאליסט, פסיידא-קונסט.

**פסיכאלאגיע** (גר.) — די לערע וועגן מח- און נערוון-טעטיקייט פון ארגאניזם.

**פסעוודאנים** (גר.) — אן אויסגעטראכטער נאמען.

**פעדאנטיזם** (לאט.) — א בלינדע, ע[illegible]ש[illegible]ותדיקע [illegible] ערפילונג

פון באַשטימטע, פעסטגעשטעלטע פאָרמען און טראַדיציעס; גישט קע קליינלעכקייטן אָן אַ שום וועזנט־לעכן ווערט; טרוקענער פאָרמאַ־ליזם; דקדוקי־עניות.

**פּעדאַנט** (לאַט.) — אַ מענטש, וואָס היט־אָפּ כּללים, מנהגים מיט אַ געגויער פּינקטלעכקייט.

**פּעטיאָן, דע־ווילניעוו** (1753—1794) — אַ כראַנצ. רעוואָלוציאָנער. ביים אָנהייב פון דער גר. פראַנ. רעוו. איז פּ. גע־ווען אַ מיטגליד פון דער נאַצ.־פאַרזאַמלונג און אַ שטאַרקער אָנ־הענגער פון אַ גרינדלעכער איבערקערעניש. פּ., ראָבעספּיער און ביזאָ זענען געווען דער צענ־טער פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי. אין 1791 רעאָרגאַניזירט פּ. דעם יאַקאָבינער־קלוב און ווערט זיין פאָרזיצער. זייענדיק דער מער פון פּאַריז האָט פּ. צעטיילט צווישן פאָלק געווער און גערופן צו אַן אויפשטאַנד. אין 1792 האָט פּ. אריינגעטראָגן אין דער נאַצ.־פאַרז. אַ פאָרשלאַג וועגן אָראָפּזעצן דעם קעניג. פּ. איז געוואָרן באַשולדיקט דורך די יאַ־קאָבינער אין סימפּאַטיע צו די זשיראָנדיסטן און פאַרלירן דעם פּאָסטן פון פּאַריזער מער. פּ. איז געווען מיטגליד און פאָרזיצער פון קאָנווענט. נאָכן פאַלן פון די זשיראָנדיסטן ווערט פּ. אַרעסטירט, אַנטלויפט צו דער אַרמיי, און נאָכן פאַלן פון ווערנאָן אַנטלויפט ער קיין ברעטאַן, וווּ ער איז פאַר־צוקט געוואָרן דורך וועלף.

**פּעטיציע** (לאַט.) — אַ שריפט־לעכע בקשה צו אַ קעניג, פּרע־זידענט אָדער צו מלוכה־אָרגאַנען.

**פּעטליוראַ** — אַ געוועזענער אוקראַינישער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישער נאַציאָנאַליסט, אין 1917 גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער „צענטראַלער ראַדע" (זע). נאָך דער נאָוועמבער רעוואָלוציע פון יאָר 1918 אין דייטשלאַנד און נאָכן אָפּטרעטן פון די דייטשע אַרמייען פון אוקר., האָט זיך פּ. געשטעלט אין דער שפּיץ פון דער אוקראַינישער קליינבירגערלעכער דירעקטאָריע און געפירט קריג מיט דער ראַטן־מאַכט; איז אָבער אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן דורך די פאָלקס־אויפשטאַנדן און דער רויטער אַרמיי, און איז אַנטלאָפן. אָנ־פאַנג 1926 איז פּ. דערשאָסן געוואָרן אין פּאַריז דורך אַ רוס. ייִד, וואָס האָט זיך אָן אים גוקם געווען פאַר זיין אָרגאַניזירן ייִדי־שע פּאָגראָמען אין אוקראַינע.

**פעטערבורגער ראט פון ארבעטער־און זעלנער־דעפוטאטן** — געשאפן צום ערשטן מאל אין יאר 1905. זיין ערשטער פארזיצער איז געווען כרוסטאלאוו־נאסאר, א מענטש לגמרי א צופעליקער אין דער רעוואלוציע, וואס איז צוגעשטאנען צו די מענשעוויקעס. שפעטער האט פארנומען זיין ארט ל. ד. טראצקי. דער ערשטער ראט, ווי דער ראט וואס האט זיך געשאפן דעם 27־טן פעברואר 1917, איז געווען דער אלרוסישער רעוואלוציאנערער צענטער פון דער ארבעטער־באוועגונג. דער פעטערבורגער ראט, וואס איז אנטשטאנען אין פעברואר 1917, האט זיך געטיילט אויף צוויי סעקציעס: ארבעטער־ און זעלנער־סעקציע און האט זיך לכתחלה געפונען אונטער דער אידייאישער השפעה פון די מענשעוויקעס און עס־ערן. דער פארזיצער פון ראט איז געווען דער מענשעוויק טשכעידזע. נאכדעם האט דער פעטערבורגער ראט, א דאנק די צוגאב־וואלן פון די דעפוטאטן, געביטן דעם צוזאמענשטעל פון זיינע מיטגלידער און ענדלעך איבערגעגאנגען אין די הענט פון די באלשעוויקעס, ווערנדיק דער צענטער פון דער אקטאבער־רעוואלוציע. אלס פארזיצער פון ראט איז דעמאלט אויסגעוויילט געווארן ג. זינאוויעוו.

**פעטראפאוולאווער פעסט.** ביי פעטערבורג, אין וועלכער ס'זענען אין די צייטן פון צאריזם געזעסן ארעסטירט די סאמע וויכטיקסטע רעוואלוציאנערן.

**פעטראשעווצעס** — אזוי האבן געהייסן א גרופע רוסישע סאציאליסטן אין די 40־ער יארן פון פאריקן י"ה, אויפן נאמען פון זייער אנפירער מ. וו. פעטראשעווסקי. די פ. זענען געווען א פראפאגאנדע־קרייזל, וואס האט שטודירט דעם סאציאליזם און האט נישט געהאט די מעגלעכקייט צו פירן פראקטישע ארבעט צוליב די פארדרדיקע איינעסטן פון די מיטגלידער. פארן דאזיקן פרוו צו שטודירן דעם סאציאליזם זענען די פ. פאראורטיילט געווארן צו טויט־שטראף, וואס איז זיי אויפן עשאפאט פארביטן געווארן אויף קאטארגע.

**פענלעווע, פ.** (געב. 1863) — פראפעסאר, מאטעמאטיקער, פאליטישער טוער, דעפוטאט פון 1910 אן, בילדונגס־מיניסטער פון 1915—1916, קריגס־מיניסטער 1916—17, גרינדער פון דער רעפובליקאנישער ליגע (1921),

פאָרזיצער פון פאַרלאַמענט פון 1924—25, פרעמיער-מיניסטער (1925), קריגס-מיניסטער אין בריאַנס און פּואַנקאַרעס רעגירונ-גען (1926).

**פעסימיזם** (לאַט.) — אַ פּי-לאָזאָפישע וועלט-אָנשויונג, לויט װעלכער אויף דער וועלט איז פאַראַן מער שלעכטס ווי גוטס, מער פּיין ווי גליק, און איבער-הויפּט איז גאָרנישט פאַראַן קיין גליק אויף דער וועלט; אַ נייגונג צו געפינען אין יעדער זאַך, דער-שיינונג נאָר די שלעכטע זייטן, צו זען אַלץ אין שוואַרצע פאַרבן.

**פעראָווסקאַיאַ**(1853 1881) אַ חשובע טוערין אין דער רוס. רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון די 70-ער און אָנהייב 80-ער יאָרן פון פאָריקן י"ה. פ. האָט גע-שטאַמט פון אַן אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע. אַריינגעטרעטנדיק נאָך גאַנץ יונג אין דער פאָלקס-באַווע-גונג, בעת ס'האָט זיך געשאַפן די פּאַרטיי „פאָלקס-ווילן" איז פ. גע-וואָרן איינע פון אירע אָנגעזעענסטע מיטגלידער, צוזאַמען מיט זשע-לאַבאָוון גרייט זי צו (דעם 1-טן מערץ 1881) דעם אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. ווען זשעלאַבאָוו ווערט אַרעסטירט, נעמט אויף זיך פ. די אויספירונג פון אַטענטאַט. פאַרן דאָזיקן אַטענטאַט ווערט פ. פאַרמשפּט צום טויט דורך הענגען. פ. איז געווען די ערשטע רוסישע רעוואָלוציאָנערין, וואָס איז אומגעקומען אויפן עשאַ-פאָט.

**פערטורבאַציע** (לאַט.) — אויפרעגונג; איבערקערעניש.

**פעריאָד** (גר.) — די צייט וואָס צווישן צוויי וויכטיקע גע-שיכטס-עפּאָכן; אַ באַשטימטע אַס-טראָנאָמישע צייט, למשל: דער פולער קרייז פון דער ערד אַרום דער זון.

**פעריאָדיש** (גר.) — וואָס חזרט זיך איבער אין באַשטימ-טע צייטן.

**פעריאָדישע פּרעסע** — צייטונגען, זשורנאַלן, וואָס גייען אַרויס אין באַשטימטע צייטן.

**פעריפעריע** (גר.) — 1) אַ היקף, קרייז, וואָס נעמט אַרום אַ געוויסן שטח; 2) אין אַ פּאָליטישער פּאַרטיי—די ווייטסטע פאַנאַנדערצווייגונגען פון דער פּאַר-טיי-אָרגאַניזאַציע, וואָס קומען די-רעקט אין באַרירונג מיט די מאַסן און דערפילן די טאָגטעגלעכע פּאַרטיי-אַרבעט.

**פערל, פ.** ד"ר (1871-1926)— אַ פּוילישער פּאָליטיקער, איי-

נער פון די פּ. פּ. ס.-פירער, יוריסט, דעפּוטאַט פון 1919 אָן, פּאָרזיצער פון צענטראַל-קאָמיטעט פון פּ. פּ. ס., רעדאַקטאָר פון „ראָבאָטניק".

**פערלוסטראַציע** (לאַט.)— אַ געהיימע קאָנטראָל פון בריוו אויף דער פּאָסט.

**פערמאַנענטער** (לאַט.) — אומאויפהערלעכער, כסדרדיקער, כּראָניש׳ער.

**פערמאַנענטער קאַפּיטאַל** (לאַט.)—דער קאַפּיטאַל, וואָס ווערט אַריינגעלייגט אין דער פּראָדוקציע, אויסער די הוצאות אויף געדונגענער אַרבעט.

**„פערמאַנענטע רעוואָלוציע"**—אומאויפהערלעכע רעוואָלוציע. די ריכטונג, וואָס אין איר שפּיץ שטייט טראָצקי און פּאַרוווס אין די יאָרן 1904—6 (צו וועלכער טראָצקי האָט זיך נישט איינמאָל אומגעקערט אויך נאָך דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע), וועלכע שטרייכט-אונטער, אַז די רוסישע רעוואָלוציע איז אַ טייל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוו., און דעריבער איז איר נצחון מעגלעך נאָר דורכן זיג פון דער אינטערנאַצ. אַרבעטערשאַפט. די טעאָריע פון דער פּערמ. רעוו. האַלט, אַז דאָס פּויערטום, וואָס איז ביים אָנהייב פון דער רעוואָלוציע דער פאַרבינדעטער פון פּראָלעטאַריאַט, וועט אין גאַנג פון דער רעוו. אומבאַדינגט אַריינפאַלן מיט אים אין אַ קאָנפליקט. דעריבער האָבן די פּאַרטיידיקער פון דערדאָזיקער טעאָריע געזוכט אַ צוזאַמענבונד פון אַרבעטער-קלאַס אויסשליסלעך אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטערשאַפט, אָפּלייקענענדיק דעם בונד צווישן אַרבעטער-קלאַס מיטן פּויערטום.

**פערסאָנאַל** (פר.) — דער פּערזאָנען-צוזאַמענשטעל פון אַן אינסטיטוציע.

**פערספּעקטיוו** (לאַט.) — 1) דער אויסקוק אויף אַ ווייטן מרחק; 2) די אויסזיכטן און פּלענער אויף דער צוקונפט.

**פּ. פּ. ס.** (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי) — אַנטשטאַנען אין 1892. איר ציל איז געווען די אומאָפּהענגיקייט פון פּוילן, פּראָפּאַגאַנדירנדיק גלייכצייטיק דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק. אין די יאָרן 1904—5 (בעת דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע) האָט פּ. פּ. ס. געפירט אַן ענערגישן קאַמף, וואָס אין איר שפּיץ איז געשטאַנען יוזעף פּילסודסקי. אין 1905 איז אין פּ. פּ. ס. פּאַר-

געקומען אַ שפּאַלטונג אין ס'האָבן זיך געשאַפן 2 פראַקציעס: די „רעוו. פראַקציע" האָט אַרויסגעשטעלט דעם לאָזונג די אומאָפּהענגיקייט פון פּוילן, אָנערקענענדיק דעם טעראָר; דער לאָזונג פון דער „לינ־קער פראַקציע" איז געווען אַן אויטאָנאָמיע פאַר פּוילן, אָפּוואַרפנ־דיק דערביי טעראָריסטישע אַקטן. די לינקע פּ. פּ. ס. האָט זיך שפּע־טער פאַראייניקט מיט די קאָמוניסטן. אין פּ. פּ. ס. זענען ביז 1928 געווען צוויי שטראָמונגען: איין שטראָמונג האָט שטאַרקער אַקצענ־טירט דעם נאַציאָנאַלן מאָמענט, די צווייטע — דעם סאָציאַלן מאָ־מענט. אין 1928 איז פאָרגעקומען אין דער פּאַרטיי אַ שפּאַלטונג: די פאָרשטייער פון דער רעכטער ריכטונג האָבן געשאַפן אַ באַזונ־דערע פראַקציע אונטערן נאָמען: פּ. פּ. ס. (אַמאָליקע רעוואָלוציאָ־נערע פראַקציע). די פּ. פּ. ס.־ישע דעפּוטאַטן פון דער אַזוי גערופע־נער רעוואָלוציאָנערער פראַקציע האָבן זיך אָפּגעטיילט און געשאַפן אַ באַזונדערן פּאַרלאַמענטאַרישן קלוב אונטער דער אָנפירונג פון דעפּ. יאַוואָראָווסקי. דער קלוב באַשטייט פון 11 מיטגלידער.

**פּ. ק. אָ.** (פּאָסט־קאַסע פאַר אָפּשפּאָרונגען) אַ פּוילישע מלוכהשע אינסטיטוציע, אַ יורי־דישע פּערזאָן מיט אַן אייגענעם פאַרמעגן. די אויפגאַבע פון פּ. ק. אָ. איז: דאָס אָננעמען אָפּ־שפּאָרונגס־פּקדונות אויף פּראָ־צענט, דאָס אַרויסגעבן קורצ־טערמיניקע הלוואות און דאָס העלפן רעאַליזירן מלוכהשע און קאָמונאַלע הלוואה־עמיסיעס.

**פּראָבלעם** (גר.) — אַן אויפ־גאַבע אין דער וויסנשאַפט, פּאָליטיק, קונסט, וואָס פאָדערט אַן ענטפער, לייזונג.

**פּראַגמאַטיזם** (לאַט.) — 1) די דערקלערונג פון היס־טאָרישע געשעענישן אין זייער קעגנזייטיקן צוזאַמענהאַנג; 2) אַ טעאָריע, לויט וועלכער ס'ווערט אָפּגעשאַצט די ריכטיקייט פון דער מענטשלעכער דערקענטניש לויט אירע פּראַקטישע פאָלגן.

**פּראָגראַם** (גר.־לאַט.) — דער פּלאַן פון אַ געוויסע טעטיקייט; די שריפטלעכע דערקלערונג, וועגן די אָנשטרעבונגען, פאָדערונגען און טאַקטיק פון אַ פּאָליטישער פּאַר־טיי; דער אויסצוג פון איינצלנע קאָנצערט־נומערן.

**פּראָגרעס** (לאַט.) — פאָר־שריט; די פאַרפולקומונג פון

פאָרמען, מאַטעריעלער און גייסטיקער קולטור; די אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. נאָך דאַרווינען און מאַרקסן האָט דער באַגריף „פּראָגרעס" פאַרלאָרן זיין מיסטישן שלייער און ווערט באַטראַכט אַלס די השלמה, די פאַרפולקומונג, פון דער מענטשלעכער נאַטור און די געזעלשאַפטלעכע פאָרמען אויפן גרונט פון דער אַנטוויקלונג פון פּראָדוקציע, מאַטעריעלע אוצרות.

**פּראָגרעסיווע באַשטייערונג** — אַ בהדרגהדיקע פאַרגרעסערונג פון שטייערן לויטן וווקס פון פאַרמעגן; למשל: אויב די הכנסה איז 1000 זל., איז דער שטייער 10% פון דער הכנסה, ביי 2000 — שוין 12% א. אַז. וו.

**פּראָדוציר-באַציונגען** — די באַציונגען צווישן מענטשן אין פּראָצעס פון דער געזעלשאַפטלעכער פּראָדוקציע.

**פּראָדוציר-קרעפטן** — אַלע מאַטעריעלע קרעפטן, וואָס ווערן אויסגענוצט דורך דער מענטשלעכער געזעלשאַפט אין דער ווירטשאַפטלעכער אַרבעט; למשל: די אַרבעטס-קראַפט פון מענטשן גופא, די קראַפט פון חיות, די פּראָדוציר- און טראַנספּאָרט-מכשירים, די מעטאָדן אַרויסצובאַקומען רוי-מאַטעריאַלן פון דער אַרומיקער נאַטור, די מעטאָדן פון ערד-אַרבעט, פון באַאַרבעטן רוי-שטאָפן א. אַז. וו.

**פּראָדוקט** (ל.) — 1) דער אַלגעמיינער נאָמען פאַר די שאַפונגען פון דער נאַטור און פון דער מענטשלעכער אַרבעט; 2) אין אַבסטראַקטן זין — די ווירקונגען פון געזעלשאַפטלעכע, געשיכטלעכע און אַנדערע באַדינגונגען.

**פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבעט** — דאָס פאַרהעלטעניש צווישן דעם סכום פאַרבריוכטער אַרבעט און באַקומענער פּראָדוקציע. די גרויס פון דער אַרבעטס-פּראָדוקטיווקייט ווערט באַשטימט לויטן סכום פון פּראָדוקטן, וואָס באַקומען זיך אין אַ געוויסן משך פון צייט אויף אַ געוויסן סכום פון אַרבעט.

**פּראָדוקטיווער** (לאַט.) — נוצלעכער, ווירקזאַמער, פּרוכטבאַרער.

**פּראָהיביציע** (לאַט.) — אַ פאַרבאָט, אַן אסור; אין אַמעריקע — דער פאַרבאָט צו פאַרקויפן אַלקאָהאָל.

**פּראָוואָקאַטאָר** (לאַט.) — אַן אויפהעצער, אַ בייזוויליקער אָנרעדער צו אויפשטאַנדן, כּדי איבערצוגעבן שפּעטער די אויפשטענדיקע אין די הענט פון דער מאַכט.

**פּראָווידענציעל** (לאַט.) — פאָרויסבאַשטימט, אומפאַרמײדלעך, פאַטאַל.

**פּראָזעליט** (גר.) — אַ גר; אַן אויסלענדער; דער, וואָס גייט איבער צו אַן אַנדער גלויבן, פאַרטײַן אַ מענטש, וואָס ווערט דורכגעדרונגען מיט נײַע איבערצײַגונגען.

**פּראָזשעקטאָר** (פר.) — אַ ליבהאָבער פון פּראָיעקטן, אַ מחבר פון פאַנטאַסטישע פּלענער, פון אומאויספירבאַרע פּראָיעקטן.

**פּראָטאָטיפּ** (גר.) — אַ טיפּ, ערשטער מוסטער, לויט וועלכן ס'ווערט עפּעס געשאַפן, געפאָרעמט; אָריגינאַל.

**פּראָטעסט** (לאַט.) — התנגדות, קעגנערשאַפט, אַרויסטרעטונג קעגן עפּעס, דאָס אַקעגנשטעלן זיך צו עפּעס; אַ נאָטאַריעלער אַקט, וואָס שטעלט־פעסט, אַז דער בעל־חוב האָט זיך אָפּגעזאָגט צו צאָלן אַ וועקסל טערמין.

**פּראָטעסטאַנט** — אַ נ 1) דער, וואָס טרעטמיט אַ פּראָטעסט; רעוואָלנער; 2) אָנגעהעריקער צו פּראָטעסטאַנטישער קירך (זע פּאָרמאַציע); 3) דער אַלגעמנאָמען פון די אָנהענגער פון סעקטעס, וואָס האָבן זיך אָפּטײלט פון קאַטאָליציזם אונטער איינפלוס פון דער רעפאָרמאַצ אין XVI י"ה.

**פּראָטעסטאַנטיזם** — זע רעפאָרמאַציע.

**פּראָטעקטאָראַט** (לאַט.) — אַפּיטרופּסות, די אויפזיכט פון אַ שטאַרקער מלוכה איבער אַ שוואַכער, וואָס פאַרלירט דערבײַ איר זעלבשטענדיקייט סײַ אין איר אינערלעכע און סײַ אין די אינטערנאַציאָנאַלע באַציונגען. דער פּ. איז פאַקטיש די געוויינלעכע פאָרם פון אימפּעריאַליסטישן פאַרכאַפּן קאָלאָניעס (למשל: ענגלאַנדס פּראָטעקטאָראַט איבער מצרים, אינדיע, פּאַלעסטינע א. אַז. וו.).

**פּראָטעקציאָניזם** (לאַט.) — אָדער: אַפּיטרופּסות־סיסטעם — די אַפּיטרופּסות איבער דער נאַצ-

יאָנאַלער אינדוסטריע און דאָס פאַרהיטן זי פון דער אויסלענדער־שער קאָנקורענץ דורך אַרויפלייגן אויף די אַריינגעפירטע סחורות אַ גרויסן אָפּצאָל; דורך אַרויסגעבן אויסצייכנונג־פרעמיעס פאַרן אַרויס־פירן פאַרשידענע היימישע אויס־אַרבעטונגען; דורך אַרויסגעבן סובסידיעס, מאָנאָפּאָלן, פּריווילעגיעס און רעגירונגס־באַשטעלונגען; דורך צוריקגעבן דעם אָפּצאָל, באַפרייען פון שטייערן, אומזיסט באַנוצן זיך מיט די ערד־שיכטן; דורך אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק פון פאַרכאַפּן די קאָלאָניאַל־מערק.

**פראָטעקציע** (לאַט.) — אפּיטרופּסות, אונטערשטיצונג, חסד; דאָס טאָן עמעצן אַ טובה ביי אַ געוויסער השתדלות.

**פראָלאָג** (גר.) — אַ הקדמה, איינלייטונג; אַן אַריינפיר־אַקט, קאַפּיטל, וועלכע זענען נייטיק, כּדי אויפצוקלערן די ווייטערדיקע אַקטן אָדער דעם גאַנצן אינהאַלט.

**פראָלעטאַריאַט** (לאַט.) — דער אַרבעטער־קלאַס (זע קאָמוניסטישער מאַניפעסט).

**פראָלעטאַריער** (לאַט.) — אַ געדונגענער אַרבעטער, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין פּראָדוציר־מכשירים און לעבט בלויז פון פאַרקויפן זיין אַרבעטס־קראַפט.

**פראָנונציאַמענטאָ** (אַ.) — אַ קריגס־אויפשטאַנד, אַ מיליטערישער בונט קעגן אַ רעגירונג.

**פראָסטיטוירן** (לאַט.) — פאַרפירן, דעמאָראַליזירן; 2) האַנדלען מיט זיך, מיט די איבערצייגונגען, מיט די קענטענישן צוליב מאַטעריעלן נוצן.

**פראָסטיטוציע** (לאַט.) — געצוווּנגענע דעמאָראַליזאַציע, וואָס איז געוואָרן אַ פאַך. אין דער בורזשואַזישער געזעלשאַפט ווערט אַלץ אַ געגנשטאַנד פון קויפן און פאַרקויפן, אַפילו די ליבע. דער קליינער אַרבעטס־לוין, די שווערקייט צו באַקומען אַרבעט צווינגען אַ סך אומגליקלעכע פרויען צו האַנדלען מיט זייער קערפּער. שאַפנדיק און אונטערהאַלטנדיק אַליין דיזאָזיקע דערשיינונג, קלאָגט די בורזשואַזיע צביעותדיק אויף דער דעמאָראַליזאַציע פון פרויען פון די נידעריקע קלאַסן, שטעמפּלט זיי מיט פאַראַכטונג, באַגרענעצט זייערע רעכט און באַמיט־זיך צו דערווייטערן די סכּנה פון אָנשטעקנדיקע קרענק דורך אַ סאַ־

גיטאַרער קאָנטראָל. פּ. איז אַ סאָציאַלע צרה, וואָס איז איינגעוואָרצלט אין די באַדינגינגען פון דער בורזשואַזישער געזעלשאַפט; זי וועט פאַרשווּנדן ווערן צוזאַמען מיטן אונטערגאַנג פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג.

**פּראָסטראַציע** (לאַט.) — אַ געוואַלטיקע דערשעפּונג פון די כּוחות; דאָס פולשטענדיקע פאַרלירן די גייסטיקע און פיזישע קרעפטן.

**פּראָפּאַגאַנדע** (לאַט.) — דאָס פאַרשפּרייטן אַן אידייע, פּדי צוצוציען אָנהענגער און חברים. פּראָפּאַגאַנדע אונטערשיידט זיך פון אַגיטאַציע (זע) מיט אַ מער וויסנשאַפטלעכן און טיפערן צוגאַנג צום באַהאַנדלטן ענין.

**פּראָפּאַן** (לאַט.) — אַ גראָבער יונג, עם-הארץ, בור.

**פּראָפּאַנאַציע** (לאַט.) — חילול-הקודש, פאַרשוועכונג, שענדונג, באַליידיקונג צוליב עם-הארצות אָדער נישט-פאַרשטיין אַ רוחניותדיקן ענין.

**פּראָפּאָרציאָנעל** (לאַט.) — פאַרהעלטנישמעסיק.

**פּראָפּאָרציאָנעלער וואַל-סיסטעם** — זע מאַזשאָריטאַריע-פאָרשטייערשאַפט.

**פּראָפּילאַקטיש** (גר.) — פאַרהיטנדיק (אַ מיטל).

**פּראָפעסיאָנעלע פאַרבאַנדן** — די עלטסטע פאָרם פון דער אַרבעטער-פאַרייניקונג. פּראָפּ. פאַרבאַנדן זענען אַ מאַסן-אָרגאַניזאַציע פון די אַרבעטער אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, מיטן צוועק צו שיצן די סאַמע נאָענטסטע קלאַסן-אינטערעסן פון דער אַרבעטערשאַפט. דידאָזי. אינטערעסן זענען: די באַדינגונגען פון אַרבעטס-לוין, די אַרבעטס-צייט, דאָס צונעמען אין אָפּאָגן אַרבעטער א. אַז. וו. דעריבער פירן די פּראָפ. פאַרבאַנדן כּמעט שטענדיק דעם קאַמף פאַר די דירעקטע אינטערעסן פון די אַרבעטער. אָבער די געשיכטע פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין אַלע לענדער שטרייכט אונטער, אַז די אַלגעמיינע קלאַסן-אינטערעסן, ציען אריין די פּראָפ. פארב. אין פּאָליטישן קלאַסן-קאַמף. די אַמאָליקע ענגלישע טרעד-יוניאָנס האָבן געפירט אַ קאַמף מיט זייער רעגירונג פאַר דער קאָאַליציע-פרייהייט, ד. ה., פאַרן רעכט פון פאַרייניקונג; די

פראַנצייזישע סינדיקאַטן האָבן געפירט אַ קאַמף מיטן מיליטאַריזם; די רוסישע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג האָט זיך באַטייליגט אין קאַמף מיט דער זעלבסטהערשונג (אין 1905, די פעברואַר-רעוואָלוציע). קאַרל מאַרקס רופט-אָן די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג „די שול פון סאָציאַליזם", ווייל דאָ וויקלט-זיך פאַנ גדער פאַר די אויגן פון יעדן אַרבעטער דער טאָגטעגלעכער קאַמף פון דער אַרבעט מיטן קאַפּיטאַליזם. אייגער פון די וויכטיקסטע קאַמפס-מיטלען אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער איז דער שטרייק (זע). די פּראָפ. באַוועגונג האָט אַ גראַנדיעזע באַדייטונג נישט בלויז אין טאָגטעגלעכן קאַמף פאַרן אויסבעסערן דעם עקאָנאָמישן מצב, נאָר איז די שול, ווו דער פּראָלעטאַריאַט גרייט-זיך צו צו דער ראָל פון אַ פּראָדוקציע-אָרגאַניזאַטאָר (די שול פון קאָמוניזם). אין דערדאָז. באַוועגונג ווערן געציילט 40 מיליאָן אָרגאַניזירטע אַרבעטער.

**פּראָפּעסיאָנעלע קראַנקהייטן** — קרענק, פון וועלכע ס'ליידן מענטשן, וואָס אַרבעטן ביי אַ שעדלעכער אַרבעט. אַזעלכע קראַנקהייטן קומען שטענדיק פון אײַנעטעמען אין זיך בליי-שטויב אין די ירוקערייען און אין דער געווער-פּראָדוקציע, דאָס סיסטעמאַטישע פאַרסאַמען דעם אָרגאַניזם מיט פאָספאָר אין די שוועבעלעך-פאַבריקן א. א. וו.

**פּראָפּעסיע** (לאַט.) — אַ באַשטימטע באַשעפטיקונג, וואָס גיט אַ מענטשן די מעגלעכקייט צו עקזיסטירן און איז זיין פאַקטישע ספּעציאַליטעט.

**פּראָצעדור** (לאַט.) — 1) געריכטלעכע פ.: די אָרדנונג פון פירן אַ פּראָצעס אין געריכט; 2) פיג. אַ פאַרשלעפּטער ענין, פאָרמאַליטעטן, וואָס קאָמפּליצירן, פאַרציען אָדער באַשווערן דאָס דערגרייכן דעם ציל.

**פּראָצענט** (לאַט.) — איין חלק פון הונדערט (ווערט באַצייכנט מיט $^0/_0$).

**פּראָצעסיע** (לאַט.) — אַן אומגעהייער-גרויסער פייערלעכער מאַרש, צ״ג.

**פּראָקוראָר** (לאַט.)—געריכטלעכער באַאַמטער, וואָס זיין אויפגאַבע איז אַכטונג צו געבן אויפן ריכטיקן דורכפירן די געזעצן.

**פּראָקלאַמאַציע** (לאַט.) — מודעה; פאַרטיי-אויפרוף.

**פּראָקלאַמירן** (לאַט.) — אָנ־זאָגן, פאַרעפנטלעכן, מודיע־זיין.

**פּראָקרוסט־בעטל** (גר.) — סדום־בעטל. דער אויסדרוק „אויסקלייגן אויפן פּראָקרוסט־בעטל" באַדייט: שטרעבן אריינצו־דרוקן אַלע און אין פאָרם, מאָס.

**פּרודאָן** (1809—1865) — דער אידעאָלאָג פון דער פראַנ־צייזישער קליין־בורזשואַזיע, איינער פון די טעאָרעטיקער פון אנאַר־כיזם. זעענדיק די סבה פון אַלע צרות פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט אין דער איצטיקער פאָרם פון סחורות־אויסטויש, רוקט פּ. אַרויס, מיטן צוועק צו רעאָר־גאַניזירן דידאָזיקע געזעלשאַפט, נישט דעם פּלאַן פון אַ קאָלעקטי־ווער פּראָדוקציע־אָרגאַניזאַציע, נאָר אַן אוטאָפּיסטישן סיסטעם, וואָס בויט די געזעלשאַפט אויף קעגנזייטיקע יסודות, מיט דער הילף פון אָרגאַניזירן אַן אומזיסטן קרעדיט און וועקסל־בענק, וואָס פאַראייניקט גלייכצייטיק דאָס פּרי־וואַטע קליין־אייגנטום. פּרודאָנס טעאָריע האָט אַרויסגערופן אַ שאַר־פע קריטיק מצד ק. מאַרקסן (אין זיין ווערק „אָרעמקייט פון דער פילאָזאָפיע") און אַ קאַמף קעגן פּרודאָנס אָנהענגער אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

**פּרויס, הוגאָ** (1860—1925) — פּראָפעסאָר, יוריסט, דייטשער פּאָליטיקער פון דעמאָ־קראַטישער ריכטונג, דעפּוטאַט פון 1919—25, דער הויפּט־מחבר פון דער דייטשער קאָנסטיטוציע.

**פּריאָריטעט** (לאַט) — פאָרצוג, בכורה.

**פּריווילעגיע** (לאַט.) — פאָר־צוג, ספּעציעלע רעכט.

**פּרייז** — דער ווערט פון סחורה אויסגעדריקט אין געלט. דער סחורה־ווערט איז אַ באַשטימטע זאַך, אָבער פּרייז איז אַ זאַך, וואָס וואַקלט־זיך אינטערן איינ־פלוס פון דער נאָכפראַגע און אָנ־באָט.

**פּרימאָ, די ריוועראַ** (ג. 1871) — אַ שפּאַנישער גע־נעראַל, פּאָליטיקער, געקעמפט אין מאַראָקאָ און קובאַ, סענאַטאָר פון 1917—21, אין 1923 שטעלט זיך פּ. אין דער שפּיץ פון אַ מי־ליטערישער איבערקערעניש, צע־טרייבט דעם פּאַרלאַמענט. פון 1925 אָן איז די מיליטערישע דיקטאַטור פאַרביטן געוואָרן אויף אַ ציווילע רעגירונג מיט פּ. אַלס פּרעמיער.

**פּרימיטיוו** (לאַט.) — פּשוט, אורשפּרונגלעך, פּראָסט, עלעמענ־טאַר.

**פרינציפ** (לאט) — א יסוד, פּלל; די הנחה, לויט וועלכער ס'ווערט געמאכט דער ווייטער־דיקער אויספירן דער לייטנדיקער געדאנק.

**פרעזידענט** (לאט.) — פאר־זיצער; דער ראש פון דער רעפובליק.

**פרעטענדענט** (ל.) — דער, וואס שטעלט ארויס פאדערונ־גען אוף עפעס (אויף א טראן א. א. וו.); דער, וואס האט פרע־טענזיעס אויף עפעס.

**פרעטענזיעס** (לאט.) — טענות, פאדערונגען.

**פרעלימינאר** (לאט.)—צייט־ווייליק; איינלייטנדיק (פרעלי־מינארע אונטערהאנדלונגען, פרע־לימינארע אפמאכן א. א. וו.).

**פרעמיע** (לאט.) — א צוגאב; א באלוינונג פאר דער בעסטער ארבעט; אן אומזיסטע הוספה (צו א זשורנאל, צייטונג א. אז. וו.); א מלוכה־הלוואה, וואס גיט די מעגלעכקייט צו געווינען א געוויסע סומע געלט.

**פרעמיער** (לאט.)—דער ערש־טער מיניסטער (מיניסטער־פרע־זידענט), דער הויפטאנפירער פון מיניסטארן־קאבינעט.

**פרעסטיזש** (פר.) — חשיבות, אנזען; אויטאריטעט, איינפלוס, השפעה; צויבער, רייץ, חן.

**פרעסע** (לאט.) — פעריאדישע אויסגאבן (צייטונגען, זשורנאלן א. א. וו.).

**פרעפעקט** (לאט.) — אדמי־ניסטראטאר, דעפארטאמענט־פארוואלטער, אנפירער פון דער פאליציי.

**פרעצעדענס** (לאט.) — א פארפאל, וואס דינט אלס ביי־שפיל אדער אנווייזונג פאר פאלגנ־דיקע ענלעכע צופאלן.

**פרעראגאטיוו** (לאט.) — א פריווילעגיע, זכות, פארצוג, בכורה.

# פ

**פאביאן־געזעלשאפט** — א געזעלשאפט, וואס איז גע־גרינדעט געווארן אין 1884 אין לאנדאן דורך א גרופּע אינטעלי־

גענטן, מיטן ציל צו פראפאגאנדירן דעם מעסיגן סאציאליזם. די פ.-ג. שטיצט אונטער די ארבעטס-פארטיי (לייבאר-פארטיי).

**פאבריקאט** (לאט.) — סחורה, וואס ווערט אויסגעארבעט אין א פאבריק.

**פאבריק-געזעצגעבונג**— די געזעצן, וואס באשטימען די צאל ארבעטס-שעהן, ארבעטער-פארזיכערונג אין פאל פון קראנקהייט אדער טויט, די ארבעטס-באדינגונגען פאר פרויען און יוגנטלעכע א. א. וו. אין יעדער מלוכה איז פאראן א פאבריק-געזעצגעבונג. די פאבריק-געזעצגעבונג שיצט די ארבעטער נאר אין א געוויסער מאס קעגן דער עקספלואטאציע פון די קאפיטאליסטן. נאך אין יאר 1802 האבן די ארבעטער אויסגעקעמפט ביי דער ענגלישער רעגירונג דאס ערשטע געזעץ, וואס נארמירט די ארבעטס-באדינגונגען פון קינדער און יוגנטלעכע. מער ווי 40 יאר האט געדויערט איידער ס'איז געלונגען איינצופירן בלויז אין טעקסטיל-צווייג א 10-שעהדיקן ארבעטס-טאג פאר דערוואקסענע. ביז ס'איז ארויסגעגעבן געווארן נאך דער וועלט-מלחמה דאס אינטערנאציאנאלע געזעץ וועגן אן 8-שעהדיקן ארבעטס-טאג איז אין ענגלאנד אין קיין שום אינדוסטריע-צווייג, ביי וועלכן ס'ארבעטן מענער, נישט געווען קיין באשטימטע ארבעטס-צייט. אויסנאמען זענען בלויז געווען פאר די שעדלעכע ארבעטס-צווייגן און פאר דער בערג-אינדוסטריע (אן 8-שעהדיקער ארבעטס-טאג איז איינגעפירט געווארן ערשט נאכן אלגעמיינעם שטרייק אין 1912). דערזעלבער מצב האט אויך געהערשט אין אנדערע קאפיטאליסטישע לענדער— און נישט בלויז אין דער פראגע בנוגע דעם ארבעטס-טאג. יעדעס געזעץ וועגן ארבעטס-שוץ האט דעם ארבעטער-קלאס געקאסט אומגעהייערע קרבנות אין משך פון א סך יארן פון קאמף.

**פאזע** (גר.)—אן אנטוויקלונגס-שטופע, מדרגה, איבערגאנג.

**פאלאנסטער** (פר.) — א גרויסער בנין, איינגעארדנט לויטן פראיעקט פון פראנצ. סאצ.-אוטאפיסט פ ו ר י ע פאר א געוויסע צאל מענטשן, וואס זאלן דארט וווינען און געניסן פון געמיינזאמער ארבעט (זע פ ו ר י ע).

**פאליער, א.** (געב. 1841)— א פראנצ. אדוואקאט, פאליטי-

קער פון מעסיג-לינקן פליגל, דעפוטאַט (1876), סענאַטאָר (1889), מיניסטער אין איניקע קאַבינעטן, פרעמיער (1883), מלוכה-פּרעזידענט פון 1906—1913.

**פאַלסיפיקאַט** (לאַט.) — אַ געפעלשטע זאַך (געלט, דאָקומענט א. א. וו.).

**פאַלסיפיקאַציע** (לאַט.) — דאָס פעלשן, נאָכמאַכן.

**פאָלקסטינג** (דענ.)—אונטערשטע פּאַלאַטע פון דענישן פּאַרלאַמענט. די מיטגלידער פון פאָלקסטינג ווערן געוויילט דורך אַלגעמיינע און געהיימע וואַלן, אין צאָל פון 102, אויף 3 יאָר (זע דענעמאַרק).

**פאַנאַטיזם** (לאַט.)—אַ גוזמהדיקע, נישט-קאָנטראָלירטע דורכן שכל איבערגעגעבנהייט צו אַ געוויסער אידייע, באַזונדערס אירעליגיעזע אָדער פּאָליטישע. דער פ. דריקט-זיך אָפּ אויס אין אומטאָלעראַנץ צו אַנדערע איבערצייגונגען.

**פאָנד** (פר.) — אַ קרן, גרונטקאַפּיטאַל.

**פאַנטאַזיע** (גר.) — אַן איינבילדונג, אילוזיע, טרוימעריי, אומאויספירבאַרער פּלאַן.

**פאַנטאַסמאַגאָריע** (גר.)— פאַנטאַסטישע בילדער, וואָס מען זעט אין חלום אָדער אין אַ היץ-קרענק.

**פאַקולטעט** (לאַט.) — אַן אוניווערזיטעט-אָפּטיילונג, וואָס נעמט אַרום אַ געוויסן צווייג פון דער וויסנשאַפט, למשל: יורידישער פאַקולטעט, מעדיצינישער פאַקולטעט א. א. וו.

**אַרבעטער-פאַקולטעט**—אַ וויסנשאַפטלעכער קורס פאַר אַרבעטער, וואָס גרייט זיי צו צו העכערע לערנאַנשטאַלטן. אַרב. פאַקולטעטן זענען געגרינדעט צום ערשטן מאָל אין ראַטן-רוסלאַנד.

**פאַקולטאַטיוו** (לאַט.) — נישט-געצוווּנגען, לויט אַן אייגענער ברירה.

**פאַקולטאַטיווער** — נישט-אָבליגאַטאָרישער, נישט-פאַרפליכטנדיקער.

**פאַקט** (לאַט.) — אַ געשעענע זאַך; אַ היסטאָרישע געשעעניש; אַ טאַט, מעשה.

**פאַקטאָר** (לאַט.)—1) אַ קראַפט, וואָס איז גורם צו אַ געוויסער דערשיינונג; 2) אַ קאָמיסיאָנער, פאַרמיטלער.

**פאַקטאָריעס** (לאַט.) — האַנדלס־ישובים, געגרינדעט אין פרעמדע לענדער, באַזונדערס אין די נישט־ציוויליזירטע מקומות. די פ. האָבן אחוץ די עקאָנאָמישע אינטערעסן אויך פּאָליטישע צוועקן.

**פאַקציע** (לאַט.) — אַ פּאָליטישע גרופּע, וואָס רעכנט זיך מיט אייגענע אינטערעסן, און נישט מיט די אינטערעסן פון דער מלוכה.

**פּאַרבאַלאָטירן** (פר.)—נישט אויסוויילן די פּערזאָן, וואָס איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן אַלס קאַנדידאַט צו אַ פּאַרלאַמענט, קהילה, שטאָט־ראַט א. א. וו.

**פּאָרדיזם** — פּאָרדס סיסטעם צו ראַציאָנאַליזירן די פּראָדוקציע און צו נאָרמירן די אַרבעטס־באַדינגונגען (זע ראַציאָנאַליזאַציע פון פּראָדוקציע).

**פאָרום** (לאַט.)—אַזוי האָט געהייסן אין אַלטן רוים אַן אָפענער פּלאַץ אינמיטן שטאָט, אָדער דער מאַרק, ווו ס'פלעגן פאָרקומען עפנטלעכע משפּטים און פאָלקס־פאַרזאַמלונגען. אין די שפּעטערדיקע צייטן האָט מען גערופן מיטן נאָמען פ אָ ר ו ם דאָס געריכט. היינט באַנוצט מען דאָס וואָרט פאָרום אַלס אַן אָרט, ווו מ'גיט איבער אַ געוויסן ענין צו אנטשיידן; למשל: פּאַרלאַמענטאַרישער פאָרום, געריכט־פאָרום א. א. וו.

**פּאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט**—דער ציל פון דער פ.־ג. איז: צו פאַרגיטיקן אַ היזק פון אַ יחיד, דורך צעלייגן דעם היזק אויף אַ ווי־מעגלעך גרעסערע צאָל מיטגלידער פון דער פ.־געזעלשאַפט. פּאַרזיכערונגען ווערן געמאַכט פאַר פאַרשידענע אומגליקס־פאַלן, למשל: פאַר אַ שרפה, גניבה, קאַטאַסטראָפע, טויט א. א. וו. ס'איז אויך פאַראַן אַ געגנזייטיקע פּאַרזיכערונג.

**אַרבעטער־פּאַרזיכערונג**—דאָס פאַרזאָרגן די אַרב. אויפן פאַל פון אַ קראַנקהייט, אויף דער עלטער, אין פאַל פון אומפעיקייט צו אַרבעטן (אינוואַליד), אַרבעטסלאָזיקייט, אָדער אין פאַל פון אַן אומגליק.

**פּאָרמאַליזם** (לאַט.) — דאָס צוגעבונדנקייט צו דער אויסערלעכער, אָפיציעלער זייט פון אַן ענין, צו די פעסטגעשטעלטע פאָרמען, אָן ריקזיכט אויף די לעבנס־באַדערפענישן.

**פאָרמולירן** (לאַט.) — קורץ און ריכטיק אויסדריקן אַ געדאַנק; רעזומירן.

**פאַרסירן** — פארשטאַרקן, פאַרשנעלערן, צואײַלן.

**פאָש, פ.** (געב. 1851) — פראַנצײזישער, פוילישער און ענגלישער מאַרשאַל, גענעראַל, אָנפירער פון דער פראַנצײזישער אַרמײ בעת דער װעלט־מלחמה, הױפּטאָנפירער פון קאָאַליציע־מיליטער, פאָרזיצער פון העכסטן מיליטערישן ראַט פון 1919 אָן.

**פאַשיזם** — (פון איטאַליעניש װאָרט פאַסציאָ — פאַרבאַנד). אַ רעאַקציאָנערע באַװעגונג קעגן סאָציאַליזם און קאָמוניזם, אנטשטאַנען נאָך דער װעלט־מלחמה אין איטאַליע, האָט זיך שפּעטער פאַרשפּרייט אין אַנדערע לענדער, און טראָגט איצט אַן אַלװעלטלעכן כאַראַקטער. די „קאַמפּס־בונדן“, װאָס זענען אָרגאַניזירט דורך מוסאָליני (זע), האָבן דעם ציל צו קעמפן קעגן סאָציאַליזם און קעגן דער סאָציאַלער רעװאָלוציע. די פאַשיסטישע באַװעגונג דריקט זיך אויס אין אָפענע אַרויסטרעטונגען קעגן די אַרבעטער און די אָרעמסטע פּויערים, אין אַטענטאַטן און אָנפאַלן אויף אײנצלנע קאָמוניסטן און סאָציאַליסטן, אין חרוב־מאַכן די פּראָפעסיאָנעלע פאַרײנען, אַרבעטער־הײַזער, רעדאַקציעס פון די אַרבעטער־צײַטונגען, קולטור־אַנשטאַלטן א.א.װ. אויסער די פאָרשטייער פון דער בורזשואַזיע און פון די דעקלאַסירטע עלעמענטן, גייען אויך אַרײַן אין צוזאַמענשטעל פון די פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס די אומבאַװוסטזיניקע, אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער־שיכטן. אין 1922 האָט מוסאָליני פאַרכאַפּט די מאַכט אין לאַנד און געשאַפן אַ פאַשיסטישע רעגירונג. די פאַשיסטישע דיקטאַטור האָט אָװעקגעשטעלט די איטאַליענישע אַרבעטער־באַװעגונג אין אומגעהײַערע שװערע באַדינגונגען. דער בײַשפּיל פון די איטאַליענישע פאַשיסטן האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אויך אין אַנדערע לענדער, װוּ ס'זענען אנטשטאַנען ענלעכע אָרגאַניזאַציעס (למשל: „קו־קלוקס־קלען“ אין די פאַראייניקטע שטאַטן, „סאָמאַטן“ אין שפּאַניע, „אָרגעש“ אין דײַטשלאַנד, „די בירגערלעכע גװאַרדיע“ אין בעלגיע א. א. װ.).

**פונדאַציע** (לאַט.) — דאָס באַשטימען אַ געװיס פאַרמעגן פאַר אַ באַשטימטן ציל, למשל: אויף סטיפּענדיעס, דערציונגס־אַנשטאַלטן א. א. װ.

**פונקציאָנירן** (לאַט.) — װירקען, זײַן טעטיק.

**פונקציע** (לאט.) — טעטיקייט, למשל: די פונקציע פון א מיניסטער, וואיעוואָדע א. א. וו.

**פוריע, שאַרל** (1772—1837)—א פראַנצייזישער סאָציאַליסט-אוטאָפּיסט, אומרחמנותדיקער קריטיקער פון דער בורזשואַזישער אָרדנונג. אין זיינע ווערק לייגט פ. אַלס יסוד פון דער נייער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג די „פּאַלאַנגע"—די קליינע געמיינדע פון 1500—2000 נפשות. די באַזונדערע „פּאַלאַנגעס" דאַרפן זיין—לויט פ.'ס פּלאַן—צונויפגעבונדן צווישן זיך און אין דער פולשטענדיקער אַנטוויקלונג בילדן די וועלט-אָרגאַניזאַציע פון דער נייער געזעלשאַפט. דער יסוד פון דער געזעלשאַפטלעכער ווירטשאַפט פון דער „פּאַלאַנגע" איז די ערד-אַרבעט. אין דער „פּאַלאַנגע" הערשט אַ שטרענגע אַרבעטס-פאַרטיילונג. די אַרבעט דויערט נישט צו לאַנג און פאַרשאַפט פאַרגעניגן, און נישט קיין ליידן, ווי אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. די אַלגעמיינע הכנסה פון דער „פּאַלאַנגע" ווערט צעטיילט צווישן קינסטלער (3/17), פיזישער אַרבעט (5/12) און קאַפּיטאַל (4/12). אומאָפּהענגיק דערפון איז יעדן פּאַלאַנגע"-מיטגליד גאַראַנטירט די באַפרידיקונג פון זיינע מיניםום-באַדערפעניש אין שפּייז, קליידער, וווינונג א. א. וו. פ. האָט געהאָפט צו פאַרווירקלעכן די אָרגאַניזאַציע פון דער נייער געזעלשאַפט דורך דער מיטווירקונג פון געבילדעטן און גרויסמוטיקן קאַפּיטאַליסט, וועלכער—באַגרייפנדיק די גאַנצע חשיבות פון פ.'ס סאָציאַלער רעפאָרם פאַר דער מענטשהייט—וועט מסכים זיין צוצוהעלפן דעם אויפבוי פון אַן אידעאַלער אַרבעטס-געמיינשאַפט. נאָך פ.'ס טויט האָבן זיינע נאָכפאָלגער געפּרוווט רעאַליזירן זיין פּלאַן—אָבער אומזיסט. פ. האָט געהאַט נאָכפאָלגער אויך אין רוסלאַנד—די „פּעטראַשעווצעס" (זע).

**פיאַסקאָ** (איט.)—א דורכפאַל, מפלה.

**פיגוּרירן** (לאט.) — אַרויסטרעטן, דערשיינען אין א געוויסער ראָלע; נעמען אַן אָנטייל אין א געוויסער געזעלשאַפט, סביבה א. א. וו.

**פיגנער, וו.** (געב. 1853)—א רוסישע רעוואָלוציאָנערין פון סוף 70-ער יאָרן, איז פ. צוזאַמען מיט אירע צוויי שוועסטערן „געגאַנגען אין פאָלק", פּראָפּאַגאַנדירט פּאָליטישע און סאָציאַלע אידייען, פאַרשפּרייט בילדונג,

באַוווסטזיין. שפּעטער נעמט פ. אַן אָנטייל אַלס טעטיקע רעוואָל. אין פאַרשידענע טעראָריסטישע אַקטן, ווי למשל, אין אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער II אין 1879 און אַנדערע, פּראָפּאַגאַנדירט אויך צווישן מיליטער. אין פעברואַר 1883 ווערט פ. אַרעסטירט און אין 1884 - פאַרמשפּט צום טויט, וואָס ווערט איר פאַרביטן אויף אייביקע קאַטאָרגע. פ. ווערט איינגעזעצט אין של סעלבורגער פעסטונג, ווו זי זיצט אָפּ 20 יאָר. (פ.׳ס זכרונות איז פאַראַן אין יידיש).

**פיזיאָקראַטיע** (גר.)—אַ פּאָליטיש־עקאָנאָמישע ריכטונג פון XVIII י״ה, לויט וועלכער די ערד איז דער איינציקער מקור פון פאָלקס־רייכטום. לויט דערדאָזיקער טעאָריע איז פּראָדוקטיוו בלויז די טעטיקייט פון די ערד־אַרבעטער, טיילוויז אויך פון די ערד־אייגנטימער, אָבער די באַשעפטיקונגען פון די איבעריקע שיכטן פון דער באַפעלקערונג זענען, לויט דער פ., אומפּראָדוקטיוו.

**פיזיאָקראַטן** — די אָנהענגער פון פיזיאָקראַטיע.

**פייערבאַך, פ.** (1804—1872) — אַ דייטשער פילאָזאָף, אַן אָנהענגער פון דער מאַטעריאַליסטישער וועלט־אַנשויונג. אין זיין ווערק „דער מהות פון קריסטנטום״ האָט פ. אויפגעוויזן, אַז די הערשאַפט פון דער קירך איבערן שכל האָט זיך געענדיקט, אַז דער העכסטער ציל ליגט אין מענטשן גופא און אין זיין ערדיש לעבן. „די קעגנווערטיקע קולטור קאָן נישט גיין האַנט ביי האַנט מיט דער רעליגיע — זאָגט פייערבאַך—ווייל זי באַזירט אויף וויסנשאַפט, אויף שטודירן פאַקטן, אויף באָבאַכטן דיווירקלעכקייט. די רעליגיע אָבער איז דער היפּך פון דעם אַלעם. ס׳איז שוין אַראָפּגעריסן געוואָרן דער שלייער פון דער רעליגיע: נישט גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן, נאָר דער מענטש האָט אויסגעקלערט גאָט.״ דידאָזיקע פ.׳ס מאַטעריאַליסטישע פילאָזאָפיע האָבן אויסגענוצט מ א ר ק ס און ע נ ג ע ל ס צו זייער ווערק איבער סאָציאָלאָגיע.

**פילאָזאָפיע** (גר.)—ליבשאַפט צו חכמה. אַנטשטאַנען אין אַלטערטום אַלס פּרווו צו דערקלערן די דערשיינונגען פון דער אַרומיקער ווירקלעכקייט. די עיקר־פּראָבלעמען פון דער פ. זענען געווען: די אַנטשטייונג פון דער ערד (און פון גאַנצן וועלטאַל), פון די מענטשן און פון אַלע ברואים, וואָס אויף דער ערד. די פ. האָט גע-

פּרוּווט צו לייזן די פּראַגן, וואָס ווערן איצט שטודירט דורך אַ גאַנצער ריי נאַטור וויסנשאַפטן. צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט האָט די פּ. געפּרוּווט דערגיין דעם מהות פון דערדאָזיקער אַנטוויקלונג. אויף דעם אופן זענען אין איר שטודיום־קרייז אַריין אויך רעליגיע, רעכט, מאָראַל, סאָציאָלאָגיע, פּאָליטיק. די פּ. איז געוואָרן „די וויסנשאַפט פון אַלע וויסנשאַפטן". דורך דער אַנטוויקלונג פון דער טעכניק און פון די עקספּערימענטאַלע וויסנשאַפטן איז די פּ. געבליבן בלויז ביי דער ראָל פון דער אַלגעמיינער מעטאָדאָלאָגיע, וואָס פאַרייניקט די וויסנשאַפטן דורך אַן אַלגעמיינעם מעטאָדישן שטאַנדפּונקט, וואָס בינדט זיי צוזאַמען אין איין האַרמאָניש גאַנצעס.

**פּיליאַלע** (לאַט.) — אַן אָפּטיילונג פון אַן אַנשטאַלט, געזעלשאַפט, האַנדלס־הויז.

**פּיליסטער** (ד.) — אַ מענטש, וואָס איז באַגרענעצט אין זיינע אַנשויונגען, וואָס איז אַריינגעטון אין די קליינלעכקייטן פון וואָכעדיקן לעבן.

**פּיליפּיקאַ** (גר.) — אַ רעדע, וואָס באַקעמפט שאַרף דעם קעגנער. דאָס וואָרט פּ. שטאַמט פון גרויסן גריכישן רעדנער, ד ע מ אָ ס ט ע ן, וואָס איז אַרויסגעטרעטן קעגן מאַקעדאָנישן קייזער פ י ל י פּ, א ל ע ק ס א נ ד ע ר ד ע ם ג ר ו י ס נ ס פאָטער.

**פינאַנסן** (ל.־פר.) — הכנסות, הוצאות, חובות, ד. ה., אַלץ פון וואָס ס'ווערט צונויפגעשטעלט דער געלט־טייל פון אַן אונטערנעמונג.

**פינאַנס־קאַפּיטאַל** — דאָס צונויפגיסן־זיך פון אינדוסטריעלן־ און באַנק־קאַפּיטאַל, צוזאַמען מיט דער פאַרשטאַרקונג פון דער צענטראַליזאַציע און קאָנצענטראַציע פון דער פּראָדוקציע, און דער ברייטער אַנטוויקלונג פון וועלט־מאַרק. דער פינאַנס־קאַפּיטאַל איז צונויפגעבונדן מיטן אומגעהייערן וווּקס פון אימפּעריאַליזם (זע) און מיט דער פאַרשאַרפונג פון די קלאַסן־קעגנזאַצן.

**פּיסק** (לאַט.)—די מלוכה־קאַסע

**פּיסקאַל** (לאַט.) — 1) אַ באַאַמטער פון דער מלוכה־קאַסע; 2) אַ גיריקער מענטש, אַ הויטשינדער, אַ באַרייסער; אַ שטייער־אויפמאָנער, וואָס באַגייט זיך צו שטרענג ביים איינקאַסירן די שטייערן.

**פיקטיוו** (לאַט.) — אויסגע־

טראַכט, פאַלש, נישט-אמת, כּלומרשט.

**פירמע** (איט.) — אַ נאָמען, אונטער וועלכן אַ סוחר אָדער אַ האַנדלס-אונטערנעמונג פירט די געשעפטן.

**פלאָט** (איט.) — די אַלגעמיינע צאָל שיפן פון אַ געוויסער מלוכה. פ. טיילט זיך אויף האַנדלס-פלאָט און קריגס-פלאָט. דער אָנפירער פון אַ קריגס-פ. הייסט אַ ד מ י ר אַ ל.

**פלאָרעאַל** — דער אַכטער חודש פון קאַלענדאַר פון דער ג״. פראַנצ. רעוו. (פון 20-טן אַפּריל — 20 מאַי).

**פלוגער** — דער נאָמען פון אַ מענטש, וואָס בייט שנעל און לייכט זיינע איבערצייגונגען, וואָס „קוקט ווי דער ווינט בלאָזט“.

**פעאָדאַליזם** (לאַט.)—אַ סאָציאַל-עקאָנאָמישע אָרדנונג, וואָס האָט עקזיסטירט פאַרן קאַפּיטאַליזם. ביי דער פ. אָרדנונג איז די ערד דער הויפּט-מקור פון עשירות און מאַכט. דער גרויסער ערד-אייגנטימער (פעאָדאַל) האָט צעטיילט גרויסע ערד-שטחים צווישן די אדל-לייט (וואַסאַלן), וואָס האָבן ווידער צעטיילט פון זייערע גרויסע ערד-שטחים צווישן נידריקערן אדל (סוזערענע). די פעאָדאַלן אָדער וואַסאַלן פלעגן באַקומען פאַר די ערדן אַ באַשטימטן אָפּצאָל („לענאַ“—פלאַקס, „פעאָדאַ“), אַרויפלייגן אויף זייערע וואַסאַלן פאַרשידענע פליכטן, דערעיקר דעם דינסט-פליכט. די פויערים זענען ביי דער פ. אָרדנונג געווען לייבאייגענע (קנעכט); קיין אייגענע ערד האָבן זיי נישט געהאַט, דער גאַנצער באָדן, וואָס זיי האָבן באַאַרבעט, האָט געהערט צום פּריץ. פּאָליטיש איז די פעאָדאַלע געזעלשאַפט געווען צעטיילט אויף קליינע פירשטנטומס, נאָר דער קעניג איז געווען דער שטאַרקסטער און גרעסטער ערד-אייגנטימער (פעאָדאַל). אַלע באַציונגען אין דער פעאָדעאַלער געזעלשאַפט האָבן באַזירט אויף די יסודות פון העראַרכיע (זע). די אַנטוויקלונג פון האַנדלס-קאַפּיטאַל, וואָס האָט פאַרשטאַרקט די צענטראַל-מאַכט, האָט געמאַכט אַ סוף צו דער פעאָדאַלער אָרדנונג.

**פעברואַר - רעוואָלוציע** אין רוסלאַנד אין יאָר 1917 — דעם 27-טן פעברואַר אַלטער סטיל (12 מערץ) האָבן די פעטערבורגער אַרבעטער צוזאַמען מיט די זעלנער אַראָפּגעוואָרפן די אַליינהערשאַפט און,

די צו פארטיידיקן זייערע אינ־טערעסן, האָבן זיי געשאַפן די ראַטן פון ארבעטער־ און זעלנער־דעפּו־טאַטן. די בורזשואזיע האָט אָרגאַ־ניזירט אַ קאָמיטעט פון די מיט־גלידער פון רעגירונגס־ראַט און האָט געפּרוּווט צוצופּאַסן די רע־וואָלוציע צו זייערע אינטערעסן, אַריינכאַפּנדיק אין זייערע הענט די צייטווייליקע רעגירונג. דער 19־טער מערץ ווערט אין רוס־לאַנד געפייערט אַלס אָנדענק־טאָג צו דער מפּלה פון צאַריזם.

**פעברואַר־רעוואָלוציע אין פראַנקרייך** — די פּאָליטישע איבערקערעניש פון 23—24 פעברואַר 1848, וואָס האָט גורם־געווען צו דער מפּלה פון קעניג לודוויק־פיליפּ און צו דער פּראָקלאַמירונג פון אַ רעפּוב־ליק (די אַזוי־גערופענע „צווייטע רעפּובליק"). די מאַכט אין לאַנד איז דעמאָלט אַריבער צו דער מיטל־ און קליין־בורזשואַזיע. די רעפּובליק האָט עקזיסטירט ביזן 2־טן דעצעמבער 1851, ווען דער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, פּרינץ לודוויק־נאַפּאָלעאָן, האָט דורכגעפירט אַ מלוכה־איבער־קערעניש, וואָס האָט איינגעפירט אַ מאָנאַרכיסטישע אָרדנונג („די צווייטע אימפּעריע").

**פעדעראַליסטן** — די אָנ־הענגער פון אַ פעדעראַטיווער מלוכה.

**פעדעראַציע** (לאַט.) אָדער **פעדעראַטיווע מלוכה** — אַ פאַרבאַנד פון עטלעכע מלוכות אָדער פּראָווינצן, אומאָפּהענגיקע אין זייער אינערלעכער פאַרוואַל־טונג, מיט אַ העכערער צענטראַל־מאַכט און אַן איינציקער דיפּלאָ־מאַטישער פאָרשטייערשאַפט.

**פעטיש** (פר.) — אַן אָפּגאָט, אַ געטש, וואָס איז פאַרמערסט די פאַרקערפּערונג פון אַ געטלע־כער מאַכט. צום פעטיש ווענדעט מען זיך מיט בקשות, מען איז צו אים מתפּלל און מען ברענגט אים קרבנות.

**פענאָמענאַל** (גר.) — זעלטן, אויסטערליש, אויסערגעוויינלעך.

**פענאָמען** (גר.) — אַ זעלטענע, אויסערגעוויינלעכע דערשיינונג.

**פענאָמענאַליזם** — אַ פי־לאָזאָפישע לערע, וואָס באַ־ווייזט, אַז דער מענטש איז ניש ט תופס דעם מהות פון זאַכן, נישט „די זאַכן אין זיך", נאָר בלויז די אויסערלעכע דערשיינונגען, אייגנ־שאַפטן.

**פעניקס** (גר.) — אַ לעגענדאַרי־שער פויגל, וואָס, לויטן גלויבן

פון די אַלטע עגיפּטער, ווערט צוריק געבוירן פון זיין אייגענעם אַש. פיג. אַ סימבאָל פון אייביקער באַנייונג.

**פעמיניזם** (לאַט.)—אַ בורזשואַזישע באַוועגונג לטובת דער פּאָליטישער און בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג פון דער פרוי אין די ראַמען פון דער בורזשואַזישער געזעלשאַפט. (זע פ ר ו י ע ן-פ ר אַ ג ע).

**פערער, פ.** (1859—1909)— אַ שפּאַנישער פּעדאַגאָג, רעוואָלוציאָנער, דער גרינדער פון אַ פרייען פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט אין באַרצעלאָנאַ. פאַר זיין באַטייליקן זיך אין אויפשטאַנד פון 1909 ווערט פ. דערשאָסן.

**פראַזע** (פר.) — אַ זאַץ, אויסדרוק-פאָרם.

**פראַזעאָלאָגיע** (פר.)—דער, וואָס באַנוצט זיך מיט שיינע, פּוסטע פראַזען.

**פראָנדע** (פר.) — אַ שטימונג-וואָרפער, די אָפּאָזיציאָנעלע באַוועגונג פון דער פראַנצויזישער אַריסטאָקראַטיע אין דער העלפט פון XVII י״ה קעגן דער אַליינהערשאַפט פון קעניגלעכן הויף; בכלל, די אומצופרידנהייט מיט דער מאַכט אין די קרייזן, וואָס שטייען נאָענט צו איר.

**פראַנץ יאָזעף** (1830 — 1916)—עסטרייכישער קייזער, אַרויף אויפן טראָן אין 1848, געקריינט אַלס אונגאַרישער קעניג אין 1867.

**פראַנצייזישע מאַטעריאַליסטן** — אין XVIII י״ה זענען די פ. מ. געווען קאָנזעקווענטע מאַרטעריאַליסטן אין דער נאַטור-וויסנשאַפט. דאָס באַרימטע דענקמאָל פון פראַנצויזישן מאַטעריאַליזם איז „די ענציקלאָפּעדיע". די מאַטעריאַליסטישע פילאָזאָפיע איז געווען דאָס מעכטיקע געווער, וואָס האָט בייגעהאָלפן דער צעשטערונג פון דער פעאָדאַלער אידעאָלאָגיע. אָבער די מאַטעריאַליסטן פון XVIII י״ה זענען נישט געווען אימשטאַנד צו לייזן אין אַ געניגנדיקער מאָס דאָס פּראָבלעם פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, און זיי האָבן אין דערדאָזיקער פראַגע זיך געהאַלטן ביי דער אידעאַליסטישער וועלטאָנשויונג.

**פראַנץפערדינאַנד** (1863-1914) — אַן עסטרייכישער גרויספירשט און טראָנפאָלגער, גענעראַל-אינספּעקטאָר פון דער עסט. אַרמיי, געוואָרן דערמאָרדעט אין סאַראַיעוואָ אין 1914 דורכן

סערב פרינציפא, דער מארד פון פ. פ. איז פלומרשט געווען די סיבה פון דער וועלט-מלחמה.

**פראנקפורטער פאר־שווערונג**—א רעוו. פאר־שווערונג, ארגאניזירט אין פראנקפורט ביים מאין דורך די מיטגלידער פון „פארבאנד פון די מענער” אין 1833, מיטן ציל צו צעטרייבן די פארבינדעטע-פארזאמלונג, איינצופירן א ציטווייליקע רעגירונג און דערנאך דורכצופירן אן אויפשטאנד אין מערב- און דרום-דייטשלאנד. די פארשווערער האט זיך נישט איינגעגעבן צוצוציען נישט דאס פאלק און נישט די ארמיי; אסך פון זיי זענען געווארן ארעסטירט און פארמשפט צו לאנגיעריקע תפיסה.

**פראקציע** (לאט) — א טייל. א גרופע פארטיי-מיטגלידער, וואס פארטיידיגט די אינטערעסן פון דער פארטיי אין פארלאמענט, ראט, פראפעסיאנעלן פארבאנד א. א. וו. א טייל פון דער פארטיי, וואס איז נישט מסכים מיט דער אלגעמיינער טאקטיק פון דער פארטיי אין געוויסע פראגן.

**פרויען־ארבעט** — וואס מער ס'אנטוויקלט זיך דער קאפיטאליזם אלץ גרעסער איז דער אנטייל פון דער פרוי אין דער אינדוסטריע. די ארבעט פון דער פרוי דרינגט אריין אין אלע צווייגן פון דער ווירטשאפט. די וועלט-מלחמה האט שטארק פארגרעסערט דעם אנטייל פון דער פרוי אין די אונטערנעמונגען, אין וועלכע ס'האבן פריער געארבעט אויסשליסלעך מענער (מעטאל-אויסארבעטונג), דערביי נעמט מען נישט אין אכט דעם פיזיאלאגישן צושטאנד פון דער פרוי, וואס איז איינגאנצן נישט צוגעפאסט צו אזא שווערע ארבעט. אין פארשידענע לענדער איז פארווערט פרויען צו ארבעטן אין אונטערנעמונגען, וואס זענען שעדלעך פארן געזונט פון דער פרוי.

**פרויען-פראגע**—די פרויען-פראגע פארנעמט אין דער היינטיקער געזעלשאפט א באדייטנדיק ארט; ס'ווערן געזוכט מיטלען, וויאזוי אויסצובעסערן די עקאנאמישע און סאציאלע לאגע פון דער פרוי. די פ.-פראגע איז ארויסגעשווימען בעת דער גרויסער פראנצייזישער רעוואלוציע. פון יענער צייט אן הייבט זיך אן צו אנטוויקלען א פרויען-באוועגונג, וואס שטעלט זיך פאר א ציל די גלייכבארעכטיקונג פון דער פרוי. אין ענגלאנד האבן די אנהענגע-

רינס פון דער פרויען-גלייכבאַרעכטיקונג געפירט אין 1900 א ברייטע אַגיטאַציע. א טייל פון זיי — סופראַזשיסטקעס — האָבן אפילו אָנגעווענדעט געוואַלט-מיטלען, כדי גיכער צו דערגרייכן זייער ציל. אין XIX און אין XX י"ה באַקומען די פרויען אין אַ סך מלוכות גלייכבאַרעכטיקונג. די צווייטע זייט פון דער פרויען-פראַגע איז די עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע לאַגע, וואָס איז באַזונדערס פאַרשאַרפט געוואָרן מיט דער אַנטוויקלונג פון האַנדל און אינדוסטריע. די פרוי קעמפט נישט נאָר פאַר פּאָליטישע רעכט, נאָר אויך פאַר סאָציאַל-עקאָנאָמישע רעכט. אין XX י"ה ווערט די פ.-פראַגע אַן אינטערנאַציאָנאַלע. די ערשטע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ פון פרויען-סאָציאַליסטקעס איז פאָרגעקומען אין 1907 אין שטוטגאַרט. אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ האָבן זיך אַנטפּלעקט די צוויי שטרעמונגען, וואָס האָבן דאָרט געהערשט: איינע אַ סאָציאַליסטישע און די צווייטע אַן אָפּאָרטוניסטישע. אויף דער 2-טער אינטערנאַציאָנ. קאָנפערענץ אין קאָפּענהאַגען אין 1910 איז באַשטימט געוואָרן דער פרויען-יום-טוב פון דער אַרבעטער-פרוי אויף דעם 8-טן מערץ.

**פרונזע, מ. וו.** (1885—1926)—איינער פון די עלטסטע באָלשעוויקעס, אריינגעטרעטן אין דער פאַרטיי אין 1904, אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער אין אָקטאָבער-אויפשטאַנד אין מאָסקווע (1917), אַסך יאָרן פאַרבראַכט אין תפיסה און אויף קאַטאָרגע, צוויי מאָל געווען פאַראורטיילט צום טויט. נאָך דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע האָט פ. אָנגעפירט מיטן מיליטער אויפן טערקישן פראָנט, דערנאָך מיטן דרום-פראָנט. נאָך טראָצקיס אַרויסטרעטן פון דער רעגירונג ווערט פ. באַשטימט פאַר אַ פאָלקס-קאָמיסאַר פון פלאָט און פאַר אַ פאָרזיצער פון רעוואָלוציאָנערן קריגס-ראַט.

**פרוקטידאָר** — דער צוועלפטער חודש פון דער גר. פראַנצ. רעוואָלוציע (פון 17 אויגוסט — 16 סעפטעמבער).

**פרידרעדערי** — די אָנהענגער פון סיסטעם פון פרייען האַנדל, קעגנער פון פּראָטעקציאָניזם (זע).

**פריימויערער**—די מיטגלידער פון אָרגאַניזאַציעס, טיילווייז געהיימע, וועלכע פּראָפּאַגאַנדירן די פּרינציפּן פון פרייהייט, הומאַניטאַריזם און שלום, און

 פריימויערער

וועלכע צייכענען זיך אויס מיט א געוויסן סימבאָלישן צערעמאָניאַל, דאָס איז א מין נעאָ-הומאַניזם אויפן געזעלשאַפטלעך-קולטורעלן געביט. די אַנטשטייונג פון דער פריימויעריי זוכן געוויסע פאָרשער אין אַלטערטום, אפילו אין די מצ־ישע און גריכישע מיסטעריען, אין די ר. ימישע מויערער-אָרדנס און אין שלמה המלך׳ס איפּבוי פון בית-המקדש. אַנדערע פאָרשער וואַרפן פולשטענדיק אָפּ דידאָזיקע השערה און באַווייזן גאָר אז פ. איז אַנאַלאָגיש צו די מיטלאַלטערלעכע האַנטווערקער-פאַריינען. דאָס אָרגאַניזאַציע-קעמערל פון דער פ. איז די „לאָזשע", וואָס באַשטייט פון א פאַרשידענע צאָל מיטגלידער. אַלע לאָזשעס פון דעם געגעבענעם לאַנד זענען געווינלעך פאַראייניקט אין דער הויפּט-לאָזשע. די וויכטיקסטע באַדייטונג אין אייראָפּע האָבן די 2 הויפּט-לאָזשעס: די ענגלישע „גרויס-לאָזשע" אין די פראַנצייזישע „גראַנד אָריענט דע פראַנסע". די גרויסע ענגלישע לאָזשע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1717. אין 1723 זענען באַשטעטיקט געוואָרן די פּרינציפּן אָדער די „אַלטע פליכטן" פון דער פ.—אויפן ערשטן פּלאַן שטייט די לייסטונג לטובת דער מענשהייט און די דערקענט-ניש פון אמת.—אין 1813 איז פאָרגעקומען די פאַראייניקונג פון דער ענגלישער „גרויס-לאָזשע" מיט דער אירלענדישער, וועלכע האָבן צוזאַמען געשאַפן די „פאַראייניקטע גרויס-לאָזשע פון ענגלאַנד". היינטצוטאָג ציילט דידאָזיקע גרויס-לאָזשע בערך $1\frac{1}{2}$ מיליאָן מיטגלידער, וועלכע זענען צעטיילט בערך אין 30´0 לאָזשעס. די אידעאָלאָגיע פון דער „גרויס-לאָזשע" איז אין א געוויסער מאָס א דעיסטישע, די מיטגלידער פאַרנעמען זיך על-פּי-רוב מיט פילאַנטראָפּיע, מאָראַל, און א גרעסערן אָנטייל אין פּאָליטישן לעבן. די ענגלישע פ. ווערן געשטיצט דורך די קעניגן פון ענגלאַנד. עדוואַרד דער VII איז געווען דער „גרויס-מייסטער" פון די ענגלישע לאָזשעס. „גראַנד אָריענט דע פראַנסע" איז געגרינדעט געוואָרן אין צווייטן העלפט פון XVIII י"ה און האָט שטאַרק גורם-געווען צו דער גר. פראַנצייזישער רעוואָלוציע. די פּרינציפּן פון דער פראַנצ. רעוו. „פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט", זענען ביזן היינטיקן טאָג די אידעאָלאָגישע יסודות פון דער פראַנצייזישער פ.—אין קעגנזאַץ צו דער ענגלישער פ. שפּילט די פראַנצייזישע פ. א וויכטיקע ראָל

אין פּאָליטישן לעבן. עקסטרעמער גייסטיקער ליבעראַליזם, רעפּובליקאַניזם, פּאַציפיזם, שטיצן דעם פעלקער-בונד, אַ קאַמף מיטן קלעריקאַליזם און נאַציאָנאַליזם — אַט דאָס זענען די הויפּט-פּרינציפּן פון דער פראַנצייזישער פ. דידאָזיקע פּרינציפּן האָבן געפונען זייער אויסדרוק אין דער ראַדיקאַל-סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (העריאָ) און אין דער אָרגאַניזאַציע „ליגע צו פאַרטיידיקן די רעכט פון מענטשן" — „Lique des Droits — de l'Homme" (פ. ב י ז אָ ן). אויפן לעצטן פ.-קאָנווענט אין פּאַריז אין 1925 זענען געווען פאָרשטייער פון 150 לאָזשעס. אַלס „גרויס-מייסטער" איז אויסגעוויילט געוואָרן מ אָ ר י ס מ אָ נ י ע, איינער פון די אָנפירער פון בילדונגס-מיניסטעריום. — אין דייטשלאַנד זענען די פ.-לאָזשעס נישט פאַראייניקט אין איין אָרגאַניזאַציע. אַ טייל לאָזשעס (די אַזוי גערופענע „אַלט-פּרייסישע") נעמען נישט אָן קיין יידן. דידאָזיקע לאָזשעס פאַרנעמען זיך על-פּי-רוב מיט פילאָזאָפיש-דערציערישע פּראָבלעמען. צווישן די דייטשע פ. און צווישן די ענגלישע, פראַנצייזישע און איטאַליענישע פ. עקזיסטירן געוויסע חילוקי-דעות בנוגע דאָס אָנערקענען דעם ווערסאַלער-טראַקטאַט. אין 1923 האָבן זיך געפונען אויף דער גאַנצער וועלט בערך 26.000 פ.-לאָזשעס מיט אַן ערך $3\frac{1}{2}$ מיליאָן מיטגלידער. אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער פראַנצייזישער און טיילווייז אויך פון דער דייטשער פ. איז דער גרויסער אָנטייל פון יידן אין דערדאָזיקער אָרגאַניזאַציע. די קאַטוילישע קירך איז שטענדיק אַרויסגעטרעטן קעגן די פ., זעענדיק אין זייער גייסטיקן ליבעראַליזם אַ סתירה צו די קריסטלעכע דאָגמען. אויך די איטאַליענישע מלוכה איז אין 1925 אַרויסגעטרעטן קעגן די פ., אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעל געזעץ קעגן שאַפן געהיימע פאַראיינען. צוליב אַנדערע טעמים ווערן די פ. אויך באַקעמפט דורך די קאָמוניסטן, וועלכע טרעטן אַרויס קעגן פּרינציפּ פון אינדיווידועלער פרייהייט. פ. געפינען זיך אויך אין פּוילן, נאָר דאָ טרעטן זיי נישט אַרויס אין דער עפנטלעכקייט. דערפון נעמען זיך די פאַרשידענע השערות וועגן זייער צאָל און וועגן זייער השפּעה. פון די עפנטלעכע פּאַרטייען, שטייט אַמנענטסטן צו דער פ.-אידעאָלאָגיע „די געזעלשאַפט פון די פּוילישע פריידענקער" אין וואַרשע, וועלכע גיט-אַרויס אַן אייגענע חודש-שריפט „דער פרייער געדאַנק".

("Wolna Myśl"). אין דער לעצטער צייט איז די געזעלשאפט געוואָרן ליקווידירט דורך דער מאכט.

**פרימער** — דער דריטער חודש אין קאַלענדאַר פון דער גר. פראנצ. רעוו. (פון 21 נאָוועמבער — 21 דעצעמבער).

**פרענטש, דזשאָן** (1832—1925)—אַן ענגלישער פעלדמארשאל, גענעראל־אינספעקטאר פון דער ארמיי (1907—1911), שעף פון גענעראל־שטאב (1911—14), הויפט־אָנפירער פון דער ענגלישער ארמיי בעת דער וועלט־מלחמה (1914—18), אונטערדריקט דעם אויפשטאנד אין אירלאנד (1916), וויצע־קעניג פון אירלאנד (1919).

**פרעקווענץ** (לאט.) — דאס באזוכן, אנטייל נעמען. (די פ. אויף טראמווייען, באנען, טעאטערס, שולן, פארזאמלונגען א. א. וו.).

## צ

**צאָל**—(ד.)א שטייער, וואס ווערט גענומען פון די אריינגעפירטע סחורות פון אויסלאנד.

**צאָל־אוניע** (ד.־ל.) — צאָל־פאריין, א פאראייניקונג פון מלוכות, וועלכע שאפן אפ דעם צאָל־טאריף צווישן זיך און גלייכצייטיק רעגולירן זיי דעם צאָל־טאריף לגבי אנדערע מלוכות.

**צאר** (ד.) — דער טיטל פון די רוסישע זעלבסטהערשער. דער ערשטער צאר איז געווען איוואן דער גרויזאמער (אָנגענומען דעמדאָזיקן טיטל אין 1547).

**צאר, סט.** (געב. 1882)—אן אדוואָקאט, ריכטער (1915) באאמטער אין יוסטיץ־מיניסטעריום, שעף פון דער ציוויל־קאנצעלאריע פון מלוכה־שעף פילסודסקי (1918—1922) און פון פ־עזידענט מאָשציצקי (1926), רעדאק. פון דער יורידישער צייטשריפט „פאלעסטרא" (1924—25), וויצע־יוסטיץ־מיניסטער (1926), יוסטיץ־מיניסטער פון 1928 אָן. זיינע ווערק: „די קאָמונאלע איינאָרד־

גע אין פּוילן", „די געשיכטע פון אדוואָקאַטור אין פּוילן" א. א. ח.

**ציוויליזאַציע** (לאַט.) — די אַנטוויקלונג, פאַרפּולקומונג פון די זיטן, מידות, מנהגים; די אַנטוויקלונגס־מדרגה פון דער בילדונג; די באַדייטנדיקע אַנטוויקלונג פון די מאַטעריעלע און גייסטיקע באַדערפעענישן פון אַ פאָלק.

**ציווילער טויט** — אַ שטראָף, וואָס באַשטייט אין דעם, אַז דער באַשטראָפטער פאַרלירט זיינע רעכט, ער ווערט באַטראַכט ווי אַ געשטאָרבענער: זיין פאַרמעגן גייט־איבער צו די יורשים, דער חתונה־אַקט פאַרלירט זיין גילטיקייט. אַזאַ מין שטראָף האָט עקזיסטירט אין דעם אַלטן רוים און אין רוסלאַנד פאַר דער מלחמה.

**ציטאַט** (לאַט.) — אַ ראיה, מיינונג, וואָס ווערט אַרויסגענומען פון אַ ווערק.

**ציטירן** — ווערטלעך ברענגען עמעצנס אַ מיינונג.

**צימערוואַלדער קאָנפערענץ** — אַן אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנפערענץ אין צימערוואַלד (שווייץ, 9—12 סעפּטעמבער 1915). אין דערדאָזיקער קאָנפערענץ האָבן זיך באַטייליקט די אינטערנאַציאָנאַלע שטרעמונגען פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך, רוסלאַנד, איטאַליע, פּוילן, באַלקאַן, שוועדן, נאָרוועגן, האָלאַנד און שווייץ. דער צ. ק. האָט זיך געווענדעט מיט אַ מאַניפעסט צו די פּראָלעטאַריער פון אייראָפּע מיט אַן אויפרוף, אַז זיי זאָלן אָנהייבן אַ קאַמף קעגן דער מלחמה און פאַר אַ באַ־דיקן שלום אָן אַנעקסיעס און קאָנטריבוציעס אויפן גרונט פון זעלבסטבאַשטימונג פון די נאַציעס. אויף דערדאָזיקער קאָנפערענץ האָט זיך אויסגעצייכנט דער „צימערוואַלדער לינקער פליגל" מיט לענינען בראש, וואָס האָט געפאָדערט אַ מער קלאָ־ע און מער רעוואָלוציאָנערע פאָרמולירונג פון אויפרוף, האָט גערופן צו אַ דעצידירנדיקן קאַמף פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און צום פאַרוואַנדלען די אימפּעריאַליסטישע מלחמה אין אַ בירגערקריג. די צימערוואַלדער פאַרייניקונג האָט אויסגעוויילט אַ צענטראַל־קאָמיטעט, וואָס זאָל פאַרזעצן דעם אָנגעהויבענעם קאַמף. דעם 24—30 אַפּריל 1916 איז געוואָרן צ־נויפגערופן אַ צווייטע קאָנפערענץ אין קינטאַל, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט 40 דעלעגאַטן פון פאַרשידענע

לענדער. די צימערוואַלדער פאַר-
ייניקונג האָט עקזיסטירט ביזן
ערשטן קאָנגרעס פון קאָמאינטערן
(1919).

**ציניזם** (גר.)—אַ פילאָזאָפישע
שיטה פון גריכישן פילאָזאָף
א נ ט י ס ט ע ן (422 פאַר דער ג.
צ.), לויט וועלכער ס'קאָן זיין
גליקלעך נאָר דער, וואָס האָט נישט
קיין שום באַדערפעניש; דאָס
נישט האָבן קיין אַכטונג פאַר פער-
זאָנען, זאַכן, באַגריפן, וואָס זענען
ביי אַנדערע פאַררעכנט פאַר וויכ-
טיק, גרויס און הייליק.

**ציצעראָ, מאַרק-טילי** (106 - 43 פאַר דער ג. צ.)—
איינער פון די באַרימטסטע רוי-
מישע רעדנער און פּאָליטיקער.
זיינע בעסטע פּאָליטישע ווערק
זיינען: „וועגן דער רעפּובליק",
„וועגן רעכט".

**ציקל** (ג.-ל.)—אַ קרייז, רייע פון
יאָרן, צאָלן; אַ ציקל לעק-
ציעס; אַ צייט-פּעריאָד, אין משך
פון וועלכן ס'חזרט זיך איבער
איין און דיזעלבע דערשיינונג.

**צירקולאַר** (לאַט.)—אַ בריף,
באַקאַנטמאַכונג, אינסטרוקציע,
וואָס ווערט צעשיקט אין אַ גע-
וויסער צאָל עקזעמפּלאַרן.

**צעזאַריזם** (לאַט.)—דאָס קאָנ-
צענטרירן די גאַנצע מאַכט אין
איין האַנט, אָפּהיטנדיק פאָרמעל
די אויסערלעכע דעמאָקראַטישע
פאָרמען (אַזוי האָט, למשל, אויס-
געזען דער פּאָליטישער סיסטעם
פון נאַפּאָלעאָן I).

**צעטיילונג פון אַרבעט**—
1) ט ע כ נ י ש ע אַרבעטס-צע-
טיילונג: דאָס צעטיילן דעם פּראָ-
דוקציע-פּראָצעס אויף אַ גאַנצער
ריי באַזונדערע, פּשוטערע אָפּע-
ראַציעס, וואָס ווערן גלייכצייטיק
אויסגעפירט דורך פאַרשידענע אַר-
בעטער, אָדער דורך גאַנצע אַר-
בעטער-גרופּן, אין די גרענעצן
פון איין- און דערזעלבער אונ-
טערנעמונג (פאַבריק, וואַרשטאַט).
די טעכנישע אַרבעטס-צעטיילונג
הייבט זייער שטאַרק די אַרבעטס-
פּראָדוקטיוויטעט, ווייל זי גיט
דעם אַרבעטנדיקן די מעגלעכקייט
צו ספּעציאַליזירן זיך אויף אַ גע-
וויסן טייל פון דער אַרבעט און
העלפט צו צו דער עקאָנאָמיע פון
צייט, דערכדעם, וואָס עס הערט-
אויף די נויטווענדיקייט צו פאַר-
לירן צייט אויפן איבערגאַנג פון
איין אָפּעראַציע צו דער צווייטער.
2) געזעלשאַפטלעכע אַרבעטס-צע-
טיילונג — הייסט: דאָס פאַרטיילן
פאַרשידענע פונקציעס פון פּראָ-
דוקטיווער טעטיקייט צווישן באַ-

זונדערע געזעלשאַפטלעכע גרופן און שיכטן. אין די אוראַלטע צייטן איז די אַרבעטס-צעטיילונג אין דער פרימיטיווער געמיינדע געווען זייער שוואַך אַנטוויקלט און האָט זיך באַגרענעצט כמעט בלויז מיטן צעטיילן די אַרבעטן לויטן געשלעכט און עלטער; ערשט שפּעטער האָט זיך אָפּגעטיילט די ערד-אַרבעט פון פי-צוכט, ס'האָבן זיך דיפערענצירט פאַרשידענע מלאכות א. א. וו. אַ געוויסע אַנטוויקלונגס-מדרגה פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעטס-צעטיילונג זענען שוין די לעבנס-באַדינגונגען, וואָס האָבן גורם-געווען צום איינערלעכן טויש-האַנדל.

## צעטקין, קלאַרע (געבוירן 1856)

—אַן אָנגעזעענע טוערין אין דער דייטשער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און אין דער אַלוועלטלעכער קאָמוניסטישער באַוועגונג, האָט געאַרבעט אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיט ראָזע לוקסעמבורג. בעת דער וועלט-מלחמה האָט זי געפירט אַ קאַמף מיט די שיידעמאַנער, שפּעטער צוגעשטאַנען צום קאָמוניסטישן פאַרבאַנד „ספּאַרטאַקוס". זי איז אויך אַ חשובע פירערין פון דער פרויען-באַוועגונג. אויפן 3-טן קאָנגרעס פון קאָמאינטערן ווערט זי געוויילט פאַר אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע.

## צעכן

— אַזוי האָבן געהייסן אין מיטלאַלטער די ברייט-צעצווייגטע האַנטווערקער-חברות פון מערב-אייראָפּע. דער ציל פון די צ. איז געווען צו רעגולירן די פּראָדוקציע און צו באַזייטיקן די קאָנקורענץ—דורך איינפירן אַ מאָנאָפּאָל פאַרן גאַנצן האַנטווערקער-שטאַנד. אין סטאַטוט פון די צ. איז געווען גענוי באַשטימט די צאָל אַרבעטער און לערן-ייִנגלעך, וואָס יעדער מייסטער האָט געמעגט האָבן, די אַרבעטס-צייט, דער קוואַליטעט פון די אַרבעטס-מכשירים און רוי-שטאָפן, דער כמות פון די אויסגעאַרבעטע פּראָדוקטן א. א. ח. ספּעציעלע באַאַמטע און די עלטסטע פון די צ. האָבן שטרענג אַכטונג געגעבן דערויף, אַז די דאָזיקע פּאַראַגראַפן זאָלן פּינקטלעך אָפּגעהיט ווערן. יעדעס פאַך האָט געהאַט זיין אייגענעם צעך (למשל: שוסטער-צעך, שניידער-צעך, שמיד-צעך, גאַרבער-צעך א. א. וו.). די צ.-אָרג. האָבן זיך געפונען נאָר אין די שטעט. יעדער בעל-מלאכה, ווען ער איז אָנגעקומען אין אַ פרעמדער שטאָט, האָט ער זיך געמוזט פאַרשרייבן אין זיין צעך, און אויב נישט—האָט ער נישט געהאַט קיין רעכט צו פאַרנעמען זיך מיט זיין

מלאכה. יעדער צעך האָט געהאַט זיין פאָן אין הערב.

**צעליבאַט** (לאַט.) — פרישות. די דאָגמע פון דער קאַטוילישער קירך, וואָס פאַרווערט די גייסטלעכע חתונה צו האָבן.

**צענז** (לאַט.) — אַ געוויסע סאָציאַלע מדרגה אָדער בילדונגס-שטופע, וואָס גיט דאָס רעכט פון וויילן און געוויילט צו ווערן אין פאַרלאַמענט, אין מוניציפּאַליטעט (זע); למשל: פאַרמעגענס-צענז, בילדונגס-צענז א. א. וו.

**צענזור** (לאַט.)—די קאָנטראָל פון רעגירונגס-אַגענטן איבער דער פרעסע (ביכער, צייטונגען א. א. וו.).

**צענטראַליזאַציע** (לאַט.)— דאָס קאָנצענטרירן אין איין פונקט; די קאָנצענטראַציע פון דער מאַכט אין איין האַנט.

**צענטראַליזאַציע פון קאַפּיטאַל** — איינע פון די גרעסטע דערשיינונגען פון דער היינטיקער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, וואָס באַשטייט אין דעם, אַז דער גרעסטער טייל פון פּראָדוקציע-רייכטימער קאָנצענטרירט זיך אין די הענט פון אַ קליינער צאָל קאַפּיטאַליסטן. די חיכטיקסטע סיבה פון דע־דאָזיקער דערשיינונג איז: 1) די קאָנקורענץ, וואָס ברענגט-אונטער די קליינע אונטערנעמונגען, און דער אויפקום פון די גרויסע אונטערנעמונגען; 2) די שטרעבונג פון די קאַפּיטאַליסטן צו באַשיצן-זיך פאַר דער קאַטאַסטראָפאַלער קאָנקורענץ. צו דעם צוועק פאַראייניקן-זיך קאַפּיטאַליסטן יחידים אין אַקציען-געזעלשאַפטן און אויך אין סינדיקאַטן און קאָלאָסאַלע טרעסטן. אין די סינדיקאַטן און אין די טרעסטן קענען זיך באַטייליקן אויך מענטשן, וואָס האָבן צו די אונטערנעמונגען קיין שום שייכות נישט, נאָר האָבן בלויז איינגעקויפט אַקציעס פון דער אונטערנעמונג און באַקומען פון דעם גרויסע פאַרדינסטן. די אמתע אָנפירער זענען נאָר עטלעכע מענטשן, געוויינלעך די רייכסטע, וועלכע גייען אַריין אין דער פאַרוואַלטונג און פירן-אָן מיט איר לויט זייער איינזען. וואָס רייכער און גרעסער דער טרעסט איז, אַלץ קלענער איז די צאָל אָנפירער. וואָס מער ס'אַנטוויקלט זיך דער קאַפּיטאַליזם, אַלץ שנעלער קומט-פאָר דער פּראָצעס פון צענטראַליזאַציע פון קאַפּיטאַל.

**צענטראַלע מלוכות** — אַזוי האָט מען גערופן בעת

דער וועלט-מלחמה דעם בלאָק פון דייטשלאַנד, עסטרייך און אונגארן אין קעגנזאַץ צו דער קאָאַליציע, וואָס איז באַשטאַנען פון פראַנקרייך, ענגלאַנד און רוסלאַנד.

**צענטרום** (לאַט.)—1) מיטלפּונקט; 2) אין פּאַרלאַמענט — אַ מעסיקע פּאַרטיי.

**צענטריפוגאַל** — וואָס גייט אַרויס פון צענטער. צענטריפוגאַלע שטרעבונגען אין אַ געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג—הייסט: די שטרעבונג צו שפּאַלטונג, צום אָפּטיילן-זיך פון צענטער.

**צענטריפּעטאַל** (לאַט.) — וואָס שטרעבט צום צענטער, צום פאַרייניקן-זיך אַרום צענטער.

**צערעטעלי, י.**—אַ רוסיש-גרוזינישער פּאָליטיקער, פּאַרזיצער פון ס.-ד.-קלוב אין דער צווייטער רוסישערדומע (פּאַרלאַמענט), אינערן-מיניסטער אין דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג פון 1917, איינער פון די אָנפירער פון דער גרוזינישער רעפּובליק אין 1918 (נישט-באָלשעוויסטישע), פאָרשטייער פון די גרוזינישע סאָציאַליסטן אין צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

**צערעמאָניע** (לאַט.) — אויסערלעכע פאָרמען, וואָס ווערן אָפּגעהיטן ביי פאַרשידענע פייערלעכקייטן.

# ק

**קאָאָפּטאַציע** (לאַט.) — דאָס אָננעמען פאַר אַ מיטגליד, דאָס דערגענצן אַ קאָלעגיום, פאַרוואַלטונג, קאָמיסיע.

**קאָאָפּעראַטיוו** (לאַט.) — אַ חברה, פאַריין, וואָס האָט דעם ציל איינצוקויפן ביליקע סחורות, פּראָדוקטן פאַר די מיטגלידער, אָדער צו פירן בשותפות אַ געוויסע אונטערנעמונג.

**קאָאָפּעראַציע** (לאַט.)—צוזאַמענאַרבעט, אָנטייל; דאָס אָננעמען אַ מיטגליד אין אַ געזעלשאַפט.

**אַרבעטער-קאָאָפּעראַציע** — אַ ספּעציעלע פאָרם פון אויסנוצן דורכן אַרבעטער-קלאַס די קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציע. אַזוי ווי די באַדערפענישן אין ביליקע פּראָדוקטן פילן נישט בלויז די אַרבעטער, נאָר אויך אַנדערע

שיכטן פון דער באַפעלקערונג,
דעריבער האָט זיך פאַרשטאַרקט
דער דראַנג צו שאַפן קאָאָפּעראַ-
טיוון אויך פון נישט-אַרבעטער.
כּדי די שטימען פון די קליינביר-
גערלעכע אָנטיילנעמער (דערעיקר
בעלי-מלאכות און פּויערים) זאָלן
נישט איבערוועגן די אַרבעטער-
שטימען און אַזוי אַרום שטערן די
אַרבעטער צו באַנוצן זיך מיט די
קאָאָפּעראַטיווע מיטלען (הילף
פאַר שטרייקנדיקע א. אַ. וו.), באַ-
מיען זיך די אַרבעטער אין דער
קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט צו
שאַפן זייערע אייגענע קלאַסן-קאָ-
אָפּעראַטיוון.

**קאַבינעטן-סיסטעם** — אַזאַ
סיסטעם אין אַ קאָנסטיטוציאָנע-
לע מלוכה, לויט וועלכן דער
מיניסטאָרן-קאַבינעט ווערט אויס-
געווילט פון צווישן די גרעסערע
פּאַרלאַמענטס-גרופּן. געוויינט-
לעך גיט-איבער דער ראש פון
דער אויספירונגס-מאַכט (פּרעזי-
דענט) איינעם פון די אָנפירער
פון דער מערהייט אין פּאַרלאַ-
מענט די אויפגאַבע צוזאַמענצו-
שטעלן אַ מיניסט.-קאַבינעט. אַזוי-
אַרום איז די טעטיקייט פון מי-
ניסטאָרן-קאַבינעט אַן איינהייט-
לעכע און דער גאַנצער קאַבינעט
איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער
טעטיקייט פון יעדן מיניסטער
באַזונדער. אַלע מיניסטאָרן זענען
פאָרשטייער פון דער פּאַרלאַמענטס-
מערהייט און דריקן אויס דעם
ווילן פון גרעסטן טייל פון דער
באַפעלקערונג. ווען דער פּאַרלאַ-
מענט דריקט-אויס זיין אומצופרידנ-
הייט מיט דער טעטיקייט פון מי-
ניסטאָרן-קאַבינעט, גייט דער קאַ-
בינעט אין דימיסיע אָדער ער
ווענדעט זיך וועגן צוטרוי די-
רעקט צום פאָלק. ווען דאָס פאָלק
דריקט-אויס דורך אַ פּלעביסציט
אומצוטרוי צום מיניסטאָרן-קאַבי-
נעט, דעמאָלט גיט זיך דער ק.
אָן אין דימיסיע. דאָס ווערט אָנ-
גערופן פּאָליטישע פאַר-
אַנטוואָרטלעכקייט. אַ ק.-
סיסטעם אין אַ מער אַנטוויקל-
טער פאָרם עקזיסטירט אין ענג-
לאַנד און אין פראַנקרייך.

**קאַבע, עטיען** (1788 —
1856) — אַ פראַנצ. פּעדאַגאָג,
מעדיקער, יוריסט, קאָמוניסט,
מיטגליד פון הויפּ-קאָמיטעט פון
די קאַרבאָנאַרן (זע), גענומען אַן
אָנטייל אין דער יולי-רעוואָלוציע.
אין 1831 ווערט ק. אויסגעווילט
פאַר אַ דעפּוטאַט צום פּאַרלאַמענט,
ווו ער טרעט אַריין אין דער
עקסט.-לינקער פּאַרטיי. אין 1824
ווערט ק. פאַרמשפּט פאַר אַן אַר-

טיקל אויף צוויי יאָר תפיסה, עמיגרירט קיין לאָנדאָן. אין 1839 ווערט ק. אַמנעסטירט, קערט זיך אום צוריק קיין פראַנקרייך, גרינדעט דאָרט קאָמוניסטישע פאַרייגען. נאָך דער יולי-רעוואָלוציע פון 1848 האָט זיך ק. מיאש-געווען פון דעם, אַז זיינע פלענער זאָלן פאַרווירקלעכט ווערן אין פראַנקרייך, און מיט אַ גרופּע פון זיינע אָנהענגער (400 פּערזאָן) באַזעצט ער זיך אין אַמעריקע.

**קאַדעטן** (פר.) — שילער פון מיליטערישע שולן.

**קאַדעטן** (ק. ד.)—אַ רוסישע קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטישע פאַרטיי, אַנטשטאַנען אין אָקטאָבער 1905. די ק. האָבן זיך רעקרוטירט פון פאַרשידענע ליבעראַלע גרופּן. דאָס פּראָגראַם פון די ק. איז געווען: די קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע און בירגערלעכע פרייהייט. בעת די וואַלן צו דער רוסישער דומע האָבן די ק. געהאַט זייער אַ גרויסע השפּעה אין די בורזשואַזישע קרייזן. איצט שפּילן די ק. אַ וויכטיקע ראָל צווישן דער רוסישער עמיגראַציע. פון די ק. האָט זיך אויסגעטיילט די גרופּע „סמיענאָוויעכאָווצעס“, וואָס איז פאַר דער אָנערקענונג פון דער סאָוויעטישער מאַכט.

**קאַדענץ** (לאַט.)—1) די צייט, וואָס עס דויערט די טעטיקייט פון אַ געוויסער מאַכט, למשל: די קאַדענץ פון געשווירענע געריכטן, סיים א. אַ. וו.; 2) אַ האַרמאָנישע פאַרענדיקונג פון אַ מוזיקאַלישער פראַזע; טאַקט.

**קאַהר, ג.** (געב. 1862)—אַ בייערישער פּאָליטיקער, פרעמיער (1920—24), האָט אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג, צו פאַרברייטערן די זעלבשטענדיקייט פון בייערן, צוגישט געמאַכט לודענדאָרפס מלוכה-איבערקערעניש אין בייערן (1923), פון 1924 אָן פּרעזעס פון אַדמיניסטראַטיוון טריבונאַל.

**קאַוועניאַק, ע. ל.** (1802—1857)—אַ פראַנצ. גענעראַל, קריגס-מיניסטער, וואָס האָט אויף אַן אכזריותדיקן אופן דערשטיקט די רעוו. פון 1848, פּרעזידענט פון מיניסטאָרן-קאַבינעט.

**קאַזויסטיק** (לאַט.)—אַ פּשטל; סברות, וואָס ווערן קינסטלעך, דורך פּלפּול, אַרויסגעדרונגען, כדי צו דערקלערן פאַרפּלאָנטערטע פראַגן אין דער געזעצגעבונג, רעליגיע און פילאָזאָפיע.

**קאַזוס** (לאַט.)—אַן אויסטערלישער פאַל, געשעעניש.

**קאַיאָ, י.** (געב. 1863)—אַ פראַנצ. פּאָליטיקער, שטייערן־אינספּעקטאָר, דעפּוטאַט (1898—1919), מיטגליד פון דער ראַדיקאַלער פּאַרטיי, פינאַנץ־מיניסטער (1899 — 1902, 1906 — 1909, 1913—1914), פּרעמיער (1911 — 12). בעת דער וועלט־מלחמה איז ק. געווען פאַר אַ שלום מיט דייטשלאַנד—דערפאַר ווערט ער באַשולדיקט אין מלוכה־פאַרראַט און ווערט פאַרמשפּט אויף 3 יאָר תפיסה און אויף 5 יאָר פאַרשיקונג פון פּאַריז. אין 1924 ווערט ק. אַמנעסטירט, קערט זיך אום קיין פּאַריז, ווערט אויס־געוויילט פאַר אַ סענאַטאָר, ווערט שפּעטער פינאַנץ־מיניסטער (1925).

**קאָלאָנטיי, ק.** (1750 — 1812)—אַ פּוילישער שריפט־שטעלער און פּאָליטיקער. אין דער צייט פון קאָשציושקאָס אויפשטאַנד איז ק. געוואָרן דער אָנפירער פון דער ראַדיקאַלער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. נאָכדעם ווי דער אויפשטאַנד איז ליקווי־דירט געוואָרן אַנטלויפט ק. קיין עסטרייך, ווו ער ווערט אַרעס־טירט. אין אַ צייט אַרום קערט זיך ק. אום קיין פּוילן, ווערט באַלד אַרויסגעפאָדערט דורך דער רוס. מאַכט קיין מאָסקווע (1807), ווו ער פאַרבלייבט ביזן שליסן דעם טילזיטער טראַקטאַט.

**קאָלאָניזאַציע** (לאַט.)—דאָס באַזעצן אַ געביט, לאַנד מיט איבערוואַנדערער, וואָס דער־האַלטן די פאַרבינדונג מיט זייער געבורטס־לאַנד. די ישובים, וואָס ווערן געגרינדעט דורך איבער־וואַנדערער, ווערן אָנגערופן ק אָ־ל אָ נ י ע ס ; דאָס לאַנד, פון וועלכן די איבערוואַנדערער האָבן עמיג־רירט, ווערט אָנגערופן מ ע ט ר אָ־פּ אָ ל י ע. די קאָלאָניעס זענען שטענדיק אָפּהענגיק פון דער מעטראָפּאָליע פּאָליטיש און עקאָ־נאָמיש. די קאָלאָניזאַציע קאָן זיין נישט בלויז אַ פרייע, נאָר אויך אַ געצוווּנגענע, למשל: די אַמאָ־ליקע פאַרשיקונג פון ענגלישע פאַרברעכער קיין אויסטראַליע, פראַנצייזישע — קיין גוויאַנע און ניי־קאַלעדאָניע, רוסישע—קיין סי־ביר. דאָס סיסטעמאַטישע קאָלאָ־ניזירן פעלקער פון געדיכט־באַזע־סענע לענדער אין לענדער מיט אַ קליינער באַפעלקערונג האָט זיך פראַקטיצירט שוין אין די גאַר־אַלטע צייטן (די קאָלאָניעס פון פעניציע, גריכנלאַנד און רוים). די ק. פון דער אַנטיקישער וועלט האָט זיך באַגרענעצט מיטן מיטל־לענדישן ים און האָט נישט אָנגע־

גומען אזא גראַנדיעזן מאַסשטאַב און מיט אזא שנעלן טעמפּאָ, ווי אין דער נייער צייט.

**קאָלאָניע** (לאַט.) — אַ ישוב פון ערד-אַרבעטער מיט אַ קליי-נער באַפעלקערונג; אַ ישוב, וואָס איז געגרינדעט אין אַ פרעמד לאַנד, כּדי צו שאַפן דאָרטן אַן אָפּזאַץ-מאַרק פאַר די סחורות פון דער מעטראָפּאָליע, צו עקספּלאָ-אַטירן די ק.-רייכטימער; אַן אָרט, וווהין ס'ווערן פאַרשיקט פאַרברע-כער; אַ קרייז מענטשן, וואָס פאַרנעמט-זיך מיט דערזעלבער אַרבעט, אָדער וואָס געהערט צו איין פאָלק, למשל: די יידישע ק. אין ניו-יאָרק, פוילישע ק. אין פאַריז, קינסטלער-קאָלאָניע א. אַ.וו.

זומער-קאָלאָניע — אַ געגנט מיט אַ געזונטן קלימאַט, וווהין ס'ווערן אַרויסגעשיקט שוואַכע.

**קאַלוויניזם** — די לערע פון באַוווסטן פראַנצ. רעליגיעזן רעפאָרמאַטאָר (XVI י"ה) זשאַן קאַלווין (1509—1564). זיין אָנ-שויונג איז געווען, אַז די געט-לעכע השגחה שפּילט די גרעסטע ראָל אין מענטשלעכן לעבן, און קיינער איז נישט בכּח אָפּצווענדן פון זיך דעם גורל, וואָס א'ז פאַר

אים געוואָרן באַשטימט פון הימל. די קירך דאַרף — לויט ק.'ס מיי-נונג — זיין אָפּגעטיילט פון דער מלוכה.

**קאָלטשאַק, אַ.** (1870—1920)—אַ רוסישער אַדמיראַל, בעת דער וועלט-מלחמה — אָנפירער פון באַלטישן פלאָט. אין 1919 קעמפט ק. מיט די באָלשעוויקעס אין סיביר.

**קאָליזיע** (לאַט.)—אַ צוזאַמענ-שטויס פון אַנטקעגנגעזעצטע כּחות אָדער אינטערעסן.

**קאַלינין, מ.** (געב. 1875)— אַ רוסישער קאָמוניסט, פויער, אַרבעטער, בירגערמייסטער פון פּעטראָגראַד (1917), פאָרזיצער פון וועצי"ק (1919), פאָרזיצער פון צי"ק (1923), מיטגליד פון פּאָליטביוראָ.

**קאַליף** (כאַליף, אַר.)—מאָכאַ-מעדס שטעלפאַרטרעטער, קע-ניג פון די אַראַבער אין מיטל-אַלטער.

**קאָלעגיע** (לאַט.) — אַ גרופּע מענטשן, וואָס פירט-אָן מיט אַן אַנשטאַלט אָדער מיט אַן אונ-טערנעמונג, למשל: רעדאַקציע-קאָלעגיום.

**קאָלעקטיוו** (לאַט.)—אַ פאַרייניקונג פון מענטשן, וואָס האָבן צווישן זיך געמיינזאַמע אינטערעסן, איין אָנשויונג און איין ציל.

**קאָלעקטיוויזם** (לאַט.)—אַן עקאָנאָמישע ריכטונג, וואָס שטרעבט צו אַ סאָציאַלער אָרדנונג (זע **סאָציאַליזם**).

**קאַמאָראַ** (איט.)—אַ געהיימע איט. פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע, אָרגאַניזירט אין אָנהייב XIX י"ה דורך די רעאַקציאָנערן, וואָס זענען געוואָרן אונטערגעשטיצט דורך דער רעגירונג. — די רוסישע ק. איז אַנטשטאַנען אין 1906 (שוואַרצמאַהניקעס), וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל דורכצופירן פּאָליטישע מאָרדן.

**קאַמאַרילאַ** (שפּ.) — הויפּסלייט, אינטריגאַנטן, וואָס רינגלען אַרום דעם קעניג.

**קאָמונאַלעווירטשאַפט**—אַ געזעלשאַפטלעכע ווירטשאַפט אין דערפער און שטעט, און אין אַנדערע באַזעצטע ישובים, וואָס באַפרידיגט די באַדערפעניש פון דער באַפעלקערונג.

**קאָמוניזם** (לאַט.)—אַ געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע ריכטונג, וואָס שטרעבט צו פאַרניכטן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג, און צו בויען די נייע געזעלשאַפט אויף יסודות פון בשותפותדיקייט פון דער גאַנצער פאָלקס־עשירות. דער ק. איז עקסטרעמער פון סאָציאַליזם (זע). דער סאָציאַליזם שטייט אויפן שטאַנדפּונקט פון פּאַרלאַמענטאַריזם און דעמאָקראַטיע, דער ק. אָבער פּראָפּאַגאַנדירט די אידייע פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, ד. ה., דאָס איבערגעבן די מאַכט אין די הענט פון אַרבעטער־ און פּויערים־ראַטן. אויפן קאָמוניסטישן שטאַנדפּונקט שטייט די סאָוויעטישע רעגירונג, וועלכע טרעט אָפּ אין געוויסע הינזיכטן פון אירע הויפּט־פּרינציפּן (זע נעפּ). די קאָמוניסטישע פּאַרטייען פון פאַרשידענע לענדער זענען פאַראייניקט אין דריטן אינטערנאַציאָנאַל.

**אוראַלטער קאָמוניזם**—אָדער די אָרדנונג פון דער אוראַלטער געמיינדע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ קליינע קרובהדיקע גרופּע. אין אַזאַ פּרימיטיווער געמיינדע האָט נישט עקזיסטירט קיין אַרבעטס־פּאַרטיילונג, און יעדע געמיינדע איז געווען אַ גאַנץ באַזונדערע געזעלשאַפט. פון די פּראָדוקטן, וואָס זענען דערוואָרבן געוואָרן דורך געמיינזאַמער אַרבעט, האָט יעדער מיטגליד פון

דער געמיינדע באַקומען אַ גלייכן חלק.

**קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל** (קאָמאינטערן)—אַזוי הייסט דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל. די איניציאַטיוו צו אָרגאַניזירן דעם ק. אי., האָט גענומען אויף זיך די ר. ק. פּ. דער ערשטער קאָנגרעס פון ק. אי. איז פאָרגעקומען אין אָנהייב מערץ 1919 אין מאָסקווע. דער ק. אי. האָט זיך זייער שנעל אַנטוויקלט, און אין 1922 זענען שוין געווען אין אים בערך 2 מיליאָן מיטגליער. ק. פּאַרטייען זענען פאַראַן אין אַ סך לענדער. כּדי מען זאָל קענען אַריינטרעטן אין ק. אי., דאַרף מען אָנערקענען די 21 פּאַראַגראַפן, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן אויפן צווייטן קאָנגרעס. דער הויפּט-אָרגאַן פון ק. אי. איז דער אַלגעמיינער וועלט-קאָנגרעס. די באַשלוסן פון קאָנגרעס זענען פאַרפליכטנד פאַר אַלע לענדער, וואָס גייען אַריין אין צוזאַמענשטעל פון קאָמאינטערן. קאָנגרעסן פון ק. אי. זענען פאָרגעקומען אין די יאָרן 1919, 1920, 1921, 1922 און 1924.

**קאָמוניסטישער מאַניפעסט**—דער ק. מ. איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן דורך מאַרקסן און ענגעלסן אין 1847 אין לאָנדאָן. דער ק. מ. איז אָנגענומען געוואָרן אַלס פּראָגראַם פון דער אַרבעטער-באַוועגונג. די געשיכטע פון דער געזעלשאַפט איז דער קלאַסן-קאַמף. די בורזשואַזישע געזעלשאַפט האָט געשאַפן נייע קלאַסן אויפן אָרט פון די אַלטע (פעאָדאַליזם) און האָט אויסגעאַרבעט אופנים פון אונטערדריקונג, נייע קאַמפּס-אויסזיכטן, האָט בולט-געמאַכט די קלאַסן-קעגנזאַצן, צעטיילנדיק-זיך אויף צוויי פיינטלעכע קלאַסן: בורזשואַזיע און פּראָלעטאַריאַט. אַנטוויקלענדיק די פּראָדוקטיווע כּוחות פון דער געזעלשאַפט, ווערט די בורזשואַזיע אין אַ געוויסן פּעריאָד אַ שטערונג פאַרן ווייטערדיקן פּראָגרעס. די בורזשואַזיע איז שוין אַליין מער נישט בכּח צו פאַרוואַלטן מיט די רייכטימער, וואָס זי אַליין האָט געשאַפן. צעשטערן דידאָזיקע בורזשואַזישע באַציונגען און שאַפן נייע, סאָציאַליסטישע קאָן נאָר דער פּראָלעטאַריאַט. די רעוואָלוציע פון פּראָלעטאַריאַט איז די רעוואָלוציע פון דער גרויסער מערהייט און לטובת דער מערהייט. כּדי צו פאַרזיכערן דעם נצחון, איז נייטיק, אַז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל ווערן באַוואָפנט

ניק, אָרגאַניזירנדיק אַ שטאַרקע קאָמ. פאַרטיי, האָבנדיק פאַר זיך דעם ציל: די פאַרניכטונג פון דער היינטיקער געזעלשאַפטלעכער אָרד־נונג, ד. ה., אַ קאָמוניסטישע רעוואָלוציע, ביי וועלכער דער אַרבעטער־קלאַס האָט נישט וואָס אָנצווערן, אַ חוץ פאַרקנעכטונג, און געווינען קאָן ער די וועלט. דער לאָזונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג דאַרף זיין: „אַרבעטער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך".

**קאָמוניסטישע פאַרטיי** אַן אַרבעטער־פאַרטיי, וואָס קעמפט פאַר דער איינפירונג פון אַ קאָמוניסטישער אָרדנונג.

**קאָמוניסטישע פאַרטיי אין פוילן**—עקזיסטירט אומ־לעגאַל. בעת די לעצטע וואַלן (1928) האָבן די קאָמוניסטן באַ־קומען 7 מאַנדאַטן. פאָרזיצער פון קאָמוניסטישן סיים־קלוב איז דע־פּ. אַ. וואַרסקי־וואַרשאַווסקי.

**קאָמונע** (פר.) — אַ שטאָטישע זעלבסטפאַרוואַלטונג; אַ גרופּע מענטשן, וואָס פירט אַ בשותּפותדיק לעבן.

**קאַמעניעוו** (ראָזענפעלד, ל., געב. 1883)—אַ רוסישער קאָ־מוניסט. נאָך דער אָקטאָבער־רע־וואָלוציע (1917) געווען פאָרזי־צער פון ווצי"ק (אַלרוס. אויספיר־קאָמיטעט), באַטייליקט זיך אין דער שלום־דע עגאַציע אין בריסק (1918), פאָרזיצער פון מאָסקווער סאָוויעט, מיטגליד פון פּאָליט־ביוראָ.

**קאַמפּאַניע** (פר.)—די צייט, וואָס עס דויערט אַ מלחמה, קאַמף; פאַבריקס־ק. — דער פּראָ־דוקציע־סעזאָן פון אַ געוויסן אינ־דוסטריע־צווייג; וואַל־ק.—די טע־טיקייט פון פּאַרטייען אין דער צייט פון וואַלן אַדורכצופירן זייערע קאַנדידאַטן.

**קאָמפּאַקט** (לאַט.)—געדיכט, צוזאַמען געדריקט, למשל: קאָמ־פּאַקטע מאַסן.

**קאַן**—אַ שטאָט אין פראַנקרייך, אין וועלכער ס'איז פאָרגעקומען אין 1922 די קאָנפערענץ צווישן דער קאָאַליציע און די דייטשן וועגן רעגולירן די מלחמה־קאָנטריבוציע, וואָס דייטשלאַנד דאַרף צאָלן דער קאָאַליציע. דער פאָרשטייער פון דייטשלאַנד איז געווען ד"ר ראַטענוי. צוליב די גרויסע הנחות, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן פאַר דייטשלאַנד, האָט דער פּאַרלאַמענט אויסגע־דריקט אומצוטרוי בריאַנס קאַבי־

נעט, וואָס האָט צוליב דעם געמוזט דעמיסיאָנירן.

**קאַנאָסע** — אַ שטאָט אין איטאַליע, אין וועלכער דער דייטשער קייזער היינריך VII האָט זיך דערקלערט פאַר אונטערטעניק צום פויפּסט גרעגאָר VII אין XI י"ה. „גיין קיין קאַנאָסע" — באַדייט: אונטערגעבן זיך, אונטערוואַרפן זיך עמעצנס מאַכט.

**קאָנגרעגאַציע** (לאַט.) — אַ פאַרבאַנד פון קאַטוילישע גייסטלעכע, וואָס שטרעבט צו פאַרכאַפּן אַ סך געזעלשאַפטלעכע געביטן און צו אָרגאַניזירן זיך, כדי צו קעמפן מיט די ראַדיקאַלע פאַריינען. ק. איז געווען שטאַרק פאַרשפּרייט אין פראַנקרייך.

**קאָנגרעס** (לאַט.) — אַ צוזאַמענפאָר, גרעסערע פאַרזאַמלונג; אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע הייסט דער פעדעראַציע־פּאַרלאַמענט — קאָנגרעס.

**קאָנדערסע, מ.** (1743 — 1794) — אַ פראַנצייזישער געלערנטער, באַרימטער מאַטעמאַטיקער און פּאָליטישער טוער, אַ זשיראָנדיסט. אין 1768 ווערט ק. אויסגעוויילט פאַר אַ מיטגליד פון דער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע, געהערט צו די ענציקלאָפּעדיסטן (זע). אין 1791 ווערט ק. אויסגעוויילט פאַר אַ מיטגליד פון דער געזעצגעבערישער פאַרזאַמלונג, ווערט איר פּרעזידענט. ק. האָט זיך געווענדעט מיט אַ מאַניפעסט צו פראַנקרייך און צו גאַנץ אייראָפּע, אַז מען זאָל מאַכן אַ סוף צו דער הערשאַפט פון די קעניגן. ק. ווערט אַרעסטירט און אין אַ צייט אַרום געפינט מען אים אַ פאַרסמטן. ק. האָט אָנגעשריבן אַ סך ווערק, אין איינעם פון זיי זאָגט ער אַרויס דעם געדאַנק, אַז דער מענטש איז מסוגל צו דערגרייכן צו דער העכסטער שלמות.

**קאָנוואַסירן** (ענג.) — אַזוי ווערט אָנגערופן אין ענגלאַנד אַ געוויסע פאָרם פון וואַל־קאַמף. די אָנהענגער פון אַ געוויסן קאַנדידאַט קומען אַ צייט פאַר די וואַלן אַהיים צו די וויילער און אַגיטירן זיי אין געהיים פאַר זייער קאַנדידאַט. דערביי באַנוצן זיי זיך מיט אַלע מיטלען, אַפילו מיט אַזאַ נישט־כשר מיטל, ווי אונטערקויפן מיט געלט. דאָס ק. פאָדערט גרויסע געלט־מיטלען, דעריבער איז עס צוגענגלעך נאָר פאַר די רייכע קלאַסן, די אַרבעטער פאַר-

טייען קענען זיך נישט באַנוצן מיט דעמדאָזיקן אַגיטאַציע־סיסטעם אין וואַל־קאַמף.

**קאָנוואָקאַציאָנערער סיים** — אַזוי האָט געהייסן אין פּוילן דער סיים, אין וועלכן ס'איז באַשטימט געוואָרן די צייט און די פאָרם פון עלעקציע־סיים, ד. ה., די פאַרזאַמלונג פון פאָרשטייער פון פאָלק אויסצוקלייבן אַ קעניג. דער ק. ס. האָט אויך געזאָגט פאַר דער אָרדנונג אין לאַנד ביז דער עלעקציע (וואַל פון אַ קעניג). דער 1־טער ק. ס. איז פאָרגעקומען אין וואַרשע אין 1573.

**קאָנווערסיע** (לאַט.) — דאָס פאַרבייטן די פּאַפּירן פון אַ מלוכה־הלוואה אויף אַנדערע ווערט־פּאַפּירן, למשל: קורץ־טערמיניקע אויף לאַנג־טערמיניקע.

**קאָנטאָ** (איט.) — אַ חשבון, רעכענונג, קרעדיט אויפן נאָמען פון אַ געוויסער פּערזאָן אָדער פירמע.

**קאַנטאָן** (פר.) — אַן אַדמיניסטראַטיווער קרייז, פּראָווינץ אין דער שווייץ (די שווייצאַרישע רעפּובליק איז צוזאַמענגעשטעלט פון 22 באַזונדערע קאַנטאָנען).

**קאַנטאָניסטן** (ד.) — 1) די מינדעריעריקע זין פון זעלנער אין די אַמאָליקע צאַרישע צייטן (XIX י"ה), וועלכע זענען גענומען געוואָרן צום מיליטער־דינסט פון קינדווייז אָן; 2) די קליינע יידישע קינדער, וועלכע „מען האָט געכאַפּט" און אָפּגעגעבן פאַר זעלנער.

**קאָנטאַקט** (לאַט.) — אַ פאַרבינדונג, פאַרייניקונג.

**קאָנטינגענט** (לאַט.) — אַ באַשטימטע צאָל, סכום, צוזאַמענשטעל, למשל: דער ק. זעלנער, וואָס אַ פּראָווינץ, אַ שטאָט דאַרף צושטעלן.

**קאָנטריבוציע** (לאַט.) — אַ מלחמה־שטייער, וואָס די זיגער לייגן אַרויף אויף איינגענומענע שטעט אָדער לענדער.

**קאַניבאַלן** (שפּ.) — מענטשנפרעסערס.

**קאַניבאַליזם** (שפּ.) — בלוטדורשטיקייט, אכזריות, מענטשנפרעסעריי.

**קאָניונקטור** (לאַט.) — דער גאַנג פון די געשעענישן, אַ צופאַל, אויסזיכטן, האָפנונגען; די סיבות, וואָס רופן אַרויס אַ האָסע אָדער בעסע אויפן געלט־ און סחורות־מאַרק.

**קאָנסאָלידאַציע** (לאַט.) — אַ פאַרייניקונג, פאַרייניהייטלעכונג; דאָס פאַרזיכערן מלוכה-חובות אויף שטענדיקע פעסטע הכנסות.

**קאָנסאָרציום** (לאַט.) — אַ געזעלשאַפט, פאַרייניקונג פון גרויס-אינדוסטריעלער אָדער באַנקירן, וואָס האָט דעם ציל דורכצופירן געוויסע אינדוסטריעלע אָדער פינאַנסיעלע אונטערנעמונגען.

**קאָנסטאַן, ב.** (1767—1830) — אַ פראַנצייזישער פאָליטיקער, שריפטשטעלער, פאָרשטייער פון פאָליטישן ליבעראַליזם. ק. האָט אַנטוויקלט און דערקלערט די פאַרשידענע פרייהייטס-רעכט (באַזונדער די פרעסע-פרייהייט), האָט דערגענצט מאָנטעסקיעס טעאָריע וועגן דער צעטיילונג פון מאַכט (זע מאָנטעסקיע), מאַכנדיק דערביי אויפמערקזאַם אויף די רעכט פון מאָנאַרך, וועלכע אונטערשיידן זיך פון דער געזעצגעבערישער מאַכט, אויספירונגס- און געריכטס-מאַכט.

**קאָנסטיטואַנטע** (פר.) — אַ פאַרזאַמלונג פון די פאָלקס-אויסדערוויילטע, וואָס האָט דעם ציל אָנצוצייכענען די הויפט-יסודות פון אַ נייער דעמאָקראַטישער מלוכה-אָרדנונג.

**קאָנסטיטוציע** (לאַט.) — אָרדנונג, רעגירונגס-פאָרם. די מלוכה-אָרדנונג אָדער די גרונט-געזעצן (קאָנסטיטוציאָנעלער אַקט), וואָס באַשטימען דעם פאָרשטייער-שאַפט-סיסטעם פאַר דער אָנפירונג מיט דער מלוכה. די ק. ווערט אויסגעאַרבעט דורך די פאָרשטייער פון פאָלק און צייכנט גענוי אָן אין פאָרם פון גרונט-געזעצן: די רעכט און פליכטן פון ראש פון דער מלוכה, די רעכט פון די בירגער (אומבאַרירלעכקייט פון פערזאָן, וווינונג, קאָרעספּאָנדענץ, פרייהייט פון געוויסן, וואָרט, פרעסע, פאַרזאַמלונגען, פאַראיינען), די רעכט און פליכטן פון פאַרלאַמענט, ווי אויך פון די מיניסטאָרן. ביי אַ קאָנסטיטוציאָנעלער אָרדנונג געפינט זיך שטענדיק די מאַכט אין די הענט פון דעם קלאַס, וואָס איז מאַטעריעליש שטאַרקער. דער מאַטעריעלישער כח פון דער בורזשואַזיע ליגט אין איר געלט און אַנדערע קאַפּיטאַלן; דער מאַטעריעלישער כח פון פראָלעטאַריאַט ליגט אין זיין אַרבעטס-קראַפט און אחדות. דידאָזיקע צוויי קלאַסן באַקעמפן זיך קעגנזייטיק, יעדער פון זיי מיט זיין מאַטעריעלישן כח. אָט דידאָזיקע קעגנזייטיקע באַציונג פון די מאַטעריעלישע כחות פון די קלאַסן אין דער געגעבענער

געזעלשאַפט דריקט זיך אויס אין דער געשריבענער ק. די מאַטעריעלישע כחות פון די קלאַסן זענען די יסודות, אויף וועלכע עס שטיצט זיך די ק.

**קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע** — אַזאַ מלוכה־אָרדנונג, ביי וועלכער די מאַכט פון מאָנאַרך איז באַגרענעצט דורך א פאַרלאַמענט.

**קאָנספּיראַציע** (לאַט.) — א פאַרשווערונג; א געהיימער ענין.

**קאָנפיסקאַט** (לאַט.) — דאָס צונעמען מיט צוואַנג געוויסע זאַכן לויט אַן אורטייל פון געריכט אָדער פאַראָרדנונג פון דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט.

**קאָנפעדעראַציע** (לאַט.) — א פאַרבאַנד פון מלוכות אָדער פראָווינצן; א פאָליטישע פאַראייניקונג; פאַרבאַנד, בונד.

**קאָנפערענץ** (לאַט.) — א באַראַטונג; א באַראַטונג פון דיפלאָמאַטן וועגן פאָליטישע ענינים.

ה אַ אַ ג ע ר ק אָ נ פ ע ר ע נ ץ — פון 1899—1907, אויף וועלכער ס'זענען באַהאַנדלט געוואָרן פאַרשידענע פאָליטישע פראַגן, בפרט וועגן באַפעסטיקן דעם וועלט־שלום.

**קאַנצלער** (לאַט.) — אַן אמאָליקער טיטל פון הויכע באַאַמטע; שפּעטער—דער טיטל פון פרעמיער אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך.

**קאָנצענטראַציע** (לאַט.)— דאָס אויפזאַמלען, צוזאַמענקלויבן. דער היפך איז: ד ע ק אָ נ צ ע נ ט ר אַ צ י ע — צעטיילן, צעשפליטערן.

**קאָנצענטראַציע פון קאַפיטאַל** — זע צענטראַליזאַציע פון קאַפיטאַל.

**קאָנצעסיע** (לאַט.) — א פריווילעגיע אויף א געוויסער אונטערנעמונג, ארויסגעגעבן דורך דער רעגירונג.

**קאָנצערן** — א פינאַנסיעלער בונד צווישן זעלבשטענדיקע אונטערנעמונגען. אַן אינטעסיווע טעטיקייט האָט נאָך דער וועלט־מלחמה ארויסגעוויזן אין דייטשלאַנד ביים שאַפן קאָנצערנען ה ו ג אָ ס ט י נ ע ס.

**קאָנקאָרדאַט** (לאַט.) — אַן אָפמאַך צווישן פויפסט מיט א מלוכה וועגן ענינים, וואָס זענען נוגע דער קירך.

**קאָנקלאַוו** (לאַט.) — א פאַרזאַמלונג פון די קאַרדינאַלן,

כּדי אויסצוווײַלן אײנעם פון צווישן זיך פאַר אַ פּויפּסט.

**קאַסאַמענט, ר.** (1864—1916) — אַן אירלענדישער פּאָליטיקער, ענגלישער קאָנסול אין פיל שטעט. בעת דער וועלט־מלחמה איז ק. אַרויסגעטרעטן קעגן נעמען אירלענדישע רעק־רוטן אין דער ענגלישער אַרמיי. באַשולדיקט אין מלוכה־פאַרראַט, ווערט ק. פאַרמשפּט צו טויט־שטראָף דורך הענגען.

**קאַסאַציע** (לאַט.) — דאָס מבטל־מאַכן, אָפּוואַרפן אַ געריכטס־אורטייל, צוואה, אָפּמאַך, פּריווילעגיע א. אַ. וו.

**קאַסאַציע־געריכט** — דאָס העכסטע גערכט, וואָס האָט די מאַכט מבטל צו מאַכן אורטיילן פון די נידריקערע געריכטס־אינסטאַנצן.

**קאַסטע** (שפּ.) — אַ קלאַס מענטשן, וואָס איז פולשטענדיק אָפּגעטײלט פון אַנדערע קלאַסן יורידיש און געזעלשאַפטלעך.

**קאָסמאָפּאָליט** (גר.) — אַ וועלט־בירגער, וואָס אָנערקענט נישט די נאַציאָנאַלע אָפּגעזונדערט־קייט.

**קאָסמאָפּאָליטיזם** (גר.)— אָס באַטראַכטן זיך פאַר אַ וועלט־בירגער; דאָס שטעלן די אינטערעסן פון דער מענטשהייט העכער פאַר די אינטערעסן פון אײגענעם פאָלק.

**קאַפּיטאַל** (לאַט.) — געלט, וואָס ברענגט ריווח. זאַכן, וואָס ווערן געשאַפן דורך מענטשלעכער אַרבעט און וואָס דינען צו אַ ווייטערדיקער פּראָדוקציע (מכשירים, מאַטעריאַלן און רוישטאָפן); באַוועגלעכע גיטער, פאַרמעגן.

**טויטער קאַפּיטאַל** — וואָס ברענגט נישט קיין ריווח.

**אומזאַץ־קאַפּיטאַל** — אַ טייל פון ק. וואָס נוצט זיך שנעל אויס (די הוצאות אויף רוישטאָפן, באַהייצונג און אַרבעטס־לוין).

**דויערנדיקער קאַפּיטאַל** — אַ טייל פון ק., וואָס נוצט זיך אויס לאַנגזאַם (אויף מאַשינען, בנינים א. אַ. וו.)

**אײַזערנער קאַפּיטאַל**— וואָס פון אים ווערן אויסגענוצט נאָר די פּראָצענטן; אַ קרן־קימת.

**רעזערוו־קאַפּיטאַל** — וואָס ליגט גרייט אויף צו דעקן נישט־פאָראויסגעזעענע הוצאות.

**אַמאָרטיזאַציע־קאַפּיטאַל** — וואָס ווערט יערלעך אַוועקגעלייגט פון די וכנסות אויף צו דעקן דעם אָפּנוץ פון בנינים,

מאַשינען אין אויף איינצוקויפן נייע.

**קאַפּיטאַליזם** (לאַט.)—1) די מאַכט פון קאַפּיטאַל; 2) איינע פון די פאָרמען פון עקאָנאָמישן לעבן. דער בולטער סימן פון ק. איז דאָס צעטיילן די פּראָדוצירער אויף צוויי קלאַסן: 1) קאַפּיטאַליסטן, צו וועמען ס'געהערן די מכשירים, פּראָדוציר-מיטלען און רוישטאָפן; 2) אַרבעטער, וואָס זייער איינציק פאַרמעגן איז די אַרבעט.

**אינדוסטריעלער קאַפּיטאַליזם** — דאָס אַריינלייגן קאַפּיטאַל דירעקט אין די פּראָדוציר-צווייגן. א. ק. צייכנט זיך אויס מיט אַ בריט-אַנטוויקלטער געזעלשאַפטלעכער און טעכנישער אַרבעטס-צעטיילונג; דער וואַרשטאַט ווערט אַרויסגעשטופּט דורך דער פאַבריק, די קליינע בעלי-מלאכות — דורך די פאַבריקס-אַרבעטער.

**קאַפּער** (האָל.) — אַ שיף, וואָס האָט די אויפגאַבע אויסצושפּירן און כאַפּן דעם שונאס שיפן; אַ ים-גזלן, פּיראַט.

**קאַציק** (שפּ.) — דער פירער פון די אינדיאַנער-שבטים אין דרום-אַמעריקע; פיג. אַן אַליינהערשער פון אַ קליין מלוכהלע.

**קאַקאָווסקי, א.** (ג. 1862)— פּוילישער אַרציבישאָף פון 1913 אָן, מיטגליד פון רעגענטן-ראַט (1917—18), קאַרדינאַל פון 1919 אָן.

**קאַראַכאַן, ל.** (ג. 1889)— אַ רוסישער קאָמוניסט, עקאָנאָמיסט, מיטאַרבעטער פון רוסישן אויסערן-קאָמיסאַריאַט, קאָנסול אין וואַרשע (1923), אַמבאַסאַדאָר אין פּעקין.

**קאַראָלי, מ.** (געב. 1875)— אַן אונגאַרישער גראַף, פּאָליטיקער, דעפּוטאַט, אַנהענגער פון דער קאָאַליציע בעת דער וועלט-מלחמה, פּרעמיער פון דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג (1918), פּרעזידענט פון דער אונגאַרישער רעפּובליק (1919), גיט איבער די מאַכט די קאָמוניסטן (בעלאַ קוהן) אין מערץ 1919, איצט פּאָליטישער עמיגראַנט.

**קאָראַן** (אַר.) — דאָס הייליקע בוך פון די מאַכמעדאַנער, ווי בײַ יידן דער תנ"ך, בײַ קריסטן די עוואַנגעליע.

**קאַראַנטין** (איט.) — 1) אַ איזאָלירונגס-אַנשטאַלט פאַר מענטשן, חיות און שיפן, וואָס קומען פון לענדער, אין וועלכע ס'הערשן פאַרשידענע עפּידעמישע

קראַנקהייטן; 2) די צייט און דאָס אָרט, וואָס איז באַשטימט צו האַלטן די איזאָלירטע.

**קאַרבאָנאַרן** — אַ געהיימע איטאַליענישע געזעלשאַפט, וואָס האָט געהאַט דעם ציל צו קעמפן קעגן דער פראַנצייזישער הערשאַפט איבער איטאַליע. נאָך דער יולי־רעוואָלוציע פון 1830 איז געגרינדעט געוואָרן אַ געזעלשאַפט אונטערן נאָמען „דעמאָקראַטישע קאַרבאָנאַרן", וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל איינצופירן אין לאַנד אַ סאָציאַליסטישע אָרדנונג.

**קאַרדינאַל** (לאַט.) — דער העכסטער גייסטלעכער נאָכן פּויפּסט. די צאָל פון די קאַרדינאַלן איז 70. די קאַרדינאַלן האָבן דאָס רעכט אויסצודערווייַלן אַ פּויפּסט.

**קאַרדינאַל** (לאַט.)—עיקרדיק, פּרינציפּיעל, פונדאַמענטאַל.

**קאָרדע, שאַרלאָטע** (1793—1768) — די מערדערין פון מאַראַטן. ק. איז געווען אַן אַדעליגע, פאַנאַטיש איבערגעגעבן די פרייהייטס־אידייע, האָט געוואָלט באַפרייען פראַנקרייך פון די טעראָריסטן, זי איז געקומען קיין פּאַריז, כּדי צו דערהרגענען מאַראַטן אָדער ראָבעספּיערן, און ווען מאַראַט האָט געמאָלדן, אַז מען דאַרף נאָך אימברענגען 200 טויזנט בירגער, האָט זי אים דערשטאָכן מיט אַ מעסער און ווי אַ העלדן איז זי געגאַנגען צום עשאַפאָט.

**קאָרדעליערז** — מיטגלידער פון איינעם פון די פּאָליטישע קלובן אין דער צייט פון דער גרויסער פראַנצ. רעוואָלוציע. די ק. האָבן זיך צונויפגעקליבן אין מאָנאַסטיר פון די פראַנציסקאַנער מאָנאַכן—קאָרדעליערן. פון דעם שטאַמט דער נאָמען ק. די אָנפירער פון ק. זענען געווען דאַנטאָן און דעמולען. אין דער צייט פון קאָנווענט האָבן זיי צוזאַמען מיט די יאַקאָבינער געגרינדעט די פּאַרטיי פון ק. שפּעטער ווערן זיי באַזיגט דורך ראָבעספּיערן, און אין 1794 ווערן זיי גיליאָטינירט.

**קאַרטעל** (פר.) — אַן אָפּמאַך צווישן די רעגירונגען פון צוויי מלוכות וועגן אויסטויש פון קריגס־געפאַנגענע אָדער וועגן אַרויסגעבן דעזערטירן; אַ פאַריין פאַר קעגנזייטיקער הילף; סינדיקאַט, טרעסט.

**קאַרמאַניאָלאַ** (פר.) — אַ פראַנצייזיש רעוואָלוציאָנער ליד.

**קאָרפּאָראַציע** (לאַט.) — אַ פאַרבאַנד, פאַרייניקונג.

**קאָרפּוס** (לאַט.) — דער קערפּער־טייל פון האַלדז ביז די פיס; אַ מיליטער־אָפּטיילונג, וואָס באַשטייט פון 2 אָדער 3 דיוויזיעס; אין דער אַרכיטעקטור — דער מיטלסטער הויפּט־טייל פון אַ בנין.

**דיפּלאָמאַטישער קאָרפּוס** — די דיפּלאָמאַטישע קערפּערשאַפט פון אַ מלוכה. דער ד. ק. טרעט אַרויס עפנטלעך בעת פייערלעכקייטן און עפנטלעכע אויפנאַמען. דער ראש (דעקאַן) פון ד. ק. איז דער עלטסטער לויט זיין ראַנג און לאַנגיעריקער דיפּלאָמאַטישער טעטיקייט.

**קאַשין, מ.** (געב. 1869) — אַ לערער, פראַנצייזישער פּאָליטיקער, קאָמוניסט, דעפּוטאַט פון 1914 אָן.

**קאָשציושקאָ, טאַדעאוש** (1817—1746)—אַ פּוילישער גענעראַל, גענומען אַן אָנטייל אין די פרייהייטס־קאַמפן פון די אַמעריקאַנער קעגן ענגלאַנד (1783). אין 1785 קערט זיך ק. אום קיין פּוילן, בעת די קאַמפן צווישן פּוילן און רוסלאַנד צייכנט ער זיך אויס מיט זיינע מיליטערישע פעיקייטן. ווען ס'ברעכט־אויס דער אויפשטאַנד אין 1794 ווערט ק. הויפּט־אָנפירער פון די פּוילישע לעגיאָנען, פאַלט אַריין נאָך אַ פאַר־שפּילטן קאַמף אין די הענט פון די רוסן; אין אַ צייט אַרום באַגנעדיגט אים דער צאַר פּאַוועל I. דעמאָלט עמיגרירט ק. קיין אַמעריקע, פון דאָרט קיין שווייצאַריע, ווו ער פאַרבלייבט ביזן טויט. זיינע ביינער זענען געוואָרן איבערגעפירט קיין פּוילן און באַגראָבן געוואָרן אין קראָקע אויפן וואַוועל אין די קעניגלעכע קברים. דאָס פּוילישע פאָלק האָט צו זיין אָנדענק אויפגעשיט הינטער קראָקע אַ בערגל, וואָס ווערט אָנגערופן קאָשציושקאָ־באַרג.

**קוהן, בעלאַ** (געב. 1885) — אַן אונגאַרישער קאָמוניסט. זשורנאַליסט, קאָמ. דיקטאַטאָר אין אונגאַרן פון מערץ ביז אויגוסט 1919. נאָך דער ליקווידאַציע פון דער קאָמוניסטישער דיקטאַטור אַנטלויפט ק. קיין עסטרייך.

**קוואַקערס** (ענג.) — אַ רעליגיעזע סעקטע (אין אַמעריקע, ענגלאַנד), אַנטשטאַנען אין ענגלאַנד אין XVII י״ה, קעגנער פון אַ שבועה, מיליטער־דינסטן; האָבן נישט קיין גייסטלעכע.

**קוואָרום** (לאַט.) — די קלענסטע צאָל אָנוועזנדיקע אויף אַ פאַר־

זאַמלונג, וואָס האָט דאָס רעכט אָנצונעמען רעזאָלוציעס.

**קווירינאַל** (לאַט.) — די רעזידענץ פון איטאַליענישן קעניג; דער נאָמען פון איינעם פון די זיבן בערגלעך, אויף וועלכע רוים איז געוואָרן געבויט.

**קוועסטאָרן** (פר.) — אין דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג (פון 1848 — 1851 און פון 1871) — דריי מיטגלידער פון דער קאָמיסיע, וואָס פאַרנעמט-זיך מיט דערווירטשאַפט פון פאַרלאַמענט.

**קויטסקי, ק.** (געב. 1854)— אַן אָנגעזעענער טעאָרעטיקער פון דייטשן סאָציאַליזם, פובליציסט, אָנהענגער פון מאַרקסיזם (זע), רעדאַגירט „די נייע צייט" (1883—1917), בעת דער וועלט-מלחמה דערנענטערט ער זיך צו די אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטן, געהערט איצט צו דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. זיינע ווערק: „די אַגראַר-פראַגע" (1899), „קאַרל מאַרקס' עקאָנאָמישע לערע", „עטיק און די מאַטעריאַליסטישע אויפפאַסונג פון דער געשיכטע" און אַסך אַנדערע.

**קולטור** (לאַט) — בילדונג, אַנטוויקלונג, פאַרשידלונג, אויסבילדונג. אַ שעפערישע טעטיקייט פון מענטשן אויף אַלע געביטן פון לעבן.

מאַטעריעלע ק.—אויסאַרבעטונג פון מכשירים, מלבושים, געווער, בנינים.

געזעלשאַפטלעכע ק.— די אַנטוויקלונגס-פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכן- און מלוכה-לעבן.

גייסטיקע ק. — שפּראַך, וויסנשאַפט, פילאָזאָפיע, אמונה, קונסט. אין ענגן זין פון וואָרט פאַרשטייט מען אָפט אונטערן באַגריף ק. אַ געוויסע מדרגה פון בילדונג. אין אַגריקולטור ווערט דער באַגריף ק. באַנוצט צו באַצייכענען די אַנטוויקלונג פון צמחים און חיות.

**קולטורטרעגער** (ד.) — אַ קולטור-פאַרשפּרייטער.

**קוסטאַר-אינדוסטריע**— אַ באַזונדערע פאָרם פון מלאכה, וואָס איז אַן איבערגאַנג צום קאַפּיטאַליזם. מיט ק.-אי. פאַרנעמען זיך דערעיקר פּויערים, וועלכע האָבן איבערגעריסן מיט דער ערד-אַרבעט.

**קו-קלוקס-קלען** (ענג.) — אַ פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע

איז די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע.

**קוריע** (לאַט.) — אין אַלטן רוים—דער נאָמען פון די קלאַסן, אויף וועלכע ס'האָבן זיך געטיילט די באַרימטע אַדעליגע רוימישע משפחות; דאָס באַראַטונגס־אָרט פון די רוימישע פּאַטריציער און זיצונגס־אָרט פון סענאַט; דער פּויפּסט־לעכער הויף און דאָס קאַרדינאַלן־קאָלעגיום. אַ גרופּע וויילער, לויט דעם פאַרמעגנס־ אָדער שטאַנד־צענז, למשל: אַרבעטער־קוריע, פּויערים־קוריע א. א. וו.

**קורס** (לאַט.) — דער ווערט פון בערזע־פּאַפּירן, אַקציעס, אָבליגאַציעס און סחורות. פּאָליטישער קורס הייסט: די פּאָליטישע טענדענץ פון אַ געוויסער רעגירונג.

**קיטאָן, זש.** (1756—1794)— אַ פראַנצ. טעראָריסט, יאַקאָבינער, אין דער צייט פון דער גר. פר נצ. רעוו., געשטימט פאַר דערמאָרדן דעם קעניג, אַ נאָענטער פריינט פון ראָבעספּיערן און מיטגליד פון רעטונגס־קאָמי־טעט, אַן אָנהענגער פון דאַנטאָנען און פון די קאָמוניסטן. מיט זיין געוואַלטיקער ענערגיע האָט ק. זייער טריי געדינט פראַנקרייך אין יענער היסטאָרישער צייט. ק. איז געוואָרן גיליאָטינירט צוזאַמען מיט ראָבעספּיערן.

**קילינסקי, י.** — אַ שוסטער, פּוילישער פרייהייטס־קעמפער. בעת קאָשציושקאָס אויפשטאַנד אין 1794 האָט ק. אָרגאַניזירט די וואַרשעווער קליינבירגער און געהאָלפן צו פאַרטרייבן די רוסן פון וואַרשע. פאַר זיינע גרויסע פאַרדינסטן לטובת פּוילן ווערט ער דורך קאָשציושקאָן נאָמינירט אַלס פּאָלקאָווניק. נאָך דער ליקווידאַציע פון אויפשטאַנד ווערט ק. אַרעסטירט צוזאַמען מיט קאָשציושקאָ און ווערט אַריינגעזעצט אין פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג. דאָס באַפרייטע פּוילן פאַראייביקט ק.'ן, אָנרופנדיק אויף זיין נאָמען פיל גאַסן און עפנטלעכע פּלעצער אין פאַרשידענע שטעט.

**קלאַס** (לאַט.) — אין פּאָליטישן זין: אַ גרופּע מענטשן, וואָס איז פאַראייניקט צווישן זיך דורך געמיינזאַמע אינטערעסן און געזעלשאַפטלעכער שטעלונג, למשל: אַרבעטער־קלאַס, פּויערים־קלאַס, סוחרים־קלאַס א. א. וו. סאָציאַליסטן זעען אין דער געזעלשאַפט נאָר 2 קלאַסן: בורזשואַזיע און פּראָלעטאַריאַט.

**קלאַסיציזם** (לאַט.)—אַ ריכטונג פון נאָכאַמען די גריכישע און רוימישע קלאַסיקער. דער ק. אין דער וויסנשאַפט און דערציונג איז געבויט אויף פאָרשן די דענקמעלער פון קונסט און ליטעראַטור פון דער בלי־עפּאָכע פון די גריכישער און רוימישער קולטור.

**קלאַסן־באַוווסטזיין**—דאָס באַה וונט זיין אין די אינטערעסן פון אייגענעם קלאַס, דאָס אנטקעגנשטעלן די אינטערעסן פון אייגענעם קלאַס קעגן די אינטערעסן פון אַ צווייטן קלאַס.

**קלוב** (ענג.) — אַ געזעלשאַפט, פאַריין פאַר פאַרווײַלונגען, ספּאָרט א. אַ. וו.; דער לאָקאַל פון אַזאַ געזעלשאַפט; אַ פּאָליטישע פאַרייניקונג אין פּאַרלאַמענט.

**קלויזולע** (לאַט.)—1) אַ תּנאַי, באַדינג, וואָס ווערט אַריינגעטראָגן אין אַן אָפיציעלן דאָקומענט; 2) עקזעקוציע־ק.—אַ פּסק־דין לויט אַן אָפיציעלן אַקט; 3) די ק. פון דער העכסטער פּריווילעגיע—אין די אינטערנאַציאָנאַלע טראַקטאַטן: אַ תּנאַי, אַז קיין שום אַנדערע מלוכה קאָן נישט געניסן פון באַזונדערע טראַקטאַט־פּריווילעגיעס.

**קליקע** (פר.)—אַ גרופּע מענטשן, וואָס איז פאַראייניקט דורך געמיינזאַמע אינטערעסן, וועלכע זענען שעדלעך פאַרן כּלל.

**קלעמאַנסאָ, זש., ד״ר** (געב. 1841) — אַ פראַנצייזישער פּאָליטיקער, אָנפירער פון דער ראַדיקאַלער גרופּע פאַר דער וועלט־מלחמה, דעפּוטאַט פון 1876 אָן, סענאַטאָר פון 1902 אָן, רעדאַקטאָר פון „זשיסטיס" און „אויראָר", פּרעמיער (1906 — 09, 1917 — 1920), פאָרזיצער פון דער ווערסאַלער שלום־קאָנפערענץ, מיטגליד פון דער פראַנצייזישער אַקאַדעמיע. ק. ווערט אָנגערופן „דער טיגער"—צוליב זיין גאַליקן הומאָר, וואָס האָט גורם־געווען צו דער מפּלה פון אַ סך מיניסטאָרן־קאַבינעטן.

**קלעריקאַליזם** (לאַט.)—אַזוי ווערט באַצייכנט דורך די ליבעראַלן און סאָציאַליסטן דער דעצידירנדיקער איינפלוס פון די גייסטלעכע אויפן געזעלשאַפטלעכן, פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן; דאָס שטרעבן צו מאַכן אָפּהענגיק דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פון דער קירך.

**קנעכטשאַפט**—אַ פאָרם פון עקספּלאָאַטירן פרעמדע אַרבעט,

וואָס דערשייַנט שוין אין די ערשטע עטאַפּן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, אין דער תקופה פון דער פּאַטריאַרכאַלישער אָרדנונג. די שונאים, וואָס אַמאָל פלעגט מען זיי אויסהרגענען, האָט מען אין דערדאָזיקער תקופה אָנגעהויבן נעמען אין געפאַנגענשאַפט און זיי אויסגענוצט צו די שווערסטע אַרבעטן. די קנעכט זענען אין דער געזעלשאַפט אַ באַזונדער קלאַס, אין קעגנזאַץ צו די קנעכט-באַזיצער; זיי זענען דאָס אייגנטום פון הערשנדיקן קלאַס און האָבן נישט קיין שום רעכט. דער ק.-קלאַס האָט עקזיסטירט אין אַלע אוראַלטע מלוכות. די ק. האָט נאָך עקזיסטירט אין XIX י״ה אין אַמעריקע, ביז דער בירגער-קריג (אין די 60-ער יאָרן פון דאָזיקן י״ה) האָט צו דעם געמאַכט אַ סוף.

**קעלאָג-אָפּמאַך** — אַן אַנטוואָפנונגס-אָפּמאַך, וואָס איז פאָרגעלייגט געוואָרן דורכן אַמעריקאַנישן פּאָליטיקער קעלאָג דער פעלקער-ליגע אין 1928. דער ק.-אָפּמאַך פאַרפליכטעט אַלע מלוכות, וואָס געהערן צום פעלקער-בונד, נישט צו פירן צווישן זיך קיין מלחמה, נאָר איבערגעבן אַלע סכסוכים צו דער אַנטשיידונג פון דער פעלקער-ליגע. דער ק.-אָפּמאַך האָט די אויפגאַבע צו שיצן די מענטשהייט פאַר נייע מלחמות; ער דאַרף נאָך ראַטיפיצירט ווערן דורך די אַלע מלוכות, וואָס געהערן צו דער פ.-ל. אין צוזאַמענהאַנג מיטן ק.-אָפּמאַך איז, לויטן פאָרשלאַג פון באָלשעוויסטישן אויסערן-קאָמיסאַר ליטווינאָוו, געשלאָסן געוואָרן דער ק.-אָפּמ. צווישן פוילן, רומעניע און רוסלאַנד און דאַרף איינגיכן אַרומנעמען אַלע באַלטישע מלוכות, וואָס וואָלט פאַרזיכערט גאַנץ מזרח- און מיטל-אייראָפּע פאַר דער געפאַר פון אַ נייער מלחמה.

**קעמאַל פּאַשאַ**, מוסטאַפאַ (געב. 1881) — פּרעזידענט פון דער טערקישער רעפּובליק, גענומען אַן אָנטייל אין דער יונג-טערקישער באַוועגונג, גענעראַל בעת דער וועלט-מלחמה, אָרגאַניזירט דעם נאַציאָנאַלן אויפשטאַנד קעגן סעווערשן טראַקטאַט (זע), שאַפט אַן אייגענע רעגירונג אין אַנגאָראַ, באַזיגט די גריכן (1922), שאַפט אַ רעפּובליק און ווערט איר פּרעזידענט (1923).

**קערענסקי, א. פּ.** (געב. 1881) — אַן אַדוואָקאַט, גלענצנדער רעדנער, סאָציאַל-רעוו. דעפּוטאַט פון דער 4-טער דומע, געהערט צו די „טרודאָוויקעס", נאָך

דע רעוואָלוציע פון מערץ 1917 יוסטיץ־מיניסטער, דערנאָך קריגס־ און פלאָטס־מיניסטער, פרעמיער, וויצע־פאָרזיצער פון פעטערבורגער „סאָוויעט". נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש אַנטלויפט ק. קיין אויסלאַנד, איצט וווינט ער אין פּאַריז און פאַרנעמט זיך מיט זשורנאַליסטיק.

**קראַסין, ל.** (1870—1928)— אַן אינזשיניער, רוסישער קאָמוניסט, קאָמיסאַר פאַרן האַנדל מיט אויסלאַנד (1920), סאָוויעטישער פאָרשטייער אין לאָנדאָן (געשלאָסן אַ האַנדלס־אָפּמאַך מיט ענגלאַנד), אַמבאַסאַדאָר אין פּאַריז (1924—25).

**קראָפּאָטקין, פּיאָטר**, פּירשט (1842—1921) — אַ נאַטורפאָרשער, רעוואָלוציאָנער, אַנאַרכיסט, סעקרעטאַר פון דער געאָגראַפישער געזעלשאַפט אין פּעטערבורג, איינער פון די אינטערעסאַנטסטע פּערזענלעכקייטן פון XIX י"ה. אין אָנהייב אַכציקער יאָרן פון דאָזיקן י"ה טרעט ק. אַריין אין דער גרופּע טשייקאָווצעס (זע), אַ פּראָוואָקאַטאָר גיט אים אויס, ווערט אַרעסטירט און איינגעשלאָסן אין פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג, פון וואַנען ער אַנטלויפט אויף אַ וווּנדערלעכן אופן קיין אויסלאַנד. דאָרט ווערט ער אַן אָנהענגער פון אַנאַרכיזם און גיט אָפּ זיין גאַנץ לעבן דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג. ווערנדיק געטריבן פאַר זיינע איבערצייגונגען, מוז ק. אַרומוואַנדערן פון איין אייראָפּעאישן לאַנד אין צווייטן, לסוף באַזעצט ער זיך אין לאָנדאָן, וווּ ער שרייבט אָן אַ ריי ווערק וועגן אַנאַרכיזם. דעם גרעסטן דערפאָלג האָבן געהאַט זיינע ווערק: „ברויט און פרייהייט", „מעמואַרן פון אַ רעוואָלוציאָנער" און „קעגנזייטיקע הילף ביי חיות" (פאַראַן אין יידיש). 42 יאָר האָט ק. פאַרברענגט אין אויסלאַנד, ערשט נאָך דער רעוו. פון 1917 קערט ער זיך אום צוריק אין זיין פאַטערלאַנד שוין אַ גרייז־גרויער זקן, אויסגעמאַטערט און צעבראָכן פון זיין לאַנג שטורמיש לעבן; ער האָט שוין מער נישט געקענט נעמען קיין אָנטייל אין פּאָליטישן לעבן פון באַנייטן רוסלאַנד. נישט ווייט פון מאָסקווע, אויף אַ זומערוווינונג, איז ק. געזעסן און באַאַרבעט זיינע ווערק. דעם 13־טן פעברואַר 1921 איז פאָרגעקומען אין מאָסקווע די גראַנדיעזע לויה פון פּ קראָפּאָטקין.

**קראָץ, ב. פּראָפּ.** (געב. 1866) — אַן איטאַליענישער

פילאָזאָף און פאָליטיקער, סענאַטאָר (1910), בילדונגס-מיניסטער (1920). ק. איז אַ קעגנער פון מוסאָליניס פאָליטיק, אָנהענגער פון ה ע ג ע ל ס פילאָזאָפישע שיטה (זע העגעל).

**קריזיס** (גר.)—אַן איבערברוך, אַ שווערער מצב פאַר אַ נייער ווענדונג, צום גוטן אָדער צום שלעכטן; אַן אומנאָרמאַלער, מסוכּנדיקער מצב.

פ אָ ל י ט י ש ע ר ק.—אַ שווערער איבערגאַנגס-צושטאַנד אין פאָליטישן לעבן, וואָס איז גורם צו אַ נייער ריכטונג און טעטיקייט אין דער פאָליטיק.

ע ק אָ נ אָ מ י ש ע ר ק. — אַן איבערברוך, אויפטרייסלונג אין נאָרמאַלן גאַנג פון ווירטשאַפטלעכן לעבן.—פאַרהאַן לאָקאַלע ע. קריזיסן, וועלכע זענען אָפּהענגיק פון אַ גאַנצער ריי צופעליקע סיבות: אַ שלעכט גרעטעניש, פאַרפלייצונג, פרישע האַנדלס-מערק, קאָנקורענץ א. א. וו.; ס'זענען אָבער אויך פאַראַן אַלגעמיינע ע. קריזיסן, וועלכע זענען אַ פועל-יוצא פון דער קאַפּיטאַליסטישער פראָדוקציע און פאַרכאַפּן פעריאָדיש די גאַנצע ווירטשאַפט נישט בלויז פון איין לאַנד, נאָר אויך פון אַ גאַנצער ריי לענדער אייגנצייטיק. די סיבה פון קאַפּיטאַליסטישן קריזיס ליגט אין דער איבערפראָדוקציע פון סחורה צוליב דער נישט-פראָפּאָרציאָנעלקייט פון פראָדוקציע און געברויך. דידאָזיקע נישט-פראָפּאָרציאָנעלקייט פון דער פראָדוקציע איז אַ רעזולטאַט פון דער אַנאַרכיע (נישט-אָרגאַניזירטקייט), וואָס הערשט אין דעם קאַפּיטאַליסטישן פראָדוצירונגס-סיסטעם, וואָס רעכנט זיך נישט מיט די באַדערפענישן פון דער באַפעלקערונג, נאָר שטרעבט אַרויסצוציען דעם גרעסטן ריווח. ע. קריזיסן זענען אַן אומפאַרמיידלעכע דערשיינונג אין דער קאַפּ. אָרדנונג און קענען ווערן אויסגעמידן נאָר דורך אַ ראַציאָנעלע אָרגאַניזירטקייט פון דער פראָדוקציע.—פאַראַן אויך פינאַנסיעלע קריזיסן, וועלכע זענען ענג פאַרבונדן מיט די ע. און פ. קריזיסן.

**קריסטלעכדעמאָקראַטיע** (כ.-ד)—אַ פוילישע פאָליטישע פאַרטיי, וואָס שטיצט זיך אויף די קליינבירגער, אַרבעטער און אינטעליגענץ. אין קאָנגרעס-פוילן טרעט דידאָזיקע פאַרטיי צרויס אין 1905 ווי אַ עטיש-קולטורעלע גרופּירונג (גייסטלעכער ג אָ ד ל ע ו ס ק י); אין 1918 איז

זי איבערהויפט טעטיק אין פויזן און אין וועסטפאליען; אין 1920 קומט־פאר אין דער כ.־ד.־פארטיי א שפאלטונג, א טייל דעפוטאטן טרעט אריין אין נ. פ. ר.—אין איצטיקן סיים ציילט די כ.־ד. 15 דעפוטאטן. פרעזעס פון קלוב איז יוזעף כאטשינסקי. אין פאליטישע פראגן גייט די כ.־ד.־פארטיי צוזאמען מיט די רעכטע; איר פראגראם: רעליגיעזע שולן און אן אנגעזעענע באטייליקונג פון די גייסטלעכע אין פאליטישן לעבן פון דער מלוכה. אין עקאנאמישע פראגן באקעמפט די כ.־ד. סיי די סאציאליסטן און סיי די קאפיטאליסטן; שטרעבט צום בויען די נייע געזעלשאפט אויף עקאנאמישע און מאראלישע יסודות לויטן פראגראם פון פויפסט לעאן XIII. כ.־ד. האלט, אז פריוואט־אייגנטום איז נישט א סתירה צו דער גערעכטיקייט און צו דער נאטירלעכער רעכט; פריוואט־אייגנטום איז דער דירעקטער מאטעריעלער פועל־יוצא פון מענטשלעכער ארבעט. די לייזונג פון סאציאלן פראבלעם ליגט, לויט דער כ.־ד., אין דער פאראייניקונג פון קאפיטאל און ארבעט: דער ארבעטער דארף זיין דער באלעבאס פון זיין ארבעט און זי נישט ווערן עקספלאאטירט דורך קיין שום פארמיטלער.

**קריסטלעכער סאציאליזם** — א ריכטונג, וואס שטרעבט צו פאראייניקן דעם סאציאליזם מיט דער קריסטלעכער קירך, כדי אזויערנאך אריבערציען דעם ארבעטער־קלאס אויף דער זייט פון דער קירך און צו פארטונקלען זיין באוווסטזיין. דעמדאזיקן „סאציאליזם" האט בעבעל אנגערופן „דער סאציאליזם פון די שוטים".

**קרעדא** (לאט.) — ווערטלעך: איך גלייבן; אני מאמין; פאליטישער קרעדא—דער אני מאמין פון א פאליטיקער

**קרעמיע, י.** (1796—1880) — א פראנצייזישער פאליטיקער, דעפוטאט פון 1842 אן, לינקער רעפובליקאנער. נאכן פאלן פון דער ארלעאנער מאנארכיע (1848) ווערט ק. א מיטגליד פון דער צייטווייליקער רעגירונג; געווען אויך מיטגליד פון דער געזעצגעבערישער פארזאמלונג פון דער צווייטער רעפובליק, ווו ער האט דורכגעפירט א ראדיקאל אבער נישט קיין סאציאליסטיש פראגראם. נאך דער איבערקערעניש פון 1852 ווערט ק. ארויסגעשיקט פון פראנקרייך, אין 1869 קומט ער צוריק, ווערט אויסגעוויילט פאר א מיטגליד פון געזעצגעב.

קאָרפוס, אין 1870—1871 געווען מיטגליד פון דער נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג. ק. איז געווען דער גרינדער פון דער געזעלשאַפט „כל ישראל חברים" (אליאַנס איזראַעליט).

# ר

**ראָבעספיער, מ.** (1758—1794)—אַן אדוואָקאַט, איינער פון די חשובסטע טוער פון דער גרויסער פראַנצייזישער רעוואָלוציע. ווי אַ מיטגליד פון דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג האָט ר. לכתחילה נישט געשפילט קיין באַדייטנדיקע ראָל, נאָר זיינע מוטיקע ארויסטרעטונגען צו פאַרטיידיקן זיינע אָנשויונגען און זיין גרויסע ערלעכקייט האָבן ארויסגערופן ביי אַלע מיטגלידער פון דער נ.-פ. אַ גרויסע אַכטונג צו אים. באַלד ביי זיינע ערשטע רעדעס אַלס פאָרזיצער פון יאַקאָבינער-קלוב האָט זיך ארויסגעוויזן זיין גרויסע חשדנות אין באַציונג צו מענטשן. דעם אנטלויפנדיקן לודוויק XVI האָט ער חושד געווען אין פאַרראַט; זיין ערשטער דערפאָלג איז געווען דאָס דורכפירן דעם באַשלוס, אַז די מיטגלידער פון די קאָנסטיטואַנטע זאָלן נישט אריינגיין אין דער געזעצגעבערישער פאַרזאַמלונג. נאָכן פאַלן פון דער קאָנסטיטואַנטע איז ר. געוואָרן דער פאָלערסטער טוער פון דער רעוואָלוציע און דער אַליינהערשער פון יאַקאָבינער-קלוב, האָט דורכגעפירט דעם באַשלוס צו גיליאָטינירן דעם קעניג. אין 1793 דערפירט ר. צו דער מפלה פון די זשיראָנדיסטן און ווערט דיקטאַטאָר, דעמאָלט באַקומט ער די מעגלעכקייט דורכצופירן אין לעבן אומגעשטערט זיינע סאָציאַלע אידעאַלן: די אויפלעבונג פון דער געזעלשאַפט און די הערשאַפט פון גוטס. כדי צו דערגרייכן דידאָזיקע צילן האָט ר. זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום מיטלען, ווייל—לויט זיין מיינונג — צוליב דער גאולה פון דער מענטשהייט מוז פאַרגאָסן ווערן בלוט. ר. האָט זיך אפילו נישט אָפּגעשטעלט אַראָפּצורוימען פון וועג זיינע מיטהעלפער: עבערט, דאַנטאָן, שאָמעט און אויך די קאָרדעליערן (זע), וועלכע ער האָט חושד געווען, אַז זיי פאַרראַטן די רעוואָלוציע. ר.'ס טעראָר האָט ארויסגערופן אַ פחד אפילו ביי די מיטגלידער פון „קאָמיטעט פאַר

דער רעטונג פון דער געזעלשאַפט"; דעם 9-טן טערמידאָר 1794 ווערט ר. אַרעסטירט, ער וויל באַגיין זעלבסטמאָרד, נאָר דאָס גיט זיך אים נישט איין; אויפן אַנדערן טאָג נאָך זיין אַרעסט ווערט ער גילאָטינירט.

**ראָדבערטוס-יאַגעטצאָוו, ק. י.** (1805—1875) — אַ דייטשער יוריסט, עקאָנאָמיסט, דעפּוטאַט פון דייטשן לאַנדטאַג (1848), בילדונגס-מיניסטער; פריער אַ ליבעראַל, שפּעטער אַז ער נוטה צום סאָציאַליזם, ווערט פאַררעכנט אַלס גרינדער פון קאָנסערוואַטיוון סאָציאַליזם, טעאָרעטיקער פון סאָציאַל-עקאָנאָמיע, אַ קעגנער פון מ אַ ר ק ס ן. דאָס גאַנצע שלעכטס, וואָס הערשט אין היינטיקןווירטשאַפטס-סיסטעם, באַשטייט—לויט ר.׳ס מיינונג — אין דעם, וואָס גלייכצייטיק מיט דער פאַרגרעסערונג פון דער ראָל, וואָס דער קאַפּיטאַל שפּילט אין דער פּראָדוקציע, ווערט דער אַרבעטס-לוין בהדרגה און לפי-ערך פאַרקלענערט, און דאָס איז די הויפּט-סיבה פון די קריזיסן אין דער אינדוסטריע; דעריבער דאַרף די ערד און דער קאַפּיטאַל סאָציאַליזירט ווערן לאַנגזאַם, אויפן וועג פון עוואָלוציע. ר. האָט פאַרעפנטלעכט אַ סך ווערק.

**ראָדזיאַנקאָ, מ.** (1859 — 1924)—אַ רוסישער פּאָליטיקער, דעפּוטאַט פון דער 3-טער און 4-טער דומע, אָנפירער פון די אָקטיאַבריסטן, פאָרזיצער פון דער 4-טער דומע און פון רעוואָלוציאָנערן דומע-קאָמיטעט.

**ראַדזיוויל, פ., פירשט** (1834—1926)—אַ פּוילישער געזעלשאַפטלעכער טוער, דעפּוטאַט פון דייטשישן פּאַרלאַמענט (1879 — 1918), לאַנגיעריקער פּרעזעס פון דער פּוילישער „קאָלאָ" אין דייטשישן רייכסטאַג. ר. איז געווען דער ערשטער מאַרשאַלעק (לויט דער עלטער) אויף דער ערשטער זיצונג פון ערשטן סיים אין באַנייטן פּוילן אין 1919.

**ראַדיקאַל** (לאַט.)—אַן אָנהענגער פון ראַדיקאַליזם; אַן עקסטרעמער מענטש, וואָס גייט נישט איין אויף קיין שום פּשרות; אַ מחמיר.

**ראַדיקאַליזם** (לאַט.) — די שטרעבונג צו גרינטלעכע און באַלדיקע רעפאָרמען אין פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן.

**ראַדעק (סאָבעלזאָן), ק.** (געב. 1885)—א פויליש־רוסישער קאָמוניסט, זשורנאַליסט (פון 1918) אין דייטשלאַנד, איינער פון די גרינדער פון דער ספאַרטאַקוס־גרופּע, גענומען א גרויסן אָנטייל אין דער רוסישער רעוו., אַגיטירט פאַרן קאָמוניזם אין דייטשלאַנד; האָט פאַרעפנטלעכט: „די אַנטוויקלונג פון דער וועלט־רעוואָלוציע" א. אַ. וו.

**ראַטאַי, מ. ד״ר** (געב. 1884)—א פוילישער פּאָליטיקער, דעפּוטאַט (פון 1919), געהערט צום „פּיאַסט"־קלוב, בילדונגס־מיניסטער (1920), סיים־מאַרשאַלעק (1922—1926), פאַרטרעטער פון מלוכה־פּרעזידענט (אין 1922 און 1926).

**ראַטהויז** (ד.)—די שטאָט־פאַרוואַלטונג, מאַגיסטראַט.

**ראַטיפיצירן** (לאַט.) — באַשטעטיקן א פּאָליטישן אַקט, אָפּמאַך.

**ראַטיפיקאַציע** (לאַט.) — א באַשטעטיקונג פון דער העכסטער מאַכט אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלן אָפּמאַך, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן דורך א באַפולמעכטיקטן; ביז דער ראַטיפיקאַציע איז דער אַקט בלויז א פּראָיעקט, נאָך דער ר. גייט ער אַריין אין קראַפט.

**ראַטענוי, וו., ד״ר** (1867—1922) — א דייטשער עקאָנאָמיסט, אינזשעניער, פּאָליטיקער, פּרעזעס פון דער „אַלגעמיינער עלעקטריציטעט־געזעלשאַפט", מיניסטער פאַר מלוכה־אויפבוי (1921), אויסערן־מיניסטער (1922). ר. איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך דייטשע נאַציאָנאַליסטן אין 1922. זיינע ווערק: „די נייע געזעלשאַפט", קריטיק פון דער דרייפאַכער רעוואָלוציע" א. אַנד.

**ראָיאַליסטן** — די אָנהענגער פון אַן אַבסאָלוטער קעניגלעכער מאַכט, קעגנער פון א קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנאַרכיע; ווערן אויך אָנגערופן ל ע ג י ט י מ י ס ט ן.

**ראָיע־קאָללאַר, פּ.** (1763—1845)—א פראַנצייזישער געלערנטער און פּאָליטיקער. נאָכן פאַלן פון דער באַסטיליע ווערט ר. אויסגעוויילט פאַר א מיטגליד פון דער פּאַריזער שטאָט־פאַרוואַלטונג. ר. איז א קעגנער פון דער אַנאַרכיע־הערשאַפט; האָט דערוועקט קעגן זיך די שנאה פון די יאַקאָבינער, געמוזט אַנטלויפן קיין שאַמפּאַניע, אין 1797 ווערט

ער א מיטגליד פון ראַט פון די 500, נאָך נאַפּאָלעאָנס מלוכה־איבערקערעניש ווערט ער פון דאָזיקן אַמט באַזייטיקט. נאָך נאַפּאָלעאָנס מפּלה (1814) ווערט ר. אויסגעוויילט פאַר אַ דעפּוטאַט, און פאַרטיידיקט ענערגיש די קאָנסטיטוציאָנעלע אָרדנונג. נאָכדעם, ווי ר. האָט זיך מייאש געווען פון דער מעגלעכקייט, אַז ס'זאָל דערגרייכט ווערן אַ שלום צווישן פּאַרלאַמענט און דער רעגירונג, האָט ער איבערגעגעבן קאַרל X דעם באַוווסטן אַדרעס פון 221 דעפּוטאַטן (1830) און דערמיט גורם־געווען צו דער יולי־רעוואָלוציע (זע).

**ראָמאַנאָוו** — דינאַסטיע פון די רוסישע הערשער. דער ערשטער צאַר איז געווען מיכאַאיל פיאָדאָראָוויטש (1613), די לעצטע פאָרשטייערין פון דערדאָזיקער דינאַסטיע איז געווען עליזאַוועט, פּיאָטר I טאָכטער, (געשט. 1762). פון יענער צייט אָן האָבן אין רוסלאַנד געהערשט אונטערן נאָמען ראָמאַנאָוו די פאָרשטייער פון דער דייטשער דינאַסטיע האָלשטיין־האָטאָרפּאָוו. דער לעצטער פאָרשטייער פון דערדאָזיקער דינאַסטיע איז געווען ניקאָלאַי II.

**ראַפּאַלער־אָפּמאַך** — אַזוי הייסט דער אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אין איטאַליע אין 1922 צווישן סאָוויעטן־רוסלאַנד (טשיטשערין) און דייטשלאַנד (ראַטענוי). דער ר. אָ. האָט אויסגעגלייכט די סכסוכים פון דער מלחמה־צייט און געשלאָסן האַנדלס־באַציונגען צווישן דידאָזיקע צוויי לענדער.

**ראַציאָנאַל** (לאַט.) — קלוג, פאַרשטענדלעך, צוועקמעסיק, נוצלעך.

**ראַציאָנאַליזאַציע** (לאַט.) — די צוועקמעסיקע ריכטיקע איינאָרדנונג פון אַן ענין. ראַציאָנאַליזאַציע פון דער פּראָדוקציע — די צוועקמעסיקע אָרגאַניזאַציע פון פּראָדוקציע.

**ראַציאָנאַליזם** (לאַט.) — אַ פילאָזאָפישע ריכטונג, וואָס בויט אירע פּרינציפּן אויף די מסקנות פון פאַרשטאַנד, אין קעגנזאַץ צום עמפּיריזם (זע), וואָס שטיצט זיך נאָר אויף עקספּערימענטן. דער ר. האָט געהערשט אין אייראָפּע אין XVII און אין XVIII י"ה. די הויפּט־פאָרשטייער פון ר. זענען: דעקאַרט, שפּינאָזע און לייבניץ.

**ראַציאָנעלע לאַנדווירטשאַפט** — לאַנדווירטשאַפט,

וואָס ווערט געפירט אויף אַ פאַרפולקומטן אופן, כדי צו דערגרייכן די העכסטע גערעטעניש, נישט אויסנוצנדיק דערבײַ די כּחות פון דער ערד איבער דער מאָס.

**ראַקאָווסקי, כ., ד"ר** (געב. 1873)—אַ רוסישער קאָמוניסט, פאָרזיצער פון ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרן אין אוקראַינע (1919), רוסישער אַמבאַסאַדאָר אין ענגלאַנד (1923—1925), אַמבאַסאַדאָר אין פראַנקרײַך (פון 1925 אָן).

**ראָשער, וו.** (1817–1894)— אַ דײַטשער פּראָפעסאָר, עקאָנאָמיסט, דער ראש פון דער דײַטשער היסטאָריש־עקאָנאָמישער שול. אונטער'ן באַגריף פּאָליטישע עקאָנאָמיע האָט ר. פאַרשטאַנען די לערע וועגן די געזעצן פון דער ווירטשאַפטס־אַנטוויקלונג. די ווירטשאַפט איז — לויט ר.'ס מיינונג—צוזאַמענגעבונדן מיט די אַלע איבעריקע געביטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. זײַנע חקירות אויפן געביט פון עקאָנאָמיע זענען בעיקר געווען געווענדעט אויף צונויפצוזאַמלען פאַקטישע ראַיות וועגן דער ווירטשאַפטס־אַנטוויקלונג. זײַנע וויכטיקסטע ווערק זענען: „די גרונט־יסודות פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע", „האַנדלס־און אינדוסטריע־עקאָנאָמיע".

**ראָשפאָר, אַ., גראַף** (געב. 1831)—אַ פראַנצייזישער פּאָליטיקער, פּובליציסט, עקסטרעם־לינקער רעפּובליקאַנער, דעפּוטאַט (פון 1869). פאַר זײַנע אָנפאַלן אויף דער רעגירונג ווערט ר. אַרעסטירט, נאָר שפּעטער ווערט ער באַפרײַט דורכן פאָלק (1870). אין דער צײַט פון דער דריטער רעפּובליק ווערט ר. ווידער אַרעסטירט און פאַרשיקט קיין נײַ־קאַלעדאָניע, פונוואַנען ער אַנטלויפט, באַזעצט זיך אין גענף, פירט דאָרטן אַ קאַמף אין דער פרעסע קעגן דער מעסיקער פראַנצ. רעפּובליקאַנישער רעגירונג. נאָך דער אַמנעסטיע פון 1880 קערט זיך ר. צוריק אום קיין פראַנקרײַך און גרינדעט דאָרט די צײַטונג „דער קעמפער", ווערט דעפּוטאַט (1885). אין דער צײַט פון דרייפוס־פּראָצעס (1894) ווערט ר. אַן עקסטרעם נאַציאָנאַליסט, זיך קעגנגעשטעלט דער רעוויזיע פון דרייפוס־פּראָצעס; פון דעמאָלט אָן האָט ער פאַרלוירן זײַן פריערדיקע פּאָפּולאַריטעט.

**רוגע, אַ.** (1802—1880)— אַ דײַטשער שריפטשטעלער, פּאָליטישער טוער, רעוואָלוציאָנער, אין דער יוגנט פאַרבראַכט 5 יאָר אין תּפיסה, אין דער צײַט

פון דער רעוואָלוציע פון 1848 גיט ער ארויס אין בערלין די דעמאָקראַט־שע צייטונג „די רע־פאָרם", נאָך די מאַי-געשעענישן פון 1850 אנטלויפט ער קיין ענגלאַנד, ווו ער שטייט-צו צום קאָמיטעט פון „די פראָפּאַגאַנדיסטן".

**רוטין** (פר.)—געאיבטקייט אין אַ געוויסן פאַך, דאָס גיין אויף אַן אַז סגעטרעטענעם וועג ; פאַרגליווערטקייט, שאַבלאָן.

**רוסאָ, זשאַן זשאַק** (1712—1782)—אַ פראַנצייזישער (געב. אין גענף) פילאָזאָף, פּאָליטישער דענקער, פאַראורטיילט די סאָציאַל-פּאָליטישע אָרדנונג פון זיין צייט, האָט געשריבן אַ סך און אויפריכטיק וועגן דער באַדייטונג פון דירעקטן געפיל, אָנגעוויזן אויף די נעגאַטיווע זייטן פון דער ציוויליזאַציע, פאַרגלייכנדיק זי מיטן „נאַטירלעכן צושטאַנד" פון מענטש, נעפּרווט איינצופירן רעפאָרמען אין דער דערציונג, בויענדיק זי אויסשליסלעך אויף דער אַנטוויקלונג פון געפיל; האָט באַגרינדעט די טעאָריע וועגן פאָלקס-סוווערעניטעט (פאָלקס-הערשאַפט), וואָס איז בעת דער גרויסער פראַנצ. רעוואָלוציע געוואָרן דער לאָזונג פון די יאַקאָבינער (זע).

ר.'ס הויפּט-ווערק זענען: „דער געזעלשאַפטלעכער טראַקטאַט", „עמיל" (וועגן דערציונג), „קלאַסן-דיפערענצירונג" און „ווידוי" (איבערגעזעצט אין יידיש).

**רוסיש-יאַפּאַנישע מלחמה** (1904—1905)—ארויסגערופן געוואָרן דורכן צוזאַמענשטויס פון די קאָלאָניאַלע אינטערעסן פון רוסלאַנד און יאַפּאַן אין מאַנדזשוריע און קאָרייע. רוסלאַנד האָט אין דעי־דאָזיקער מלחמה געליטן אַ מפּלה און איז געווען געצוווּנגען צו שליסן אַ שלום, פאַרלירנדיק פּאָרט-אַרטור, דאַלני און די דרומדיקע העלפט פון אינדזל סאַכאַלין. די־דאָזיקע מלחמה האָט צוגעהאָלפן צו דער פאַרשטאַרקונג פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד אין 1905.

**רור-געביט**—אַ דייטשער אינדוסטריעלער געביט ביים ריין, אָקופּירט דורך די פראַנצויזן אין 1923 און פאַרלאָזן דורך זיי אין 1925 אין צוזאַמענהאַנג מיטן דייוויס-פּלאַן (זע).

**ריגאָ-נונעס, ר.** (1785—1823)—אַ שפּאַנישער רעוואָלוציאָנער. אין 1808 פאַלט ר. אריין אין געפאַנגענשאַפט ביי די

פראַנצויזן, ווערט אין פראַנקרייך דורכגעדרונגען מיט די רעוואָלוציאָנערע אידייען, קערט זיך אום אין אַ צייט אַרום קיין שפּאַניע, אָרגאַניזירט אין 1820 אַן אויפשטאַנד; נאָכן נצחון פון די אויפשטענדיקע ווערט ר. פעלדמאַרשאַל און גענעראַל-קאַפּיטאַן פון אַראַגאָניע. אין 1822 ווערט ר. כאַרזיצער פון שפּאַנישן פּאַרלאַמענט און הויפּט-קאָמאַנדיר פון דער אַרמײ אין מאַלאַגאַ, ווערט פאַרווונדעט אין דער מלחמה מיט די פראַנצויזן, פאַלט אַריין אין געפאַנגענשאַפט; פראַנקרייך גיט אים אַרויס דער שפּאַנישער רעגירונג, וואָס פאַרמשפּט אים צום טויט דורך הענגען.

**ריגאָריזם** (לאַט.) — שטרענגקייט, זיטן-ריינקייט.

**ריגסדאַג** (דענ.)—אַזוי הייסט דער דענישער פּאַרלאַמענט.

**ריגער טראַקטאַט** — דער שלום-טראַקטאַט, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אין 1921 צווישן סאָוויעטן-רוסלאַנד און פּוילן. דערדאָזיקער טראַקטאַט האָט פעסטגעשטעלט די גרעניצן צווישן די ביידע מלוכות, ווי אויך דאָס אומקערן דעם פּוילישן מלוכה-פאַרמעגן, וואָס איז רעקוויזירט געוואָרן דורך דער צאַרישער מאַכט.

**ריטער פון אַרבעט** — אַן אַרבעטער-פאַרבאַנד אין צפון-אַמעריקע, געגרינדעט אין 1869 דורכן שניידער אורי סטיווענסאָן. דערדאָזיקער אַרבעטער פאַרבאַנד האָט די אויפגאַבע אויסצובעסערן דעם מצב פון די אַרבעטער, נישט צו דערלאָזן קיין קינדער צו אַרבעט, פאָדערט דעם 8-שעהדיקן אַרבעטס-טאָג, אַרבעטס-געריכטן, נאַציאָנאַליזאַציע פון באַנען און טעלעגראַפן, אַ פּראָגרעסיוון שטייער א. א. וו.

**רייכסטאַג** (ד.) — דער אַלגעמיינער פּאַרלאַמענט פון דער דייטשער רעפּובליק.

**רייכסראַט** (ד.) — דער עסטרייכישער פּאַרלאַמענט.

**ריסאַקאָוו, נ. י.** (1862—1881) — אַן אינזשעניער, רוסישער סאָציאַל-רעוואָלוציאָנער, גענומען אַן אָנטייל אין אַטענטאַט אויפן רוסישן צאַר (1 מערץ 1881), געוואָרפן די ערשטע באָמבע, דעם 29 מערץ 1881 איז ער פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט דורך הענגען.

**ריסער, גבריאל** (1806—1863) — אַ דייטשער פּאָליטישער טוער, געאַרבעט פאַר דער

עמאַנסיפּאַציע פון די יידן אין דייטשלאַנד, אַרויסגעבער פון זשורנאַל „דער ייד". גענומען אַן אָנטייל אין דער רעוואָלוציע פון 1848, געווען אַ מיטגליד פון דער דעפּוטאַציע, וואָס האָט פאָרגעלייגט די דייטשע קרוין פ ר י ד ר י ך ו ו י ל ה ע ל ם IV.

**ריעבעליע, זש.** (1747—1807) — איינער פון די טיכטיקסטע טוער פון דער גרויסער פ. רעוו., אין 1789 געוואָרן אויסגעוויילט פאַר אַ דעפּוטאַט אין דער נאַצ.-פאַרז., צוגעשטאַנען צו די עקסט-לינקע רעפּובליקאַנער. אין קאָנווענט האָט זיך ר. אַרויסגעוויזן פאַרן גרעסטן שונא פון דער אַריסטאָקראַטיע, אין דער צייט פון טעראָר איז זיין הויפּטטעטיקייט געווען אויף דער פּראָווינץ. נאָכן פאַלן פון ראָבעספּיערן (1794) איז ר. אַרויסגעטרעטן קעגן די יאַקאָבינער, געוואָרן אַ מיטגליד פון קאָמיטעט פאַרן וווילשטאַנד פון דער רעפּובליק, האָט געהאַט אַ גרויסע דעה אין פינאַנסיעלע ענינים. אין 1795 ווערט ר. פאָרזיצער פון דירעקטאָריאַט, אין 1799 ווערט ער אויסגעוויילט פאַר אַ מיטגליד פון סענאַט, נאָכן 18 ברומער האָט ער דעמיסיאָנירט פון אַלע זיינע אַמטן.

**ריפּילערן** (ע.) — די דעפּוטאַטן פון ענגלישן פאַרלאַמענט, וואָס זענען פאַר אָפּטיילן אירלאַנד פון ענגלאַנד.

**ריקאָוו, א. י.** (געב. 1888) — אַ פירער פון וויאַטסקער גובערניע, איינער פון די חשובסטע מיטאַרבעטער פון ווק"פּ. זיין רעוואָלוציאָנערע אַרבעט האָט ער אָנגעהויבן אין יאָר 1900, אויפן דריטן פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר איז ער אויסגעוויילט געוואָרן פאַר אַ מיטגליד פון צ. ק., נאָך לענינס טויט געוואָרן אויסגעוויילט דורכן 2-טן צוזאַמענפאָר פון די ראַטן פאַר אַ פאָרזיצער פון דער ראַטן-רעגירונג.

**ריקאַרדאָ, ד.** (1772—1823) — איינער פון די גרעסטע ענגלישע עקאָנאָמיסטן, פאָרשטייער פון דער אַזויגערופענער „קלאַסישער שול". שוין אין די יינגע יאָרן ווערט ר. רייך דורך פאַרשידענע באַנק-אָפּעראַציעס; אונטערן איינפלוס פון אַדאַם סמיט'ס בוך „פעלקער-עשירות" גיט ער זיך איבער דעם שטודיום פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע. אין זיינע ווערק פאַרטיידיקט ר. די אינטערעסן פון קאַפּיטאַל, ווייזט-אויף די גרויסע וויכטיקייט פון האַנדלס-פרייהייט און קאָנקורענץ, נישט

נעמענדיק אין אכט די ראָל פון אַרבעטער־קלאַס אין דער פּראָדוקציע. ר.׳ס וויכטיקסטע בוך איז „די גרונט־יסודות פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע און דער שטייערן־סיסטעם״; אין דאָזיקן ווערק האָט ר. ק״אָר און לאָגיש אַנאַליזירט די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע.

**ריקסדאַג** (שוו.)—אַזוי הייסט דער פּאַרלאַמענט אין שוועדן.

**רעאַגירן** (לאַט) — צוריק־ווירקן, אָפּרופן זיך אויף אַ דערשיינונג, איינדרוק; ווירקן אין אַ קעגנדיקע ריכטונג.

**רעאַליזאַציע** (לאַט.) — 1) די פאַרווירקלעכונג פון אַן אידייע; 2) דער אויסטויש פון פאַרמעגן אויף מזומן געלט.

**רעאַלע פּאָליטיק**—אַ פּאָליטיק, וואָס רעכנט זיך מיט די פאַקטישע כחות און דערשיינונגען פון מלוכה־לעבן.

**רעאַקציאָנער** (לאַט.) — אַ שונא פון אַלץ, וואָס איז נײַ, אַן אָנהענגער פון אַלטן לעבנס־שטייגער.

**רעאַקציע** (לאַט.) — קעגן־ווירקונג, צוריק־שטויס; אין דער פּאָליטיק: די שטרעבונג צוריקצושטעלן די פריערדיקע אָרדנונג, דאָס באַקעמפן דעם פּראָגרעס אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

**רעאָרגאַניזאַציע** (ל.) — איבערפאָרמירונג, איבעראַנדערשונג, איינריכטונג אויפסניי.

**רעגאַליע** (לאַט.) —רעכטלעך פאַרזיכערטע פּריווילעגיעס פון הערשער; די רעכט פון דער העכסטער מלוכהשער מאַכט אויף געוויסע איינקונפטן; עמבלעמען פון אַ קעניגלעכער מאַיעסטעט (קרוין, סצעפּטער א. א. וו.); מאָנאָפּאָלן, וואָס געהערן רעכטלעך צו דער מלוכה.

**רעגולאַמין** (לאַט.) — אַ סטאַטוט, זאַמלונג פון פאָרשריפטן אין פאַראָרדנונגען, לויט וועלכע ס׳ווערן איינגעטיילט די אַרבעטן פון אַ פאַרזאַמלונג, קאָנפערענץ א. א. וו.

**רעגולירן** (לאַט.) — ברענגען אין אָרדנונג, איינשטעלן לויט אַ סדר.

**רעגירונג** — די העכסטע מלוכה־מאַכט : געזעצגעבערישע, אַדמיניסטראַטיווע און געריכטלעכע. אין מאָנאַרכיסטישע לענדער געפינט זיך די הערשאַפט אין די הענט פון מאָנאַרך; אין

קאָנסטיטוציאָנעלע לענדער — אין די הענט פון מאָנארך און געזעצגעבערישע פאלאטעס; אין רעפובליקאנישע — אין די הענט פון פרעזידענט, געזעצגעבער־פאלאטעס און מיניסטאָרן־ראַט.

**רעגענט** (לאַט.) — דער, וואָס הערשט אין נאָמען פון אַ מינדעריעריקן אָדער קראַנקן מאָנארך.

**רעגענטן־ראַט** אין פוילן— געשאַפן אין 1917 דורך די צענטראַלע מלוכות. ר.־ר. האָט געזאָלט זיין די העכסטע מאַכט פון פוילישן קעניגרייך, באַשטאַנען פון ארציבישאָף א. קאַקאָווסקי, י. אָסטראָווסקי און פירשט ז. לובאָמירסקי. אינדעראמתן אָבער איז דער ר.־ר. געווען אינגאַנצן אָפּהענגיק פון די אָקופּאַנטן. אין 1918 האָט זיך דער ר.־ר. אַליין אויפגעלייזט און איבערגעגעבן די מאַכט אין די הענט פון י. פּילסודסקי.

**רעגרעס** (לאַט.)—צוריקגאַנג, געזעלשאַפטלעכע אָדער פּאָליטישע רעאַקציע.

**רעהאַביליטירן** (לאַט.) — דאָס אומקערן די רעכט, אויפווייזן די אומשולדיקייט, ריינוואַשן און אַ חשד וועגן אַ פאַרברעכן.

**רעוואָלוציע** (לאַט.) — אַ גרינטלעכע איבערקערעניש אין דער פּאָליטישער און סאָציאַלער אָרדנונג; אַן איבערקערעניש דורך אַן אויפשטאַנד, דורכגעפירט פון אַ קלאַס, וואָס פאַרכאַפּט די מאַכט פון הערשנדיקן קלאַס.

סאָציאַלע רעוואָלוציע— דער איבערגאַנג פון דער מאַכט פון איין קלאַס צום צווייטן מיט אַ גרינטלעכער ענדערונג פון דער עקאָנאָמישער אָרדנונג.

**רעוואָלוציאָנערער קאַלענדאַר** — דער קאַלענדאַר, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן אין פראַנקרייך בעת דער גרויסער רעוואָלוציע. לויטן ר. ק. האָט זיך דאָס יאָר אָנגעהויבן דעם 22־טן סעפּטעמבער, זיך געטיילט אין דריי דעקאַדן (אַ דעקאַדע: 10 טעג), יעדער 10־טער טאָג איז געווען אַ רו־טאָג; אַזוי־אַרום זענען אָפּגעשאַפט געוואָרן דער וואָכן־סיסטעם, שבתים, זונטיקן און יום־טובים. דער ר. ק. איז אָפּגעשאַפט געוואָרן אין 1805,

**רעוואַנש** (פר.) — פאַרגעלטונג, נקמה, דאָס אָפּצאָלן גוטס פאַר גוטס, שלעכטס פאַר שלעכטס.

**רעוויזיאָניזם** (לאַט.) אַ ריכטונג, וואָס שטרעבט איבערצו־

קוקן און אויסצובעטערן אַ טעאָריע, פּראָגראַם. אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע—אַ ריכטונג צו רעוויזירן די גרונט־פּרינציפּן פון מאַרקסיזם (זע בערנשטיין).

**רעוויזיע** (לאַט.)—דורכזוכונג, דורכזעונג; די דורכפירונג פון אַן ענדערונג אין אָפּמאַכן, רעכט, געזעצן.

**רעווינדיקאַציע** (לאַט.) — דאָס צוריקבאַקומען אַ צוגענומען פאַרמעגן; פּוילן, למשל, רעווינדיקירט פון רוסלאַנד די צוגענומענע דורך דער צאַרישער מאַכט ביבליאָטעקן, קונסט־ווערק א. א. וו.

**רעוועליער, לעפּאָ, ל. מ.** (1753—1824) — אַ פראַנצייזישער פּאָליטישער טוער פון דער גרויסער פראַנצייזישער רעוואָלוציע. אין 1789 ווערט ר. אויסגעוויילט פאַר אַ מיטגליד אין דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, וווּ ער האָט געהערט צו די לינקע, אין קאָנווענט פאַרטיידיקט ער די זשיראָנדיסטן, אין 1793 ווערט ער פאַרטריבן פון פראַנקרייך, קערט זיך אום צוריק אין 1795, ווערט מיטגליד פון דירעקטאָריאַט און פאַרנעמט זיך מיט פאַרשפּרייטן פאָלקס־בילדונג און אינדוסטריע. ר. האָט געשטרעבט צו פאַרבייטן דעם קולט פון דער קאַטוילישער קירך אויף אַ געטלעכער מענטשן־ליבע (טעאָפילאַנטראָפּיע). ווי אַן עקסט־לינקער מיטגליד פון דירעקטאָריאַט האָט ר. צוזאַמען מיט באַראַסן געמאַכט די איבערקערעניש פון 18־טן פרוקטידאָר (3־טער סעפּטעמבער 1797), ווען נאַפּאָלעאָן האָט פאַרכאַפּט די מאַכט אין זיינע הענט, האָט ר. זיך אָפּגעזאָגט צו אָנערקענען אים. צוליב דעם האָט ער פאַרלוירן זיין אַמט אין „פראַנצייזישן אינסטיטוט“ און געלעבט זיינע רעשט יאָרן אין אָרעמקייט.

**רעוועסאַליע** (לאַט.) — אַ שריפטלעכע פאַרזיכערונג פון אַ מאָנאַרך אָדער פירשט אין קאָנסטיטוציאָנעלע לענדער, וואָס פאַרזיכערט די בירגער רעכט און פרייהייט.

**רעזאָלוציע** (לאַט.) — אַ החלטה, באַשלוס, וואָס ווערט אָנגענומען דורך אַ פאַרזאַמלונג, דורך אַ רעגירונגס־ אָדער געריכטס־אינסטאַנץ.

**רעזאָנירן** (פר.)—באַטראַכטן, באַקלערן, אַרומרעדן, אויפווייזן אַ געוויסן ענין; חקירהנען־זיך.

**רעזומירן**—איבערחזרן בקצור אַ רעדע, באַריכט, אַרטיקל;

אונטערפירן אַ סך-הכּל פון ו. כּוח'ים, דעבאַטן.

**רעזידענט** (לאַט.) — אַ פּאָ-ליטישער באַפולמעכטיקטער ביי אַן אַנדערע מלוכה, וואָס איז לויטן ראַנג נידריקער פון אַן אַמבאַסאַדאָר; טיטל פון האָלענדישן גובער-נאַטאָר אין מזרח-אינדיע; אין אַמאָליקן פּוילן — סענאַטאָר, בעל-יועץ פון קעניג.

**רעזידענץ** (לאַט.)—אַ הויפּט-שטאָט, וווינאָרט פון אַ מאָנאַרך, פירשט, פּרעזידענט; דאָס שטענ-דיקע וווינאָרט פון יעדן מענטש.

**רעזערוו** (פר.) — אַ צונויפ-זאַמלונג פון חיילות, אַמוניציע, תבואה א. א. וו. אויף אַ צייט פון נויט; האַלטן זיך אין רעזערוו—הייסט: דאָס אָפּהאַלטן זיך פון אָנ-טיילנעמען אין אַ דעבאַטע, טע-טיקייט, קאַמף א. א. וו.

**רעזערוו-אַרבעטער** — די מאַסע אַרבעטסלאָזע, וואָס געפינט-זיך תמיד אין דער קאַפּיטאַ-ליסטישער געזעלשאַפט, אַפילו אין אַ פּעריאָד פון דער גרעסטער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג. מיט דידאָזיקע אַרבעטסלאָזע באַנוצן זיך די קאַפּיטאַליסטן, כּדי צו וואַרפן דעם אַרבעטסלוין.

**רעזשים** (פר.) — די פאָרם פון דער מלוכה-אָרדנונג אין אַ לאַנד (רעגירונגס-רעזשים); דער לעבנס-שטייגער, וואָס ווערט פאַר-אָרדנט אַ קראַנקן (קראַנקן-רע-זשים); די לעבנס-באַדינגונגען פון אַן אַרעסטירטן (אַרעסטאַנטן-רע-זשים).

**רעטאָרסיע** (לאַט.) — אַ רעכטלעכע פאַרגעלטונג פון איין מלוכה קעגן אַ צווייטער, למשל: דאָס אונטערדריקן דורך אַ מלוכה-מאַכט די בירגער פון אַן אַנדערע מלוכה דערפאַר וואָס יענע דריקט-אונ-טער די בירגער פון דער מלוכה; צאָל-רעטאָרסיע—אַ הויכער צאָל, וואָס ווערט צרויפגעלייגט אויף סחורות, וואָס ווערן אַריינגעפירט פון אַ צווייטער מלוכה, אַלס פאַר-געלטונג פאַרן הויכן צאָל, וואָס יענע מלוכה האָט אַרויפגעלייגט אויף די סחורות פון דער מלוכה.

**רעטראָגראַד** (לאַט.) — צוריקער; דער, וואָס קערט זיך אום צוריק צו די אַלטע מנהגים און לעבנס-שטייגער.

**רעטראָספּעקטיווער** (ל.)- דער, וואָס קוקט הינטער זיך, אויף צוריק; וואָס געהערט זיך אָן צו דער פאַרגאַנגענהייט; היס-טאָרישער.

**רעטראָספּעקטיווע אויסשטעלונג** — אַן אויסשטעלונג פון זאַכן, וואָס שטאַמען פון פאַרשידענע אַלטע צייטן, אויסגעסדרטע כראָנאָלאָגיש, כּדי צו באַקומען אַ באַגריף וועגן דער אַנטוויקלונג פון קונסט, אינדוסטריע א. א. ח.

**רעכט**—געזעלשאַפטלעכע כּללים, וואָס זענען באַשטעטיקט דורך דער מלוכה אַלס פאַרפליכטנד, אָדער איינגעבירגערטע אין לעבן אַלטע מנהגים, וואָס ווערן מיט אַ שטילן הסכּם דערלאָזט און אָנגעווענדעט דורך דער געזעלשאַפט און דורך דער מלוכה-מאַכט. ר. טיילט זיך אויף: 1) עפנטלעכע ר., וואָס איז נישט אָפּהענגיק פון ווילן (אינטערעס) פון יחיד, נאָר ווערט לכתחילה באַשטימט דורך דער מלוכה-מאַכט; צו ע. ר. געהערט: א) מלוכה-ר., ב) קרימינעלע ר., ג) אַדמיניסטראַטיווע ר., ד) קירכלעכע ר., ה) אינטערנאַציאָנאַלע ר., ו) געריכטלעכע רעכט; 2) פּריוואַט-ר. — רעגולירט די רעכטלעכע באַציונגען, וואָס זענען דירעקט אָפּהענגיק פון ווילן (אינטערעס) פון יחיד; פּ.-ר. פאַרנעמט זיך מיט אויסגלייכן סכסוכים און פאַרמעגנס-ענינים צווישן פּריוואַטע פּערזאָנען; פּ.-ר. טיילט זיך אויף ציוויל-ר.-האַנדלס-ר. און וועקסל-ר.

## דעקלאַראַציע פון רעכט פון מענטש און בירגער

(דערשינען בעת דער גר. פר. רעוו. דעם 4-טן אויגוסט 1789)

I. מענטשן ווערן געבוירן און פאַרבלייבן פרייע און גלייכע אין די רעכט. געזעלשאַפטלעכע אונטערשידן קענען ווערן איינגעפירט נאָר ווען ס'פאָדערט דער טובת-הכּלל.

II. דער צוועק פון יעדן פּאָליטישן פאַריין איז אָפּצוהיטן די נאַטירלעכע נישט-אָפּנעמבאַרע רעכט פון מענטשן; די דאָזיקע רעכט זענען: פרייהייט, אייגנטום, זיכערקייט און ווידערשטאַנד קעגן אונטערדריקונג.

III. דער פּרינציפּ פון דער העכסטער מאַכט געפינט זיך לויט זיין מהות אין פאָלק; קיין אינסטיטוציע, קיין פּערזאָן קאָן נישט פאַרווירקלעכן קיין מאַכט, וואָס קומט נישט אַרויס דירעקט פון פאָלק.

IV. פרייהייט באַשטייט אין דעם רעכט צו טון אַלץ, וואָס ברענגט נישט קיין שאָדן דעם צווייטן; אויף אַזאַ אופן האָט דאָס באַנוצן-זיך פון יעדן מענטש מיט זיינע נאַטירלעכע רעכט קיין גרענעץ נישט, אַחוץ די גרענעצן, וואָס פאַרזיכערן די איבעריקע מיטגלידער פון דער

געזעלשאפט די מעגלעכקייט אויסצונוצן דיזעלבע רעכט; דידאָזיקע גרענעצן קענען באשטימט ווערן נאָר דורכן געזעץ.

V. דאָס געזעץ קאָן פארווערן נאָר אזעלכע מעשים, וואָס זענען שעדלעך פאר דער געזעלשאפט; אלץ, וואָס איז לויטן געזעץ נישט פארווערט, איז דערלויבט, און מען קאָן קיינעם נישט צווינגען צו טון דאָס, וואָס דאָס געזעץ איז נישט מחייב.

VI. דאָס געזעץ איז אן אויסדרוק פון אלגעמיינעם ווילן, אלע בירגער האָבן רעכט פערזענלעך אָדער דורך א פארטרעטער צו באטייליקן-זיך אין דעם ארויסגעבן געזעצן. דאָס געזעץ דארף זיין גלייך פאר אלעמען, אלצאיינס צי זיין צוועק איז צו באשיצן אָדער צו באשטראָפן; אזיווי אלע בירגער זענען פאר אים גלייך, דארפן זיי אלע צוגעלאָזן ווערן צו אלע בארופן, שטעלעס און געזעלשאפטלעכע אמטן לויט זייערע פעיקייטן און אָן קיין שום אנדערע אונטערשידן, אחוץ די, וואָס זענען פאראן אין זייערע מידות און טאלענט.

VII. מען קאָן קיינעם נישט באשולדיקן, פארהאלטן אָדער איינזעצן, סיידן אין די פאלן, וואָס זענען באשטימט לויטן געזעץ, און לויט זיינע תקנות. די, וואָס פאָדערן-ארויס, גיבן-ארויס, פירן-אויס אָדער צווינגען אויסצופירן ווילקירלעכע באפעלן, דארפן באשטראָפט ווערן, אָבער יעדער בירגער, וואָס ווערט ארויסגערופן אָדער איינגעזעצט לויטן געזעץ, מוז תיכף פאָלגן, ווען נישט, ווערט ער באטראכט ווי א שולדיקער.

VIII. דאָס געזעץ דארף באשטימען נאָר אזעלכע שטראָפן, וואָס זענען דורכאויס און באשיינפערלעך נייטיק, קיינער קאָן נישט באשטראָפט ווערן, סיידן לויטן געזעץ, וואָס איז אָנגענומען און פארעפנטלעכט געוואָרן איידער ס'איז באגאנגען געוואָרן דאָס פארברעך.

IX. יעטוועדער מענטש דארף באטראכט ווערן ווי אן אומשולדיקער כל-זמן מען האָט אים נישט דערקלערט פאר שולדיק (אין געריכט), און דעריבער, אין פאל ווען ס'איז נייטיק צו ארעסטירן אים, מוז יעדע שטרענגקייט, וואָס איז אומנייטיק פארן באוואָרענען פון זיין פערזאָן פארן געריכט, שטרענג אונטערגעדריקט ווערן דורכן געזעץ.

X. מען טאָר קיינעם נישט באאומרויקן צוליב זיינע איבערצייגונגען, אפילו רעליגיעזע, אויב נאָר דאָס פארעפנטלעכן זיי שטערט נישט די געזעלשאפטלעכע אָרדנונג, וואָס

איז באַשטימט דורכן געזעץ.

XI. די פרייהייט אַרויסצוזאָגן געדאַנקען און מיינונגען איז איינס פון די טייערסטע רעכט פון מענטשן, הייסט עס, אַז יעטוועדער בירגער קאָן פריי רעדן, שרייבן, דרוקן, מיטן תנאַי, אַז ער זאָל זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם מיסברויך מיט דערדאָזיקער פרייהייט אין די פאַלן, וואָס זענען באַשטימט דורכן געזעץ.

XII. כדי צו פאַרזיכערן די רעכט פון מענטשן און בירגער איז נייטיק אַן עפנטלעכע קראַפט, אויף אַזאַ אופן דאַרף די דאָזיקע קראַפט אָרגאַניזירט ווערן פאַר דער טובה פון כלל, און נישט צוליבן נוצן פון די, וואָס אין זייערע הענט איז זי געוואָרן אָנגעטרויט.

XIII. אויסצוהאַלטן די געזעלשאַפטלעכע קראַפט און פאַר די הוצאות פון דער אַדמיניסטראַציע איז נייטיק אַן אַלגעמיינע באַשטייערונג; די שטייערן דאַרפן פאַנאַנדערגעטיילט ווערן יושרדיק צווישן אַלע בירגער.

XIV. אַלע בירגער האָבן רעכט פּערזענלעך אָדער דורך זייערע פאַרטרעטער צו באַשטימען די נייטיקייט פון די געזעלשאַפטלעכע שטייערן, פריי מסכים צו זיין אויף זיי, אכטונג צו געבן, וויאַזוי זיי ווערן פאַרברויכט, צו באַשטימען זייער סכום, דעם פּרינציפּ פון זייער פאַנאַנדערטיילונג און דעם אופן ווי זיי זאָל איינגעמאָנט ווערן.

XV. די געזעלשאַפט האָט רעכט צו פאָדערן אַ דין־וחשבון פון יעדן באַאַמטן פון איר אַדמיניסטראַציע.

XVI. יעטוועדע געזעלשאַפט, אין וועלכער ס'איז נישט באַוואָרנט די גאַראַנטיע פון רעכט און ס'איז נישט באַשטימט די צעטיילונג פון די מאַכט־אָרגאַנען, האָט נישט קיין קאָנסטיטוציע.

XVII. אַזוי ווי אייגנטום איז אַן אומבאַרירלעך געהייליקט רעכט, קאָן מען עס ביי קיינעם נישט אָפּנעמען, סיידן אין די פאַלן, ווען עס פאָדערט דאָס באַשיינפערלעך אַ געזעצלעך באַשטעטיקטע געזעלשאַפטלעכע נויטווענדיקייט, און דאָס נאָר מיטן תנאַי, אַז דערפאַר וועט פאָראויס געגעבן ווערן אַ אַ יושרדיקע באַלוינונג.

**רעלאַציע** (לאַט.) — אַ דין־וחשבון, באַריכט וועגן אַ געוויסן ענין, למשל: קריגס־באַריכט, פּאַרטיי־באַריכט א. א. וו.

**רענאָמע** (פר.) — אַ גוטער אָדער שלעכטער נאָמען, אַ שם־טוב אָדער שם־רע; רום, פּירסום.

**רענטיער** (פר.) — אַ קאַפּיטאַליסט, וואָס לעבט פון פּראָצענט אָדער פון רענטע.

**רענטע** (לאַט.) — אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע — דער טייל הכנסה פון פּראָדוקציע, וואָס עס באַקומט דער באַזיצער פון נאַטור־רייכטימער, וואָס ווערן אויסגענוצט ביי דער פּראָדוקציע; אַ שטענדיקע יערלעכע הכנסה פון אַ גוט אָדער קאַפּיטאַל.

**רענעגאַט** (לאַט.) — אַ בוגד, פאַררעטער, אָפּטרינניקער; אַ מענטש, וואָס פאַרלאָזט זיין גלויבן, איבערצייגונג, פאָלק און גייט איבער צו אַנדערע צוליב מאַטעריעלן נוצן.

**רענער, ק.** (געב. 1870)—אַן עסטרייכישער פּאָליטיקער, סאָציאַליסט, ערשטער קאַנצלער פון דער עסטרייכישער רעפּובליק. אין די יאָרן 1918—20 פּראָפּאַגאַנדירט ר. די פאַראייניקונג פון עסטרייך מיט דייטשלאַנד. זיינע ווערק: „מאַרקסיזם, קריג און אינטערנאַציאָנאַל“, „די זעלבסט באַשטימונגרעכט פון פעלקער“ אַ. אַ. וו.

**רעסורס** (פר.) — אַ רעטונגסמיטל, מיטל צום לעבן, דער מקור פון עקזיסטענץ.

**רעסטויראַציע** (לאַט.)—צוריקשטעלונג, אויפפרישונג, דאָס צוריקברענגען צום פריערדיקן מצב; אין דער פּאָליטיק — דאָס צוריקאַרויפזעצן אויפן טראָן אַ פאַרטריבענע דינאַסטיע, וואָס איז געפאַלן דורך אַ רעוואָלוציע אָדער מלוכה־איבערקערעניש; דאָס צוריקשטעלן די אָרדנונג, וואָס איז געוואָרן אָפּגעשאַפט דורך אַ רעוואָלוציע.

**רעסקריפּט** (לאַט.)—אַ פאַראָרדנונג פון דער העכערער מאַכט.

**רעפּאַטריאַציע** (לאַט.) — דאָס אומקערן עמיגראַנטן צוריק צו זייער פאָטערלאַנד פון דער עמיגראַציע אָדער פון פאַרשיקונג, גלות.

**רעפּאָרטער** (ענג.)—אַ זשורנאַליסט, וואָס זאַמלט טאָגנייס פאַר אַ צייטונג.

**רעפאָרם** (לאַט.) — אויסבעסערונג, תיקון, אַ שנוי צום גוטן.

**רעפאָרמאַציע** (לאַט.) — די גרויסע רעליגיעזע באַוועגונג אין מערב־אייראָפּע אין XVI י״ה, וואָס האָט גורם געווען צו אַ שפּאַלטונג אין דער קאַטוילישער קירך.

**רעפאָרמיזם** (לאַט.) — דאָס שטרעבן צו בהדרגהדיקע רעפאָרמען אין די ראַמען פון דער הערשנדיקער אָרדנונג. ר. איז דער היפּך פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וואָס שטרעבט גרינטלעך, ראַשיק צו ענדערן די אָרדנונג דורך אַ רעוואָלוציאָנערן קאַמף.

**רעפּובליק** (לאַט.)—אַ מלוכה־פאָרם, לויט וועלכער די רעגירונגס־מאַכט גייט נישט איבער בירושה, נאָר געפינט זיך אין די הענט פון פאָלקס־פאָרשטייער אין הסכּם מיט דער קאָנסטיטוציע.

**רעפּוטאַציע** (לאַט.) — אַן אַלגעמיינע מיינונג וועגן אַ פּערזאָן אָדער אינסטיטוציע.

**רעפּטיליע** (לאַט.) — שרציםן; פיג. ציייטונגען, וואָס זענען נישט געטריי די אייגענע איבערצייגונגען, נאָר חנפענען זיך אונטער די מאַכט־האָבער.

**רעפּליקע** (לאַט.) — אַן ענטפער פון אָנקלאָגער אויף דער פאַרטיידיקונג פון אָנגעקלאָגטן; אַ מינדלעכער אָדער שריפטלעכער ענטפער אויף אַ פאָרוואורף.

**רעפּעראַט** (לאַט.) — אַ באַריכט וועגן אַ וויסנשאַפטלעכע, ליטעראַרישע, פּאָליטישע טעמע; דאָס באַהאַנדלען, ארומרעדן אַ געוויסן ענין.

**רעפערענדום** (לאַט.) — אַ באַשלוס אויפן גרונט פון אַן אָפּשטימונג פון גאַנצן פאָלק.

**רעפּרעזענטאַנץ** (לאַט.) — פאָרשטייערשאַפט, פאַרטרעטונג פון אַ יחיד אָדער כּלל.

רעפּרעזענטאַנץ־רעגירונג — אַ קאָנסטיטוציאָנעלע רעגירונג, אַ מלוכה־אָרדנונג, ביי וועלכער דאָס פאָלק נעמט אַן אָנטייל דורך זיינע פאָרשטייער אין דער געזעצגעבונג און אין דער רעגירונג.

**רעפּרעסיע** (לאַט.) — אונטערדריקונג, נגישות, דאָס אָנווענדן שטרענגע מיטלען, כּדי אונטערצודריקן אַן אויפשטאַנד א. א. וו.

**רעצידיוו** (לאַט.) — דאָס איבערחזרן־זיך פון אַ קראַנקייט, דאָס איבערחזרן אַ פאַרברעך.

**רעצענזיע** (לאַט.) — אָפּשאַצונג; אַ קריטישע אָפּשאַצונג פון אַ ליטעראַריש, וויסנשאַפטלעך ווערק אָדער טעאַטער־פאָרשטעלונג.

**רעקאָנסטרוקציע** (לאַט.)— איבערבויאונג, גרינטלעכע ענדע־

רונגען אין אַ בנין; איבערפאָרמען ; רעק. פון קאַבינעט—טוישן אַ טייל מיניסטאָרן, כדי צו ענדערן די פּאָליטיק פון מינ.-קאַבינעט.

**רעקורס** (לאַט.) — דאָס אַפּעלירן צו אַ העכערער אינסטאַנץ.

**רעקוויזיציע** (לאַט.) — דאָס אָפּנעמען מיט געוואַלט אָבער נישט בחינם פּריוואַט-אייגנטום לויט אַ פאַראָרדנונג פון דער מאַכט, אָקופּאַציע-מאַכט.

**רעקלאַמאַציע** (לאַט.) — אַן אָנקלאַגע וועגן אַ באַגאַנגענע עוולה ; אַ טענה קעגן אַ פאַראָרדנונג פון דער מאַכט.

## ש

**שאַבאָ, פ.** (1759—1794)— אַ פראַנצייז. רעוואָלוציאָנער, מיטגליד פון קאַפּוצינער-אָרדן. אין דער צייט פון דער גר. פראַנצ. רעוו. ווארפט ש. אראָפּ פון זיך די קליידער פון אַ נזיר, און אין 1791 ווערט ער אויסגעווײלט פאַר אַ מיטגליד פון געזעצגעבערישן ראַט, אין 1792—אין קאָנווענט, וווּ ער געהערט צו די קאָרדעליערן. ש. האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין ציניזם און אכזריות; לויט זיין פאָרשלאַג איז די קירך פון דער פאַריזער הייליקער מ.טער געוואָרן דער טעמפּל פון חכמה. ש. ווערט באַשולדיקט דורך ראָבעספּיערן אין בגידה און ווערט פאַרמשפּט צום טויט, געפּרוּווט ריינצוואַשן-זיך פון די באַשולדיקונגען, ס'האָט אים אָבער גאָרנישט געהאָלפן און ער ווערט גיליאָטינירט.

**שאַבלאָן** (פר.) — אַ מאָדעל, מוסטער, לויט וועלכן ס'ווערט אויסגעפירט אַן ארבעט; פיג. אַן אויסדרוק אָדער געדאַנקען-פאָרם, וואָס האָט נישט אין זיך קיין שום אָריגינאַליטעט.

**שאָוויניזם** (פר.) — איבערגעטריבענער פּאַטריאָטיזם אָדער נאַציאָנאַליזם. ש. שטאַמט פון נאָמען פון אַ פּאַטריאָטישן פראַנצ. זעלנער פון נאַפּאָלעאָנס אַרמיי, ניקאָלאַס שאָווין, אַ קאָמישע פיגור אין דער פראַנצ. קאָמעדיע „דער זעלנער לאַבוריי".

**שאַך** — טיטל פון פּערסישן הערשער.

**שאַלמעל-לאַקור, פ.,** פּראָפ. (1826—1896) — אַ פראַנצ. פּאָליטישער טוער, צוליב

זיין פריידענקעריי ווערט ער אין 1851 ארעסטירט און פארשיקט, נאך זיין צוריקקערן באטייליקט ער זיך אין פארשידענע זשורנאלן, אין 1872 ווערט ער אויסגעוויילט פאר א מיטגליד פון דער נאצ.-פארזאמלונג, ווו ער קעמפט פאר די רעפובליקאנער קעגן קלעריקא-ליזם, ווערט אויסערן-מיניסטער, אריינגעפירט פראנקרייך אין דער מלחמה מיט כינע, אין 1893 — פרעזידענט פון סענאט.

**שאריאט** — מוסולמענישע געזעצן, וואס שטיצן-זיך אויפן קאראן.

**שואן** — אן אנהענגער פון די בורבאנען בעת דער גר. פראנצ. רעוואלוציע, קעגנער פון דערדא-זיקער רעוו.

**שולצע-דעליטש, פ. ג.** (1808—1883) — א דייטשער כלל-טוער, גרינדער פון קאאפע-ראטיווע געז. פאר ארבעטער, ענער-גיש פראפאגאנדירט פאר גרינדן ליי- און שפאר-קאסעס, האט גע-האט א גרויסן דערפאלג אויפן דאזיקן געביט: אין 1881 האבן זיך אין דייטשלאנד געפינען ביז 32 טויזנט זעלבסטהילף-חברות לויט ש.'ס סיסטעם, פאר דערדא-זיקער טעטיקייט זיינע איז ש.-ד. קריטיקירט געווארן דורך לאסאלן, ווייל ער האט אזויארום אפגעווענ-דעט די ארבעטער פון א זעלבש-שטענדיקן פאליטישן קאמף און אונטערגעווארפן זיי אונטער דער השפעה פון די בורזשואזישע דע-מאקראטן.

**שטאט** (ד.) — דער באאמטן-פערסאנאל פון א רעגירונגס-אינסטיטוציע, פון א געזעלשאפט-לעכער אדער פריוואטער אינסטי-טוציע.

**שטאטן** — מדינות, פראוויינצן, וואס גייען אריין אין צוזאמענ-שטעל פון א פעדעראטיווער מלוכה (למשל די פאראייניקטע שטאטן פון צפון-אמעריקע).

**שטאנד** (ד.)-א געזעלשאפטלעכע גרופע, וואס אונטערשיידט זיך פון דער איבריקער באפעלקערונג מיט איר רעכטלעכן מצב, וואס גייט-איבער בירושה ביי דער פעא-דאלער ארדנונג. די רעוואלוציעס פארניכטן די פעאדאלע צעטיילונג אויף שטאנדן, צעטיילט די געזעל-שאפט אויף קלאסן: בורזשואזיע און פראלעטאריאט.

ד ר י ט ע ר ש ט א נ ד — אזוי האט געהייסן אין פראנקרייך פון סוף מיטלאלטער ביזן יאר 1789 דאס גאנצע פאלק, אחוץ די פרי-

ווילעגירטע קלאסן: גייסטלעכע און אדל; איצט—די בורזשואזיע.

**שטייערן** — צוואנג-אפצאלונגען, וואס ווערן ארויפגעלייגט אויף די בירגער דורך דער מלוכה אדער דורך קאמונאלע פארבאנדן. ס'זענען פאראן 2 קאטעגאריעס ש.: דירעקטע (וואס ווערן גענומען פון פארמעגן) און אומדירעקטע (וואס ווערן צוגערעכנט צום פרייז פון סחורות).

אינדוסטריע-שטייער — פאטענט-אפצאל, וואס ווערט ארויפגעלייגט אויף האנדלס- און אינדוסטריע-אונטערנעמונגען לויט פעסטגעשטעלטע קאטעגאריעס.

איינקונפט-שטייער — א רעגירונגס-שטייער, וואס ווערט ארויפגעלייגט אויף פערזאנען, וואס זייערע הכנסות שטייגן איבער די דורכן געזעץ פעסטגעשטעלטע נארמ.

**שטעקער, א.** (1835—1909) — א דייטשער פאליטיקער, הויף-גייסטלעכער, עפנטלעך ארויסגעטרעטן קעגן די סאציאל-דעמאקראטן, גרינדער פון דער קר. סאצ. פארטיי, א פאנאטישער קעגנער פון אלע ליבעראלע אידייען, האט מיט זיינע ווילדע ארויסטרעטונגען אויפגעוועקט קעגן זיך די געזעלשאפטלעכע מיינונג, זיין פארטיי האט געהאט ווייניק אנהענגער. ש. האט אויך זייער שטארק אגיטירט פארן אנטיסעמיטיזם, ווערט אויסגעוויילט פאר א דעפוטאט און רייכסטאג (1881), שטייט דארטן צו צום עקסט-רעכטן פליגל. ווילהעלם II האט אויפגעפאדערט ש.'ן, אז ער זאל איבעררייסן זיין אגיט. טעטיקייט, ש. האט דערויף מסכים געווען, נאר לסוף נישט געהאלטןווארט, דערפאר איז ער באזייטיקט געווארן פון זיין אמט אלס הויף-גייסטלעכער.

**שטערלינג** — אן ענגלישע מטבע (א פונט שטערלינג מאכט-אויס בערך 42 זלאטעס).

**שטרייק** (ענג.)—דאס ווארפן די ארבעט, כדי אויסצוקעמפן ביים ארבעטס-געבער בעסערע ארבעטס-באדינגונגען (א גרעסערער לוין, ווייניקער ארבעטס-שעהן א. א. וו.). ש. זענען א שטארק כלי-זין אין עקאנאמישן און פאליטישן קאמף.

פאליטישער-ש. — ווען די ארבעטער-מאס; פאדערן פון דער רעגירונג פארשידענע; רעפארמען,

**עקאָנאָמישער ש.** — ווען די אַרבעטער שטעלן-אָפּ די אַרבעט און פאָדערן אַ לוין-העכערונג אָדער אַנדערע בעסערע אַרבעטס-באַדינגונגען.

**איטאַליענישער ש.** — באַשטייט נישט אין אָפּשטעלן די אַרבעט, נאָר אין פירן זי אויף אַזאַ אופן, אַז זי זאָל ברענגען מער היזק ווי נוצן.

**סאָלידאַריטעטס-ש.** — ווען געוויסע פאַכן, וואָס שטרייקן נישט, שטעלן-אָפּ די אַרבעט, כּדי אויסצודריקן סימפּאַטיע צו די שטרייקנדיקע.

**שטרייקברעכער** — אַן אַרבעטער, וואָס וואַרפט נישט די אַרבעט בעת אַ שטרייק אָדער נעמט אַרבעט אין אַ פאַבריק, ווערקשטאַט, אין וועלכע ס'קומט-פאָר אַ שטרייק; אין געוויסע לענדער עקזיסטירן ספּעציעלע אַגענטורן, וואָס שטעלן צו שטרייקברעכער.

**שטרעזעמאַן, ג.** (געב. 1878) — אַ דייטשער פּאָליטיקער, דעפּוטאַט פון רייכסטאַג (1907), אַנפירער פון די נאַציאָנאַל-ליבעראַלן, גרינדער פון דער היינטיקער דייטשער פאָלקס-פּאַרטיי, אויסערן-מיניסטער פון 1923 אָן.

**שיידעמאַן, פ.** (ג. 1865) — אַ זעצער, איינער פון די לידער פון דער דייטשער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, דעפּוטאַט פון רייכסטאַג. ביי די לעצטע וואַלן פאַר דער מלחמה ווערט ש. געוויילט דורך די ס.-ד. פאַר אַ וויצע-פּרעזידענט פון רייכסטאַג. אין דער צייט פון דער וועלט-מלחמה האָט ער, אַלס לידער פון רעכטן אָפּאָרטוניסטישן פליגל, געשטימט פאַר די מלחמה-קרעדיטן, געפירט אַ קאַמף מיט קאַרל ליבקנעכטן און מיט דער ספּאַרטאַקוס-גרופּע. נאָך דער נאָוועמבער-רעוואָלוציע פון 1918 ווערט ש. דער פירער פון דער פּשרה-רעגירונג פון רעפּובליקאַנישן דייטשלאַנד.

**שיירער-קעסטנער, אָ.** (1833—1899) — אַ פראַנצ. פּאָליטישער טוער, אין 1871 ווערט ער אויסגעוויילט פאַר אַ מיטגליד פון דער נאַצ.-פאַרזאַמלונג, טרעט אַרויס קעגן שלום מיט דייטשלאַנד, אין 1875 ווערט ער אַ שטענדיקער מיטגליד פון סענאַט, געפאָדערט די רעוויזיע פון דרייפוס-פּראָצעס.

**שיפער** (פר.) — אַ געהיימע אָפּגערעדטע שריפט.

**שיקאָרסקי, וו.** אינזשיניער (געב. 1881) — אַ פוילישער גענעראַל און פּאָליט קער, פּרעזעס פון שיסער־פאריין (1909), מיט־גליד פון נאַציאָנאַלן קאָמיטעט אין קראָקע (1914—1916), צוליב זיין אַרויסטריט קעגן בריסקער טראַקטאַט אין 1918 ווערט ער אינטערנירט אין אונגאַרן, שעף פון גענעראַל־שטאַב (1921—22), נאָך דער דערמאָרדונג פון נאַרו־טאָוויטשן—פּרעמיער און אינערן־מיניסטער (1921—22), קריגס־מיניסטער (1924—25).

**שלאַכטע** (פּ.) — דער אַדל־שטאַנד אין פוילן.

**שליסעלבורגער פעס־טונג** — אַ פעסטע תּפיסה פאַר די רוסישע רעוואָלוציאָנערן אין די צאַרישע צייטן; סקאַסירט געוואָרן דורך דער רעוואָלוציע פון 1917.

**שניידער, ע.** (1756 -1794)— אָנפירער פון די יאַקאָבינער אין עלזאַס אין דער צייט פון דער גר. פראַנצ. רעוו., אַ גייסטלעכער, פּראָפּ., שפּעטער אַ הייסער אָנ־הענגער פון דער רעוואָלוציע, פּראָקוראָר פון רעוו. געריכט אין עלזאַס, געווען געצוווּנגען אַרויס־צוגעבן אכזריותדיקע אורטיילן, לסוף זיך אָפּגעזאָגט פון זיין דאָזיקן אַמט; דערפאַר קומט ער אום ווי אַ בגד אויף דער גיליאָ־טינע.

**שעף** (פר.) — אָנפירער, די־רעקטאָר, באַלעבאָס.

**שפּעקולאַציע** (לאַט.) — ווערטלעך: באַטראַכטונג, פאָר־שונג; אין דער פילאָזאָפיע: אַן אַבסטראַקטער וויכּוח, וואָס באַזירט נישט אויף קיין שום עקספּערי־מענטן און באָבאַכטונגען; אַן אונטערנעמונג, געשעפט, וואָס האָט דעם ציל אויסצונוצן אַ גע־וויסן עקאָנאָמישן אָדער פּאָליטישן מצב, כּדי צו באַקומען לייכטע פאַרדינסטן; אין דער פּאָליטיק: דאָס אויסנוצן אַ געוויסע פּאָלי־טישע סיטואַציע, כּדי צו שלאָגן פּאַרטיי־קאַפּיטאַל.



# לענדער און פעלקער

**אַביסיניע** (אָפיציעל: **עטיאָפּיע**) — די איינציקע פרייע אַפריקאַנישע מלוכה, גרעניצט זיך מיט עגיפּטן. **שטח:** 1.200.000 קוו.-קילמ. **באַפעלקערונג:** בערך 10 מיליאָן. **רעליגיע:** אָן איבערגעוויכט פון קאָפּטישע קריסטן. **הויפּטשטאָט:** **אַדדיס-אַבעבאַ** (בערך 50.000 איינוווינער). **מלוכה-אָרדנונג:** אַבסאָלוטע מאָנאַרכיע. **הערשערין:** אויסעראַזעאַדיטו, געקרוינט אין 1917. **עקספּאָרט:** איבערהויפּט לעדער און קאַווע. **אימפּאָרט:** ס'רוב באַוול-סחורות. **וואַלוטע:** דאָלאַר (טאַלאַר). די צאָל יידן (פאַלאַשן) אין אַ. באַטרעפט בערך 50.000 נפשות (לויט די סטאַטיסטישע ציפערן פון 1927).

**אויסטראַליע** — אַן אויטאָנאָמע ענגלישע קאָלאָניע (דאָמיניע), פאַקטיש כמעט אַ זעלבשטענדיקע מלוכה. **שטח:** 8.178.850 קוו.-קילמ. **באַפעלקערונג:** (אין 1921) בערך 5.500.000. **רעליגיע:** אַן איבערגעוויכט פון פּראָטעסטאַנטן. **פּאָליטישע אָרדנונג:** פון 1901 אַן 6 פעדעראַטיווע קאָלאָניעס (ניי-דרום-וועלס, וויקטאָריע, קינסלאַנד, דרום-אויסטראַליע, מערב-אויסטראַליע און טאַסמאַניע). דער פּאַרלאַמענט באַשטייט פון צוויי קאַמערן: סענאַט און דעפּוטאַטן-קאַמער. די וואַלן צו ביידע קאַמערן זענען אַלגעמיינע, אָן אונטערשיד פון געשלעכט; ביי די וואַלן צום סענאַט ווײלט יעדע קאָלאָניע אַ גלייכע צאָל סענאַטאָרן (6). די אויספירונגס-מאַכט געהערט צום ענג. קעניג און ווערט אויסגעפירט דורכן גענעראַל-גובערנאַטאָר מיטן אָנטייל פון אויספירונגס-ראַט, וועלכער איז צוזאַמענגעשטעלט פון עטלעכע מיניסטאָרן, וואָס זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פּאַרלאַמענט. **פּאַרטייען:** די דעפּוטאַטן-קאַמער באַשטייט היינט פון פאָלגנדיקע פּאָליטישע גרופּירונגען: די אַרבעטס-פּאַרטיי (29), נאַציאָנאַליסטן (27),

ליבעראַלן (19). הויפּטשטאָט: קאָנבאָראַ (בערך 2000 איינ.). עקספּאָרט: וואָל, ווייץ, לעדער א. א. וו. אימפּאָרט: באַוול-און לייוונט-אויסאַרבעטונגען, מאַטאָרן א. א. וו. יידן זענען פאַראַן אין א. בערך 21.000 נפשות. די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער באַטרעפט 703.000.

**אונגאַרן**—פאַר דער וועלט-מלחמה געהערט צו עסטרייך, איצט אַ זעלבשטענדיקע מלוכה. שטח: בערך 93.000 קוו.-קילמ. באַפעלקערונג: (1924) בערך 8.200.000; קאַטוילן בערך 63%, קאַל-ווינער 21%, לוטעראַנער 6%. הויפּטשטאָט: בודאַפּעשט (בערך 1.200.000 איינ.). פּאָליטישע אָרדנונג: אַ קאָנסטיטוציאָ-נעלע מאָנאַרכיע אָן אַ קעניג, רעגענט איז אַדמיראַל ניקאָלאַי האָרטי (פון 1920 אָן). דער איינקאַמערדיקער פּאַרלאַמענט (נאַציאָנאַלע פאַרזאַמ-לונג) ווערט געוויילט אויף 5 יאָר דורך אַלגעמיינע און דירעקטע וואַלן (אין די דערפער זענען די וואַלן נישט קיין געהיימע). רעזולטאַט פון די וואַלן צום פּאַרלאַמענט אין 1926: רעגירונגס-פּאַרטיי (גראַף בעטלען) 171 מאַנד., קריסטלעך-נאַציאָנאַלע 35 מ., סאָציאַליסטן 14 מ., רעכטע אָפּאָזיציע 10 מ., לינקע אָפּאָזיציע 9 מ., אומפּאַרטייאישע 8 מ. עקספּאָרט: (1924) פאַר בערך 575 מיל. גאָלד-קראָנען, דערפון: ווייצן-מעל—101 מיליאָן, פי און פלייש,—55 מ., תבואה—48 מ., צוקער—44 מיל. א. אַז. וו. אימפּאָרט: פאַר בערך 703 מ., דערפון: באַוול-שטאָפן—99 מ., האָלץ—71 מ., וואָל-שטאָפן—63 מ., קוילן—49 מיל. א. אַז. וו. וואַלוטע: אונגאַרישער קראָן=בערך 0,0001 דאָלאַר. די צאָל יידן אין אונגאַרן באַטרעפט בערך 498.913 (1921). די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער — 191,000 (1924) *).

**אוקראַינע**—איינע פון די פיר רעפּובליקן, וואָס געהערן צום פאַר-באַנד פון די סאָוויעטישע רעפּובליקן. שטח: בערך 450.000 קוו.קמ. באַפעלקערונג: (1923) בערך 28 מיליאָן. הויפּט-שטאָט: כאַרקאָוו (בערך 300.000 איינוווינער). די צאָל יידן: 2.200.000 (1920).

---

*) די ציפערן וועגן די אָרגאַניזירטע אַרבעטער זענען אָנגע-געבן לויט דער סטאַטיסטיק פון אַמסטערדאַמער אינטערנאַציאָנאַל.

**אורוגוואי**—די קלענסטע רעפּובליק אין דרום-אַמעריקע. שטח: בערך 180.000 קווקמ. באַפעלקערונג: (1923) בערך 1.600.000. הויפּטשטאָט: מאָנטעווידעאָ (בערך 400.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: רעפּובליק אָן פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. די געזעצגעבערישע מאַכט געהערט צום צווייקאַמערדיקן פּאַרלאַמענט. דעם פּרעזידענט ווײלט דאָס גאַנצע פאָלק אויף 4 יאָר. עקספּאָרט: (1924) פאַר בערך 107 מיליאָן פּעזאָס, ס'מערסט פי און לאַנדווירטש. פּראָדוקטן. אימפּאָרט: פאַר בערך 81 מיל. פּעז., ס'מערסט שפּייז-פּראָדוקטן, וואָלשטאָפן און ברענשטאָף. וואַלוטע: פּעזא=בערך 0,77 דאָלאַר.

**אזערביידזשאן**—איינע פון די סאָוויעטישע רעפּובליקן אין קאַווקאַז, וועלכע איז אַ טייל פון דער קאַווקאַזער פעדעראַטיווער רעפּובליק פון די סאָוו-עטן. דער גרעסטער טייל פון די איינוווינער זענען טאַטאַרן, רייכע נאַפט-קוואַלן. שטח: בערך 9.000 קווקמ. באַפעלקערונג: בערך 2 מיליאָן. הויפּטשטאָט: באַקו. (בערך 250.000 איינוו.). די צאָל יידן: בערך 25.000 (1920).

**איטאַליע**—אַ דרום-אייראָפּעישע מלוכה אויפן אַפּעניניש ן האַלבאינדזל, וואָס איז פון דריי זייטן אַרומגערינגלט מיטן מיטללענדישן ים, נאָר פון צפון גרענעצט זי זיך מיט עסטרייך און שווייץ, און פון דרום מיט פראַנקרייך. שטח: (אָן די קאָלאָניעס) בערך 310.000 קווקמ. באַפעלקערונג: (1924) בערך 39 מיליאָן, ס'רוב קאַטוילן. הויפּטשטאָט: רוים (692.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע. הערשער: קעניג וויקטאָר עמאַנועל III פון דער סאַבוידישער דינאַסטיע. דער פּאַרלאַמענט איז אַ צווייקאַמער-דיקער. די דעפּוטאַטן-קאַמער ווערט געוויילט אויף 5 יאָר דורך אַל-געמיינע וואַלן. דער סענאַט באַשטייט פון מיטגלידער, וואָס ווערן נאָ-מינירט אויפן גאַנצן לעבן דורכן קעניג. אָן פּאַרלאַמענטאַרישע רעגי-רונגען. פּרעמיער פון 1922 אָן: בעניטאָ מוסאָליני. רעזול-טאַט פון די וואַלן צום דעפּוטאַטן-קאַמער אין 1924: פאַשיסטן 374 מאַנד., סאָציאַליסטן 47 מ., פּאָפּאָלאַרן 39 מ., קאָמוניסטן 19 מ., ליבעראַלע און דעמאָקראַטישע פּאַרטייען 56 מ. רעז. פון די וואַלן אין 1929:

פון די אָפּגעגעבענע 10 מיל. שטימען האָבן 9 מיל. מיט 900.000 באַקומען די פאַשיסטישע קאַנדידאַטן. עקספּאָרט: (1924) בערך פאַר 14 מיליאַרד לירעס, דערפון: רויע זייד פאַר 2 מיליאַרד, באַוול-שטאָפן—1 מיליאַרד מיט 600 מיליאָן, פּרוכטן—520 מיל., פלאַקס—516 מיל., זיידנשטאָפן—497 מיל., קעז—409 מיל. א. אז. וו. אימ-פּאָרט: בערך פאַר 19 מיליאַרד, דערפון: רויער באַוול—2 מיליאַרד מיט 800 מיליאָן, תבואה — 2 מיליאַרד מיט 482 מיל., קוילן—1 מיליאַרד מיט 553 מיל., וואָל—672 מיל., לעדער—652 מיל., האָלץ—529 מיל. א. אז. וו. וואַלוטע: ליר=בערך 0,04 דאָלאַר. די הויפּטבאַשעפטיקונג פון דער באַפעלקערונג איז לאַנדווירטשאַפט, פּי-צוכט, גערטנערייַ און פאַרשידענע אינדוסטריע (באַזונדערס: זיידנס, סאַמעט, לייוונט און מוזיקאַלישע אינסטרומענטן). די צאָל יידן (אין 1910) — 58.000. די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924)—2.234.000.

**אינדיע** — אַ גרויס לאַנד אין דרום-אַזיע, געהערט צו ענגלאַנד. שטח: 4.735.000 קוקמ. באַפעלקערונג: (1921) בערך 319.000.000, דערפון אין די ענגלישע פּראָווינצן בערך 247 מיל. אין די לאָקאַלע פירשטנטומס בערך 72 מיל. רעליגיעס: ס'מערסט איז פאַרשפּרייט דער בראַמאַניזם (בערך 216 מיל. בראַמינער), מאַכ-מעדאַנער בערך 69 מיליאָן. הויפּטשטאָט: דעלהי (בערך 300 טויזנט איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: די הויפּט-פאַרוואַלטונג פון אינדיע געפינט זיך אין די הענט פון שטאַט-סעקרעטאַר פאַר אינדיע, וועלכער געפינט זיך אין לאָנדאָן און איז גלייכצייטיק אַ מיטגליד פון ענגלישן מיניסט.-קאַבינעט. די אויספירונגס-מאַכט געהערט צום גענע-ראַל-גובערנאַטאָר, אָדער וויצע-קעניג, וואָס ווערט באַמינירט דורכן ענגלישן קעניג (איצט לאָרד אירווין). בעת דער וועלט-מלחמה האָט מען אָנגעהויבן איינצופירן אין אינדיע אַ טיילווייזע אויטאָנאָמיע, וואָס איז ענדלעך רעגולירט געוואָרן דורכן קאָנסטיטוציע-אַקט פון 1919. דערדאָזיקער אַקט שטעלט נישט אינדיע גלייך מיט אַנדערע אויטאָנאָ-מישע ענגלישע קאָלאָניעס, דאָך גיט ער דעם לאַנד געווויסע וויכטיקע רעכט. אחוץ דער ענגלישער אינדיע עקזיסטירן אויפן אינדישן שטח נאָך פיל אינדישע מלוכהלעך (בערך 700), אין וועלכע עס ווערן

אינדישע פירשטן (מאהאראדזשאס). דידאָזיקע מלוכהלעך זענען אָבער דורך ענגלאַנד באַגרענעצט אין זייערע רעכט. **עקספּאָרט:** (1923—1924)—3.490 מיליאָן רופּיעס, דערפון: באַוול—984 מיל., רייז 349 מ., טיי—422 מיל. א. אַז. וו. **אימפּאָרט:** 2.276 מ., דערפון: באַוול-אויסאַרבעטונגען—675 מ., מעטאַלן און מינעראַלן — 244 מ., מאַשינען און געצייג—191 מיל. א. אַז. וו. **וואַלוטע:** רופּיע=0,3 דאָלאַר בערך. די צאָל יידן: 21.778 (1921). די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער 220.000 (1924).

**איסלאַנד** — אַן אינדזל אויף צפון-מערב פון ענגלאַנד. פון 1918 אַן אומאָפּהענגיקע מלוכה, פאַרייניקט דורך אַ פּערסאָנאַלער אוניע (דורך דער קעניג. קרוין) מיט דענעמאַרק. **שטח:** 102.000 קווקמ. **באַפעלקערונג:** בערך 100.000, ס'רוב צוגעזעלער. **הויפּטשטאָט:** רייקיאַוויק (20.000 איינוו.). **פּאָליטישע אָרדנונג:** אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע, גייט-איבער בירושה אין דער ליניע שלעזוויג-האָלשטיין. **הערשער:** כריסטיאַן X. דער פּאַרלאַמענט איז אַ צווייקאַמערדיקער. **אימפּאָרט:** פאַבריק-אויסאַרבעטונגען. **עקספּאָרט:** פיש, פלייש, פעל. **וואַלוטע:** איס-לענדישער קראָן=17 אמער. סענט. די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער: בערך 4000 (1924).

**אירלאַנד** — געהערט צו ענגלאַנד, האָט אַ ברייטע אויטאָנאָמיע. **שטח:** 69.000 קווקמ. **באַפעלקערונג:** (1923) בערך 3.170.000, ס'רוב קאַטוילן. **הויפּטשטאָט:** דובלין (בערך 430 טויז. איינוו.). **פּאָליטישע אָרדנונג:** לויטן אָפּמאַך פון 1922 איז דרום-אירלאַנד אַ פרייע מלוכה, פאַרייניקט מיט דער ענגל. אימפּעריע. די באַציונג פון אירלאַנד צום ענגלישן פּאַרלאַמענט און רע-גירונג איז ענלעך צו דער באַציונג צו זיי פון קאַנאַדע. אירלאַנד האָט רעכט צו שאַפן אַן אייגענע אַרמיי פּראָפּאָרציאָנעל צו איר באַפעלקע-רונג. די געזעצגעבערישע מאַכט געהערט צו אַ צווייקאַמערדיקן פּאַר-לאַמענט. דער סענאַט באַשטייט פון 60 מיטגלידער; איין העלפט ווערט אויסגעוויילט דורך דער אונטערשטער פּאַלאַטע, און די אַנדערע העלפט ווערט נאָמינירט דורכן פּרעמיער-מיניסטער. די רעגירונג ווערט נאַ-

מיגירט דורכן גענעראל-גובערנאטאר פון אירלאנד, וועלכער ווערט באשטימט דורכן ענגלישן קעניג. **פרעמיער** (פון 1923 אן) איז: וויליאם קאסגרייוו.

**צפון-אירלאנד** (אולסטער), וואס האט א פראטעסטאנטישע מערהייט (1.300.000), האט נישט געוואלט צושטיין צו דער פרייער אירלענדישער מלוכה און פארמאגט (פון 1920 אן) אן אייגענע, פילשמעלערע, אויטאנאמיע, זי שיקט ווייטער אירע פארשטייער אין ענגלישן פארלאמענט. **אימפארט** אין דרום-אירלאנד: איבערהויפט פאבריקאויסארבעטונגען. **עקספארט**: שפייז-פראדוקטן. **וואלוטע**: פונט שטערלינג. די צאל יידן באטרעפט בערך 6000 (1921); די צאל ארגאניזירטע ארבעטער (טרייד-יוניאנען) — 139.000 (1924).

**אלבאניע** — פריער געהערט צו טערקיי, זעלבשטענדיק פון 1912 אן, געפינט זיך צווישן סערביען און גריכנלאנד. **שטח**: 37.000 קוו. קמ. **באפעלקערונג**: בערך 800.000. 80 פראצענט פון די אלבאניער זענען מאכמעדאנער, 10 פראצענט קאטאליקן און קרוב 10 פראצענט פראוואסלאווע. **הויפט-שטאט**: טיראנע. **פאליטישע ארדנונג**: אלבאניע איז א רעפובליק מיט א פארלאמענטארישער רעגירונג. דער פארלאמענט איז א צווייקאמערדיקער. דער פרעזידענט ווערט געוויילט דורך דער נאציאנאלער פארזאמלונג. דער ביזאיצטיקער פרעזידענט אכמעט דאגו האט זיך געקרוינט אין 1928. איצט איז אלבאניע א קאנסטיטוציאנעלע מאנארכיע.

**אנדארא** — א קליינע רעפובליק מיט א פעאדאלן כאראקטער, געפינט זיך צווישן פראנקרייך און שפאניע אונטערן פראטעקטאראט פון פראנקרייך און שפאנישן בישאף אורגעל. אנדארא צאלט א יערלעכן אפצאל: פראנקרייך 960 פראנק, דעם בישאף 460 פראנק. **שטח**: 452 קוו. קמ. **באפעלקערונג**: בערך 5000. **שפראך**: קאטאלאניש. **הויפט-שטאט**: אנדארא לא וויערא.

**אפגאניסטאן** — א מלוכה אין מיטל-אזיע. **שטח**: 700.000 קוו. קמ. **באפעלקערונג**: בערך 7 מיליאן. די אפגאניסטאנער זענען מייסטנס סוניטן (מאכמעדאנער). **הויפט-שטאט**: קאבול (**באפעלקערונג**: בערך 150 טויזנט איינוו.). **מלוכה**-

אָרדנונג: אַן אַבסאָלוטע מאָנאַרכיע (עמיראַט) מיט אַ פאָרשטייערשאַפט פון דער באַפעלקערונג, וואָס הייסט: „דער גרויסער ראַט". דער איצטיקער עמיר: אַמאַנוללאַ־כאַן, הערשט פון 1919 אָן. עקספּאָרט: האָלץ, תבואה, בהמות א. א. וו.; אימפּאָרט: באַוול, צוקער א. א. וו. אין אַפג. געפינען זיך גרויסע זייד־שפּינערייען און וועבערייען, ס'ווערן אויך אויסגעאַרבעט טייערע טעפּיכער. די צאָל ייִדן: בערך 40.000 נפשות.

**אַראַביע** — דער אַראַבישער האַלבאינדזל אין מערב־אַזיע האָט פאַר דער וועלט־מלחמה געהערט צו טערקיי, הײַנט געפינען זיך דאָרט אַ ריי לענדער און שבטים, פאָרמעל אומאָפּהענגיקע, אָבער פאַקטיש זענען זיי אָפּהענגיק פון ענגלאַנד. דער טראַקטאַט פון דער קאָאַליציע מיט טערקיי, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אין לאָזאַן (1923), האָט סאַנקציאָנירט דעם פאַקטישן צושטאַנד פון 1916 י., ווען דער עמיר פון העדזשאַס, געשטיצט דורך די ענגלענדער, האָט דערקלערט זײַן אומאָפּהענגיקייט און האָט זיך פּראָקלאַמירט פאַר אַ קעניג. גלײַכצײַטיק האָבן זיך אַנדערע עמיראַטן דערקלערט אַלס פרײַע מלוכות. העדזשאַס איז די וויכטיקסטע פון אַלע אַראַבישע מלוכות, ווײַל אין איר געפינען זיך די צוויי הייליקע מאַכמעדאַנישע שטעט: מעקאַ און מעדינאַ. דער שטח פון העדזשאַס: 440.000 קוו. קמ., אויף וועלכן ס'וווינט אַ באַפעלקערונג פון קרוב צו 1 מיליאָן אײַנוווינער. דער הערשער: קעניג הוסיין איבן אַלי (ביז 1924). הויפּט־שטאָט: מעקאַ. אין 1924, נאָך דעם ווי די טערקישע רעגירונג האָט מבטל געמאַכט דעם קאַליפאַט, האָט זיך הוסיין פּראָקלאַמירט פאַר קאַליף. קעגן דעם איז אַרויסגעטרעטן דער וואַהאַביטן־שבט (סולטאַן נייד איבן־סואַד), וועלכער האָט איינגענומען מעקאַ און אַראָפּגעזעצט דעם קעניג הוסיין פון טראָן. אין 1925 האָבן די וואַהאַביטן איינגענומען מעדינאַ און דזשעבבאַ און אַזוי־אַרום געמאַכט אַ סוף צו הוסיינס ממשלה. עקספּאָרט: לעדער, באַוול, גומען; אימפּאָרט: שפּייז און בוי־מאַטעריאַלן. אַנדערע עמיראַטן אין אַראַביע: נייד, האַסאַ, סהאַמאַר, אַסיר, יעמען א. א. וו. דער סולטאַנאַט אָמאַן איז געווען אַ פרײַע מלוכה נאָך פאַר דער וועלט־מלחמה. הויפּט־שטאָט: מוסקאַט. שטח: קרוב צו 192.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג: קרוב צו אַ 1/2 מיליאָן.

העררשער: דער סולטאַן סאַיד בייזול בין טורני (אָנגעהויבן צו הערשן 1913). פּאָליטישע אָרדנונג: אַן אַבסאָלוטע מאָנאַרכיע, געפינט זיך אונטער ענגלישע איינפלוס. די צאָל ייִדן (1922): בערך 25.000.

**אַרגענטינע** — אַ רעפּובליק אין דרום־אַמעריקע. שטח: 2.790.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1923): קרוב צו 9.500.000. רעליגיע: מערסטנס קאַטאָליקן. נאַציאָנאַליטעטן: אַרגענטינער (1914)—5.527.000, פרעמדע — 2.357.000 (איטאַליענער 929.000, שפּאַניער 829.000). רעגירונגס־שפּראַך: שפּאַניש. הויפּט־שטאָט: בוענאָס איירעס (1.674.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: שטאַטן־רעפּובליק פון 14 אויטאָנאָמע פּראָווינצן און 10 טעריטאָריעס. דער פּרעזידענט ווערט אויסגעווײלט יעדע 6 יאָר דורך ספּעציעלע עלעקטאָרן, שטייט בראש פון דער אויספירונגס־מאַכט, באַשטימט מיניסטאָרן. די רעגירונג איז נישט קיין פּאַרלאַמענטאַרישע. די געזעצגעבערישע מאַכט געפינט זיך אין די הענט פון קאָנגרעס, וואָס באַשטייט פון אַ דעפּוטאַטן־קאַמער און אַ סענאַט. עקספּאָרט (1923): תּבואה 414 מיליאָן פּעזעס, פי 323 מיל. אַ. אַ. וו. אימפּאָרט: וואָל־אויסאַרבעטונגען—בערך 274 מיל., שטאָל־ און אייזן־אויסאַרבעטונגען—בערך 132 מיל., שפּייז־פּראָדוקטן—בערך 81 מיל. אַ. אַ. וו. וואַלוטע: פּעזאָס, בערך 32 סענט. ייִדן געפינען זיך אין אַ. קרוב צו 120.000 נפשות, פון זיי זענען בערך 25.000 קאָלאָניסטן (אין די קאָלאָניעס פון באַראָן הירש). די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): 143.000.

**אַרמעניע** — צעטיילט צווישן רוסלאַנד, טערקיי און פּערסיע. אין 1918 האָט דער טייל אַרמעניע, וואָס געהערט צו רוסלאַנד, זיך דערקלערט פאַר אומאָפּהענגיק און איז אָנגענומען געוואָרן אין פעלקער־בונד (1920). אין 1921 ווערט דאָסדאָזיקע לאַנד איינגענומען דורך די באָלשעוויקעס און איז אַ טייל פון דער קאווקאַזער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע פון דער סאָוויעטישער רעפּובליק. שטח: בערך 30.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג: (1916)—קרוב צו 1.200.000. הויפּט־שטאָט: ערוואַן. די צאָל ייִדן (1927) — קרוב צו 4000.

**באָליוויע** — א מלוכה אין דרום-אמעריקע. (**באָליוויע** ווערט אָנגערופן אויפן נאָמען פון סימאָן באָליוואַר, דער קעמפער קעגן לכּאַניען פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון דרום-אמעריקע). **שטח:** 1,334,000 קוו. קמ. **באַפעלקערונג** (1922) — 2,900,000. א העלפט דערפון: אינדיאַנער, די אַנדערע העלפט: א טייל ווייסע, א טייל געמישטע. די עפנטלעכע רעליגיע: קאַטוילישע. **הויפּט-שטאָט:** סוקרע (לאַ-פּאַז) מיט 20,000 איינוו. **פּאָליטישע אָרדנונג:** א דעמאָקראַטישע רעפּובליק. די געזעצגעבערישע מאַכט געהערט צום נאַציאָנאַלן קאָנגרעס, וואָס באַשטייט פון 2 קאַמערן. וואַל-רעכט האָט יעדער בירגער, וואָס קען לעזן און שרייבן. די סענאַטאָרן ווערן געוויילט אויף 6 יאָר, די דעפּוטאַטן — אויף 5 יאָר. **עקספּאָרט:** מערסטנס צין. **אימפּאָרט:** מערסטנס פאַבריק-אויסאַרבעטונגען און שפּייז-פּראָדוקטן. **וואַלוטע:** באָליוויאַנאָ=30 סענט בערך.

**בולגאַריע** — א מלוכה אויפן באַלקאַנישן אינדזל. **שטח:** 103,000 קוו. קמ. **באַפעלקערונג** (1922)—4,950,000. די אָפּיציעלע רעליגיע: פּראַוואָסלאַווישע. אין יאָר 1910 זענען געווען 3,644,000 פּראַוואָסלאַוונע, 602,000 מאַכמעדאַנער, 40,000 יידן און 32,000 קאַטאָליקן. **הויפּט-שטאָט:** סאָפיא (154,000 איינוו.). **פּאָליטישע אָרדנונג:** א קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע, וואָס גייט איבער בירושה. **הערשער:** קעניג באָריס III (דינאַסטיע זאַקסן-קאָבורג און גאָטאַ), אַרויף אויפן טראָן נאָך דער אבדיקאַציע פון זיין פאָטער (1918). דער הערשער מוז זיין א פּראַוואָסלאַוונער. דער פּאַרלאַמענט איז אַן איינקאַמערדיקער (סאָבראַניע), באַשטייט פון 227 דעפּוטאַטן, וואָס ווערן געוויילט אויף 4 יאָר. די מיניסטאָרן ווערן באַשטימט דורכן קעניג, אָבער זיי זענען פּאָליטיש פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פּאַרלאַמענט. נאָך דער רעוואָלוציע און דערמאָרדונג פון פּרעמיער סטאַמבולינסקי (פּאָלקס-פּאַרטיי) זענען פאָרגעקומען אין 1923 נייע וואַלן, ביי וועלכע די רעגירונגס-פּאַרטיי האָט באַקומען 201 מאַנדאַטן, פּאָלקיסטן און קאָמוניסטן 39 מ., נאַציאָנאַל-ליבעראַלן 7 מ. **עקספּאָרט** (1923): טאַבאַק (בערך 1,064,000 לעוון), תבואה (530,000 ל.), קוקורוזע (503,000 ל.) א. א. וו. **אימפּאָרט:** וואָל-אויסאַרבעטונגען (2,239,000 ל.), מעטאַלן (636,000 ל.), מאַשינען (393,000 ל.).

לעדער (306.000 ל.) א. א. וו. וואלוטע: לעווא=0,007 דאָלאַר בערך. די צאָל יידן אין ב. באַטרעפט בערך 40.000 (1921). די צאָל אָרגאַניזירטע ארבעטער (1924)—50.000

**בייערן** — א מלוכה, וואָס איז אַ טייל פון דער דייטשער רעפּובליק. שטח (אָן סאַאַר־געביט) — 75.981 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1919)—7.054.000. רעליגיעס: בערך 5 מיליאָן קאַטאָליקן, 2 מיליאָן פּראָטעסטאַנטן, 50.000 יידן. פּאָליטישע אָרדנונג: אויפן סמך פון דער קאָנסטיטוציע פון 1919 פירט־אויס די געזעצגעבערישע מאַכט דער לאַנדטאַג, וואָס באַשטייט פון 180 דעפּוטאַטן, אויסגעוויילטע דורכן פינפפאַכיקן וואַל־סיסטעם. בראש פון דער אויספירונגס־מאַכט שטייט דאָס שטאַאטס־מיניסטעריום, צוזאַמענגעשטעלט פון 8 מיניסטאָרן, געוויילטע דורכן לאַנדטאַג. הויפּט־שטאָט: מינכען (650.000 איינוו.). אין אַפּריל 1919 איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין בייערן א ראַטן־רעפּובליק (קאָמוניסטישע), צו וועלכער ס׳האָט געמאַכט אַ סוף דאָס רייך־מיליטער אין מאַי 1919. בייערן האָט איר דיפּלאָמאַטישע פאָרשטייערשאַפט אין בערלין, שטוטגאַרט און ביים וואַטיקאַן.

**בעלגיע** — גרענעצט זיך פון צפון מיט האָלאַנד און צפון־ים, פון דרום און מערב מיט פראַנקרייך, פון מזרח מיט דייטשלאַנד. שטח: 30.488 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1922) — $7^1/_2$ מיל., ס׳רוב קאַטאָליקן, אַ העלפט וואַלאָנער (פון פראַנצ. אָפשט., רעדט פראַנצויזיש), און אַ העלפט — פלעמער (פון דייטשער אָפשט., רעדט פלעמיש). הויפּט־שטאָט: בריסעל (803.000 איינוווינער). פּאָליטישע אָרדנונג: אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע. הערשער: קעניג אַלבערט I פון דער דינאַסטיע זאַקסען־קאָבורג־גאָטא. די בעלגישע קאָנסטיטוציע פון 1831 שטיצט זיך אויפן פּרינציפּ פון פאָלקס־הערשאַפט און גיט דעם קעניג נאָר געווויסע רעכט, וועלכע ווערן קלאָר אָנגעוויזן אין דער קאָנסטיטוציע. דער פּאַרלאַמענט באַשטייט פון 2 קאַמערן. די דעפּוטאַטן־קאַמער ציילט 186 דעפּוטאַטן, געוויילטע דורך אַלגעמיינע, דירעקטע און פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן (פרויען האָבן ביזט קיין וואַל־רעכט); דער סענאַט באַשטייט פון 153 סענאַטאָרן, אַ טייל געוויילט דורך די זעלבסטפאַרוואַלטונגס־אָרגאַנען, אין אַ טייל

דירעקט דורך דער באפעלקערונג. די פראווינצן און דארפס-געמיינדעס גענעסן פון א ברייטער זעלבסטפארוואלטונג. פאליטישע פארטייען: קאטוילישע פארטיי, ליבעראלן, סאציאליסטן; ס'ומען אויך פאר רייבונגען צווישן די וואלאנער און פלעמער. לעצטנס איז געשאפן געווארן א פלעמישע פארטיי (אזוי-גערופענע אקטיוויסטן, וואס פאדערן אויטאנאמיע פאר פלאמאנדיע). בעת די לעצטע וואלן צו דער דעפוטאטן-קאמער אין 1925 האבן באקומען מאנדאטן: 1) קאטאליקן 78, 2) סאציאליסטן 78, 3) ליבעראלן 23, 4) פלעמער 5, 5) קאמוניסטן 2. עקספארט (1923): פאבריק-אויסארבעטונגען (פאר בערך 5 מיליארד בעלגישע פראנקן), רוי-שטאפן (קוילן, צוקער א. א. פאר $2^1/2$ מיליארד ב. פ.). אימפארט: רוי-שטאפן (תבואה, באוול, וואל, קוילן א. א. וו. בערך פאר 22 מיליארד), שפייז-פראדוקטן און משקאות (פאר בערך 3 מיליארד ב. פ.) א. א. וו. וואלוטע: פראנק=0,05 דאלאר). די צאל יידן (1920)—44.000. די צאל ארגאניזירטע ארבעטער (1924)—745.000.

**בראזיליע** (פייער-טאפ, ד. ה. א הייס לאנד) — די גרעסטע מלוכה אין דרום-אמעריקע. שטח: 8.520.000 קוו. קמ. באפעלקערונג (1920)—30.636.000. רעליגיעס: דאס מערסט קאטאליקן. שפראך: פארטוגעזיש. ס'רוב אימיגראנטן: איטאליענער. הויפט-שטאט: ריא דע זשאנייראָ (1.158.000 איינוו.). פאליטישע ארדנונג: א פעדעראטיווע רעפובליק פון 20 מלוכות. יעדע פון די 20 מלוכות האט איר אייגענע קאנסטיטוציע און אן אייגענעם געריכטס- און אדמיניסטראציע-וועזן. לויט דער פעדעראלער קאנסטיטוציע פון 1891 געהערט די געזעצגעבערישע מאכט צום קאנגרעס, וואס באשטייט פון 2 קאמערן; די דעפוטאטן ווערן געוויילט דורך דירעקטע וואלן; די סענאטארן ווערן געוויילט צו 3 פון יעדער מלוכה; א סענאטאר מוז האבן געענדיקט לכל-הפחות 35 יאר. דער רעפובליק-פרעזידענט ווערט געוויילט אויף 4 יאר דורך דירעקטע וואלן פון גאנצן פאלק. אן פארלאמענט-רעגירונגען. עקספארט (1922)—קאווע (פאר 1.500.000 מילרייס), צוקער (115.000 מילרייס), לעדער (105.000 מ.), טאבאק א. א. וו. אימפארט: מאשינען (193.000 מ.), תבואה (169.000 מ.), אייזן און שטאל

137.000 מ.) א. א. וו. וואלוטע: מילרייס=80 סענט בערך. די צאל יידן (1920)—בערך 7.000.

**גוואטעמאלא** — א קליינע רעפובליק אין מיטל-אמעריקע. שטח: בערך 110 טויזנט קוו. קמ. באפעלקערונג: 2 מיליאן, אינדיאנער, שפאניער און געמישטע. רעליגיע: קאטוילישע. הויפט-שטאט: גוואטעמאלא (בערך 100.000 איינוו.). פאליטישע ארדנונג: א רעפובליק אן פארלאמענטארישע רעגירונגען. די געזעצגעבערישע מאכט (קאנגרעס) — א צווייקאמערדיקע; די דעפוטאטן ווערן געוויילט דורך אלגעמיינע, דירעקטע וואלן. דער פרעזידענט ווערט געוויילט דירעקט דורכן פאלק אויף 6 יאר. עקספארט (1922): קאווע (בערך פאר 9.200.000 דאלאר), באנאנען (1.200.000 דאלאר) א. א. וו. אימפארט: באוול (בערך פאר 2.700.000 ד.), תבואה און מעל (בערך 600.000 ד.) א. א. וו. וואלוטע: פעזא= 0,015 דאלאר בערך.

**גרוזיע** — א קאווקאזער סאוויעטישע רעפובליק, א טייל פון דער קאווקאזער סאציאליסטישער פעדעראציע פון די סאוו. רעפ. שטח: בערך 70.000 קוו. קמ. באפעלקערונג: $2^1/_2$ מיליאן בערך. הויפט-שטאט: טיפליס (בערך 250.000 איינוו.). די צאל יידן (1922)—25.000 נפשות.

**גריכנלאנד** — א דרום-אייראפעאישע מלוכה ביים מיטללענדישן ים. שטח: בערך 130.000 קוו. קמ. באפעלקערונג: בערך 5.800.000. פאליטישע ארדנונג: אין יאר 1923 איז פארגעקומען א מיליטערישע רעוואלוציע, וואס האט גורם-געווען צו דער אבדיקאציע פון קעניג געא-ג III, און די אויסגעוויילטע נאציאנאלע פארזאמלונג האט פראקלאמירט א רעפובליק. פאר פרעזידענט איז אויסגעוויילט געווארן אדמיראל קאנדוריאטיס. אין סעפטעמבער 1925 איז געשאפן געווארן א נייע קאנסטיטוציע, דערנאך איז די נאציאנאל-פארזאמלונג אויפגעלייזט געווארן דורך פאנגאלאס. אין יאנואר 1926 האט גענעראל פאנגאלאס דורכגעפירט א מלוכה-איבערקערעניש און האט געענדערט די קאנסטיטוציע אין דעם זין, אז דעם פרעזידענט ווילט דאס גאנצע פאלק, גלייכצייטיק האט דער פרעזידענט דאס רעכט פאנאנדערצולאזן דעם פארלאמענט. אין יולי 1926

איז פּאַנגאַלאָס אויסגעוויילט געוואָרן פאַר אַ מלוכה-פּרעזידענט מיט אַ מערהייט שטימען. אין אויגוסט 1926 האָט גענעראַל קאָנדיליס דורכגעפירט אַ מלוכה-איבערקערעניש און האָט אַרעסטירט פּאַנגאַלאָסן. מלוכה-פּרעזידענט איז ווידער געוואָרן אדמ. קאָנדוריאָטיס, און קאָנדיליס — פּרעמיער. אין אָקטאָבער 1926 איז באַנייט געוואָרן די קאָנסטיטוציע פון 1925 און ס'זענען באַשטימט געוואָרן וואַלן צום פּאַרלאַמענט, וואָס האָבן געגעבן אַ מערהייט די רעפּובליקאַנער. עקספּאָרט (1923)—ערד-פּראָדוקטן (פאַר אַן ערך 2 מיליאַרד דראַכמעס), אייל (130 מיליאָן ד.) א. א. וו. אימפּאָרט: ערד-פּראָדוקטן ($2\frac{1}{2}$ מיליאַרד ד.), באַוול-אויסאַרבעטונגען (1 מיליאַרד ד.), מעטאַלן און מינעראַלן (420 מיליאָן), צוקער און שפּייז-פּראָדוקטן (320 מיליאָן) א. א. וו. וואַלוטע: דראַכמע=0,017 דאָלאַר. די צאָל יידן: בערך 120.000 (1919). די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): 170.000.

**דאָמיניקאַ** — אַ קליינע רעפּובליק אין מיטל-אַמעריקע, פאַרנעמט דעם מזרח-טייל פון אינדזל האַיטי. שטח: בערך 50.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1921): בערך 900.000. אָפיציעלע רעליגיע: קאַטוילישע. הויפּט-שטאָט: סאַן-דאָמינגאָ. פּאָליטישע אָרדנונג: אַ רעפּובליק אָן פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. דער פּאַרלאַמענט איז אַ צווייקאַמערדיקער. דער פּרעזידענט ווערט געוויילט אויף 6 יאָר פון דער גאַנצער באַפעלקערונג דורך דירעקטע וואַלן. עקספּאָרט: צוקער, קאַקאַאָ, א. א. וו. אימפּאָרט: שפּייז-פּראָדוקטן, באַוול-אויסאַרבעטונגען א. א. וו. וואַלוטע: פּעזאָ=1 דאָלאַר.

**דאַנציג** — אַ פרייַשטאָט (דורכן ווערסאַלער טראַקטאַט אין 1919). פאַר דער וועלט-מלחמה געהערט צו דייטשלאַנד. שטח: 1.914 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1924)—384.000, צווישן 220.000, קאַטאָליקן — 140.000. צו דער פרייַשטאָט דאַנציג געהערן: 1) די שטאָט (דאַנציג), 2) צאָפּאָט, 3) דאָס דאַנציגער פלאַך-לאַנד, 4) דאָס דאַנציגער בערג-לאַנד, 5) גרויס-זשולאַוו. פּאָליטישע אָרדנונג: דער יוריד יש-מלוכהשער כאַראַקטער פון דאַנציג איז נישט קלאָר אָנגעצייכנט געוואָרן דורכן ווערסאַלער טראַקטאַט, און דאָס איז די סיבה פון פּאָליט. סכסוכים. די שוץ איבער די דאַנציגער בירגער אין

איסלאַנד געהערט צו פוילן, צו וועלכער ס׳געהערן אויך מיט אַ קליי־נעם אויסנאַם: באַן, פּאָסט, טעלעגראַף, טעלעפאָן. פוילן פאַרוואַלטעט אויך מיטן דאַנציגער פּאָרט; די פוילישע בירגער זענען גלייכבאַרעכטיגט מיט די דאַנציגער בירגער. אויפן סמך פון פויליש־דאַנציגער קאָנווענט (געשלאָסן אין 1924 אין פּאַריז) איז געשאַפן געוואָרן אַ פּאָרט־ראַט, וואָס באַשטייט פון אַ גלייכער צאָל מיטגלידער, פאָרשטייער פון פוילן און פון דאַנציג, אונטער דער ליַיטונג פון אַ הויך־קאָמיסאַר פון פעל־קער־בונד. אַלע סכסוכים צווישן פוילן און דאַנציג מוזן איבערגעגעבן ווערן דעם הויך־קאָמיסאַר. **אינערלעכע אָרדנונג:** די געזעצ־געבערישע מאַכט געהערט צום פאָלקס־טאַג, וואָס באַשטייט פון 120 דעפּוטאַטן, געווײַלטע אויף 4 יאָר דורך 5־פאַכיקע וואַלן. די העכסטע רעגירונגס־אינסטאַנץ איז דער סענאַט, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט פון פּרעזידענט און פון 20 סענאַטאָרן, געווײַלטע דורכן פאָלקס־טאַג. בײַ די וואַלן צום פאָלקס־טאַג אין 1923 האָבן דאָס מערסט מאַנדאַטן באַ־קומען די דײַטשע נאַציאָנאַליסטן—34 מאַנדאַטן, סאָציאַליסטן—30 מ., קאַטוילישער צענטער—15 מ., אַנדערע דײַטשע פּאַרטייען—25 מ., פּאָליאַקן—5 מ. **שיפס־פאַרקער:** אין 1924 האָבן זיך אָפּגע־שטעלט בײַם דאַנציגער פּאָרט 3.312 שיפן: דייטשע—1.550, דאַנצי־גער—474, דענישע - 415, שוועדישע—226, ענגלישע—217 א. א. וו.; **לאָדונג:** 1.634.970 טאָן. **וואַלוטע:** דאַנציגער גולדען=0,17 סענט בערך. די צאָל יידן באַטרעפט בערך 15.000.

**דייטשלאַנד** — גרענעצט זיך פון צפון־זייט מיטן צפון־ים, פון מזרח מיט פוילן, פון דרום מיט עסטרייך און שווייץ, פון מערב מיט פראַנקרייך, בעלגיע און האָלאַנד. **שטח:** בערך 472.000 קוו. קמ. (דע־פון פּרייסן—293.000 קוו. קמ., בײַערן—76.000). **באַפעלקע־רונג** (1919) — בערך 60 מיליאָן. **רעליגיעס:** עוואַנגעליער בערך 38 מיליאָן, קאַטוילן 20 מיליאָן, יידן 700.000. **הויפּט־שטאָט:** בערלין (בערך 4 מיליאָן איינוו.). **פּאָליטישע אָרדנונג:** אַ פעדעראַטיווע רעפּובליק מיט פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. באַ־שטייט איצט פון 18 לענדער (אַנהאַלט, באַדען, בײַערן, ברוינשווייג, ברעמען, האַמבורג, העססען, ליפּפּע, לובעק, מעקלענבורג־שווערין, מעק־לענבורג־סטרעליץ, אָלדענבורג, פּרייסן, זאַקסען, שאַמבורג־ליפּפּע, טי־

 דייטשלאַנד

רינגען, וואַלדעק, ווירטעמבערג). יעדע פון דידאָזיקע לענדער רעכנט זיך פאַר אַ מלוכה, האָט אַן אייגענעם פּאַרלאַמענט, אַן אייגענע רעגירונג און אַן אייגענע געזעצגעבונג, וואָס איז אָנגעצייכנט אין דער קאָנסטיטוציע פון דער דייטשער רעפּובליק. לויט דער קאָנסטיטוציע פון 1919 געהערט די געזעצגעבערישע מאַכט צום צווייקאַמערדיקן פּאַרלאַמענט: רייכסטאַג, רייכסראַט. די דעפּוטאַטן פון רייכסטאַג ווערן געוויילט אויף 4 יאָר דורך אַלגעמיינע און דירעקטע וואַלן. וואַל-רעכט האָבן מענער און פרויען אין עלטער פון 20 יאָר. די צאָל מאַנדאַטן ווערט נישט פאָרויסגעזען אין דער קאָנסטיטוציע. לויט דער וואַל-אָרדינאַציע גיבן 60.000 שטימען איין מאַנדאַט, די רעשטלעך שטימען ווערן פאַררעכנט אויף דער מלוכה-ליסטע. איצט זענען פאַראַן 493 דעפּוטאַטן. דער רייכסראַט באַשטייט פון 66 רעפּרעזענטאַנטן פון די לאַנדס-רעגירונגען (פּרייסן—26, בייערן—10). דער רייכסטאַג נעמט-אָן געזעצן; אָבער דער רייכסראַט האָט רעכט די אָנגענומענע געזעצן אָפּצוּוואַרפן. אין פאַל ווען אַ געזעץ, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן דורכן רייכסטאַג, ווערט אָפּגעוואָרפן דורכן רייכסראַט, קאָן דער רעפּ.-פּרעזידענט פאָדערן אַ רעפערענדום, אָדער דאָסדאָזיקע געזעץ ווערט באַטראַכט פאַר נישט-גילטיק. ווען אָבער דערזעלבער געזעץ-פּראָיעקט ווערט אַ צווייט מאָל אָנגענומען מיט אַ מערהייט פון 2/3 שטימען, מוז אים דער פּרעזידענט פּובליקירן אַלס געזעץ, אָדער פאַראָרדענען אַ רעפערענדום. דער רעפּ.-פּרעזידענט ווערט געוויילט אויף 7 יאָר דורכן גאַנצן דייטשישן פאָלק און דורך דירעקטע וואַלן. דער פּרעזידענט רעפּרעזענטירט די מלוכה, נאָמינירט און באַפרייט באַאַמטע און אָפיצירן און איז גלייכצייטיק הויפּט-קאָמאַנדיר פון דער אַרמיי; ער קאָן אויך פאַנאַנדערלאָזן דעם רייכסטאַג. די רעפּ. רעגירונג ווערט נאָמינירט דורכן פּרעזידענט און איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן רייכסטאַג (פּאַרלאַמענט-רעגירונג). **פּאָליטישע פּאַרטייען**: די וואַלן צום רייכסטאַג אין דעצעמבער 1924 האָבן געגעבן דעם פאָלגנדיקן רעזולטאַט: סאָציאַל-דעמאָקראַטן 131 מאַנדאַטן, נאַציאָנאַלע דייטשע פאָלקס-פּאַרטיי 103 מ., קאַטוילישער צענטר 69 מ., דייטשע פאָלקס-פּאַרטיי 51 מ., קאָמוניסטן 45 מ., דעמאָקראַטן 32 מ., בייערישע פאָלקס-פּאַרטיי 19 מ., ווירטשאַפטס-פּאַרטיי 17 מ., נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטן 14 מ., אַגראַר-ליגע 8 מ., האַנאָווער-פּאַרטיי 4 מ. **עקספּאָרט** (1925): בערך 8 מיליאַרד

מיט 800 מיליאָן מאַרק; דערפון: פאַבריק־אויסאַרבעטונגען 6 מיליאַרד מיט 600 מיליאָ, רוי־שטאָפן אין האַלב־פאַבריקאַטן 1 מיליאַרד מיט 600 מיליאָן, שפייז־פּראָדוקטן און משקאות 500 מיליאָ, פּי 15 מיליאָן א. א. וו. אימפּאָרט: בערך 12 מיליאַרד מיט 400 מיליאָן מאַרק; דערפון רוי־שטאָפן און האַלב־פאַבריקאַטן 6 מיליאַרד מיט 300 מיליאָן שפייז־פּראָדוקטן 4 מיליאַרד, פאַבריק־אויסאַרבעטונגען 2 מיליאַרד, פּי 120 מיליאָן. וואַלוטע: מאַרק=24 סענט בערך. די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): בערך 9,193,000.

**דענעמאַרק** — אַ צפון־אייראָפּעאישע מלוכה, אַ האַלב־אינדזל, פון דריי זייטן אַרומגערינגלט פון צפון־ים און פון באַלטישן ים. שטח: 149,000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1921) — 3,400,000; דערפון אין אייגנטלעכן דענעמאַרק 3,285,000, אין איסלאַנד בערך 100 000 און אין גרענלאַנד בערך 15,000. די הערשנדע רעליגיע איז די לוטעראַנישע. הויפּט־שטאָט: קאָפּענהאַגען (710,000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע, וואָס גייט־איבער בירושה. הערשער: קעניג כריסטיאַן X, פון דער דינאַסטיע שלעזוויג־האָלשטיין. דער פּאַרלאַמענט איז אַ צווייקאַמערדיקער. די דעפּוטאַטן־קאַמער ווערט געוויילט אויף 4 יאָר דורך אַלגעמיינע, דירעקטע און פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן. די סענאַטאָרן ווערן געוויילט אויף 8 יאָר. פּאַרלאַמענט־רעגירונגען. איסלאַנד איז פאַרייניקט מיט דענעמאַרק פון 1918 אָן. די וואַלן צום פּאַרלאַמענט אין 1924 האָבן געגעבן פאָלגנדיקן רעזולטאַט: סאָציאַליסטן 55 מ., לינקער צענטער 45 מ., קאָנסערוואַטאָרן 28 מ., ראַדיקאַלן 20 מ., דייטשן 1 מ. עקספּאָרט (1923): מילך־פּראָדוקטן—פאַר בערך 500 מיליאָן דענישע קראָנען, פליייש און חזיר־פעטס—480 מ., אייער—120 מ. א. א. וו. אימפּאָרט: שפייז־פּראָדוקטן—280 מ., באַוול־אויסאַרבעטונגען—180 מ., אייזן און שטאָל—170 מיל. א. א. וו. וואַלוטע: דענישער קראָן=17 סענט בערך. די צאָל יידן (1922): בערך 7,000. די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924) — 302,000.

**האַיטי** — אַ קליינע רעפּובליק אין מיטל־אַמעריקע, פאַרנעמט דעם מערב־טייל פון אינדזל האַיטי. שטח: בערך 29,000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1923): בערך 2,000,000, ס׳מערסט נעגער. אָפי־

**ציעלע רעליגיע:** קאַטוילישע. **הויפּט-שטאָט:** פּאָרט-אָ-פּרינץ (בערך 120.000 איינוו.). **פּאָליטישע אָרדנונג:** אַ צוויי-קאַמערדיקער פּאַרלאַמענט. דער פּרעזידענט ווערט געוויילט אויף 4 יאָר דורך דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט פון ביידע קאַמערן. פון 1915 אָן איז האַטי אונטער דער קאָנטראָל פון די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס זענען דאָרט רעפּרעזענטירט דורך אַ הויך-קאָמיסאַר. **עקספּאָרט:** ס'מערסט קאַווע. **אימפּאָרט:** באַוול-אויסאַרבעטונגען, מעל א. א. וו. **וואַלוטע:** גורדע=20 סענט בערך.

**האָלאַנד** — גרענעצט זיך פון מערב און צפון מיטן צפון-ים, פון דרום מיט בעלגיע און פון מזרח מיט דייטשלאַנד. **שטח:** בערך 34.000 קוו. קמ. **באַפעלקערונג** (1924): בערך 7.200.000. **רעליגיעס:** פּראָטעסטאַנטן בערך 3.500.000, קאַטוילן בערך 2.300.000. **הויפּט-שטאָט:** אַמסטערדאַם (בערך 700.000 איינוו.). **פּאָליטישע אָרדנונג:** אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע מיט פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. **די הערשערין:** קעניגין ווילהעלמינאַ, פון הויז נאַססוי פון אָראַניע. דער פּאַרלאַמענט איז אַ צווייקאַמערדיקער. די דעפּוטאַטן צום פּאַרלאַמענט ווערן געוויילט אויף 4 יאָר דורך אַלגעמיינע, דירעקטע און פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן. דער סענאַט באַשטייט פון רעפּרעזענטאַנטן פון די באַזונדערע פּראָווינציעלע לאַנדטאַגן, געוויילט אויף 9 יאָר. האָלאַנדס הויפּט-קאָלאָניע איז דער אינדזל יאַוואַ אין אַזיע (בערך 34 מיליאָן נפשות). **עקספּאָרט** (1924): בערך 1 מיליאַרד מיט 660 מיליאָן גולדען; דערפון באַוול-אויסאַרבעטונגען 155 מ., גאָלד און זילבער 141 מ., צוקער 80 מ., קעז 74 מ., פּוטער 69 מ., קוילן 65 מ. א. א. וו. **אימפּאָרט:** בערך 2 מיליאַרד מיט 360 מיליאָן; דערפון תבואה און מעל 304 מ., באַוול-אויסאַרבעטונגען 294 מ., קוילן 127 מ., האָלץ 126 מ. א. א. וו. **וואַלוטע:** גולדן=40 סענט בערך. די צאָל יידן: בערך 125.000. די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): 545.000.

**האָנדוראַס** — אַ קליינע רעפּובליק אין מיטל-אַמעריקע. **שטח:** 100.248 קוו. קמ. **באַפעלקערונג** (1924): בערך

670.000 (חוץ אינדיאַנער). הערשנדיקע רעליגיע: קאַטוילישע. הויפּט-שטאָט: טעגוציגאַלפּאַ (בערך 40.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: אַ רעפּובליק אָן פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. דער איינקאַמערדיקער פּאַרלאַמענט ווערט געוויילט אויף 4 יאָר דורך אַלגעמיינע וואַלן. דער פּרעזידענט ווערט געוויילט אויף 4 יאָר פון דער גאַנצער באַפעלקערונג דורך דירעקטע וואַלן. עקספּאָרט: ס'מערסט באַנאַנעס. אימפּאָרט: ס'מערסט פאַבריק-אויסאַרבעטונגען. וואַלוטע: פּעזאָ=50 סענט בערך.

**ווייסרוסלאַנד** — איינע פון די פיר רעפּובליקן פון פאַרבאַנד פון די סאָוויעטישע רעפּובליקן. שטח: בערך 100.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1920): בערך 4 מיליאָן. הויפּט-שטאָט: מינסק (בערך 100.000 איינוו.). די צאָל יידן: בערך 400.000.

**ווענעזועלאַ** — אַ רעפּובליק אין דרום-אַמעריקע. (ווענעזועלאַ — קליין-ווענעדיק. די ערשטע שפּאַניער, וואָס זענען אַהין אָנגעקומען, זעענדיק די הייזלעך פון די איינגעבוירענע, געבויט אויף הויכע קלעצער אין וואַסער, האָבן זיי דאָסדאָזיקע לאַנד אַ נאָמען געגעבן ווענעזועלאַ, ד. ה. קליין-ווענעדיק; אויך אין ווענעדיק (איטאַליע) זענען די הייזער געבויט אויף קליינע אינדזלען, וואָס זענען פאַראייניקט דורך גאַסן-קאַנאַלן). שטח: בערך 1 מיליאָן קוו. קמ. באַפעלקערונג (1924): בערך 2.500.000, ס'מערסט קאַטוילן. הויפּט-שטאָט: קאַראַקאַס (בערך 92.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: אַ פעדעראַטיווע רעפּובליק, וואָס באַשטייט פון 20 שטאַטן. דער צווייקאַמערדיקער פּאַרלאַמענט ווערט געוויילט אויף 3 יאָר. דער פּרעזידענט ווערט געוויילט אויף 7 יאָר דורכן פּאַרלאַמענט. עקספּאָרט: ס'מערסט קאַווע און קאַקאַאָ. אימפּאָרט: ס'מערסט באַוול און מעל. וואַלוטע: באָליוואַר=20 סענט בערך. די צאָל יידן: בערך 1000 נפשות.

**טערקיי** — פאַר דער מלחמה האָט טערקיי זיך געפונען אין דריי וועלט-טיילן: אייראָפּע, אַזיע און אַפריקע. די וועלט-מלחמה האָט כמעט אינגאַנצן אַרויסגעשטויסן טערקיי פון אייראָפּע און בכלל פאַרקלענערט אירע טעריטאָריעס. איר איצטיקער שטח: 900.000

קוו. קמ. באַפעלקערונג: בערך 10 מיליאָן; דערפון 80% טערקן, 20% גריכן, אַרמענער, אַראַבער, יידן א. א. וו. די אָפיציעלע רעליגיע: איסלאַם. הויפּט־שטאָט: אַנגאָרא (בערך 35.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: א רעפּובליק מיט פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. דער איינקאַמערדיקער פּאַרלאַמענט ווערט געוויילט אויף 4 יאָר. דער מלוכה־פּרעזידענט ווערט אויסגעוויילט דורכן פּאַרלאַמענט (גרויסע נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג). איצטיקער פּרעזידענט: קעמאַל־פּאַשאַ (פון 1923 אָן). דער רעזולטאַט פון די וואַלן צום פּאַרלאַמענט (אין 1923): פאָלקס־פּאַרטיי (רעגירונגס־פּאַרטיי) 200 מאַנדאַטן, רעפּובליקאַנישע פּראָגרעסיווע פּאַרטיי 50 מ., קאָנסערוואַטאָרן 30 מ. עקספּאָרט (1923): בערך פאַר 145 מיליאָן טערקישע פונטן; דערפון: פּרוכטן און גריגסן 21 מ., טאַבאַק 20 מיליאָן, וואָל־שטאָפן 8 מיליאָן, בשמים און פאַרבן 7 מיל. א. א. וו. אימפּאָרט: באַוול פאַר 53 מ., צוקער און קאָלאָניאַל־פּראָדוקטן 15 מ., תבואה 15 מ. א. א. וו. וואַלוטע: טערקישער פונט=50 סענט בערך. די צאָל יידן אין אייראָפּ. טערקיי (1923): 125.000 און אין דער אַזיאַטישער טערקיי קרוב צו 70.000.

**טשילי** — א רעפּובליק אין דרום־אַמעריקע, גרענעצט זיך פון צפון־זייט מיט פּערו, פון דרום מיטן אייז־ים, פון מזרח מיט אַרגענטינע און פון מערב מיטן שטילן אָקעאַן. שטח: בערך 750.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1920): בערך 4 מיליאָן, ס'מערסט פון שפּאַנישער אָפּשטאַמונג, א קליינע צאָל אינדיאַנער. די אָפיציעלע רעליגיע: קאַטוילישע. הויפּט־שטאָט: סאַנטיאַגאָ (בערך 500.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: לויט דער קאָנסטיטוציע פון 1883, וואָס איז שוין אייניקע מאָל אויסגעבעסערט געוואָרן, איז די געזעצגעבערישע מאַכט א צווייקאַמערדיקע. דער סענאַט ווערט געוויילט דורך אַלגעמיינע וואַלן. דער פּרעזידענט ווערט געוויילט אויף 5 יאָר דורך ספּעציעלע עלעקטאָרן, וואָס ווערן אויסגעוויילט דורכן גאַנצן פאָלק. דער מלוכה־ראַט באַשטייט פון 11 מיטגלידער (א טייל נאָמינירטע, א טייל געוויילטע דורכן פּאַרלאַמענט), האָט ברייטע פולמאַכטן, די רעגירונגען זענען נישט קיין פּאַרלאַמענטאַרישע. עקספּאָרט (1923): סעליטרע — בערך פאַר 392 מיליאָן גאָלד־פּעזעס,

קופּער 124 מיל. ג.-פּ. א. א. וו. אימפּאָרט: באַוול-אויסאַרבע-טונגען פאַר 65 מיל. ג.-פּ., מאַשינען 28 מ., כעמישע אַרטיקלען 25 מ., צוקער 16 מ. א. א וו. וואַלוטע: גאָלד-פּעזאָ=36 סענט בערך; פּאַפּיר-פּעזאָ=10 סענט בערך. די צאָל יידן: 3000. אָרגאַניזירטע אַרבעטער: 200,000 (געהערן צום 3-טן אינטערנאַציאָנאַל).

**טשעכאָסלאָוואַקיי** — פאַר דער וועלט-מלחמה געהערט צו עסטרייך, איצט אַ זעלבשטענדיקע מלוכה. שטח: בערך 140,000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1921): בערך 13.600.000; דערפון 65% טשעכן, 24% דייטשן, 6% אונגאַרן, 3% רוטענער, 2½% יידן און 0,6% פּאָליאַקן. רעליגיעס: 10.400.000 קאַטוילן, 990,000 פּראָטעסטאַנטן, 725.000 רעליגיעלאָזע, גריכיש-קאַטוילישע און אַרמיאַנער 530.000, נאַציאָנאַלע קירך 525.000. הויפּט-שטאָט: פּראָג (676.000 איינוו.) פּאָליטישע אָרדנונג: אַ רעפּובליק מיט פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. לויט דער קאָנסטיטוציע פון 1920 איז דער פּאַרלאַמענט אַ צווייקאַמערדיקער. די דעפּוטאַטן (300) צום פּאַרלאַמענט ווערן געוויילט אויף 6 יאָר דורך פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן. די סענאַטאָרן (150) ווערן געוויילט אויף 8 יאָר. דער פּרעזידענט ווערט געוויילט אויף 7 יאָר דורך דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג. דער פּ. האָט דאָס רעכט פונאַנדערצולאָזן ביידע קאַמערן, ווי אויך דאָס רעכט פון „וועטאָ" אין אַלע געזעץ-פּראָיעקטן, וואָס ווערן אָנגענומען דורכן פּאַרל. און סענאַט. די מיניסטאָרן זענען פאַראַנטוואָרטלעך קאָנסטיטוציאָנעל און פּאָליטיש פאַר דער דעפּוטאַטן-קאַמער. דער איצטיקער פּרעזידענט: פּראָפ. ט. ג. מאַסאַריק (פון 1920). קאַרפּאַטן-רוס האָט אַן אויטאָנאָמיע מיט אַן אייגענעם פּאַרלאַמענט, וואָס האָט דאָס רעכט אָנצונעמען געוויסע געזעצן (שפּראַך, רעליגיע, בילדונג א. א. וו.); אַזעלכע געזעצן מוזן אָבער באַשטעטיקט ווערן דורכן רעפּובליק-פּרעזידענט. אין דער שפּיץ פון קאַרפּאַטן-רוס שטייט אַ שטאַטהאַלטער, וואָס ווערט באַשטימט דורכן פּרעזידענט. טשעכאָסלאָוואַקיי טיילט זיך אויף 5 פּראָווינצן: 1) בעהמען (6.670.000 נפשות); 2) מעהרן (2.600.000 איינוו.) (הויפּט-שטאָט: ברין—220,000 איינוו.); 3) שלעזיע (670.000 איינוו.); 4) סלאָוואַקיי (3.000.000 איינוווינער); 5) קאַרפּאַטן-רוס (600.000 איינוווינער).

**פּאָליטישע פּאַרטייען:** פויערים-פּאַרטיי; קאָמוניסטן; קאַטוילישע פאָלקיסטן; סאָציאַל-דעמאָקראַטן; נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטן; סלאָוואַקישע פאָלקס-פּאַרטיי; נאַציאָנאַלע דעמאָקראַטן; האַנדווערקער-פּאַרטיי און א[illegible]יקע דייטשע פּאַרטייען. **עקספּאָרט** (1928): באַוול-אויסאַרבעטונגען, צוקער, האָלץ, קוילן, וואָל-אויסאַרבעטונגען, גלאָז און אייזן-אויסאַרבעטונגען פאַר בערך 593 מיליאָן דאָלאַר. **אימפּאָרט:** באַוול, באַוול-אויסאַרבעטונגען, תּבואה, מעל, וואָל, פּי, פעטס א. א. וו. פאַר בערך 522 מיליאָן דאָלאַר. **וואַלוטע:** טשעכישער קראָן=3 סענט בערך. די צאָל יידן (1928): 360.000 נפשות בערך. די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): 1.505.000.

**יאַפּאַן** — אַן אינדזל-לאַנד אין מזרח-אַזיע, אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיטן שטילן אָקעאַן און אַפּגאַנישן ים, באַשטייט פון 6 גרויסע און 549 קליינע אינדזלען. **שטח:** בערך 390.000 קוו. קמ. (אויסער קאָרייע און די קאָלאָניעס). **באַפעלקערונג** (1928): בערך 78 מיליאָן צוזאַמען מיט קאָרייע און די קאָלאָניעס. קיין אָפיציעלע רעליגיע איז נישטאָ אין יאַפּאַן, ס'מערסט זענען דאָרט פאַרשפּרייט שינטאָאיזם און בודיזם. **הויפּט-שטאָט:** טאָקיאָ (בערך 2.300.000 איינוו.). **פּאָליטישע אָרדנונג:** אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע, אָן פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. לויט דער קאָנסטיטוציע פון 1889 איז דער פּאַרלאַמענט אַ צווייקאַמערדיקער. אַ טייל סענאַטאָרן ווערן נאָמינירט דורכן קעניג (מיקאַדאָ), און אַ טייל — געוויילט דורך די באַראָנען, גראַפן און די גרויסע שטייער-צאָלער. די דעפּוטאַטן ווערן געוויילט אויף 4 יאָר דורך די בירגער, וואָס צאָלן אַ געוויסן שטייער. די פּרעזעסן פוןביידע קאַמערן, ווי אויך די מיניסטאָרן ווערן נאָמינירט דורכן מיקאַדאָ און זענען נאָר פאַר אים פאַראַנטוואָרטלעך. דער קעניגלעכער בייראַט אָדער דער „געהיימער ראַט" באַשטייט פון די מיניסטאָרן און 24 הויכגעשטעלטע באַאַמטע, וואָס ווערן נאָמינירט דורכן מיקאַדאָ. בעת די וואַלן אין 1924 האָט דעם רוב שטימען באַקומען קענסייקי'ס ליבעראַלע און פּילאָ-ענגלישע פּאַרטיי (146 מאַנ.), מיטן וויצע-גראַף קאַטאָ בראָש. **עקספּאָרט** (1928): רוי-זייד, באַוול-סחורות, פאָדעם א. א. וו. פאַר בערך 2.034.000.000 יען. **אימפּאָרט:** באַוול, אייזן-אויסאַרבעטונגען, מאַשינען א. א. וו. פאַר בערך 2.232.000.000 יען. **וואַלוטע:** יען=40 סענט בערך.

די צאָל יידן (1928): בערך 1000. אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): בערך 100.000.

**יוגאָסלאַוויע** — אָדער די מלוכה פון די סערבן, קראָאַטן און סלאָווענער — די גרעסטע באַלקאַנישע מלוכה. שטח: בערך 249.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1928): 12 מיליאָן; דערפון אין סערביען בערך 4.100.000, אין קראָאַציע בערך 2.700.000, אין באָסניע און הערצעגאָווינע 1.900.000, אין סלאָווענ׳ע 1.000.000. רעליגיעס: די סערבישע באַפעלקערונג איז ס׳מערסט פּראַוואָסלאַווע, די קראָאַטישע און סלאָווענישע — קאַטאָליקן. דער פּאָליטיש-קולטורעלער אונטערשייד צווישן די באַזונדערע נאַציאָנאַליטעטן איז אַ גרויסער. הויפּט-שטאָט: בעלגראַד (112.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע מיט פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. הערשער: אַלעקסאַנדער I פון הויז קאַראַגעאָרגעוויטש. דער איינקאַמערדיקער פּאַרלאַמענט, דער אַזוי-גערופענער „נאַצ אָנאַל-פּאַרזאַמלונג", ווערט געוויילט אויף 4 יאָר דורך אַלגעמיינע און גלייכע וואַלן. די מיניסטאָרן זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פּאַרלאַמענט און פאַרן קעניג. פּאָליטישע פּאַרטייען: אין פּאָליטישן לעבן פון די לעצטע יאָרן ווערט געפירט אַ קאַמף צווישן דער סערבישער ראַדיקאַלער פּאַרטיי (מיט פּאַסיטש׳ן אין דער שפּיץ), מיט מאָנאַרכ סטישע און צענטראַליסטישע טענדענצן, און דער קראָאַטישער פּאָלקס-פּאַרטיי (מ ט ראַדיטש׳ן אין דער שפּיץ), וואָס רעפּרעזענטירט די פעדעראַטיווע און רעפּובליקאַנישע טענדענצן. בעת די וואַלן צו דער נאַציאָנאַל-פּאַרזאַמלונג אין 1925 האָבן באַקומען מאַנדאַטן: די סערבישע ראַדיקאַלן 140, קראָאַטישע פעדעראַליסטן 67, דעמאָקראַטן 37, אומאָפּהענגיקע דעמאָקראַטן 22, סלאָווענישע פּאָלקיסטן 20, באָסנישער מאַכמעדאַנער 15, דייטשן 5, אַנדערע פּאַרטייען 9. עקספּאָרט (1928): האָלץ, פי, ווייץ, אייער א.א.וו. פאַר בערך 5.275.000.000 דינאַרן. אימפּאָרט: באַוול-אויסאַרבעטונגען, מעטאַלן א. א. וו. פאַר בערך 5.825.000.000 דינאַרן. וואַלוטע: דינאַר=2 סענט בערך. די צאָל יידן (1928): בערך 65.000. די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): 60.000.

**כינע** — איינע פון די עלטסטע און גרעסטע מדינות, גרענעצט זיך פון צפון מיט סיביר און טורקעסטאַן, פון דרום מיט אינדיע,

פון מערב מיטן כינעזישן ים און פון מזרח מיט ס׳ביר, קאָרייע און מיטן שטילן אָקעאַן. **שטח**: בערך 11.130.000 קוו. קמ. **באפעלקערונג**: בערך 433.000.000. **רעליגיעס**: די אָפיציעלע רעליגיע איז דער קאָנפוציאָניזם, מיט אַ צומיש פון בודיזם און טאָאיזם ביי די ברייטע מאַסן פון דער באַפעלקערונג; מאַכמעדאַנער 10 מיליאָן, אויך פיל קריסטלעכע מיסיעס. **הויפט־שטאָט**: פעקין (בערך 1.300.000 איינוו.). **פאָליטישע אָרדנונג**: 20 פראָווינצן און 2 גרעניץ־טעריטאָריעס—כמעט אומאָפהענגיקע (טיבעט און מאָנגאָליע). פון 1912 אָן—אַ רעפּובליק. נאָך די רייבונגען צווישן די באַזונדערע פּראָווינצן און צווישן די פּאַרלאַמענטאַרישע פאָרשטייער־שאַפטן האָבן אַריינגעבראַכט אַ גרויסן כאַאָס אין פּאָליטישן לעבן פון לאַנד. אין 1923 איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ נייע קאָנסטיטוציע לויטן מוסטער פון דער פראַנצ. קאָנסטיטוציע. דער רעפּובליק־פּרעזידענט ווערט געוויילט דורך דער נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג, דער פּאַרלאַמענט איז אַ צווייקאַמערדיקער, דער סענאַט באַשטייט ס׳רוב פון פאָרשטייער פון די פּראָווינץ־לאַנדטאַגן. די מיליטערישע גובערנאַטאָרן אין די פּראָווינצן באַשטימט דער פּרעזידענט; דאָך זענען די מיליטערישע גובערנאַטאָרן פון די באַזונדערע פּראָווינצן אומאָפּהענגיק. אין 1924 איז אויסגעבראָכן אַן אינערלעכע מלחמה צווישן די גובערנאַטאָרן פון אייניקע פּראָווינצן, דערביי איז דער מאַרשאַל וו־פּיי־פו פון מיטל־כינע, וועלכער איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער פעקינער רעגירונג, געוואָרן צעקלאַפּט דורכן מאַנדזשורישן גובערנאַטאָר טסאָן־טשאָ־לין, וועלכער האָט איינגענומען פּעקין און באַזייטיקט דעם ד״ר סון־יאַט־סען. די פּאָליטיש־יורידישע לאַגע איז נאָך היינט צוטאָג ניט קלאָר. אין די פּראָווינצן, וואָס געפינען זיך ביים ים, און אויך שאַנכאַי, הערשט דערווייל דער גענעראַל טסאָן־טשאָ־לין, וועלכער האָט זיין רעזידענץ אין מוקדען. מאָנגאָליע, פּעקין און די מערב־פּראָווינצן זענען אין די הענט פון קריסטלעכן גענעראַל פען־יו־סען. דרום־כינע מיט קאַנטאָן געפינען זיך אונטערן איינפלוס פון דער כינעזישער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי „האָמינדאַן״; איר אָנפירער ד״ר סון־יאַט־סען איז געשטאָרבן אין 1925. די איצטיקע כינעזישע רעגירונג, וואָס איר זיץ־אָרט איז פּעקין, איז געשאַפן געוואָרן אדאַנק דעם הסכם צווישן טסאָן־טשאָ־לין, פען־יו־סען און סון־יאַט־סען. דער אָנפי־

רער פון דער אויספירונגס־מאַכט איז דער מאַרשאַל טואַן־טשי־זוהיי, וועלכער האָט אין מאַי 1925 מבטל געמאַכט די קאָנסטיטוציע פון 1923 און געשאַפן (יולי 1925) אַ קאָמיסיע פון ראַט־געבער, וואָס האָט באַקומען דעם אויפטראַג צו שאַפן אַ נייע קאָנסטיטוציע. אין אָקטאָבער 1925 איז אויפסניי אויסגעבראָכן אַ קאָנפליקט צווישן מאַרשאַל וו־פיי־פו און דעם מאַנדזשורישן גובערנאַטאָר טסאַן־טשאָאָ־לין. עקספּאָרט (1928): זייד, געבעקס, באָבעס, אייל א. א. וו. פאַר בערך 815.000.000 האַיקואַן־טאַעל. אימפּאָרט: באַוול־אויסאַרבעטונגען, רייז, מעטאַלן אַ. א. וו. פאַר בערך 1.079.000.000 ה.־ט. וואַלוטע: האַיקואַן־טאַעל=70 סענט בערך. די צאָל יידן (1928): בערך 43.000.

**לאַטוויע** — פאַר דער וועלט־מלחמה געהערט צו רוסלאַנד, היינט איינע פון די באַלטישע רעפּובליקן. שטח: בערך 66 טויזנט קוו. קמ. באַפעלקערונג (1928): בערך 2.000.000; דערפון 57% פּראָטעסטאַנטן, 24% קאַטאָליקן, 5% יידן. הויפּט־שטאָט: ריגע (בערך 290.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: אַ רעפּובליק מיט פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. דער איינקאַמערדיקער פּאַרלאַמענט ווערט געוויילט דורך אַלגעמיינע און דירעקטע וואַלן. דער פּרעזידענט ווערט געוויילט אויף 3 יאָר דורכן פּאַרלאַמענט. דער פּרעזידענט האָט דאָס רעכט פּאָרצולייגן אַ פּראָיעקט וועגן פּאַנאַנדערלאָזן דעם פּאַרלאַמענט, ס'מוז אָבער אָנגענומען ווערן דורך אַ פּאָלקס־רעפערענדום. עקספּאָרט (1928): האָלץ, פלאַקס, פּוטער א. א. וו. פאַר בערך 190.000.000 לאַטן. אימפּאָרט: באַוול, באַוול־אויסאַרבעטונגען, תבואה, מעל, צוקער, אייל א. א. וו. פאַר בערך 211.000.000 לאַטן. וואַלוטע: לאַט=20 סענט בערך. די צאָל יידן (1928): בערך 100.000. די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): 24000.

**לוקסעמבורג** — אַ קליין פירשטענטום צווישן דייטשלאַנד, בעלגיע און פראַנקרייך. שטח: בערך 3000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1928): בערך 271.000. ס'רוב קאַטאָליקן. הויפּט־שטאָט: לוקסעמבורג (48.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע. הערשער: גרויספירשטין קאַראָלינאַ פון הויז נאַססוי, אויפן טראָן פון 1919 אָן. דער 1־קאַמערדיקער פּאַרלאַמענט

ווערט געוויילט אויף 6 יאָר דורך אלגעמיינע און דירעקטע וואַלן. פּאַרלאַמענט-רעגירונגען. אַ געלט- און צאָל-אוניע מיט בעלגיע. די צאָל יידן (1928): בערך 1.300. די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): בערך 13.000.

**ליבעריע** — אַ קליינע נעגערישע רעפּובליק אין מערב-אַפריקע, איז אונטער דער פּאָליטישער השפּעה פון די פאַרייניקטע שטאַטן. **שטח**: בערך 95.000 קוו. קמ. **באַפעלקערונג** (1928): בערך 1.500.000, ס'רוב געצנדינער. **הויפּט-שטאָט**: מאָנראָוו אַ (בערך 6000 איינוו.). **פּאָליטישע אָרדנונג**: אַ צווייקאַמער-דיקער פּאַרלאַמענט; וואַל-רעכט האָבן אָבער נאָר די אַמעריקאַנער נעגערס און זייערע קינדער. דער פּרעזידענט ווערט געוויילט אויף 4 יאָר. **עקספּאָרט** (1928): פּאַלמען-אייל, ניס, קאַווע א. א. וו. פאַר בערך 2.000.000 דאָלאַר. **אימפּאָרט**: באַוול-אויסאַרבעטונגען, טאַבאַק, אַלקאָהאָל פאַר בערך 2.000.000 דאָלאַר. **וואַלוטע**: אַמעריקאַנישער דאָלאַר.

**ליטע** — פאַר דער וועלט-מלחמה געהערט צו רוסלאַנד, הייגט איינע פון די באַלטישע רעפּובליקן. **שטח**: בערך 56.000 קוו. קמ. **באַפעלקערונג**: בערך 2.258.000, ס'רוב קאַטאָליקן; דערפון פּאָליאַקן 3,2%. **הויפּט-שטאָט**: קאָוונע (בערך 90.000 איינוו.). **פּאָליטישע אָרדנונג**: אַ רעפּובליק מיט פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. דער פּאַרלאַמענט איז אַן איינקאַמערדיקער, די דעפּוטאַטן ווערן געוויילט אויף 3 יאָר דורך אַלגעמיינע און דירעקטע וואַלן. דער פּרעזידענט ווערט געוויילט אויף 3 יאָר דורכן פּאַרלאַמענט. דער רעזולטאַט פון די וואַלן צום סיים אין מאַי 1926: פּאָלקיסטן 24 מאַנדאַטן, קריסטלעכע דעמאָקראַטן 20 מ., סאָציאַליסטן 14 מ., פּויערן 10 מ., פּאָליאַקן 4 מ., יידן 1 מ., פאַרשידענע — 5 מ. **עקספּאָרט** (1928): האָלץ-אויסאַרבעטונגען, פלאַקס, אייער פאַר בערך 275.000.000 ליטן. **אימפּאָרט**: וועב-שטאָפן, צוקער, מעטאַל-אויסאַרבעטונגען 235.000.000 ליטן. **וואַלוטע**: ליט=10 סענט בערך. די צאָל יידן (1298): בערך 264.000. אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): 40.000.

**ליכטענשטיין** — אַ קליין פירשטנטום צווישן עסטרייך און דער שווייץ. **שטח**: 200 קוו. קמ. **באַפעלקערונג**

(1928): בערך 11.000, ס'רוב קאַטאָליק. הויפּט-שטאָט: וואַדוז (1.500 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: א קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע. הערשער: פירשט יאָאַן II, פון הויז ליכטענשטיין. דער פּאַרלאַמענט איז אַן איינקאַמערדיקער. א געלט- און פּאָסט-אוניע מיט דער שווייץ.

**מאָנאַקאָ** — א קליין פירשטנטום אויפן ברעג פון גענועזער אויסגוס. שטח: $1\frac{1}{2}$ קוו. קמ. באַפעלקערונג (1928): בערך 23.000, ס'רוב קאַטאָליקן. אָפיציעלע שפּראַך: פראַנצויזיש. הויפּט-שטאָט: מאָנאַקאָ (2 טויזנט איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: א קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע. הערשער: לודוויק II, פון הויז גאַיען-מאַט גאָן גרימאַלדי. דער פּאַרלאַמענט איז אַן איינקאַמערדיקער, געוויילט אויף 4 יאָר. די רעגירונג באַשטייט פון 1 מיניסטער. מ. איז פאַראייניקט מיט פראַנקרייך דורך א געלט- און צאָלאוניע. אין מ. געפינט זיך די שטאָט מאָנטע קאַרלאָ, וואָס אין איר געפינט זיך א קאַזינאָ פאַר רולעטקע און אַנדערע האַזאַרדשפּילן.

**מאַראָקאָ** — א מלוכה אין אַפריקע. שטח: 450.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג: 6.600.000; דער גרעסטער טייל בערבערן, אויך אַראַבער. איראָפּייער 70.000. הויפּט-שטאָט: פעץ (100.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: אַן אַבסאָלוטע מאָנאַרכיע (סולטאַנאַט). דער סולטאַן איז אונטערן פראַנצויזישן איינפלוס. עקספּאָרט (1928): תבואה, פּרוכטן, אייער, וואָל א. א. וו. פאַר בערך 625 מיליאָן פראַנק. אימפּאָרט: מאַשינען, וועב-שטאָפן, געווער א. א. וו. פאַר בערך 1 מיליאַרד 470 מ. פר. וואַלוטע: פראַנצויזישער פראַנק=בערך 4 סענט. יידן (1928): בערך 168.000.

**מעקסיקע** — א פעדעראַטיווע רעפּובליק אין מיטל-אַמעריקע, גרענעצט זיך אויף מערב מיטן שטילן אָקעאַן און אויף מזרח מיטן קאַריבעאישן ים און מעקסיקאַנישן גאָלף, פון דרום מיט דער רעפּובליק גוואַטעמאַלאַ און פון צפון מיט די פאַראייניקטע שטאַטן. שטח: בערך 2 מיליאָן קוו. קמ. באַפעלקערונג (1928): בערך 14.300.000; ווייסע 20%, אינדיאַנער 35%, געמישטע 45%.

**הערשנדע רעליגיע:** קאַטוילישע. **הויפּט-שטאָט:** מעקסיק (בערך 600.000 איינוו.). **פּאָליטישע אָרדנונג:** א פעדעראַציע פון 28 מלוכות, איין פעדעראַלער געביט (מעקסיק) און 2 טעריטאָריעס. די גזעצגעבערישע פעדעראַטיווע מאַכט איז אַ צוויי-קאַמערדיקע. אָן פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. דער פּרעזידענט ווערט געוויילט דירעקט דורך דער גאַנצער באַפעלקערונג אויף 4 יאָר. אין 1926 איז דורכגעפירט געוואָרן אַ געזעץ וועגן אָפּטיילן די קירך פון דער מלוכה. **עקספּאָרט** (1928): פּאַר בערך 680 מיליאָן פּעזאָס, ס'מערסט נאַפט, אייל און זילבער. **אימפּאָרט:** פּאַר בערך 376 מיליאָן פּ., ס'מערסט וועב-שטאָפן און מאַשינען. **וואַלוטע:** פּעזאָ=בערך 50 סענט. יידן (1928): בערך 9000. אָרגאַניזירטע אַר-בעטער (1924): 710.000.

**נאָרוועגן** — א מלוכה אויף מערב-צפון-טייל פון סקאַנדינאַווישן האַלב-אינדזל, גרענעצט זיך פון צפון מיטן אייז-ים, פון מערב מיטן נאָרוועגישן ים, פון מזרח מיט שוועדן. **שטח:** בערך 324.000 קוו. קמ. **באַפעלקערונג** (1928): בערך 2.789.000, ס'רוב עוואַנגעלער. **ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע שפּראַך:** דעניש. **הויפּט-שטאָט:** אָסלאָ (ביז 1925: כריסטיאַנאַ), (בערך 260.000 איינוו.). **פּאָליטישע אָרדנונג:** א קאָנסטי-טוציאָנעלע מאָנאַרכיע. **הערשער:** קעניג האַקאָן VII, פון דער דענישער דינאַסטיע שלעזוויג-האָלשטיין. די געזעצגעבערישע מאַכט געהערט צום צווייקאַמערדיקן פּאַרלאַמענט (150 דעפּ.), געוויילט אויף 3 יאָר דורך אַלגעמיינע און דירעקטע וואַלן דורך אַלע בירגער אָן אונטערשיד פון געשלעכט. פּאַרלאַמענטאַרע רעגירונגען. **עקספּאָרט** (1928): פיש, האָלץ, פּאַפּיר, סאָדע א. א. ח. פּאַר בערך 1 מיליאַרד קראָנען. **אימפּאָרט:** תבואה, שפּייז-פּראָדוקטן, וועב-שטאָפן, קוילן, קאָקס, אייזן-אויסאַרבעטונגען פּאַר בערך 1.300.000.000 קראָנען. **וואַלוטע:** קראָן=בערך 20 סענט. די צאָל יידן (1928): 1500. אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): 90.000.

**ניקאַראַגוּאַ** — א קליינע רעפּובליק אין מיטל-אַמעריקע. **שטח:** בערך 127.000 קוו. קמ. **באַפעלקערונג** (1928):

683.000, ס'רוב קאַטאָליקן. הויפּט-שטאָט: מאַנאַגואַ (60.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: אַ רעפּובליק, אָן פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. דער פּרעזידענט ווערט געוויילט אויף 4 יאָר דירעקט דורכן גאַנצן פאָלק. אַ צוויי־קאַמערדיקער פּאַרלאַמענט. דעפּוטאַטן 40, סענאַטאָרן 13. עקספּאָרט: ס'מערסט קאַווע און באַנאַנעס פאַר בערך 12.000.000 קאָרדאָבאַ. אימפּאָרט: ס'מערסט באַוול-אויס-אַרבעטונגען אין מעל פאַר בערך 10.000.000 קאָר. וואַלוטע: קאָרדאָבאַ = בערך 90 סענט.

**נעפּאַל** — אַ קליינע מלוכה אין אַזיע, צווישן כינע און אינדיע.
שטח: בערך 150.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1928): בערך 5.640.000, ס'רוב בראַמינער און בודיסטן. הויפּט-שטאָט: קהאַטמאַנדו (בערך 80.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: אַן אַבסאָליוטע מאָנאַרכיע. הערשער: מאַהאַראַדושאַ טריבהובאַנאַ ביר ביקראַן. נ. געפינט זיך אונטער דער ענגלישער פּאָליטישער השפּעה.

**סאַלוואַדאָר** — אַ קליינע רעפּובליק אין מיטל-אַמעריקע. שטח: בערך 34.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1928): בערך 1.657.000, ס'רוב קאַטאָליקן (מעטיסן בערך 85%, אינדיאַנער בערך 15%). הויפּט-שטאָט: סאַן-סאַלוואַדאָר (80.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: אַ רעפּובליק, אָן פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. דער פּאַרלאַמענט איז אַן איינקאַמערדיקער (42 דעפּ.). דער פּרעזידענט ווערט געוויילט אויף 4 יאָר דירעקט דורכן גאַנצן פאָלק. עקספּאָרט (1928): ס'מערסט קאַווע פאַר בערך 33.000.000 קאָלאָן. אימפּאָרט: באַוול-אויסאַרבעטונגען פאַר בערך 34.000.000 קאָלאָן. וואַלוטע: קאָלאָן = 50 סענט.

**סאַן-מאַרינאָ** — אַ קליינע רעפּובליק אין צפון-איטאַליע. שטח: בערך 60 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1928): בערך 12.000. הויפּט-שטאָט: סאַן-מאַרינאָ (בערך 1.600 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: אַ רעפּובליק אונטערן פּראָטעקטאָראַט פון איטאַליע. די מאַכט געהערט צו צוויי רעגענט-קאַפּיטאַנען, וועלכע ווערן געוויילט דורכן גרויסן ראַט (60 מיטגלידער), דער ראַט ווערט געוויילט דירעקט דורך דער גאַנצער באַפעלקערונג.

**סיאם** — א מלוכה אין דרום-אזיע. **שטח**: בערך 500.000 קוו. קמ. **באפעלקערונג** (1928): 13.000.000, ס'רוב בודיסטן, א גרויסער טייל כינעזער. **הויפט-שטאט**: באנגקאק (בערך 800.000 איינוו.). **פאליטישע ארדנונג**: אן אבסאלוטע מאנארכיע מיט א געזעצגעבערישן ראט, נאמינירט דורכן קעניג, מיט בעראטונגס-רעכט. **הערשער**: פראיאדיפאק, פון דער דינאסטיע ראמאדיבאדי. **עקספארט** (1928): רייז, האלץ, צין א. א. וו. פאר בערך 203 מיליאן טיקאלן. **אימפארט**: באוול-אויסארבעטונגען, שפייז-פראדוקטן, מאשינעס א. א. וו. פאר בערך 169 מיליאן טיק. **וואלוטע**: טיקאל=בערך 50 סענט

**עגיפטן** (**מצרים**) — א מלוכה אין צפון-אפריקע, גרעניצט זיך פון צפון מיטן מיטללענדישן ים, פון צפון-מזרח מיט פאלעסטינע, פון דרום מיט סודאן, פון מזרח מיטן רויטן ים, פון מערב מיט בארקא-טריפאליס און מיט דעם מדבר סאהארא. פריער געהערט צו טערקיי, אין 1914 ארונטער אונטער ענגלאנדס פראטעקטאראט, פון 1922 אן אפיציעל אן אומאפהענגיקע מלוכה, אבער פאקטיש אפהענגיק פון ענגלאנד. **שטח**: בערך 994.000 קוו. קמ. **באפעלקערונג** (1928): בערך 15 מיליאן, ס'רוב עגיפטער פון מאכמעדאנישן גלויבן. **אפיציעלע שפראך**: אראביש. **הויפט-שטאט**: קאיר (בערך 800.000 איינוו.). **פאליטישע ארדנונג**: די געזעצגעבערישע מאכט ווערט אויסגעפירט דורכן קעניג צוזאמען מיטן סענאט אין פארלאמענט. די דעפיטאטן ווערן געוויילט דורך אלגעמיינע וואלן אויף 5 יאר. א טייל סענאטארן (3/5) ווערט געוויילט און א טייל (2/5) — נאמינירט דורכן קעניג. די מיניסטארן ווערן נאמינירט דורכן קעניג און זענען פאראנטווארטלעך פארן פארלאמענט. **קעניג**: פואד I, אויפן טראן פון 1917. **עקספארט** (1928): באוול, תבואה, גריגס, אייער, ראר-צוקער, רייז, פאפיראסן א. א. וו. פאר בערך 525 מיליאן עגיפט. פונט. **אימפארט**: באוול און וואל-אויסארבעטונגען, מעטאלן און מאשינעס, האלץ, קוילן, א. א. וו. פאר בערך 515 מיליאן עגיפט. פונט. **וואלוטע**: עגיפטישער פונט=4 דאלאר 50 סענט. די צאל יידן (1928): בערך 60,000.

**ענגלאַנד** — **אימפעריע** (בריטישע אימפ.), באַשטייט פון 2 באַזונדערע טיילן: 1) ענגלאַנד, צפון-אירלאַנד, אועלס, שאָטלאַנד מיט די אַרומיקע אינדזלען און 2) די פרייע אירלענדישע מלוכה, אַ נדיע, די דאָמיניעס, קאָלאָניעס און פּראָטעקטאָראַט-לענדער. דער 1-טער טייל הייסט גרויס-בריטאַניע, צוזאַמענגעשטעלט פון די געביטן, וועלכע שיקן זייערע פאָרשטייער אין ענגלישן פּאַרלאַמענט. גרויס-בריטאַניע פאַרנעמט אַ **שטח** פון 244.000 קוו. קמ. **באַפעלקערונג** (1928): בערך 44 מיליאָן. **רעליגיעס**: ס'רוב אנגליקאַנער, אַ טייל מעטאָדיסטן, קאַטאָליקן. **הויפּט-שטאָט**: לאָנדאָן (בערך 9 מיליאָן איינוו.). **פּאָליטישע אָרדנונג**: אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע. **קעניג**: געאָרג V, פון דער דינאַסטיע זאַקסן-קאָבורג און גאָטא. פאָרמעל האָט דער קעניגברייטע רעכט, פאַקטיש אָבער באַזיצט ער נישט כמעט קיין שום מאַכט צוליב דער פעסטגעשטעלטער קאָנסטיטוציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן בערך מיט 200 יאָר צוריק. דער פּאַרלאַמענט באַשטייט פון צוויי פּאַלאַטעס: לאָרדן-הויז און געמיינדע-הויז (615 דעפּ.). אין לאָרדן-הויז (650 מיטגלידער) גייען אריין: 1) לאָרדן גייסטלעכע, נעמלעך: 2 אַרצי-בישאָפן און 24 בישאָפ.; 2) ענגלישע וועלטלעכע לאָרדן; 3) 16 שאָטלענדישע לאָרדן; 4) 28 אירלענדישע לאָרדן (לעבנסלענגלעך); 5) 4 לאָרדן יור סט. דער קעניג האָט דאָס רעכט צו באַשטימען נייע לאָרדן. די דעפּוטאַטן ווערן געוויילט אויף 5 יאָר דורך אַלגעמיינע און דירעקטע וואַלן. פינאַנץ-פּראָיעקטן האָט דאָס לאָרדן-הויז אַפילו נישט דאָס רעכט אָפּצוהאַלטן אויף אַ געוויסער צייט. דאָס לאָרדן-הויז פירט-אויס געוויסע געריכטלעכע פונקציעס: משפּט די מיניסטאָרן, וואָס ווערן אָנגעקלאָגט דורכן פּאַרלאַמענט; איז אויך די העכסטע קאָנטראָל-אינסטאַנץ אין אַלע ציווילע און קרימינעלע ענינים. **די העכסטע רעגירונגס-מאַכט** טיילט זיך אויף: 1) **דער געהיימער ראַט**; 2) **די מיניסטאָרן**, וועלכע זענען די העכסטע אָנפירער פון געוויסע אַדמיניסטראַטיווע אַמטן; 3) די מיטגלידער פון קאַבינעט. די לאָקאַלע אַדמיניסטראַציע ווערט על-פּי-רוב אויסגעפירט דורך די זעלבסטפאַרוואַלטונגס-אָרגאַנען. דער קעניג נאָמינירט די שעריפן (די גראַפשאַפטן) און די שלום-ריכטער. **פּאָלי-**

**טי־ע פּאַרטייען**: דאָס הייננטיקע פּאָליטישע לעבן אין ענגלאַנד אַנטוויקלט זיך אונטערן צייכן פון 3 פּאָליטישע גרופּירונגען: 1) די יוניאָן־פּאַרטיי אָדער די קאָנסערוואַטיווע; 2) די ליבעראַלע פּאַרטיי און 3) די אַרבעטס־פּאַרטיי (לייבור־פּאַרטיי). די קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי שטאַמט פון די אַמאָליקע טאָרן און זי רעפּרעזענטירט די אידייע פון דערהאַלטן די טראַד ציאָנעלע אינסטיטוציעס, טרעט־אַרויס קעגן דעם פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן ראַדיקאַליזם און שטיצט די ענגליקאַנישע קירך. די ק. פּ. טרעט־אַרויס קעגן דער דעצענטראַליזאַציע פון דער ענגלישער אימפּעריע,—דערפון שטאַמט די אָפּאָזיציע קעגן אירלאַנדס אומאָפּהענגיקייט,—שטרעבט צו שאַפן צוזאַמען מיט די קאָלאָניעס אַ פאַראייניקטע שוץ קעגן דערווירטשאַפטלעכער קאָנקורענץ פון אַנדערע מלוכות. אין דער אויסערלעכער פּאָליטיק שטיצט די ק. פּ. אונטער פראַנקרייך מער, ווי אַנדערע מלוכות, ווייזט נישט אַרויס קיין איבעריקן ענטוזיאַזם פאַר דער פעלקער־ליגע און פאַר דער אַנטוואָפּנונגס־אידייע. די ק. פּאַרטיי שטיצט זיך אויף די פּויערן־מאַסן, זי האָט אויך פיל אָנהענגער צווישן דער שטאָטישער באַפעלקערונג, באַאַמטע און טיילווייז אויך צווישן די אַרבעטער. אין שאָטלאַנד און אין אועלס האָבן די ק. קיין שום השפּעה נישט. בראש פון די ק. שטייען: סטענלעי באָלדווין, טשעמבערלען, בירקענהעד, טשערטשיל און לאָרד סעסיל א. א. וו. זייערע פּרעסע־אָרגאַנען: מאָרנינג פּאָסט, פּאָרטנייטלי רעוויו א. אַנד. די ליבעראַלע פּאַרטיי שטאַמט פון די אַמאָליקע וויגן; זי רעפּרעזענטירט איצט דעם צענטר. די ל. פּ. איז מסכּים אויף דער ווייטערדיקער דעצענטראַליזאַציע פון ענגלאַנד און איז פאַר דער פולשטענדיקער זעלבשטענדיקייט פון אירלאַנד, שטיצט די מעסיקע געזעלשאַפטלעכע רעפאָרמען, איז אַ גרויסע קעגנערין פון צאָל־שוץ, אין דער אויסערלעכער פּאָליטיק באַציט זי זיך מיט אַ געוויסער סימפּאַטיע צו דייטשלאַנד. די ל. פּ. שטיצט זיך בעיקר אויף די האַנדלס־ און אינדוסטריע־ספערן, האָט די גרעסטע השפּעה אין שאָטלאַנד און אין אועלס. אין דער ל. פּ. זענען פאַראַן צוויי גרופּן: 1) די אומאָפּהענגיקע ליבעראַלן (אַסקוויט) און די נאַציאָנאַלע ליבעראַלן (לאָיד דזשאָרדזש). די ערשטע גרופּע רעפּרעזענטירט דעם אַמאָליקן ריינעם ליבעראַליזם, די צווייטע איז גענייגט צו קאָמפּראָמיסן און בלאָקן מיט אַנדערע גרופּירונגען. אירע פּרעסע־אָרגאַנען: דיילי

בראַניקל, גלאַזגאָוי העראַלד א. א. וו. די לייבור-פּאַרטיי האָט אין די לעצטע צייטן באַקומען אַ גרויסע השפּעה. זי שטיצט זיך בעיקר אויף די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען (טרעד-יוניאָנס) און אויך אויף דער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ (פאַביאַן-סאָסיעטי). די אַלגעמיינע ריכטונג פון דער ל.-פּ. גייט אויף דער ליניע פון מעסיקן סאָציאַליזם. אויפן ערשטן פּלאַן שטעלט זי אַרויס די נאַציאָנאַליזאַציע פון די באַנען און די בערג-גרובן, ווי אויך דאָס איינפירן אַ שטייער פון פאַרמעגן. דער לידער פון דער ל.-פּ. איז ראַמסיי מאַקדאָנאַלד. לידער פון לינקן פליגל איז קאָק. דער הויפּט-אָרגאַן פון דער ל.-פּ. איז דער דיילי העראָלד. עקספּאָרט (1928): באַוול-אויסאַרבעטונגען, אייזן- און שטאָל-אויסאַרבעטונגען, קוילן, מאַשינעס, שפּייז-פּראָדוקטן, משקאות, קליידער, כעמישע אַרטיקלען א. א. וו. פאַר בערך 730 מיליאָן פונט שטערלינג. אימפּאָרט: תבואה, מעל, פלייש, אייל, פעטס, גומע און פיל אַנדערע רוי-שטאָפן פאַר בערך 1 מיליאַרד און 110 מיליאָן פונט. שטער. וואַלוטע: פונט שטערלינג = בערך 5 דאָלאַר. יידן (1928): בערך 300.000. אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): בערך 4.405.000. די ענגלישע קאָלאָניעס ווערן איינגעטיילט אויף צוויי קאַטעגאָריעס: 1) קרוין-קאָלאָניעס, 2) אויטאָנאָמישע קאָלאָניעס (דאָמיניעס). די קרוין-קאָלאָניעס (גיבראַלטאַר, מאַלטאַ, ציילאָן, באָרנעאַ א. אַ.) האָבן נישט קיין פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגס-פאָרם און ווערן פאַרוואַלטעט דורך דער ענגלישער רעגירונג, נעמלעך: דורכן קאָלאָניעס-מיניסטער און דורך די לאָקאַלע גובערנאַטאָרן. די אָרגאַניזאַציע פון דער קאָלאָניעס-פאַרוואַלטונג איז אַ פאַרשידנאַרטיקע, פון אַ מיליטערישער פאַרוואַלטונג ביז פאַרשידענע ראַטן, וואָס ווערן צוגעגעבן צו די גובערנאַטאָרן און וואָס זענען צוזאַמענגעשטעלט פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג (באַשטימטע אָדער געווײלטע). צו די אויטאָנאָמישע קאָלאָניעס געהערן: קאַנאַדע, אויסטראַליע, דרום-אַפריקע, ניי-זעלאַנד און פונדלאַנד. די קאָלאָניעס האָבן אייגענע פּאַרלאַמענטן און מיניסטאָרן-קאַבינעטן, וועלכע ווערן באַשטימט דורך דעם גובערנאַטאָר פון דער קאָלאָניע, אָבער וואָס זענען יורידיש און פּאָליטיש פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן קאָלאָניע-פּאַרלאַמענט. קאַנאַדע, אויסטראַליע און דרום-אַפריקע זענען פעדעראַציעס, וואָס באַשטייען פון עטלעכע פּראָווינצן, יעדע פּראָווינץ האָט איר אייגענע פּאַרלאַמענטאַרישע רע-

גירונג. די אָפּגעזונדערטקייט און אומאָפּהענגיקייט פון די אויטאָנאָמישע קאָלאָניעס פון דער מעטראָפּאָליע איז שטארק בולט געוואָרן אין דער לעצטער צייט. די־דאָזיקע קאָלאָניעס באַקומען אַלץ מער דעם כאַראַקטער פון באַזונדערע מלוכות, וואָס זענען פאַרייניקט מיט ענגלאַנד נאָר דורכן קעניג, לויט די באַשלוסן פון דער אימפּעריע־קאָנפערענץ (פאָרגעקומען אין י. 1926). די אויטאָנאָמע קאָלאָניעס האָבן היינט באַזונדערע בירגערשאַפט, אַן אייגענע אַרמיי, אייגענע אויסערן־מיניסטאָרן. דער ווערסאַלער טראַקטאַט איז געוואָרן אונטערגעשריבן נישט בלויז דורך גרויס־בריטאַניע, נאָר אויך דורך די פאָרשטייער פון קאַנאַדע, דרום־אַפריקע, אויסטראַליע און ניי־זעלאַנד. אינדיע האָט ביז דער וועלט־מלחמה נישט געהאַט קיין אויטאָנאָמיע, נאָר אין דער צייט פון דער־דאָזיקער מלחמה האָט מען דאָרט אָנגעהויבן איינצופירן געוויסע אויטאָנאָמישע רעגירונגס־פאָרמען, וועלכע זענען לסוף רעגולירט געוואָרן דורכן קאָנסטיטוציע־אַקט פון 1919. דער־דאָזיקער אַקט שטעלט נאָך נישט אינדיע אויף דערזעלבער מדרגה פון אַנדערע אויטאָנאָמע קאָלאָניעס, פונדעסטוועגן גיט ער דעם־דאָזיקן לאַנד וויכטיקע רעכט. רעזולטאַט פון די וואַלן צום ענגלישן פּאַרלאַמענט (1929): אַרבעטס־פּאַרטיי (לייבור־פּאַרטיי) 297 מאַנד., קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי 259 מאַנד., ליבעראַלע פּאַרטיי 52 מאַנד., אומאָפּהענגיקע 7 מאַנד.

**עסטלאַנד**—געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע מלוכה נאָך דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע אין 1917. שטח: בערך 48.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1928): 1.100.000, ס'רוב עסטלענדער 88%, רוסן 8%, דייטשן 2%, שוועדן 1%, יידן 1%. רעליגיעס: 78% לוטעראַנער, 19% פּראַוואָסלאַווע א. אַז. וו. הויפּט־שטאָט: טאַלין (רעוועל) (בערך 120.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: די געזעצגעבערישע מאַכט געהערט צום איינקאַמערדיקן פּאַרלאַמענט (100 דעפּ.). די קאָנסטיטוציע פון 1920 האָט נישט באַשטימט קיין פּרעזידענטן־אַמט. דער אויסגעווײלטער דורכן פּאַרלאַמענט פּרעמיער איז גלייכצייטיק פּרעזידענט. דער פּאַרלאַמענט ווערט געווײלט דורך פּינפּאַכיקע וואַלן אויף 3 יאָר. די קאָנסטיטוציע זעט אויך פאָר אַ רעפערענדום לויטן מוסטער פון שווייץ. די וויכטיקסטע פּאַרטיי איז די פּויערן־פּאַרטיי. עקספּאָרט (1928): האָלץ,

פאַפיר, צעמענט, פלאַקס, שפּייז־פּראָדוקטן א. אַ. פאַר בערך 25 מיליאָן דאָלאַר. **אימפּאָרט:** אייל, באַוול, ברענשטאָפ, תּבואה, קויל, צוקער א. אַ. פאַר בערך 14 מיליאָן דאָלאַר. **וואַלוטע:** עסטל. מאַרק=1 פּיגפּטל סענט. יידן (1928): בערך 8000. אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): 30.000.

**עסטרייך** — גרעניצט זיך מיטן מזרח פון די אַלפּן־בערג, מיט די טשעכישע בערג און מיט דייטשלאַנד. **שטח:** 84.000 קוו. קמ. **באַפעלקערונג** (1928): 6.534.000. **רעליגיעס:** קאַטאָליקן 90%; אַנדערע אמונות: פּראָטעסטאַנטן, יידן, מוסולמענער 10%. **הויפּט־שטאָט:** ווין (1.865.000 איינוו.). **פּאָליטישע אָרדנונג:** פעדעראַטיווע רעפּובליק, באַשטייט פון 9 לענדער: ווין, נידער־עסטרייך, הויך־עסטרייך, זאַלצבורג, סטיריע, קאַרינטיע, טיראָל, פאָראַלבערג און בורגענלאַנד. לויט דער קאָנסטיטוציע כון 1920 באַשטייט די פאַרבאַנדס־פאַרזאַמלונג פון 2 קאַמערן: 1) נאַציאָנאַל־ראַט, געוויילט דורך אַלגעמיינע וואַלן, און 2) פאַרבאַנד־ראַט, וועלכער איז צוזאַמענגעשטעלט פון פאָרשטייער פון די לאַנדטאַגן. פאָרויסגעזען אַ רעפערענדום. בראש פון דער אויספירונגס־מאַכט שטייט דער פּרעזידענט, געוויילט אויף 4 יאָר דורך דער פאַרבאַנדס־פאַרזאַמלונג, און 2) די פאַרבאַנדס־רעגירונג, געוויילט דורכן נאַציאָנאַל־ראַט, מיטן פאַרבאַנדס־קאַנצלער בראש. אין די באַזונדערע פעדעראַציעס געהערט די געזעצגעבערישע מאַכט צו די לאַנדטאַגן, די אויספירונגס־מאַכט צו די לאַנד־רעגירונגען. **עקספּאָרט** (1928): פאַפיר, מעטאַל־אויסאַרבעטונגען, באַוול־אויסאַרבעטונגען, קליידער א.אַ. פאַר בערך 1.176.660.000 זילבער־שילינג. **אימפּאָרט:** תּבואה, אייל, פלאַקס־אויסאַרבעטונגען א. אַ. פאַר בערך 2 מיליאַרד ז.־שילינג. **וואַלוטע:** זילב.־שילינג = 14 סענט. יידן (1928): 350.000. אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): 1.117.000.

**עקוואַדאָר** — אַ קליינע רעפּובליק אין דרום־אַמעריקע. **שטח:** בערך 400.000 קוו. קמ. **באַפעלקערונג:** בערך 2 מיליאָן. מייסטנס אינדיאַנער און שפּאַניער. **הערשנדע רעליגיע:** קאַטוילישע. **הויפּט־שטאָט:** קוויטאָ (80.000 איינוו.). **פּאָליטישע אָרדנונג:** לויט דער קאָנסטיטוציע פון 1906 איז די

נעזעצגעבערישע מאכט א צווייקאמערדיקע. מיט פארלאמענטארישע רעגי־רונגען. דער סענאט, וועלכער באשטייט פון 32 ס., ווערט געוויילט דורך דער גאנצער באפעלקערונג; דער פארלאמענט באשטייט פון 48 דעפ. אנאלפאבעטן האבן נישט קיין וואל־רעכט. דער פרעזידענט ווערט געוויילט אויף 4 יאר דירעקט דורך דער באפעלקערונג. **עקספארט** (1928): קאקאא, קאווע, עלפאנטביין, היט־שטרוי א. א. וו. פאר בערך 230 מיליאן סוקרעס. **אימפארט**: שפייז־פראדוקטן, מעטאל־אויסארבעטונגען א. א. פאר בערך 90 מיליאן סוקרעס. **וואלוטע**: סוקרע=בערך 25 סענט.

**פאלעסטינע** (ארץ־ישראל) — דאס לאנד פון די פלשתים (אויפן נאמען פון די ערשטע איינוואוינער פון לאנד), גרעניצט זיך אין מערב מיט דעם מיטללענדישן ים, אין צפון, דרום און מזרח—מיט די לבנון־בערג און אראביע. דאס לאנד האט געהערט פאר דער מלחמה צו טערקיי, איצט ווערט עס פארוואלטעט דורך די ענגלענ־דער אויפן סמך פון מאנדאט פון פעלקער־בונד פון י. 1922. **שטח**: בערך 23.000 קוו. קמ. **באפעלקערונג** (1928): בערך 800.000. מאכמעדאנער בערך 591.000, יידן בערך 130.000, קריסטן בערך 73 טויזנט, דרוזן 7028, שומרונים 163 א. א. וו. **הויפט־שטאט**: ירושלים (63.000 איינוו.). **פאליטישע ארדנונג**: פאלעסטינע ווערט פארוואלטעט דורך א הויך־קאמיסאר, וועלכער ווערט נאמינירט דורך דער ענגלישער רעגירונג. דער געזעצגעבערישער ראט, וואס ווערט פארויסגעזען דורך דער קאנסטיטוציע פון י. 1922, איז נאך נישט פאר־ווירקליכט געווארן אין לעבן צוליבן באיקאט מצד די אראבער, וועלכע טרעטן ארויס געגן פארזיכערן די יידן א געהעריקע רעפרעזענטאנץ. **אפיציעלע שפראכן**: העברעאיש, אראביש, ענגליש. **עקספארט** (1928): פאמעראנצן, מעלאנען, וויין א.א.וו. פאר בערך 2.000.000 פונט. **אימפארט**: באוול־אויסארבעטונגען, מאשינעס, צוקער א.א. וו. פאר בערך $6^{1/2}$ מיליאן פונט. **וואלוטע**: פאלעסטינע־פונט=בערך 5 דאלאר. ארגאניזירטע ארבעטער (1928): בערך 30.000

**פאנאמע** — די יינגסטע מלוכה אין מיטל־אמעריקע. **שטח**: בערך 84.000 קוו. קמ. **באפעלקערונג** (1928): בערך 446.000; מייסטנס קאטאליקן. **הויפט־שטאט**: פאנאמע (67.000 איינוו.). **פאליטישע ארדנונג**: א רעפובליק אן פארלאמענטארישע רעגירונגען.

דער איינקאַמערדיקער פּאַרלאַמענט (33 דעפּ.) ווערט געוויילט אויף 4 יאָר דורך אַלגעמיינע וואַלן; דער פּרעזידענט—אויף 4 יאָר דורך אומדירעקטע וואַלן. **עקספּאָרט** (1928): באַנאַנעס, קאָקאָס-ניס א. א. וו. פאַר בערך 15.000.000 באַלבאָאַ. **וואַלוטע**: באַלבאָאַ=1 דאָלאַר.

**פּאַראַגוואַי**—גרעניצט זיך פון צפון מיט בראַזיליע און באָליוויע, פון די אַנדערע דריי זייטן—מיט אַרגענטינע און אורוגוואַי. **שטח**: בערך 253.000 קוו. קמ. **באַפעלקערונג** (1928): בערך 1 מיליאָן, מייסטנס קאַטאָליקן (אינדיאַנישע אָפּשטאַמונג). **הערשנדע שפּראַך**: שפּאַניש. **הויפּט-שטאָט**: אַסונציאָן (בערך 100.000 איינוו.). **פּאָליטישע אָרדנונג**: אַ רעפּובליק אָן פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. דער צווייקאַמערדיקער פּאַרלאַמענט (26 דעפּ., 30 סענ.) ווערט געוויילט דורך אַלגעמיינע וואַ״ן. דער פּרעזידענט ווערט געוויילט אויף 4 יאָר דורך דירעקטע וואַלן. **עקספּאָרט** (1928): האָלץ, לאַנדווירטשאַפט-פּראָדוקטן, לעדער א. א. וו. פאַר בערך 14.000.000 פּעזאָ. **אימפּאָרט**: באַוול-אויסאַרבעטונגען, מאַשינעס א. א. וו. פאַר בערך 12.000.000 פּעזאָ. **וואַלוטע**: פּעזאָ=1 דאָלאַר.

**פּאָרטוגאַל** — גרעניצט זיך פון מזרח און צפון מיט שפּאַניע, פון מערב און דרום מיטן אַטלאַנטישן אָקעאַן. **שטח**: בערך 89.000 קוו. קמ. **באַפעלקערונג** (1928): בערך 5.620.000, מייסטנס קאַטאָליקן. **הויפּט-שטאָט**: ליסאַבאָן (490.000 איינוו.). **פּאָליטישע אָרדנונג**: אַ רעפּובליק מיט פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. דער פּאַרלאַמענט איז אַ צווייקאַמערדיקער (71 סענ., 164 דעפּ.). די דעפּוטאַטן-קאַמער ווערט געוויילט אויף 3 יאָר דורך אַלגעמיינע וואַלן דער סענאַט—דורך די זעלבסטפאַרוואַלטונגס-אָרגאַנען אויף 6 יאָר; און דער פּרעזידענט—דורכן קאָנגרעס אויף 4 י. די מיליטערישע רעוואָלוציע פון מאַי 1926 האָט איינגעפירט אַ דיקטאַטור. **עקספּאָרט** (1928): מייסטנס סאַרדין, וויין, קאָרקעס, וואָל פאַר בערך 200 מ. עסקודאָ. **אימפּאָרט**: באַוול, קוילן, תבואה, רייז, א. א. וו. פאַר בערך 500 מ. עסקודאָ. **וואַלוטע**: עסקודאָ=28 סענט. יידן (1928): בערך 1000. אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): 50.000.

**פּוילן** — גרעניצט זיך פון מערב און צפון-מערב מיט דייטשלאַנד און פריי-שטאָט דאַנציג, פון מזרח מיט רוסלאַנד, פון דרום

אין דרום-מזרח מיט טשעכאסלאוואקאי און רומעניע, פון צפון מיט לאטוויע, פון דרום-מערב און צפון-מערב מיט ליטע און פרייסן. **שטח:** 388.279 קוו. קמ. **באפעלקערונג** (1928): בערך 29 מיליאן; רוימיש-קאטאליקן 64%, גריכיש-קאטאליקן 11%, פראוואסלאווניע 10,5% א. א. **נאציאנאליטעטן:** פאליאקן בערך 66%, אוקראינער 14%, יידן 13%, ווייסרוסן 3%, דייטשן 4%. **הויפט-שטאט:** ווארשע (1.100.000 איינוו.). **פאליטישע ארדנונג:** א רעפובליק מיט פארלאמענטארישע רעגירונגען. די געזעצגעבערישע מאכט איז א צווייקאמערדיקע: סיים און סענאט. די דעפוטאטן ווערן געוויילט דורך פינפפאכיקע וואלן. וואל-רעכט האבן אלע בירגער פון 21 יאר אן; די ווייל̄ער צום סענאט — פון 30 יאר; די סענאטארן — פון 40 יאר אן. דער ווייל̄ער מוז וווינען אין וואל-קרייז מינדעסטנס א יאר צייט. די געזעצגעבערישע איניציאטיוו געהערט צום סיים און צו דער רעגירונג. אויב דער סיים ווארפט אפ מיט א מערהייט פון 11/20 שטימען די ענדערונגען פון סענאט, מוז דער מלוכה-פרעזידענט פארעפנטלעכן דעם געזעץ לויטן פריערדיקן באשלוס פון סיים. די דעפוטאטן פון סיים (444) און סענאט (111) ווערן געוויילט אויף 5 יאר. דער מלוכה-פרעזידענט האט רעכט פונאנדערצולאזן דעם סיים און סענאט לויט דער פאדערונג פון דער רעגירונג. די אויספירונגס-מאכט געהערט צום מלוכה-פרעזידענט צוזאמען מיט די מיניסטאָרן. דער מלוכה-פרעזידענט ווערט געוויילט אויף 7 יאר דורך דער נאציאנאל-פארזאמלונג, וואס איז צוזאמענגעשטעלט פון סיים און סענאט. דער פרעזידענט נאמינירט דעם פרעמיער, וועלכער שאפט דעם מיניסטארן-קאבינעט. דער מלוכה-פרעזידענט נאמינירט גלייכצייטיק די ציווילע און מיליטערישע באאמטע, לויטן פארשלאג פון מיניסטארן-ראט. דער פרעזידענט איז נישט פאראנטווארטלעך, נישט פארלאמענטאריש און נישט ציוויל, פאר זיינע אמטלעכע מעשים; ער איז אבער פאראנטווארטלעך קאנסטיטוציאנעל און קרימינעל, נעמלעך: ער איז פאראנטווארטלעך פאר לאנד-פארראט, פאר פארגוואלדיקן די קאנסטיטוציע און פאר געוויינלעכע קרימינעלע פארברעכנס. באשולדיקן קאן אים דער סיים מיט א מערהייט פון 8/5 שטימען; דעם פראצעס פירט-דורך דער שטאטס-טריבונאל. דער איצטיקער פרעזידענט: איגנאצי מאשציצקי. **עקספארט** (1928): לאנדווירטשאפט-פראדוקטן, רוי-

שטאָפן, האלב-פאבריקאטן, האָלץ, האָלץ-אויסארבעטונגען, פאבריק-אויסארבעטונגען, שפייז-פראָדוקטן א. א. פאר בערך 2.515 מיליאָן זל. **אימפאָרט:** פאבריק-אויסארבעטונגען, רוי-שטאָפן, האלב-פאבריקאטן, קאָלאָניאַל- און שפייז-פראָדוקטן, לאנדווירטשאפט-פראָדוקטן, מאשינעס, וועב-שטאָפן א. א. פאר בערך 2.892 מיליאָן זל. **וואלוטע:** זלאָטי=11 סענט. אָרגאַניזירטע ארבעטער (1924): 770.000.

**שלעזיען** — אַן אויטאָנאָמישע פראָווינץ פון דער פוילישער רעפובליק. **שטח:** בערך 4.230 קוו. קמ. **באפעלקערונג:** בערך 1.100.000. **הויפט-שטאָט:** קאַטאָוויץ (45.000 איינוו.). **פאָליטישע אָרדנונג:** לויטן סטאַטוט פון 15 יולי 1920 באקומט די שלעזישע פראָווינץ א ברייטע אויטאָנאָמיע, אן אייגענעם סיים, אייגענע געזעצגעבונג און אַן אדמיניסטראַטיווע זעלבסטפארוואלטונג. דער שלעזישער סיים (47 דעפ.) ווערט געוויילט דורך אַלגעמיינע, דירעקטע און פראָפּאָרציאָנעלע וואַלן. דעם וואָיעוואָדע נאָמינירט דער מלוכה-פרעזידענט. יעדער נייער מלוכה-געזעץ, וואָס וויל באגרענעצן די אויטאָנאָמישע רעכט פון ש., מוז ווערן באשטעטיקט דורכן שלעזישן סיים. די שלעזישע באפעלקערונג באטייליקט זיך גלייכצייטיק אויך אין די וואלן צום סיים און סענאַט פון דער פוילישער רעפובליק. די צאָל יידן און אָרגאַניזירטע ארבעטער איז שוין אריין אין דער טאַבעלע פון דער פוילישער רעפובליק.

**פערו** — א רעפובליק אין דרום-אמעריקע. **שטח:** בערך 1.380.000 קוו. קמ. **באפעלקערונג** (1928): בערך 5.000.000, מייסטנס קאַטאָליקן. **הויפט-שטאָט:** לימאַ (176.000 איינוו.). **פאָליטישע אָרדנונג:** א רעפובליק אָן פארלאמענטארישע רעגירונגען. דער פארלאמענט איז א צווייקאמערדיקער (116 דעפ., 52 סענ.). צנאלפאבעטן האָבן נישט קיין וואַל-רעכט. דער פרעזידענט ווערט אויסגעוויילט אויף 5 יאָר דורך אַלגעמיינע וואלן. **עקספּאָרט** (1928): באַוול, נאַפט, צוקער, מעטאַלן א. א. פאר בערך 25 מיליאָן פערו-פונטן. **אימפּאָרט:** שפייז-פראָדוקטן, מאשינעס, באַוול-שטאָפן, אייזן, שטאָל, צין פאר בערך 17 מיליאָן פערו-פונטן. **וואלוטע:** פערו-פונט=4 דאָלאר. יידן (1928): בערך 1000. אָרגאַניזירטע ארבעטער (1924): 25.000.

**פּערסיע** — אַ מלוכה אין מערב־אַזיע, גרעניצט זיך אין צפון מיט רוסלאַנד אין מיטן קאַספּישן ים, פון דרום מיטן פּערסישן גאָלף, פון מזרח מיט אַפגאַניסטאַן, בעלודזיסטאַן און טערקיי. שטח: בערך 1.647.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1928): בערך 9 מיליאָן, מייסטנס אָנהענגער פון שיאַיטישן גלו בן. הויפּט־שטאָט: טעהעראַן (220.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: אַ מאָנאַרכיע, וואָס גייט־איבער בירושה. אין 1925 האָט דער פּערסישער פּאַרלאַמענט באַשלאָסן צו דעטראָניזירן די קאַדזאַרישע דינאַסטיע און האָט פּראָקלאַמירט דעם ביזאיצטיקן פּרעמיער ריזאַ־קהאַן אַלס פּערסישען שאַך. עקספּאָרט (1928): נאַפט, טעפּיכער, אָפּיום, באַוול, פרוכטן, רייז, פעל א. א. פאַר בערך $1\frac{1}{2}$ מיליאַרד קראַנען. אימפּאָרט: באַוול־שטאָפן, טיי, צוקער א. א. פאַר בערך $2\frac{1}{2}$ מיליאַרד קראַנען. וואַלוטע: קראַן=8 סענט. יידן (1928): בערך 80.000.

**פאַרייניקטע שטאַטן** (אַמעריקע)—גרעניצן זיך פון צפון מיט קאַנאַדע, פון מערב מיטן גרויסן אָקעאַן, פון דרום־מערב מיט מעקסיקע, פון דרום מיטן מעקסיקאַנישן ים־אַרבל, פון מזרח מיטן אַטלאַנטישן אָקעאַן. שטח (אָן דעם אינדזל אַלאַסקאַ און אָן די פיליפּינער און האַוואַיער אינדזלען): בערך 7.839.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1928): בערך 105.800.000 — די ווייסע ראַסע 95.000.000, הויטפאַרביקע ראַסע 10.000.000. הויפּט־שטאָט: וואַשינגטאָן (400.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: אַ פעדעראַטיווע רעפּובליק (באַשטייט פון 48 שטאַטן) אָן פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. די געזעצגעבערישע מאַכט געהערט צום קאָנגרעס, וועלכער איז צוזאַמענגעשטעלט פון סענאַט און דעפּוטאַטן־קאַמער. אין סענאַט זיצן צו 2 פאָרשטייער פון יעדן שטאַט, געוויילט אויף 6 יאָר אומדירעקט דורך דער באַפעלקערונג פון דעם שטאַטן; דער סענאַט ווערט יעדע 2 יאָר באַנייט מיט אַ דריטל מיטגלידער. די דעפּוטאַטן־קאַמער (435 דעפּ.) ווערט געוויילט אויף 2 יאָר דורך אומדירעקטע און אַלגעמיינע וואַלן. דער סענאַט האָט דיזעלבע רעכט, וואָס דער פּאַרלאַמענט, ער באַשטעטיקט אַלע טראַקטאַטן און די נאָמינאַציעס פון די העכערע באַאַמטע. דעם פּרעזידענט ווילט דאָס גאַנצע פאָלק דורך דירעקטע וואַלן אויף 4 יאָר. דער פּרעזידענט דעצידירט וועגן אויסוואַל פון די מיניסטאָרן און וועגן דער ריכטונג פון רעגירונגס־פּאָליטיק; האָט דאָס

„וועטאָ“-רעכט אין באַצוג צו אַלע געזעצן, וואָס ווערן פּראָיעקטירט דורכן קאָנגרעס. פּאָליטישע פּאַרטייען: אַ דעצידירנדע ראָל אין פּאָליטישן לעבן פון די פ. ש. שפּילן די 2 פּאַרטייען: רעפּובּליקאַנער און דעמאָקראַטן. קיין גרויסער אידעאָלאָגישער אונטערשייד איז צווישן די צוויי פּאַרטייען נישטאָ. ביידע פּאַרטייען האָבן אַ דעמאָקראַטישן און ליבעראַלן באַדן און זענען קעגנער פון סאָציאַליזם. די וויכטיקסטע הויפּט-פּונקטן אין דעם פּראָגראַם פון דער דעמאָקראַט.-פּאַר. זענען: פּאַציפיזם, ליבעראַליזם און דעצענטראַליזאַציע; פון דער רעפּובּליקאַנער-פּאַרטיי — אימפּעריאַליזם און צענטראַליזאַציע. די רעפּ.-פּאַר. איז אַ קעגנערין פון דער פעלקער-ליגע און שטיצט דעם פּראָטעקציאָנעלן צאָל. די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט אממייסטן אָנהענגער אין די דרום-שטאַטן; די רעפּובּליקאַנישע — אין די צפון-שטאַטן. עקספּאָרט (1928): רוי-באַוול, תבואה, מעל, אייל, אויטאָמאָבילן, מאַשינעס, געצייג א. א. פאַר בערך 5 מיליאַרד דאָלאַר. אימפּאָרט: רוי-זייד, צוקער, קאַווע, וואָל, פּאַפּיר א. א. פאַר בערך 4 מיליאַרד דאָלאַר. וואַלוטע: דאָלאַר (ענטהאַלט 1,67 גראַם גאָלד). יידן (1928): בערך 4.000.000. אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): 4.000.000.

**פינלאַנד** — אַ רעפּובּליק (פאַר דער וועלט-מלחמה געהערט צו רוסלאַנד), ליגט בײַ די ברעגעס פון דעם פינישן אויסגוס צווישן באַלטישן ים און צפון-אייז-ים. שטח: 388.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1928): בערך 3.500.000 — פינלענדער 89%, שוועדן 11%. רעליגיעס: לוטעראַנער 98%, קאַטאָליקן 1,5%. הויפּט-שטאָט: העלזינגפאָרס (200.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: אַ רעפּובּליק מיט פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. דער פּאַרלאַמענט איז אַן איינקאַמערדיקער (200 דעפּ.) און ווערט געוויילט אויף 3 יאָר דורך פינפפאַכיקע וואַלן; דער פּרעזידענט — אויף 6 יאָר. דער פּרעזידענט האָט גרויסע פולמאַכטן: נאָמינירט מיניסטאָרן און האָט רעכט פונאַנדערצולאָזן דעם פּאַרלאַמענט. די וויכטיקסטע פּאַרטייען אין פ. זענען: די סאָציאַליסטישע, (וועלכע האָט אַ מערהייט אין פּאַרלאַמענט), די פּויערן-פּאַרטיי, די פינלענדישע קאָנסערוואַטאָרן, די שוועדישע פּאַרטיי און די קאָמוניסטן. עקספּאָרט (1928): האָלץ, האָלץ-אויסאַרבעטונגען, פּאַפּיר, ערד-פּראָדוקטן, שוועבעלעך, שפּייז-פּראָדוקטן א. א. פאַר בערך $5^1/_2$ מיליאַרד מאַרק. אימפּאָרט: תבואה, קאָלאָניאַל-פּראָדוקטן,

מעטאַל, רוי-שטאָפן, מאַשינעס א. א. פאַר בערך 5.525.000.000 מאַרק. וואַלוטע: פינלענדישער מאַרק=2,5 סענט. יידן (1928): בערך 2000. אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): 48.000

**פראַנקרייך** — גרענעצט זיך פון צפון מיטן ענגלישן קאַנאַל (לאַ-מאַנש-קאַנאַל), פון מערב מיטן ים-אַרבל פון ביסקאַיאַ (אַ טייל פון אַטלאַנטישן אָקעאַן), פון דרום מיט שפּאַניע, פון מזרח מיט דייטשלאַנד, שווייץ און איטאַליע. שטח (אָן די קאָלאָניעס): 551.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1928): קרוב 40 מיליאָן. פויערן: 21 מיליאָן, שטאָט-איינוווינער: 18 מיליאָן. הויפּט-שטאָט: פּאַריז (2.906.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: אַ רעפּובליק מיט פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. לויט דער קאָנסטיטוציע פון י. 1875 געהערט די געזעצגעבערישע מאַכט צום פּאַרלאַמענט, געוויילט אויף 4 יאָר, וועלכער באַשטייט פון דעפּוטאַטן-קאַמער (584 דעפּ.) און סענאַט (314 סענ.). די וואַלן צו דער דעפּוטאַטן-קאַמער זענען אַלגעמיינע, דירעקטע; לויטן געזעץ פון 1919 זענען די וואַלן אויף פּראָפּאָרציאָנעלע מיטן מערהייטס-פּרינציפּ. די סענאַטאָרן ווערן געוויילט אויף 9 יאָר דורך ספּעציעלע קאָלעגיומס פון יעדן דעפּאַרטאַמענט: 1) פּאַרלאַמענט-דעפּוטאַטן; 2) גענעראַלע ראַט-געבער; 3) קרייז-ראַט-געבער; 4) פאָרשטייער פון די גמינע-ראַטן. דער סענאַט ווערט יעדע 3 יאָר באַנייט דורך אַ נייַ דריטל מיטגלידער. דאָס רעכט צו געוויילט ווערן אַלס סענאַטאָר האָבן די בירגער פון 40 יאָר אָן. דער סענאַט האָט דיזעלבע רעכט ווי דער פּאַרלאַמענט. דער סענאַט פירט-אויס אויך געוויסע יורידישע פונקציעס, נעמלעך: ער משפּט 1) דעם פּרעזידענט און מיניסטאָרן, וואָס ווערן באַשולדיקט דורכן פּאַרלאַמענט (קאָנסטיטוציאָנעלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט), 2) יעדע פּערזאָן, וועלכע ווערט באַשולדיקט דורך אַ פּרעזידענטס-דעקרעט אין מלוכה-פאַרראַט. די דעפּוטאַטן-קאַמער קאָן ווערן אויפגעלעזט דורכן פּרעזידענט נאָר מיט דער הסכּמה פון סענאַט. דער פּרעזידענט ווערט געוויילט אויף 7 יאָר דורך דער נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג, וואָס באַשטייט פון פּאַרלאַמענט און סענאַט. דער פּרעזידענט נאָמינירט מיניסטאָרן, וועלכע זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פּאַרלאַמענט קאָנסטיטוציאָנעל און פּאָליטיש. אַדמיניסטראַטיוו טיילט זיך פראַנקרייך אויף דעפּאַרטאַמענטן, געביטן, קאַנטאָנען און גמינעס. בראש פון דעפּאַרטאַמענט שטייט דער פּרעפעקט, וועלכער באַזיצט אַ גרויסע מאַכט.

פּאָליטישע פּאַרטייען: אין פראַנקרייך זענען נישט פאַראַן קיין פעסטע פּאַרטייען, וואָס זאָלן פאַרמאָגן אַן אָנגעצייכנטן פּראָגראַם, אַן אָפּציעלע פּרעסע און אַ שטאַרקע פּאַרטיי-דיסציפּלין. אויסער די קאָמוניסטן און ראָיאַליסטן, וועלכע זענען גוט אָרגאַניזירט און פאַרמאָגן אַ קלאָר-אָנגעצייכנטן פּראָגראַם, זענען די איבעריקע גרופּירונגען זייער עלאַסטיש, זיי ווערן על-פּי-רוב געשאַפן בשעת די פּאַרלאַמענט-וואַלן און זיי ענדערן נ׳ מאָל זייער פּאָליטישע טאַקטיק. געוויסע גרופּירונגען עקזיסטירן בלויז אין פּאַרלאַמענט און שטיצן זיך מערסטנטייל אויף אַ געוויסן איינפלוסרייכן דעפּוטאַט. די קאָמוניסטן זענען אין אָפּאָזיציע צו יעדער רעגירונג—סיי פון רעכטס, סיי פון לינקס; זיי האָבן אייגענע אַרבעטער-סינדיקאַטן און געהערן צום דריטן אינטערנאַציאָנאַל. די פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי געהערט צום צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און באַשטייט פון 2 ריכטונגען: אַ מער ראַדיקאַלערע און אַ מער אָפּאָרטוניסטישע; זי פאַרמאָגט די גרעסטע אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטער-סינדיקאַטן; אין איר פּראָגראַם שטעלט אַרויס די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי די לאָזונגען: איינפירן אַ פאַרמעגן-שטייער, פאַרקלענערן די צייט פון מיליטער-דינסט, באַגרעניצן די באַוואָפענונג, פאַרברייטערן די געזעלשאַפטלעכע פאַרזיכערונגען און אונטערשטיצונג פון דער פעלקער-ליגע, וועלכע דאַרף האָבן דעם אויפזיכט איבער אַלע קאָלאָניעס. די ראַדיקאַלע פּאַרטיי איז פאַר פּראָגרעסיווע שטייערן, פאָדערט אַן איינהייטלעכן שול-וועזן, קעמפט מיטן איינפלוס פון דער קירך, איז פאַר אַ פשרה-פּאָליטיק לגבי דייטשלאַנד און שטיצט דעם פּאַציפיזם און די פעלקער-ליגע; זי שיצט זיך איבערהויפּט אויף דעם קליינבירגערטום און אויף די נידעריקע באַאַמטע; אין דער פּאַרטיי האָבן אַ גרויסן איינפלוס די פרייַמויערערס (זע); די רעכטע גרופּירונגען צייכענען זיך אויס מיט זייער פיינדלעכער שטעלונג לגבי דייטשלאַנד און אומצוטרוי צו דער פעלקער-ליגע, זיי פאָדערן, מען זאָל אויפשטעלן צוריק די השפעה פון דער קירך, שטיצן די גרויסע מיליטערישע בודזשעטן. עקספּאָרט (1928): זייד-אויסאַרבעטונגען, קליידער, וועש, באַוול-אויסאַרבעטונגען, שטאָל, אייזן, וואָל-אויסאַרבעטונגען, מאַשינעס, מעטאַל-אויסאַרבעטונגען, פיש, סאַרדין, אויטאָמאָבילן, כעמישע פּראָדוקטן, ווייַן, פּערפומעריע און זייף א. א. פאַר בערך 40 מיליאַרד פראַנק. אימ

פאָרט: קוילן, באַוול, וואָל, תבואה, אייזן, פּרוכטן, זייד, צוקער א. א. פאַר בערך 37 מיליאַרד פראַנק. וואַלוטע: פראַנק=4 סענט. יידן (1928): 250.000. אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): 1.396.000.

**קאָלומביאַ** — אַ רעפּובליק אין דרום-אַמעריקע, ליגט אין די צפון-אַנדן (בערג) און נעמט-אַרום דעם שטח פון טייך-נעץ מאַגדאַלענאַ. שטח: בערך 1.283.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1928): בערך 6 מיליאָן. הערשנדע רעליגיע: קאַטוילישע. הויפּט-שטאָט: באָגאָטאַ (בערך 140 טויזנט איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: אַ רעפּובליק אָן פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. דער פּרעזידענט ווערט געוויילט אויף 4 יאָר, אומדירעקט דורך דער באַפעלקערונג. דער פּאַרלאַמענט אַ צווייקאַמערדיקער (92 דעפּ., 32 סענ.). עקספּאָרט (1928): קאַווע, פּלאַטין, גומע, קאַקאַאָ א. א. פאַר בערך 82 מיליאָן פּעזאָס. אימפּאָרט: באַוול-אויסאַרבעטונגען, וואָל-אויסאַרבעטונגען, מאַשינעס א. א. פאַר בערך 85 מיליאָן פּעזאָס. וואַלוטע: פּעזאָ=בערך 1 דאָלאַר.

**קאַנאַדע** — גרעניצט זיך פון מערב מיטן גרויסן אָקעאַן, פון צפון מיט טונדרעס, פון מזרח מיט פּלאַכלענדער און פון דרום מיט די פאַראייניקטע שטאַטן. אַן ענגלישע אויטאָנאָמישע קאָלאָניע (דאָמיניע), פּאַקטיש כמעט אַ זעלבשטענדיקע מלוכה. שטח: בערך 9.500.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1928): בערך 8.000.000; ענגלענדער און שאָטלענדער 3.700.000, פראַנצויזן בערך 2.000.000, אירלענדער בערך 1.100.000, דייטשן 300.000 א. אַ. וו. הויפּט-שטאָט: אָטאַוואַ (120.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: קאַנאַדע איז אַ פעדעראַטיווע רעפּובליק, וואָס באַשטייט פון 9 פּראָווינצן און 2 טעריטאָריעס; יעדע פּראָווינץ האָט אַן אייגענעם פּאַרלאַמענט און אַן אייגענע אַדמיניסטראַציע. דער פעדעראַציע-פּאַרלאַמענט באַשטייט פון 2 קאַמערן: סענאַט און דעפּוטאַטן-קאַמער. פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. די סענאַטאָרן (69) ווערן באַשטימט אויף לעבנסלענגלעך דורכן גענעראַל-גובערנאַטאָר; די דעפּוטאַטן (235) ווערן געוויילט דורך אַלגעמיינע וואַלן. די אויספירונגס-מאַכט געהערט צום ענגלישן קעניג און זי ווערט דורכגעפירט דורכן גענעראַל-גובערנאַטאָר און דורך די נאָמינירטע דורך אים מיניסטאָרן. די וויכטיקסטע

פּאַרטייען: ליבעראַלן, קאָנסערוואַטאָרן, פּראָגרעסיסטן, אַרבעטס־פּאַרטיי, אומאָפּהענגיקע א. א. עקספּאָרט (1928): האָלץ, פּאַפּיר, תבואה, פעל, פּוטער, וואָל־אויסאַרבעטונגען, מינעראַלן (גאָלד, זילבער, אייזן, קוילן), מעטאַל־אויסאַרבעטונגען א. א. פאַר בערך 1 מיליאַרד 200 מיליאָן דאָלאַר. אימפּאָרט: לאַנדווירטשאַפט־פּראָדוקטן, וועב־שטאָפן, אייזן, אייזן־אויסאַרבעטונגען א. א. פאַר בערך 1 מיליאַרד דאָלאַר. וואַלוטע: קאַנאַדער דאָלאַר=1 אַמעריק. דאָלאַר. יידן (1928): בערך 150.000. אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): 277.000.

**קאָסטאַריקאַ** — אַ רעפּובליק אין מיטל־אַמעריקע. שטח: בערך 50.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1928): בערך 500.000. אָפיציעלע רעליגיע: קאַטוילישע. שפּראַך: שפּאַניש. הויפּט־שטאָט: סאַן־יאָסע (52.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: אַ רעפּובליק אָן פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. די געזעצגעבערישע מאַכט געהערט צום איינקאַמערדיקן פּאַרלאַמענט (43 דעפּ.), געוויילט אויף 4 יאָר און ווערט באַנייט יעדע 2 יאָר מיט אַ נייער העלפט מיטגלידער. די אויספירונגס־מאַכט געהערט צום פּרעזידענט, וועלכער ווערט געוויילט אויף 4 יאָר דורך אומדירעקטע וואַלן. עקספּאָרט (1928): קאַווע, באַנאַנעס, ראָר־צוקער א. א. פאַר בערך 67 מיליאָן קאָלאָנען. אימפּאָרט: באַוול, מעל, מאַשינעס א. א. פאַר בערך 48 מיליאָן קאָלאָנען. וואַלוטע: קאָלאָן=25 סענט.

**קובאַ** — אַ קליינע רעפּובליק אויף די אַנטילישע אינדזלען אין מיטל־אַמעריקע. שטח: בערך 115.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1928): בערך 3.400.000. הערשנדע רעליגיע: קאַטוילישע. פּאָליטישע אָרדנונג: דער פּאַרלאַמענט איז אַ צוויי־קאַמערדיקער (24 סענ., 114 דעפּ.). דער פּרעזידענט ווערט געוויילט דורך דירעקטע וואַלן אויף 4 יאָר. עקספּאָרט (1928): מייסטנטייל צוקער, קאַווע, קאַקאָ, טאַבאַק א. א. פאַר בערך 320 מיליאָן דאָלאַר. אימפּאָרט: מייסטנס פאַבריק־אויסאַרבעטונגען, מאַשינעס א. א. פאַר בערך 255 מיליאָן דאָלאַר. וואַלוטע: פּעזאָ=בערך 1 דאָלאַר. יידן (1928): בערך 3.500.

**רומעניע** — אַן אייראָפּעאישע מלוכה אין צפון פון באַלקאַנישן האַלב־אינדזל, גרעניצט זיך אין מערב מיט עסטרייך, אין מזרח

מיטן שוואַרצן ים, אין צפון מיט רוסלאַנד און אין דרום מיט בולגאַריע און סערביע. שטח: בערך 294.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1928): בערך 17.500.000. רעליגיעס: מייסטנס פון מזרח-גריכישן גלויבן, אוניטן בערך 1.400.000, קאַטאָליקן 1.200.000, יידן בערך 1 מיליאָן. נאַציאָנאַליטעטן: רומענער 75%, אונגאַרן 10%, דייטשן 5%, יידן 5%, אוקראַינער 3%, אַנדערע 2%. הויפּט-שטאָט: בוקאַרעשט (בערך 700.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע, וואָס גייט-איבער בירושה. דער הערשער: דער מינדעריעריקער פּרינץ מיכאַל (געבוירן 1922), פון דער דינאַסטיע האָהענצאָלערן-שיגמאַרינגען. איצט פירט-אָן מיט די מלוכה-ענינים אַ רעגענטן-ראַט. דער פּאַרלאַמענט איז אַ צווייקאַמערדיקער (סענ. 170, דעפּ. 347): די דעפּוטאַטן-קאַמער ווערט געוויילט דורך פינפפאַכיקע וואַלן; דער סענאַט ווערט טיילוויז געוויילט און טיילוויז נאָמינירט. די וויכטיקסטע פּאַרטייען: פּאָלקס-פּאַרטיי, פּויערן-פּאַרטיי, ליבעראַלע פּאַרטיי, קריסטלעך-נאַציאָנאַלע פּאַרטיי, סאָציאַליסטישע פּאַרטיי א. א. עקספּאָרט (1928): תבואה, פּי, האָלץ, נאַפט א. א. פאַר בערך 210.000.000 דאָלאַר. אימפּאָרט: וועב-שטאָפן, מעטאַלן, מעטאַל-אויסאַרבעטונגען, וואָל, וואָל-אויסאַרבעטונגען, מאַשינעס א. א. פאַר בערך 187.000.000 דאָלאַר. וואַלוטע: לעי=1/2 סענט. אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): 78.000.

**רוסלאַנד** — אַ פעדעראַטיווע רעפּובליק, גרעניצט זיך פון צפון מיטן צפון-אייז-ים, פון דרום מיטן קאַספּישן ים, פון מזרח און מערב מיט פּוילן, עסטלאַנד, פינלאַנד, ליטע, לאַטוויע און רומעניע. שטח: בערך 21.000.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1928): בערך 140 מיליאָן—רוסלאַנד מיט סיביר 100 מיליאָן, אוקראַינע 28 מיליאָן, ווייסרוסלאַנד 4 מיליאָן, קאַווקאַז 6 מיליאָן, כיווע און בוכאַראַ 4 מיליאָן א. א. וו. הויפּט-שטאָט: מאָסקווע (בערך 2 מיליאָן איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: אַ ראַטן-פאַרבאַנד פון סאָציאַליסטישע רעפּובליקן; די וויכטיקסטע פון זיי זענען: 1) רוסלאַנד, 2) אוקראַינע, 3) ווייסרוסלאַנד, 4) קאַווקאַז (וועלכע איז צוזאַמענגעשטעלט פון אַרמעניע, גרוזיע און אייזערבעדזשאַן) א. א. די קאָנסטיטוציע פון י. 1923 האָט אַזוי פאַרברייטערט די קאָמפּעטענץ פון פאַרבאַנד, אַז די באַזונדערע רעפּובליקן האָבן בלויז אויטאָנאָמיע-רעכט,

די העכסטע מאַכט פון פאַרבאַנד געהערט צום צוזאַמענפאָר פון די ראַטן (דעלעגירטע פון די אַרבעטער- און פויערן-ראַטן). די אייגענטלעכע מאַכט געהערט צום צענטראַלן אויספירונגס-קאָמיטעט, וועלכער באַשטייט פון 2 קאַמערן: 1) פאַרבאַנדס-ראַט, 2) נאַציאָנאַליטעטן-ראַט. דער פאַרבאַנדס-ראַט ווערט געוויילט דורכן צוזאַמענפאָר פון די ראַטן און באַשטייט פון פאָרשטייער פון די ראַטן-רעפובליקן (400 מיטגלידער). דער נאַציאָנאַליטעטן-ראַט ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון פאָרשטייער פון די פאַרבאַנדס-רעפובליקן (5 פאָרשטייער פון יעדער רעפובליק) און פאָרשטייער פון די אויטאָנאָמישע פראָווינצן (איין פאָרשטייער פון יעדער פראָווינץ). דער צוזאַמענשטעל פון נאַציאָנאַליטעטן-ראַט ווערט באַשטעטיגט דורכן ראַטן-צוזאַמענפאָר. אַלע געזעץ-פראָיעקטן, וואָס ווערן באַטראַכט דורכן צענטראַלן אויספירונגס-קאָמיטעט, גייען אַריין אין קראַפט ווען זיי ווערן באַשטעטיקט דורכן פאַרבאַנדס-ראַט און נאַציאָנאַליטעטן-ראַט. דער צענטראַלער אויספיר.-קאָמיטעט וויילט אויס פאָלקס-קאָמיסאַרן (מיניסטאָרן-ראַט); דער צענטר. אויספיר.-קאָמ. האָט דאָס רעכט אָפּצוהאַלטן אָדער אָפּוואַרפן די באַשלוסן פון די פאָלקס-קאָמיסאַרן. קיין רעפובליק-פּרעזידענט איז נישט פאַראַן. עקספּאָרט (1928): תבואה, נאַפט, האָלץ, פוטער, פיש, פלאַקס, אייער, פעל א. א. פאַר בערך 1 מיליאַרד טשערוואָנצעס. אימפּאָרט: פּאַפּיר, כעמישע אויסאַרבעטונגען, שפּייז-פּראָדוקטן, מאַשינעס, האַלב-פאַבריקאַטן א. א. פאַר בערך 1 מיליאַרד טשערוואָנצעס. וואַלוטע: טשערוואָניעץ=בערך 5 דאָלאַר. יידן (1928): בערך $3\frac{1}{2}$ מיליאָן. אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): 6.500.000.

**שווייץ** — די שווייצאַרישע רעפובליק גרענעצט זיך פון צפון מיט דייטשלאַנד, פון דרום-מזרח מיט איטאַליע און עסטרייך, פון מערב מיט פראַנקרייך. שטח: בערך 41.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1928): בערך 4.000.000—דייטשן בערך 71%, פראַנצויזן 21%, איטאַליענער 6%, ראָמאַנער 1%. רעליגיעס: פּראָטעסטאַנטן בערך 57%, קאַטאָליקן בערך 41%. הויפּט-שטאָט: בערן (בערך 100.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: אַ פעדעראַטיווע רעפובליק, באַשטייט פון 25 קאַנטאָנען. די געזעצגעבערישע מאַכט איז אַ צוויי-קאַמעראַדיקע, אָן פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען, און באַשטייט פון נאַציאָנאַל-ראַט (געוויילט דורך דער גאַנצער באַפעלקערונג)

און שטאַטס-ראַט (געוויילט דורך די קאַנטאָנען—צו 2 פאַרשטייער פון יעדן קאַנטאָן). די אויספירונגס-מאַכט געהערט צום פאַרבאַנדס-ראַט, וואָס באַשטייט פון 7 מיטגלידער, געוויילט אויף 3 יאָר דורכן פאַר-לאַמענט (ביידע קאַמערן). דער פרעזידענט איז בלויז פאָרזיצנדער פון פאַרבאַנדס-ראַט און ווערט געוויילט דורכן פאַרלאַמענט אויף 1 יאָר. פּאָליטישע פּאַרטייען: ראַדיקאַלן, סאָציאַליסטן, קאַטאָליקן, פויערן-פּאַרטיי, ליבעראַלן, קאָמוניסטן. עקספּאָרט (1928): זייגערס, זייד, מאַשינעס, האָפּט, באַוול-שטאָפן א. א. פאַר בערך 1.700.000.000 פראַנק. אימפּאָרט: תבואה, אייזן און אייזן-אויסאַרבעטונגען, קוילן, קאָלאָניאַל-סחורות א. א. פאַר בערך 2.200.000.000 פראַנק. וואַלוטע: פראַנק=18 סענט. יידן (1928): בערך 25.000. אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): 300.000.

**שוועדן** — געפינט זיך אויפן סקאַנדינאַווישן האַלב-אינדזל און גרענעצט זיך פון צפון מיטן אייז-ים, פון מזרח מיטן באַל-טישן ים און מיט רוסלאַנד, פון מערב מיטן אַטלאַנטישן אָקעאַן און פון דרום מיטן באַלטישן ים און זיינע אויסגוסן. שטח: בערך 448.000 קוו. קמ. באַפעלקערונג (1928): בערך 6.000.000. רעליגיע: לוטעראַנישע. הויפּט-שטאָט: שטאָקהאָלם (בערך 440.000 איינוו.). פּאָליטישע אָרדנונג: אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע, וואָס גייט-איבער בירושה. הערשער: קעניג גוסטאַוו דער V-טער, פון דער דינאַסטיע בערנאַדאָטע. די געזעצגעבערישע מאַכט—אַ צוויי-קאַמער-דיקע (230 דעפּ., 150 סענ.) מיט פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען. דער פּאַרלאַמענט ווערט געוויילט דורך פּינפּזאַכיקע וואַלן, דער סענאַט באַשטייט פון פאַרשטייער פון די זעלבסטפאַרוואַלטונגס-אָרגאַנען. פּאָ-ליטישע פּאַרטייען: סאָציאַל-דעמאָקראַטן, קאָנסערוואַטאָרן, ליבעראַלן, פרייהייטס-פּאַרטיי, פויערן-פּאַרטיי, קאָמוניסטן. עקספּאָרט (1928): שוועבעלעך, מאַשינעס, האָלץ, פּאַפּיר, מעטאַלן, מינעראַלן א. א. פאַר בערך 1.540.000.000 קראָן. אימפּאָרט: שפּייז-פּראָדוקטן, קוילן, מינעראַלן, וואָל, קאָלאָניאַל-פּראָדוקטן, פאַבריק-שטאָפן, אויטאָס א. א. פאַר בערך $1^1/2$ מיליאַרד קראָן. וואַלוטע: שוועדישער קראָן=בערך 26 סענט. יידן (1928): בערך 8000. אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): 400.000.

**שפּאַניע** — ליגט אין דרום-אייראָפּע אויפן פּירענעאישן האַלב-אינדזל און גרענעצט זיך פון צפון מיטן אויסגוס ביסקאַיאַ און פראַנקרייך, פון מערב מיט פּאָרטוגאַל, פון דרום מיטן גיבראַלטאַר-ים-אַרבל, פון מזרח מיטן מיטללענדישן ים. **שטח**: בערך 500.000 קוו. קמ. **באַפעלקערונג** (1928): בערך 22.000.000 (50% אַנאַלפאַבעטן) — 19 מיליאָן שפּאַניער, $2\frac{1}{2}$ מ. קאַטאַלאָניער, $\frac{1}{2}$ מ. באַסקן). **הערשנדע רעליגיע**: קאַטוילישע. **הויפּטשטאָט**: מאַדריד (בערך 800.000 איינוו.). **פּאָליטישע אָרדנונג**: א קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע מיט פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגען (ביזן י. 1923). **הערשער**: אַלפאָנס דער XIII-טער, פון דער דינאַסטיע בורבאָן-אַניאָן. אין י. 1923 איז פאָרגעקומען א מיליטערישע מלוכה-איבערקערעניש, וועלכע האָט פונאַנדערגעטריבן די פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונג און האָט איינגעשטעלט א מיליטערישע דיקטאַטור מיטן גענעראַל פּרימאָ דע-ריווערא בראָש. אין 1925 ווערט פּרימאָ דע-ריווערא נאָמינירט דורכן קעניג אַלס פּרעמיער פון קאַבינעט, אין וועלכן ס'זענען אריינגעטראָטן אויך ציווילע פּערזאָנען. צו די אינערלעכע סכסוכים פון שפּאַניע געהערן: דאָס איינהאַלטן די קאָלאָניע מאַראָקאָ און די נאַציאָנאַלע באַוועגונג פון די קאַטאַלאָניער, וועלכע פאָדערן אויטאָנאָמיע-רעכט. בראָש פון דער קאַטאַלאָנער באַוועגונג שטייט דער פּאָליטיקער קאַמבאָ. **עקספּאָרט** (1928): שפּייז-פּראָדוקטן, משקאות, מעטאַל-אויסאַרבעטונגען, אייל, פּאָמעראַנצן, סאַרדין, אייזן, קופּער, כעמישע פּראָדוקטן א. א. פאַר בערך 2 מיליאַרד פּעזעטאַ. **אימפּאָרט**: שפּייז-פּראָדוקטן, משקאות, מאַשינעס, באַוול, באַוול-אויסאַרבעטונגען, מינעראַלן, טאַבאַק א. א. פאַר בערך $3\frac{1}{2}$ מיליאַרד פּעז. **וואַלוטע**: פּעזעטאַ=14 סענט. ייִדן (1928): בערך 4000. אָרגאַניזירטע אַרבעטער (1924): 453.000.

**שפּאַנישע קאָלאָניעס**: א טייל פון מאַראָקאָ, די קאַנאַרישע אינדזלען, מערב-סאַהאַרע און א טייל גווינעאַ.



# יידישע פּאַרטייען

**אַגודה** (אַגודת ישראל) — וועלט־אָרג. פון אָרטאָדאָקסישע יידן, געגרינדעט אין קאַטאָוויץ אין מאַי 1912. בראש פון דער אָרג. זענען דעמאָלט געשטאַנען ר׳ יצחק הלוי, ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק (בריסקער רב), ראַבינער שלמה ברויער און יעקב ראָזענהיים. דאָס פּראָגראַם פון דער אגודה האָט דעם צוועק צו לעזן די פּראָבלעמען פון יידישן כלל אין גייסט פון דער תורה. אין 1919 איז אין ציריך פּאָרגעקומען אַ וועלט־קאָנפערענץ פון די אָרטאָדאָקס. פּאַרב. צווישן אַנדערע איז אויף דער. קאָנפ. אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס וועגן פּאַרייניקן זיך מיט דער ציוניסט. אָרג. אין פּאַלעסטינע, נאָר די אונטערהאַנדלונגען צווישן דיביידע אָרג. האָבן נישט געבראַכט צו קיין רעזולטאַט. אויף דער קאָנפ. אין פּרעשבורג (1920) איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די הויפּט־לייטונג ווערט צעטיילט אויף 3 צענטרן: פּראַנקפורטביים מאַין, וואַרשע און ווין (הויפּט־צענטר). די ווינער צענטראַלע האָט באַקומען דעם אויפטראַג צוזאַמענצורופן די „כנסיה גדולה" (וועלט־קאָנגרעס). אין 1923 איז אין ווין פּאָרגעקומען די ערשטע „כנסיה גדולה", אין וועלכער ס׳האָבן זיך באַטייליקט 600 דעלעגאַטן פון פאַרשידענע לענדער. ס׳האָבן זיך אין איר אויך באַטייליקט ר׳ ישראל מאיר הכהן („חפץ חיים"), דער גערער רבי, דער טשאָרטקאָווער רבי א. א. אויפן דאָזיקן קאָנג. איז אָנגענומען געוואָרן די קאָנסטיטוציע פון דער א., ס׳איז געווײלט געוואָרן אַן אַדמיניסט. אָרגאַן און אַ פּאָליט. עקזעקוטיווע; ס׳האָט זיך אויך קאָנסטיטואירט די „מועצת גדולי התורה" מיט אַן אקציאָנס־קאָמיטעט פון 11 מיטגלידער און אַ צענטראַל־ראַט פון 100 מיטג., ס׳איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ „קרן־התורה", וואָס דאַרף אינטערשטיצן די רעליג. דערציונג. דאָס פּראָגראַם פון דער אגודה: „דאָס יידישע פּאָלק שטייט אויסער די ראַמען פון די פּאָליטישע פעלקער און איז אין

זיין מהות נישט גלייך צו זיי. גאָט איז דער סוווערען פון יידישן פאָלק. גאָטס תורה איז דאָס הערשנדיקע רעכט פונם פאָלק, און גאָטס לאַנד איז אויף אייביק דאָס צוגעזאָגטע לאַנד פאַרן יידישן פאָלק". „די תורה איז אַלזוי מאַסגעבנד פאַר אַלע מעשים פון דער אגודה". די „מועצת גדולי התורה" פירט־אָן מיט די ענינים פון דער אָרג. פון יעדן לאַנד. דורך דער „כּנסיה גדולה" זענען געגרינדעט געוואָרן לאַנד־אָרגאַניזאַציעס אין פוילן, ליטע, לעטלאַנד, רומעניע, טשעכאָסלאָוואַקיי, שווייץ, האָלאַנד, בעלגיע, ענגלאַנד, פּאַלעסטינע און צפון־אַמעריקע. אין ס'רוב לענדער זענען אויך געגרינדעט געוואָרן יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. אין פּוילן און אין פּאַלעסטינע זענען געשאַפן געוואָרן די אגודה'שע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס „פּועלי־אגודת־ישראל" — אין פּוילן אַנ'אגודה'יסטישע פרויענבאַוועגונג „בנות־אגודת־ישראל", אין אַמעריקע און אין פּוילן די אָרגאַניזאַציע „פּרחי־אגודת־ישראל". אין אַ סך לענדער איז אַנטשטאַנען אַנ'אגודה'שע פּרעסע—אין פּוילן אַ יידישע טאָג־צייטונג דער „יוד", אין ווין אַנ'אַגודה'יסטיש צענטראַל־פּרעס־ביוראָ. די פּאָליטישע טעטיקייט פון דער אגודה איז באַשטאַנען דער עיקר אין דעם, אויפצוקלערן די וויכטיקסטע אינסטאַנצן פון די רעגירונגען איבער דער אייגנאַרטיקייט, רעליגיעזע און קולטורעלע באַדערפענישן פון דעם אָרטאָדאָקסישן יידנטום; אין דער פּאָליטיזירונג פון די תורה־טרייע יידישע מאַסן אין די מזרח־לענדער און אין שאַפן אַן אייגענע אָרטאָדאָקסישע פּאַרלאַמענטאַרישע פּאַרטרעטערשאַפט אין פּוילן, ליטע און לעטלאַנד; אין דער פאַרטרעטונג פון די יידישע רעליגיעזע אינטערעסן, אין די ענינים פון דער קאַלענדאַר־רעפאָרם ביים פעלקערבונד; אין דער פאַרטרעטונג פון די אָרטאָדאָקסישע אינטערעסן אין דער פראַגע פון דער געזעצלעכער אָרגאַניזאַציע פון יידישן קיבוץ אין פּאַלעסטינע (קהילות־געזעץ), ביי די פּאָליטישע אינסטאַנצן אין ירושלים, לאָנדאָן און גענף.

# אַרבעטער־פּאַרטייען

## היסטאָרישער איבערזיכט

**די אַנטשטייונג פון מאָדערנעם יידישן אַרבעטער־קלאַס.** צו דער אַנטשטייונג פון יידישן אַרבעטער־קלאַס

 ארבעטער-פארטייען

אין מזרח-איראָפּע האָט גורם געווען דער איבערגאַנג פון די יידישע מאַסן צו מלאכה. אָנגעהויבן האָט זיך דערדאָזיקער איבערגאַנג נאָך אין דער פאָרקאַפּיטאַליסטישער צייט אונטערן דרוק פון כסדרדיקן אַרויסשטויס פון די פאַרמיטלונגס-צווייגן און דורכן וווּקס פון קאַפּיטאַליזם אין דער צווייטער העלפט פון XIX י"ה. ביזן אויפשוווּנג פון קאַפּיטאַליזם אין מזרח-איראָפּע האָבן די יידן אין ווירטשאַפט-לעבן פון דידאָזיקע געביטן פאַרנומען פונקט אַזאַ שטעלונג, ווי זייערע אָבות אין מיטלאַלטערלעכן מערב-איראָפּע: זיי זענען געווען די טרעגער פון דער געלט-ווירטשאַפט אַלס סוחרים, אַרענדאַרן, געלט-פאַרלייער א. א. וו. קיין קלאַסן-דיפערענצירונג אין אייגנטלעכן זין פון וואָרט האָט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג דעמאָלט נישט עקזיסטירט, הגם ס'זענען געווען נאַטירלעכע אומגלייכקייטן, וואָס האָבן אָפטמאָל אפילו אַרויסגערופן סאָציאַלע קאַמפן. שוין גאַנץ פרי האָט זיך אָבער אויך דאָ אָנגעהויבן דאָס אַרויסשטופּן די יידן פון זייערע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדן לאַנד מיט יידישע איינוווינער, ווי נאָר צווישן דער אור-באַפעלקערונג הויבן זיך אָן אויסצובילדן אַזוינע שיכטן, וואָס זענען פעיק איבערצונעמען די ווירטשאַפטס-פונקציעס פון די יידן. ביים סוף פון XVIII י"ה און אָנהויב XIX י"ה, אין דער צייט פון פוילענס צעטיילונג, וואָס האָט דאַן גורם געווען צו געוואַלטיקע שינויים אין ווירטשאַפטס-אָרגאַניזם פון די יידישע מאַסן, איז די יידישע באַפעלקערונג (בערך 1 מיליאָן נפשות) געווען שטאַרק באַדראָט אויף אַלע אירע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס. די גרויסע מאַסע איז געווען קאָנצענטרירט אין פאַכן — אין קעגנזאַץ צו דער פריערים-ווירטשאַפט און צום קליינבירגערטום — אַלס האַנטווערקער און הענדלער אין די שטעט, אַלס אַרענדאַרן און שענקערס אין דאָרף. אויף די פוילישע באָדן-שטחים, וואָס זענען אַריבער צו רוסלאַנד, האָט עס גורם געווען, אַז מ'האָט די יידן אַרויסגעטריבן פון די דערפער, פאַרבאָטן דעם בראָנפן-האַנדל א. א. וו. אַזוי-אַרום איז די יידישע מאַסע געווען געצוווּנגען צו זוכן אַנדערע פרנסה-קוואַלן און קודם-כל איבערצוגיין צו מלאכה. אַלס די איינציקע רעטונגס-מעגלעכקייט פון דער שטייגנדיקער פויפּעריזאַציע האָט דאָס מזרח-יידנטום אָנערקענט די פיזישע אַרבעט. די „אויפקלערער" האָבן גלייכצייטיק שטאַרק אַגיטירט פאַרן איבערגאַנג צו לאַנדווירטשאַפט.

דערדאָזיקער פּראָצעס איז אָבער פאָרגעקומען בלויז אין די ענגע ראַמען פון פּאַטריאַרכאַלן קליינבירגערלעכן לעבן. ערשט אין דער צווייטער העלפט פון XIX י״ה, נאָכדעם ווי דער קאַפּיטאַליזם האָט דורכגעזעצט אין די הויפּט-ישובים פון די מזרח-יידן די דעצידירנדיקע פאָרם פון ווירטשאַפטס-לעבן, האָבן דידאָזיקע ביידע טענדענצן, וואָס שטאַמען נאָך פון דער פאָרקאַפּיטאַליסטישער צייט—דאָס אַרויסשטויסן פון די אַלטע פאַכן און די פּראָדוקטיווירונג אויף נייע — דערגרייכט אַ פיל ברייטערן אַנטוויקלונגס-באַזיס אין אַרויסגערופן צוזאַמען מיט דער עמיגראַציע אַ בולטע קלאַסן-דיפערענצירונג ביי די פאַרבליבענע אין לאַנד. דער יידישער קאַפּיטאַל האָט זיך אָנגעהויבן באַטייליקן אין דער נייער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט און דערפון איז ערשט אַנטשטאַנען אַ יידישע בורזשואַזיע אין שטרענגערן זין. גלייכצייטיק איז אויך חרוב געוואָרן די פּאָזיציע פון די יידישע מאַסן אין קליין-האַנדל און טיילווייז אויך אין קליינעם האַנטווערקעריי. דער קאַפּיטאַליזם האָט באַפרייט די פויערים פון „לייב-אייגנטום", אָבער גלייכצייטיק אויך אָפּגעריסן זיי פון באָדן. און בעת איין טייל פון די דעקלאַסירטע פויערים-מאַסן האָט געפונען באַשעפטיקונג אין דער ניי-אַנטשטאַנענער אינדוסטריע, האָט דער צווייטער טייל אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אין קליינהאַנדל, וואָס איז פריער געווען אַ יידישער מאָנאָפּאָל. פאַרלירנדיק די זעלבשטענדיקע האַנדלס-עקזיסטענץ, איז אַ טייל פון די יידישע קליינבירגערלעכע מאַסן געבליבן פאַרקויפער, אָנגעשטעלטע א. א. וו. אין האַנדל. אַנדערע ווידער האָבן געפּרוּווט איבערצוגיין צום זעלבשטענדיקן האַנטווערקעריי, וואָס האָט זיך כסדר קאַפּיטאַליזירט און אויך טיילווייז זיך אַנטוויקלט אַלס מאַנופאַקטור, וואָס האָט באַשעפטיקט אַ גרויסע צאָל אַרבעטער. ס'איז אויך אַנטשטאַנען אַ יידישער פאַבריקס-פּראָלעטאַריאַט. אַן אָנגעזעענער טייל איז געווען געצוווּנגען צו עמיגרירן און האָט געפּרוּווט צו געפינען נייע עקזיסטענצמעגלעכקייטן מעבר-לים, דער עיקר אין אַמעריקע. פון דער עמיגראַציע קיין אַמעריקע איז אויסגעוואַקסן דער גרעסטער, ווירטשאַפטלעך שטאַרקסטער און אַמבעסטן אָרגאַניזירטער טייל פון יידישן אַרבעטער-קלאַס. בכלל איז אָבער נישט געלונגען צו באַקעמפן די ווירטשאַפטלעך-אומגינסטיקע אויסנאַם-שטעלונג פון די יידן דורך אַ גלייכמעסיקער פאַרטיילונג אויף אַלע אַרבעטס-צווייגן און באַרופן. די יידישע אַרבעט איז בעיקר

קאָנצענטרירט אין די ענד-שטאַדיעס פון דער פּראָדוקציע; אין דער אור-פּראָדוקציע און גרויס-אינדוסטריע, להיפּך, איז זייער אַנטייל לגמרי אַ נישטיקער. כמעט גלייכצייטיק מיטן אַנטשטיין פון יידישן אַרבעטער-קלאַס האָט זיך אָנגעהויבן שאַפן אַ יידישע אַרבעטער-באַוועגונג. שוין אין יאָר 1864 איז אין מ אָ ה י ל ע וו געגרינדעט געוואָרן אַ פאַריין פון יידישע דאַמען-שניידער-געזעלן, וואָס קאָן באמת באַטראַכט ווערן אַלס די ערשטע יידישע פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע. אמת, דערדאָזיקער פאַריין האָט געטראָגן אַן אויסגעשפּראָכן רעליגיעזן כאַראַקטער, אָבער אַלס מיטגלידער זענען פּרינציפּיעל אָנגענומען געוואָרן נאָר געזעלן און צו די אויפגאַבען פון פאַריין האָט אויסער קרעדיט-פאַרטיילונג אויך געהערט די דורכפירונג פון שטרייקן, כדי פאַרבעסערן די אַרבעטס-באַדינגונגען. אין די זיבעציקער יאָרן פון פאָריקן י"ה זענען אין גאַליציע געווען אַ סך אַזעלכע פאַריינען אונטערן נאָמען „יד החזקה", וואָס זייער טעטיקייט האָט זיך צווישן אַנדערן אויסגעדריקט אין אויסהאַלטן אייגענע בתי-מדרשים און אין דורכפירן לוין-אַקציעס. אויך אין לאָנדאָן האָט אין יאָר 1874 אַ געוויסע צייט עקזיסטירט אַ יידישער שניידער-פאַריין. אין אָנהויב פון די זיבעציקער יאָרן זענען אין ווילנע און אין פאַרשידענע רוסישע שטעט אין צפון-מערב דורכגעפירט געוואָרן שטרייקן פון די אַרבעטער אין די טאַבאַק-פאַבריקן. אין דערזעלבער צייט זענען אויך אין ביאַליסטאָק פאָרגעקומען שאַרפעווירטשאַפטלעכע קאַמפן צווישן די וועבער-אַרבעטער און די פאַבריקאַנטן. בעתן רוסיש-טערקישן קריג (1877—78) האָבן זיך אין ביאַליסטאָק באַטייליקט אין אַ דרייטאָגיקן לוין-שטרייק אַלע יידישע וועבער-אַרבעטער (בערך 1500 מאַן). דידאָזיקע קאַמפן קאָן מען רעכענען אַלס די אמתע התחלה פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג. אין דאָזיקן פעריאָד, וואָס האָט געדויערט בערך ביז 1887—1888, האָט נאָך די יידישע אַרבעטערשאַפט נישט געהאַט דאָס באַוווסטזיין מכח אַ באַזונדערער קלאַסן-עקזיסטענץ. צו יענער צייט האָט די יידישע אַרבעטערשאַפט באַקומען אַ שטאַרקן אימפּולס צו אָרגאַניזירונג דורך די יידישע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן אַנטייל גענומען אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און וואָס האָבן זיך אויך פאַראינטערעסירט מיטן גורל פון די יידישע אַרבעטער-מאַסן. אין דער ערשטער ריי זענען עס געווען מאַרק נאַ-

טאַנזאָן, אהרן זונדעלעוויטש, יוסף אַפּטעקמאַן, פּאַוול אַקסעלראָד, לעאָ דייטש, לאַזאַר גאָלדענבערג און אהרן ל בערמאַן. די הויפּט-אַגיטאַציע האָבן אין די זיבעציקער יאָרן געפירט די אַזויגערופענע „קרייזלעך“, — דער וויכטיקסטער האָט עקזיסטירט אין ווילנע, — וואָס האָבן זיך באַמיט צו געווינען פאַר דער רעוואָלוציע די יונגע יידישע אינטעליגענץ און די אינטעליגענטע אַרבעטער. אייניצעלנע פון די דאָזיקע „קרייזלעך“ האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן צו באַנוצן פאַר זייער פּראָפּאַגאַנדע-אַרבעט מיט דער העברעישער שפּראַך. אין סמאָלענסקינס „השחר“ איז אין יאָר 1873 געווען פאַרעפנטלעכט אויף העברעיש אין אַ שיר פון י. ל. קאַנטאָר „מאמינים אנחנו“ די ערשטע דעקלאַראַציע פון סאָציאַליסטישן אני-מאמין; שפּעטער זענען דאָרט געווען געדרוקט מער אָדער ווייניקער אויסגעשפּראָכן-סאָציאַליסטישע אַרטיקלען. אין מאַי 1877 איז ליבערמאַן אַריבערגעפאָרן פון לאָנדאָן קיין וויען און האָט דאָרט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן דעם העברעישן סאָצ. חודש-זשורנאַל „האמת“, וואָס איז אָבער נאָכן דערשיינען פון דריטן העפט פאַרמאַכט געוואָרן דורך דער עסטר. מאַכט. שפּעטער האָט מאָריס ווינטשעווסקי אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן צוזאַמען מיט א. וו. ראַבינאָוויטש אין קעניגסבערג אַ חודש-זשורנאַל מיטן נאָמען „אספת-חכמים“ (8 העפטן), אין וועלכן ס'האָט זיך אויך באַטייליקט מ. ל. ליליענבלום און וואָס האָט זיך געהאַלטן ביז ס'איז אין דייטשלאַנד אַריין אין קראַפט דער סאָציאַליסטן-געזעץ (אָקטאָבער 1878). ספּעציעל מיט דער יידישער פראַגע האָט זיך די דאָזיקע ליטעראַטור ווייניק אָפּגעגעבן, ווייל אויך די העברעישע סאָציאַליסטן האָבן געזען די לעזונג פון דער יידן-פראַגע אין נצחון פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. זיי האָבן געפירט אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די יידישע מאַסן פאַרן איבערגאַנג צו מלאכה, אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפט. אַרויסגייענדיק פון דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט, האָבן זיך איינצעלנע יידישע סאָציאַליסטן פון יענער צייט באַטייליקט אין דער גרינדונג פון פאַך-שולן פאַר דער יידישער יוגנט אין ווילנע, מינסק און קאָוונע. דעם 21 מאַי 1876 איז אין לאָנדאָן געגרינדעט געוואָרן דער „פאַרבאַנד פון די יידישע סאָציאַליסטן“ (אגודת הסאָציאַליסטים העברים), וואָס קאָן באמת באַצייכנט ווערן אַלס דער אייגנטלעכער פאָרלויפער פון מאָדערנעם יידישן סאָציאַליזם. אין 1878 איז די יידישע שפּראַך צום ערשטן

מאָל אָנגעווענדט געוואָרן אין אויפרוף צום ייִדישן פּראָלעטאַריאַט (דערשינען אין לאָנדאָן). די פּאָליטישע רעאַקציע אין אָנהויב פון די אַכציגער יאָרן אין רוסלאַנד, איבערהויפּט די פּאָגראָמען און די פאַרשידענע גזירות און רעכטסבאַשרענקונגען האָבן אין די ברייטע קרייזן פון דער ייִדישער אינטעליגענץ פאַרשטאַרקט די ייִדיש־נאַציאָנאַלע שטרעבונגען און אַזוי־אַרום אָפּגעשוואַכט די סאָציאַליסטישע טענדענצן. צווישן די אויסוואַנדערער קיין פּאַלעסטינע, די ביל״ויים („בית יעקב לכו ונלכה״), האָבן זיך, אמת, געפונען אַ סך סאָציאַליסטיש געשטימטע פּערזענלעכקייטן; ס׳רוב סאָציאַליסטן האָבן זיך אָבער אין די דעמאָלטיקע שאַרפע דיסקוסיעס — צי דאַרף פּאַלעסטינע אָדער אַמעריקע ווערן דער ציל פון דער ייִדישער אויסוואַנדערונג — אַרויסגעזאָגט פאַר אַמעריקע. די ערשטע צייט פון דער אַמעריקע־עמיגראַציע האָט אַרויסגערופן צום לעבן אַ געוויסע צאָל אָרגאַניזירטע סאָציאַליסטישע גרופּן, וועלכע האָבן געמאַכט דעם פּרוּוו פון אַ קאָמוניסטישער קאָלאָניזאַציע, וואָס האָט זיך אָבער נישט איינגעגעבן. אַ געוויסער טייל פון דידאָזיקע איניציאַטאָרן זענען שפּעטער געווען די גרינדער און שפּעטער פון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע. פון יענער צייט אָן האָבן זיך די ייִדישע סאָציאַליסטישע פירער אָנגעהויבן ערנסט צו אינטערעסירן מיט דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט. דורכן גרינדן „אַרבעטער־קרייזלעך״ (מינסק 1884, ווילנע 1886) האָט מען זיך דער עיקר באַמיט צו דערציען די אינטעליגענטע פּראָלעטאַריער פאַר רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַטאָרן. דעמאָלט זענען אויך געמאַכט געוואָרן די ערשטע פּראָפּאַגאַנדע־פּרוּוון אין דער ייִדישער שפּראַך. אין יאָר 1881 איז דערשינען אין פּעטערבורג די ערשטע ייִדישע סאָציאַליסטישע צייטשריפט, די העקטאָגראַפירטע „אַרבעטער־צייטונג״, וואָס האָט זיך אָבער נישט לאַנג געהאַלטן. ביים סוף פון די אַכציקער יאָרן איז אַנטשטאַנען די ערשטע פּלאַנמעסיקע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע דורך די אַזוי־גערופענע „קאַסעס״, ד. ה. לאָקאַלע פאָנדן פאַר שטרייק־צוועקן און געגנזייטיקער הילף. אין יאָר 1892 האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף פאַרן פאַרקירצן די אַרבעטס־צייט. פון ענגלאַנד און אַמעריקע קומען־אָן כסדר קיין רוסלאַנד ייִדישע אַגיטאַציע־בראָשורן. אין יאָר 1891 איז אין רוסלאַנד גופא דערשינען די ערשטע ייִדישע בראָשור („פון וואָס איינער לעבט״, פון דיקשטיין), אַרויסגעגעבן דורך

דער פוילישער פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט“; שפּעטער ווידער העקטאָגראַפירטע און אין אויסלאַנד געדרוקטע צייטשריפטן און בראָשורן; אין 1894 די העקטאָגראַפירטע וואָכן-צייטונג „נייעס פון רוסלאַנד“ אין ווילנע, און אין 1896 דער געדרוקטער „יידישער אַרבעטער“. אין 1891 איז אין ווילנע פאָרגעקומען די ערשטע מאַסן-פאַרזאַמלונג (300 אָנטיילנעמער) פון יידישע אַרבעטער; אין 1892 האָבן די יידישע אַרבעטער אין ווילנע ס'ערשטע מאָל געפייערט דעם 1-טן מאַי. אין 1895 איז אויף אַ מאַי-פאַרזאַמלונג צום ערשטן מאָל פּראָקלאַמירט געוואָרן דער אַריינטריט פון די יידישע אַרבעטער אין פּאָליטישן קאַמף. קורץ נאָך דעם האָט מאַרטאָוו אין אַ שפּעטער געדרוקטער רעדע אונטערן טיטל „אַ נייע עפּאָכע אין דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג“ באַגרינדעט די נויטווענדיקייט פון אַ זעלבשטענדיקער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג און ווייזט-אויף, אַז זי איז אין הסכם מיטן מהות פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם. דאָס איז געווען דער קערן פון פּראַקטישן פּראָגראַם פון „בונד“, וואָס איז אַנטשטאַנען מיט 2 יאָר שפּעטער. אויך אין אַנדערע לענדער האָט זיך אין דערזעלבער צייט אַנטוויקלט אַ שטאַרקערע עקאָנאָמישע יידישע אַרבעטער-באַוועגונג. אין 1886 איז אויסגעבראָכן דער ערשטער מאַסן-שטרייק פון די יידישע שניידער אין ניו-יאָרק; אין 1889 דער ערשטער גרויסער שניידער-שטרייק (10.000 אַרבעטער) אין לאָנדאָן. אין 1884 איז אין לאָנדאָן דערשינען די ערשטע פּראָפּאַגאַנדע-בראָשור אין יידיש „יהי אור“ פון ווינטשעווסקי. אין יוני 1884 האָט מאָריס ווינטשעווסקי געגרינדעט דאָס וואָכנבלאַט „דער פּוילישער יודל“ (שפּעטער „צוקונפט“). אין אָקטאָבער 1897 איז אַנטשטאַנען דער „אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער-בונד אין רוסלאַנד און פּוילן“ (שפּעטער: אין ליטע, פּוילן און רוסלאַנד).

**בונד** — די ערשטע יידישע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אַרומגענומען אַ גאַנץ לאַנד. דאָס פּראָגראַם: צענטראַליזירונג און סיסטעמאַטיזירונג פון די ווירטשאַפטלעכע קאַמפן פון די יידישע אַרבעטער; די פאַראיינהייטלעכונג פון דער מאַסן-אַגיטאַציע אין דער יידישער שפּראַך; דער קאַמף פאַר דער בירגערלעכער גלייכבארעכטיקונג. אַלס פאַרטרעטער פון דער אידייע פאַר דער זעלבשטענדיקייט פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט האָט דער „בונד“ באַלד נאָך זיין אַנטשטייונג געמוזט פירן אַ קאַמף מיט די פּאַרטייען פון דער פּוילישער און רוי-

סישער אַרבעטער־באַוועגונג. פֿון יאָר 1897 ביז 1907 גיט דער ב. אַרויס אַן אייגענעם יידישן אָרגאַן „דער אַרבעטער"; דער אויסלענדישער פּאַרטיי־קאָמיטעט האָט געעפֿנט אין לאָנדאָן אַן אייגענע יידישע דרוקעריי, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ געוויסע צאָל יידישע אַגיטאַציע־בראָשורן. די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי, וואָס איז אַנטשטאַנען ערשט אין 1898, נאָך דער גרינדונג פֿון „בונד" און מיט זיין אַקטיווער באַטייליקונג, האָט אויף איר גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונג אָנערקענט דעם „בונד" אַלס אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציע, וואָס דאַרף אין פֿראַגן, וועלכע זענען נוגע ספּעציעל דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, האַנדלען לגמרי זעלבשטענדיק; גאַנץ גיך זענען אָבער אַנטשטאַנען גרויסע קאָנפֿליקטן מכח'ן אינהאַלט און די גרענעצן פֿון דער דאָזיקער אויטאָנאָמיע. אין 1903 איז געקומען צו אַ שפּאַלטונג און ערשט אין 1906 צו אַ פֿאַראייניקונג; דער ב. איז ווידער צוריקגעטרעטן אין דער רוסישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. זיין אויטאָנאָמיע האָט זיך באַשרענקט אויסשליסלעך אויף אָרגאַניזאַציע־ און אַגיטאַציע־פֿראַגן. אונטערן דרוק פֿון דער וואַקסנדיקער נאַציאָנאַליזירונג פֿון די מאַסן, דער קריטיק פֿון דער ציוניסטישער און שפּעטער פֿון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג, ווי אויך אונטער דער השפּעה פֿון דער נייער אָריענטירונג פֿון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם בנוגע די נאַציאָנאַליטעטן־פֿראַגן, איז אויך פֿאָרגעקומען אַן איבערקערעניש אין די נאַציאָנאַלע אָנשויאונגען פֿון ב. שוין אויפֿן דריטן דעלעגירטן־טאָג אין 1899 האָט אַ מינדערהייט געפֿאָדערט צו דערגענצן דאָס פּראָגראַם מיט דער פֿאָדערונג פֿון נאַציאָנאַלע רעכט, דער עיקר די אָנערקענונג פֿון דער יידישער שפּראַך אין עפֿנטלעכן לעבן. דער פֿערטער דעלעגירטן־טאָג אין 1901 האָט דערקלערט, אַז „דער באַגריף נאַציאָנאַליטעט באַציט זיך אויך אויפֿן יידישן פֿאָלק", און האָט געפֿאָדערט צו פֿאַרוואַנדלען רוסלאַנד אין אַ פֿעדעראַציע פֿון נאַציאָנאַליטעטן מיט פֿולער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. די זעקסטע קאָנפֿערענץ פֿון 1905 האָט אַריינגענומען אין פּראָגראַם פֿון ב. די פֿאָדערונג פֿון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע. ביז דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע (1917) איז דער ב. געווען אַ לענגערע צייט — אויב נישט די איינציקע — די שטאַרקסטע פֿון אַלע יידישע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען און האָט אין רוסלאַנד גענומען דעם אינטענסיווסטן אָנטייל

אין די קאמפּן פון די יידישע אַרבעטער פאַר דער אויסבעסערונג פון
זייע־ע ווירטשאַפטלעכע לעבנס־באַדינגונגען, אין זייער פּאָליטישער
א׳יסבילדונג, אין זייער קאַמף קעגן צאַריזם, אין דער אָרגאַניזירונג
פון זעלבסטשוץ קעגן די פּאָגראָמען און אין אַלע איבעריקע אַקציעס
פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. אַ קרובהשע פּאַרטיי מ׳טן ב. איז
געווען אין גאַליציע און בוקאָווינע די „יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע
אַ־בעטער־פּאַ־טיי״ (געגרינדעט אין 1905). פאַר איר זעלבשטענדי־
קייט האָט זי געמוזט פירן אַ קאַמף קעגן דער פּוילישער סאָציאַל־
דעמאָקראַטיע (P. P. S. D.), וואָס האָט צו דעם צוועק געשאַפן אַן
אייגענע יידישע סעקציע. די יידישע ס.־ד. פּ. האָט געשפּילט אַן אָנ־
פירנדיקע ראָל בעיקר אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג פון די
יידישע אַרבעטער אין גאַליציע און בוקאָווינע. בכלל איז זי פּאָליטיש
געשטאַנען אויף דער פּלאַטפאָרם פון ב., בעיקר אין דער פאָדערונג פון
נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע. אין 1911 איז פאָרגעקומען די
פאַרייניקונג פון דער י. ס.־ד. פּ. מיט דער יידישער סעקציע פון
P. P. S. D. נאָך דער וועלט־מלחמה איז דער גאַליציאַנער טייל
פון י. ס.־ד. פּ. איבערגעגאַנגען צום ב.; אין בוקאָווינע שטעלט זי
מיט זיך פאָר א׳נטערן נאָמען ב. אַ טייל פון דער רומענישער סאָ־
ציאַל־דעמאָקראַטיע. אין אַנדערע לענדער, איבערהויפּט אין ענגלאַנד
און אַמעריקע, זענען נישט פאַראַן קיין זעלבשטענדיקע פּאַרטיי־אָר־
גאַניזאַציעס פון ב., נאָר סאָציאַליסטישע גרופּן, וואָס סימפּאַטיזירן
מיטן ב. צו זיי געהערט איבערהויפּט די „יידישע סאָציאַליסט׳שע פעַ־
דעראַציע״ אין אַמעריקע, וואָס נאָכן אַרויסטריט פון די קאָמוניסטן
פון דער אַמעריקאַנער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע רופט זי זיך „יידישער
סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד״.

**פּוֹעלי ציוֹן** (יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי)—
די איינציקע סאָצ. פּאַרטיי, וואָס איז עד־היום פאַרבליבן פ׳ן
די אַלע סאָצ. ג׳רופּ׳רונגען, וואָס זענען געשטאַנען אויפן באָדן פון
פּאַלעסטינע־געדאַנק (ס. ס., י. ס. — סיימיסט). דער טעאָרעטיקער
פון פּ. צ. איז געווען בער באָראָכאָוו. די פּ. צ. האָבן גע־
שפּ׳לט אַ באַדייטנדיקע ראָל, הויפּטזאַכלעך אין דער אַרבעטער־באַ־
וועגונג פון פּוילן. אין די יאָרן 1905 און 1906 האָבן זיי אָרגאַ־
ניזירט אַ ן אַ סך שטעט די זעלבסטשוץ קעגן פּאָגראָמען, אין אין

די וואַלן צו דער צווייטער דומע האָבן זיי גענומען אַן אַקטיוון אַנ-טייל. די פּאַרטיי האָט זיך גלייך אין אָנהויב פאַרנומען מיט דער פּראַקטישער אַרבעט אין פּאַלעסטינע; אין אַ סך רוסישע שטעט האָט זי אָרגאַניזירט גרופּן חלוצים, וואָס אַ באַדייטנדיקע צאָל פון זיי איז נאָך אין יאָר 1904 אַוועק קיין פּאַלעסטינע, ווו ס'איז אין אַ קורצער צייט אַרום געשאַפן געוואָרן די פּ.-צ.-באַוועגונג. די פּ. צ. באַטייליקן זיך אין די ציוניסטישע קאָנגרעסן. אין עסטרייך האָט זיך אָנגעהויבן די אַנטוויקלונג פון פּ.-צ.-געדאַנק אין 1903, מיטן דערשיינען פון חודש-זשורנאַל „דער יידישער אַרבעטער“ אין ווין. פּועלי-ציוניסטישע אָרגאַנען האָבן עקזיסטירט נאָך פאַר דער וועלט-מלחמה אין אַרגענטינע, בעלגיע, דייטשלאַנד, ענגלאַנד, פראַנקרייך, רומעניע און שווייץ. די פּ. צ. האָבן אין 1907 געגרינדעט אַן „אַלוועלטלעכן יידיש-סאָציאַליס-טישן אַרבעטער-פאַרבאַנד פּועלי-ציון“, וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגע-שלאָסן אָן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אַלס באַזונדערע פראַקציע. דער פאַרבאַנד האָט, צווישן אַנדערן, דורכגעזעצט אין דער קאָלאָני-זאַציע די אָנערקענונג פון קאָאָפּעראַטיוון-פּרינציפּ. פאַר דער זעלבּ-שטענדיקער פּאַלעסטינע-אַרבעט פון פאַרבאַנד איז אין 1909 אַנטשטאַ-נען דער פּאַלעסטינע-אַרבעטער-פאָנד צו שטיצן די איינוואַנדערונג פון יידישע אַרבעטער קיין פּאַלעסטינע. אין 1912 איז אין יפו גע-גרינדעט געוואָרן דער אַרבעטס-סעקרעטאַריאַט אַלס אָפּטיילונג פון פאַרבאַנד-ביוראָ. די פּ. צ. האָבן פינאַנציעל מיטגעהאָלפן אין פּאַלעס-טינע דער אַנטוויקלונג פון שטאָטישע קאָאָפּעראַטיוון און דער גרינדונג פון קאָלאָניעס אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. לויט זייער פּרינציפּיעלער אָנשויאונג וועגן דער אידענטיטעט פון די לעבנס-באַדינגונגען און די אינטערעסן פון יידישן אַרבעטער-קלאַס אין אַלע לענדער האָבן די פּ. צ. פון 1907 אָן געשטרעבט צו שאַפן אַן אינטערנאַציאָנאַלע יידי-שע סעקציע אין אַרבעטער-אינטערנאַציאָנאַל. דעמדאָזיקן געדאַנק האָבן אויך אונטערגעשטיצט די ס. ס. און די סיימיסטן. ער איז אָבער אָפּגעוואָרפן געוואָרן. אין יאָר 1921 האָבן זיי זיך אָנגעשלאָסן אָן דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטס-געמיינשאַפט פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען (ווינער אינטערנאַציאָנאַל) און מיט איר צוזאַמען אַריינגע-טרעטן (1923) אין „נייעם פאַראייניקטן סאָציאַליסטישן אַרבעטער-אינ-טערנאַציאָנאַל“. איצט זענען זיי אונטערן נאָמען „פּאַלעסטינע-סעקציע“

אָנגעשלאָסן אָן דאָזיקן אינטערנאַציאָנאַל. בעתן קאָנגרעס פון סאָציאַליסטישן אַרבעטער-אינטערנאַציאָנאַל אין בריסל (אויגוסט 1928) איז לויט דער איניציאַטיוו פון די פּ. צ. געגרינדעט געוואָרן אַן אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדיקן פּאַלעסטינע.

**ראַטן-רוסלאַנד** — ביים אויסברוך פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע אין 1917 זענען די יידישע אַרבעטער אין רוסלאַנד געווען אָרגאַניזירט אין סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וועלכע זענען בכלל געווען מענשעוויסטיש. חוץ די אַלגעמיין-פּאָליטישע מיינונגס-פאַרשידנהייטן איז אויך די נאַציאָנאַליטעטן-פראַגע געווען די סיבה פון ווייט-גייענדיקע דיפערענצן צווישן די קאָמוניסטן און די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. די באָלשעוויקעס האָבן באַקעמפט די שטרעבונגען פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט, וואָס האָט געוואָלט האָבן אַן אייגענע אָרגאַניזאַציע מיט זעלבשטענדיקע אינסטאַנצן ווי אַן אויטאָנאָמע קערפּערשאַפט פון דער לאַנדס-פּאַרטיי. פּונקט אַזוי האָבן זיי באַקעמפט די פאָדערונג פון אַ נאַציאָנאַל-קולטורעלער אויטאָנאָמיע, וואָס איז דעמאָלט געווען דער הויפּט-יסוד אין פּראָגראַם פון אַלע יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. די ב. האָבן געקוקט אויף יידיש ווי אויף אַ מיטל צו פּראָפּאַגירן צווישן די יידישע מאַסן דעם סאָציאַליזם. קוים אָבער באַנוצן זיך די יידן מיט דער יידישער שפּראַך דאַרפן זייערע קולטור-פּאָליטישע באַדערפענישן באַפרידיקט ווערן אין דערדאָזיקער שפּראַך. גלייך נאָך דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע איז ביים אינטערנאַציאָנאַלן פּראָפּאַגאַנדע-ביוראָ פאַר אויסערלעכע ענינים געגרינדעט געוואָרן אַ יידישע אָפּטיילונג. אין יאַנואַר 1918 איז אַנטשטאַנען אַ ספּעציעל יידישער קאָמיסאַריאַט. דערד. קאָמיסאַריאַט האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג וועגן שטיצן די יידישע שולן מיט יידישער אונטערריכטס-שפּראַך (אויגוסט 1918); אין מערץ 1918 איז דערשינען די ערשטע אָפיציעלע פּעריאָדישע שריפט אין יידיש אונטערן טיטל „דער עמעס". פון אויגוסט 1918 דערשיינט „דער עמעס" אַלס טאָג-צייטונג. אין דער ערשטער יידישער קאָמוניסטישער קאָנפערענץ (20 אָקטאָבער 1918) האָבן זיך באַטייליקט 64 דעלעגאַטן, צווישן זיי 31 אָרגאַניזירטע קאָמוניסטן; די איבעריקע זענען געווען אומפּאַרטייאישע און לינקע בונדיסטן. אויף דערד. קאָנפ. איז באַשלאָסן

געוואָרן צו שאַפן אַ יידישע סעקציע, די אַזויגערופענע „יעווסעקציע", אַלס טעכנישן אַפּאַראַט צו פירן די פּראָפּאַגאַנדע צווישן די יידן. ס'זענען אויך אָרגאַניזירט געוואָרן „קאָמיוג"-(קאָמוניסטישע יוגנט)-סעקציעס און פּיאָנערן-קרייזלעך צווישן דער ייד. שול-יוגנט. נאָך עטלעכע יאָר צוגרייטונג-אַרבעט איז דורך די „יעווסעק." געשאַפן געוואָרן אַ גרויסע נעץ פון יידישע פאָלקס-, מיטל- און הויך-שולן, אויך אַ גרויסע פאַרלאַגס-טעטיקייט. ס'זענען אַנטשטאַנען יידישע ראַטן, יידישע געריכטן א. אַ. ענלעכע אינסטיטוציעס.

**אַמעריקע** — די יידישע אַרבעטערשאַפט-באַוועגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן הויבט זיך אָן גלייכצייטיק מיט דער אַנאַלאָגישער באַוועגונג צווישן די יידישע מאַסן אין מזרח-אייראָפּע. אויפן אַמעריקאַנישן באָדן איז זי פאַרפּלאַנצט געוואָרן אין די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן י"ה, בעת די ערשטע דרום-רוסישע פּאָגראָמען האָבן אַרויסגערופן דעם אָנהויב פון אַ יידישער מאַסן-עמיגראַציע קיין צפון-אַמעריקע. צווישן די עמיגראַנטן האָבן זיך געפונען אַ סך אָנהענגער פון די סאָציאַליסטישע אידייען, וועלכע האָבן אויך אין אַמעריקע תיכף אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן סאָציאַליסטישע גרופּן. אַרום 1890 זענען אַנטשטאַנען אין מזרח-טייל פון ניו-יאָרק צוויי ראַדיקאַל-סאָציאַליסטישע שטרעמונגען: די סאָציאַל-דעמאָקראַטן און די אַנאַרכיסטן-קאָמוניסטן. די ערשטע — אָנהענגער פון מאַרקסיזם, די צווייטע — תלמידים פון באַקונין און קראָפּאָטקין. צווישן ביידע ריכטונגען האָט זיך געפירט אַ העפטיקער קאַמף. צוזאַמען מיט דער פּאָליטישער טעטיקייט האָט זיך אויך קודם-כל אָנגעהויבן אַן עקאָנאָמישע און פּראָפעסיאָנעלע פּראָפּאַגאַנדע. מיט דער אַרבעטערשאַפט אין אייראָפּע זענען די אַמעריקאַנישע גרופּן געבליבן אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט. אין די אַכציקער און ניינציקער יאָרן פון פאָריקן י"ה זענען בערך 90% פון די יידישע אַרבעטער אין ניו-יאָרק (אַן ערך 70—80 טויזנט) געווען באַשעפטיקט אין דער קאָנפעקציע-בראַנזשע. אין 1888 איז אין ניו-יאָרק אַנטשטאַנען די ערשטע אָרגאַניזאַציע פון יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען — „די פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן". באַפעסטיקט האָבן זיך די ייד. פּראָפ. פאַראיינען ערשט אין 1910 בעת אַ גרויסן גענעראַל-שטרייק אין ניו-יאָרק, נאָך וועלכן די אונטערנעמער האָבן אין אַ שלום-פּראָטאָקאָל אָנערקענט די

פראָפעסיאָנעלע פרינציפּן, באַזונדערס טאַריף-אָפּמאַכן, שידס-געריכטן א. א. וו. אין 1914 איז קודם-כל צוליב דער אומצופרידנהייט פון די יידישע אַרבעטער מיט דער פּאָליטיק פון די אַלגעמיינע געווערקשאַפטן געגרינדעט געוואָרן דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון די מענער-מלבושים-אַרבעטער; איצט איז ער איינער פון די שטאַרקסטע אַמע-ריקאַנישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען (150.000 מיטגלידער, צווישן זיי אויך אַ סך גישט-יידן). אָנהויבנדיק פון יאָר 1900 זענען צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפט אויך אַנטשטאַנען אַ סך קאָאָפּעראַטיווע אינטערנעמונגען; ס'רוב פון זיי האָבן אָבער עקזיסטירט בלויז אַ קורצע צייט. אין 1913 האָבן זיך אין מאַסאַשוטשעטס אָרגאַניזירט 9 קאָאָפּע-ראַטיווע בעקערייען, פון זיי 6 יידישע. אין 1925 האָבן עקזיסטירט 15 מאָדערנע יידישע קאָאָפּעראַטיווע בעקערייען מיט 10.000 מיט-גלידער. אין דער לעצטער צייט אנטשטייען אויך בוי-קאָאָפּעראַטיוון, וואָס שאַפן פאַר זייערע מיטגלידער אייגענע ביליקע דירות. אין אָנהויב פון די נײַנציקער יאָרן אין אַנטשטאַנען אָן אָרדן צו אָרגאַניזירן קעגנזייטיקע הילף לויטן מוסטער פון די ברידער-אָרדנס פאַר די יידישע מיטל-קלאַסן „בני ברית“ און „ברית אברהם“. די ערשטע אַזעלכע אַרבע-טער-גרופּן זענען געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1892 דורך עטלעכע יידישע סאָציאַליסטן אין ניו-יאָרק אינטערן נאָמען „געזעלשאַפט פאַר ברידערלעכער הילף“. אויף דער פאַראייניקונג-קאָנפערענץ אין 1901 האָט דער אָרדן באַקומען דעם נאָמען „אַרבעטער-רינג“. פּינקט אַזאַ אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער פּועלי-ציון-באַוועגונג, איז בעגרינדעט געוואָרן אין 1910 אַלס „יידישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער-פאַרבאַנד“. דערדאָזיקער פאַרבאַנד פאַרנעמט זיך אויך מיט דער יידישער אַרבעטער-קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע ווי אויך מיט דער דערציונג פון די אַרבעטער-קינדער אין יידישן גייסט און גיט אַרויס אַ יידיש וואָכנבלאַט „די יידישע אַרבעטער-שטים“. ס'רוב סאָ-ציאַליסטישע אינטעלעקטועלע און באַוווסטזיניקע אַרבעטער צווישן די יידישע עמיגראַנטן האָבן זיך לכתחילה אָנגעשלאָסן אָן דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי („סאָציאַליסט. לייבור-פּאַרטיי“), אָבער זייער קאָנסערוואַטיווע פּאָליטיק האָט דערפירט צו אַן אָפּאָזיציע פון אַ סך יידישע מיטגלידער (אונטער דער פירונג פון אַב. קאַהאַן), וואָס האָבן אין 1897 פאַרלאָזן די פּאַרטיי און זענען איבערגעגאַנגען צו דער

נייער סאָצ. פּארטיי (אַנגעפירט דורך אויגען העבס) (פון 1901 הייסט זי „סאָציאַליסט. פּאַרטיי"). די יידיש-סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז געווען אַנטינאַציאָנאַל; אַ צייט לאַנג האָבן זיי זיך בלויז גערופן „די יידיש-ריידנדיקע סאָציאַליסטן" פון אַמעריקע. עטלעכע פירער האָבן זיך לגמרי אָפּגעריסן פון דער יידישער סעקציע, כדי צו אַרבעטן אין דער אַלגעמיינער סאָצ. באַוועגונג, צווישן זיי אויך מאָרריס הילקוויט (פריער הילקאָוויטש). דעם ערשטן קאָנקרעטן פּאַרלאַמענטאַרישן נצחון האָט די יידישע סעקציע אָפּגעהאַלטן אין נאָוועמבער 1914, בעת מאיר לאָנדאָן איז דורך דער יידישער באַזעלקערונג פון מזרח-טייל פון ניו-יאָרק אויסגעוויילט געוואָרן פאַר אַ מיטגליד פון קאָנגרעס. אַ שטאַרקערע השפּעה אויף דער קולטורעלער און סאָציאַלער אַנטוויקלונג פון די יידישע אַרבעטער-מאַסן אין אַמעריקע האָט געהאַט די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וואָס איז אין 1900 אַנטשטאַנען אין רוסלאַנד און האָט זיך אַריבערגעטראָגן קיין אַמעריקע. אין יאָר 1903 האָט זיך אין ניו-יאָרק אָרגאַניזירט אַ ראַדיקאַל-ציוניסטישע גרופּע מיט אַ סאָציאַליסטישן אונטערשלאַג; אַזעלכע גרופּן זענען באַלד אַנטשטאַנען נאָך אין אַ סך אַמעריקאַנישע צענטראַל-שטעט. די געשעענישן אין רוסלאַנד פאַר די יאָרן 1904—1905 האָבן מיטגעהאָלפן דעם וווּקס פון דערדאָזיקער באַוועגונג. אָנהויב 1905 האָבן זיך דידאָזיקע צעשפּליטערטע גרופּן, וואָס האָבן זיך ס'רוב גערופן „פּועלי-ציון", געפּרווט שאַפן אַ געמיינזאַמע אָרגאַניזאַציע. אין זעלבן יאָר איז פאָרגעקומען אין פילאַדעלפיע די ערשטע „פּועלי-ציון-קאָנפערענץ פון צפון-אַמעריקע". די ד. קאָנפ. האָט פּראָקלאַמירט די נויטווענדיקייט פון אַ טעריטאָריאַלער לעזונג פון יידישן גלות-פּראָבלעם. יעדע גרופּע האָט אָבער געהאַט די ברירה צו דעצידירן פאַר פּאַלעסטינע אָדער פאַר אַן אַנדער טעריטאָריע. דערדאָזיקער פּאַקט האָט דערפירט צו אַ שפּאַלטונג אויף „פּועלי-ציון" און „סאָציאַליסטישע טעריטאָריאַליסטן". אָבער אויף אַ קאָנפערענץ אין שיקאַגאָ אין 1909 האָבן זיך ביידע גרופּן ווידער פאַראייניקט. די נייע פּאַרטיי האָט זיך גערופן „יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער-פּאַרטיי פּועלי-ציון". דער מחבר פון פאַראייניקונגס-פּראָגראַם איז געווען זשיטלאָווסקי. די פּועלי-ציון האָבן אין 1910 געגרינדעט דעם „יידיש-נאַציאָנאַלן אַרבעטער-פאַרבאַנד" און האָבן זיך הויפּטזאַכלעך באַשעפטיקט מיט דער גרינ-

דונג פון די „נאַציאָנאַל-ראַדיקאַלע שולן“ מיט דער יידישער לערן-שפּראַך; אויך די יידישע מיטגלידער פון דער אַלגעמיין סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס זייער אָרגאַן איז דער „פאָרווערטס“, האָבן זיך ביסלעכווייז אָנגעשלאָסן אָן דער אַמעריקאַניש-יידישער קאָנגרעס-באַוועגונג. אין ערשטן אַמעריקאַניש-יידישן קאָנגרעס (1918) אין פילאַדעלפיע האָבן אַלע גרופּן פון דער אָרגאַניזירטער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג גענומען אַ שטאַרקן אָנטייל. אויך אין דער הילפס-אַקציע לטובת די יידישע מאַסן אין די ערשטע יאָרן נאָך דער וועלט-מלחמה האָבן זיי זיך אינטענסיוו באַטייליקט. אין 1915 איז צו דעמדאָזיקן צוועק געגרינדעט געוואָרן דער „פּיפּל רעליעף קאָמיטעע“ (פאָלקס-הילפס-קאָמיטעט). נאָך דער שפּאַלטונג פון דער אַמעריקאַנישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין 1919 האָט זיך אַ טייל פון דער „יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע“ אָנגעשלאָסן אָן דער ניי-געגרינדעטער קאָמוניסטישער אַרבעטער-פּאַרטיי. אין 1890 איז געגרינדעט געוואָרן דאָס ערשטע יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע וואָכנבלאַט „אַרבעטער-צייטונג“, אַרויסגעגעבן דורך פיליפּ קראַנץ. אין 1899 איז דאָרט אויך געגרינדעט געוואָרן אַן אַנאַרכיסטישע צייטונג „די פרייע אַרבעטער-שטימע“, וואָס עקזיסטירט נאָך עד-היום. אין 1897 הויבט-אָן צו דערשיינען אונטער דער רעד. פון אַב. קאַהאַן די סאָצ. צייטונג „פאָרווערטס“. אַ באַזונדערן איינפלוס אין אידעאָלאָגישן זין האָט געהאַט די חודש-שריפט די „צוקונפט“. דערצו קומען נאָך די „אָוונט-צייטונג“, אונטער דער רעדאַקציע פון ש. יאַנאָווסקי, דאָס וואָכנבלאַט „דער אַרבעטער“ אונטער דער רעדאַקציע פון יוסף שלאָסבערג און דוד פינסקי, די טאָג-צייטונג „דער אמת“ און די קאָמוניסטישע „פרייהייט“, די חודש-שריפט „דער האַמער“, דאָס וואָכנבלאַט „דער וועקער“ און דער פּאַרטיי-אָרגאַן פון די פּועלי-ציון די צווייוואָכן-שריפט „דער יידישער אַרבעטער“.

**פּאַלעסטינע** — אַ יידישע אַרבעטער-באַוועגונג אין מאָדערנעם זין עקזיסטירט אין פּאַלעסטינע זינט די יאָרן 1904—1905. אונטערן איינפלוס פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, ווי אויך אונטערן איינדרוק פון די פּאָגראָמען, האָבן די ערשטע אַרבעטער-גרופּן, זיך שפּירנדיק אַלס באַוווסטזיניקע מיטגלידער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-באַוועגונג, אויסגעוואַנדערט קיין פּאַלעסטינע.

די איינוואַנדערונג אין די אַכציקער און ניינציקער יאָרן האָט באַזירט אויף דער איבערצייגונג, אַז דאָס ייִדישע פּאַלעסטינע קאָן אויפגעבויט ווערן נאָר מיטן אומקער פון די ייִדן צו אַרבעט און איבערהויפּט צו לאַנדווירטשאַפט. די „ביל״ויים״ זענען געווען די ערשטע, וואָס האָבן פּראָקלאַמירט דעם אַרבעטס- און חלוץ-אידעאַל אין לאַנד. די ביל״ויים-באַוועגונג איז אָבער נישט געווען קיין אַרבעטער-באַוועגונג אין מאָדערנעם זין און האָט דער עיקר געשטרעבט צו אַ זעלבשטענדיקן פּויערשן ישוב. דער נייער דור, וואָס איז געקומען אין לאַנד אַריין זינט 1904 (די אַזויגערופענע צווייטע עליה), איז, להפך, געווען דורכגעדרונגען מיט די אידייען פון דער מאָדערנער אַרבעטער-באַוועגונג. דער „פּועלי-ציוניזם״ האָט זיך באַמיט צו שאַפן דעם סינטעז פון מאַרקסיסטישן און ציוניסטישן דענקען און האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו דערציען אַ זעלבסטבאַוווסטע אַרבעטערשאַפט פאַרן פּאַלעסטינע-אויפבוי. נעבן דער פּועלי-ציוניסטישער פּאַרטיי אין פּאַלעסטינע, וואָס איז פאָרמעל געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1906 אַלס צווייג פון וועלט-פאַרבאַנד — איז שוין מיט אַ קורצער צייט פריער אַנטשטאַנען אין לאַנד גופא אַ נישט-מאַרקסיסטישע נאַציאָנאַלע אַרבעטער-פּאַרטיי, „הפועל הצעיר״. נישט געקוקט אויף אַלע פּראָגראַמאַטישע און אָרגאַניזאַטאָרישע קעגנזאַצן, האָבן דאָך צווישן ביידע גרופּירונגען עקזיסטירט געמיינזאַמע פּרינציפּן בנוגע דעם אויפבוי פון לאַנד דורך ייִדישער אַרבעט און העברעישער קולטור, הן אין די פאָרמען פון דער לוין-אַרבעט (דער אַזויגערופענער כבוש-העבודה) הן בנוגע די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָאָפּעראַטיווע אַרבעטער-ישובים, וואָס זענען פון 1908 אָן אַנטשטאַנען אין פאַרשידענע ערטער. אין 1911 האָבן די ייִדישער אַרבעטער אין די קאָלאָניעס געגרינדעט דעם ערשטן פּראָפעסיאָנעלן פאַרבאַנד, דעם לאַנדאַרבעטער-פאַרבאַנד, וואָס האָט אַרומגענומען אַלע לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער אין די פּריוואַטע און קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען. אויך אין די שטעט האָבן זיך שוין דעמאָלט אָנגעהויבן צו באַווייזן די התחלות פון אַן אַרבעטער-באַוועגונג און פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזירונג. די „פּועלי-ציון״ האָבן אַלס זעלבשטענדיקן אויפבוי-אינסטרומענט פון דער פּאַרטיי געשאַפן דעם פּאַלעסטינער אַרבעטער-פאָנד (קופת-פועלים ארצישראלית, פאַרקירצ: קפא״י), וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיטן אָרגאַניזירן די אַרבעטס-פאַרמיטלונג, מיט

גרינדן אַרבעטער-קיכן, קראַנקן-קאַסע א. א. וו. נאָך דער וועלט-מלחמה, אונטער די נייע פּאָליטישע באַדינגונגען אין לאַנד, האָט זיך די אַר-בעטער-באַוועגונג שטאַרק פאַנאַנדערגעוואַקסן. די דריטע עליה (1920—1923) האָט אַריינגעבראַכט אין לאַנד אַריין טויזנטער אַרבעטער-חלוצים. די וויכטיקסטע אַרבעטער-אינסטיטוציעס זענען: די אַרבעטער-באַנק „בנק הפועלים", דער איינקויף- און פאַרקויף-קאָאָפּעראַטיוו „המשביר", די קאָאָפּעראַטיווע בוי-געזעלשאַפט „סולל בונה", די קראַנקן-קאַסע „קופּת חולים", די „קולטור-קאָמיסיע" (ועד התרבות), די טאָג-צייטונג „דבר", דער פּאַלעסטינע-אַרבעטער-פאַנד א. א. וו. דערביי אַנטוויקלט די הסתדרות אַ לעבהאַפטע פּאָליטישע טעטיקייט; זי איז אויך אַ מיטגליד פון אַמסטערדאַמער אינטערנאַציאָנאַל. אויסער דער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע עקזיסטירן אין לאַנד פאַרשידענע פּאָ-ליטישע אַרבעטער-פּאַרטייען. די שטאַרקסטע פּאַרטיי איז „אחדות העבודה"—דער פּאַלעסטינער לאַנד-פאַרבאַנד פון דער אַלוועלט. אָרג. „פּועלי-ציון".

**ציוניזם** — דאָס וואָרט צ י ו נ י ז ם שטאַמט פון וואָרט ציון, אַ פּאָעטישער נאָמען פאַר ירושלים, וואָס באַצייכנט גאַנץ ארץ-ישראל אַלס יידיש לאַנד. דאָסדאָזיקע וואָרט האָט זיך באַוויזן אין דער פּובליציסטישער ליטעראַטור אין די ניינציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט און האָט אַרויסגעשטויסן פון געברויך אַן עלטער וואָרט „חבת-ציון", וואָס איז אַנטשטאַנען אין אָנהייב פון די אַכציקער יאָרן פונם פאָריקן יאָרהונדערט אין רוסלאַנד. דער צ י ו נ י ז ם, אַזוי ווי די ח ב ת-צ י ו ן פריער, שטעלט זיך פאַר אַ ציל צו באַזעצן אין ארץ-ישראל די יידן, וואָס זענען גערודפט און פאַריאָגט אין זייערע וווין-לענדער. דער צ י ו נ י ז ם שטרעבט צו באַפרייען דאָס יידישע פאָלק פון גלות, צוריקצוקערן אים זיין פאַרלוירן לאַנד, צוריקצו-שטעלן דאָס יידישע לעבן אויף אַ טעריטאָריאַלער באַזיס, אויפצו-ריכטן אַ נאָרמאַל נאַציאָנאַל לעבן סיי אין עקאָנאָמישן זין דורך אומ-קער זיך צו ערד-אַרבעט און צו פּראָדוקטיווער אַרבעט, סיי אין גייסטיקן זין דורך אויפלעבן די אַלטע שפּראַך פון יידישן פאָלק, די העברעישע, און זיין זעלבשטענדיקע קולטור. דער ציוניזם האַלט פאַרן העכסטן אויסדרוק פון דער פ אָ ל ק ס-ב אַ פ ר יי ו נ ג און פ אָ ל ק ס-

אויפלעבן די יידישע מלוכה, וואָס דאַרף אויפגערכט ווערן אין ארץ-ישראל.

**פאָרגעשיכטע.** דער ציוניזם איז אַ יורש פון די אַלטע יידישע באַפרייונגס-באַוועגונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין משך פון די יאָרהונדערטער פון יידישן גלות אַלס משיח-באַוועגונג.

**די יידישע איינוואַנדערונג אין ארץ-ישראל און די קאָלאָניזאַציע.** די ערשטע גרויסע איינוואַנדערונג פון יידן אין ארץ-ישראל פאַלט צונויף מיטן גירוש ספרד (1912 יאָר). אַ טייל פון די יידן, וואָס זענען פאַרטריבן געוואָרן פון שפּאַניען, האָבן זיך באַזעצט אין ארץ-ישראל, אין די פיער הייליקע שטעט: ירושלים, חברון, צפת און טבריה. דערנאָך זענען גרופּנווייז געקומען די אַנוסים, וואָס זענען אַנטלאָפן פון דער אינקוויזיציע. בעתן ת"ר בן פון פּוילן זענען אָנגעקומען חסידים און דערנאָך מתנגדים, און עס איז געשאַפן געוואָרן די אַשכּנזישע געמיינדע. דערדאָזיקער ישוב, אַזויגערופענער אַלטער ישוב, האָט זיך נישט געשטעלט קיין שום פּאָליטישע צילן. דאָס זענען געווען, באַזונדערס די אשכּנזים, אַלטע מענטשן, וואָס זענען געקומען קיין ארץ-ישראל שטאַרבן, פאַרברענגענדיק די לעצטע טעג על התורה והעבודה.

דער ערשטער, וואָס האָט זיך פאַראינטערעסירט מיטן דאָזיקן ישוב און האָט אים געהאָלפן, פאַרפאָלגנדיק דערביי גרויסע נאַציאָנאַלע- און סאָציאַלע צילן, איז געווען **משה מאָנטעפיאָרע.** ער האָט געוואָלט צופירן די יידן אין ארץ-ישראל צו פּראָדוקטיווער אַרבעט און צו ערד-אַרבעט. נאָך זיי אָבער זענען געקומען באַמיונגען פון יידישע נדבנים אין חברות, וואָס האָבן אויך פאַרשפּרייט צווישן די יידן מלאכה און בילדונג. אין 1870 האָט די „חברת כּל ישראל חברים" געשיקט איר פאַרטרעטער **קאַרל נעטער,** וואָס האָט געגרינדעט **די אַגראָנאָמישע שול „מקוה ישראל",** וואָס האָט געדאַרפט פאַרשפּרייטן צווישן דעם יידישן ישוב די ערד-אַרבעט און צוגרייטן געניטע קאָלאָניסטן. דער ערשטער פירער פון דער „אַליאַנס" **אַדאָלף קרעמיע,** באַזונדערס אָבער קאַרל נעטער האָבן געחלומט וועגן קאָלאָניזירן ארץ-ישראל.

די ערשטע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניע „פּתח תקוה" איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1878 דורך אַ גרופּע ירושלימער יידן,

וועלכע ס'איז נמאס געוואָרן די „חלוקה". דורך רוסלענדישע, רומענישע און פוילישע יידן איז געגרינדעט געוואָרן א ריי קאָלאָניעס, ווי: ראשון לציון, זכרון יעקב, ראש-פנה, יסוד-המעלה, גדרה, עקרון, רחובות, חדרה און א. וו. די דאָזיקע קאָלאָניזאַטאָרישע באַוועגונג איז געשטיצט געוואָרן מאָראַליש און פינאַנציעל דורך די אגודות חובבי-ציון, וואָס זענען אַנטשטאַנען אין רוסלאַנד, פוילן און רומעניען אונטער דער גייסטיקער פירונג פון ד"ר פינסקער, משה ליליענבלום, ל. לעוואַנדע, הרב מאָהלעווער א. א. עס איז געלונגען צוצוציען דעם באַראָן עדמונד ראָטשילד צו דער קאָלאָניזאַציע פון ארץ-ישראל. ער האָט גענומען די קאָלאָניעס אונטער זיין שוץ, געשיקט זיינע אַדמיניסטראַטאָרן און אינסטרוקטאָרן, געקויפט נייע ערד-שטחים, איינגעפירט די קולטור פון וויין, געבויט גרויסע וויין-קעלערס, אויסגעבויט הייזער.

**אחד-העם און דער קולטורעלער ציוניזם.** די באַוועגונג אין רוסלאַנד איז אָבער שטאַרק פאַרפלאַכט געוואָרן. דער אַלטער פינסקער האָט זי נישט געקאָנט איינהאַלטן אויף דער געהעריקער הייך.

אין אַזאַ צושטאַנד האָט זיך געפונען די באַוועגונג אין רוסלאַנד און אין ארץ-ישראל, ווען ס'האָט אָנגעהויבן זיין פובליציסטישע טעטיקייט אחד-העם (אשר גינצבערג). ער איז אַרויס מיט א שאַרפער קריטיק קעגן דעם קורס, וואָס האָט געהערשט אין דער חובבי-ציון-באַוועגונג. ער האָט אָנגעוויזן, אַז אין דער אַרבעט אין ארץ-ישראל דאַרף מען נעמען אין באַטראַכט נישט דעם כמות, נאָר דעם איכות, מען מוז שאַפן אין ארץ-ישראל מוסטערהאַפטע קאָלאָניעס, וואָס זאָלן קאָנען צוציען דאָס פאָלק און איינפלאַנצן גלויבן אין דער מעגלעכקייט צו דערגרייכן דאָס ציל. מען דאַרף צוגרייטן דעם דור. צוליב דעם מוז געפירט ווערן א ברייטע קולטור-אַרבעט. מען מוז אָנהויבן אין ארץ-ישראל א גרויסע קולטור-אַרבעט. וואָרום אין ארץ-ישראל מוז ערשט געשאַפן ווערן א קולטור-צענטער, מרכז רוחני, אַרום וועלכן עס וועלן זיך קאָנצענטרירן די שאַפנדע כוחות פון פאָלק. אחד-העם האָט געגרינדעט א מין ציוניסטישן אָרדן „בני משה", וואָס האָט געדאַרפט אָנפירן מיט די אַלע אַרבעטן אין רוסלאַנד און אין ארץ-ישראל.

### ד״ר טעאָדאָר הערצל און דער יידנשטאַט.

טעאָדאָר הערצל איז געווען אַ באַקאַנטער פעליעטאָניסט פון דער גרויסער ווינער טאָגצייטונג „נייע פרייע פרעסע". אַן אַסימי-לירטער ייד, וואָס איז געשטאַנען ווייט פונם יידישן לעבן. אונטער דער ווירקונג פונם דרייפוס-פּראָצעס, וועלכער האָט פאַר אים אַנטפּלעקט די יידן-נויט, האָט ער אָנגעשריבן זיין בראָשור „די יידישע מלוכה" (1896), וואָס בילדעט צוזאַמען מיט „רוים און ירושלים" פון העס, מיט „אויטאָעמאַנציפּאַציע" פון פּינסקער די גרונד-ווערק פונם ציוניזם. הערצל זעט אין אַנטיסעמיטיזם, וואָס ברענגט צו דער שרעקלעכער פיזישער נויט אין מזרח-אייראָפּע און צו דער גייסטיקער אין מערב-אייראָפּע, אַ פּועל-יוצא פון דער יידישער אומנאָרמאַלער לאַגע. דער איינציקער ענטפער אויף דעם פּראָבלעם פון די יידן איז צו שאַפן אַ יידישע מלוכה, אין וועלכער עס וועלן זיך באַזעצן די יידן, וואָס ווילן זיך ניט אָדער קענען נישט אַסימילירן זיך. אַזוי ווי פּינסקער בשעתו, האַלט ער, אַז מען דאַרף געפינען אַ פּאַסיק לאַנד, אָבער ער שטעלט זיך אָפּ אויף ארץ-ישראל, ווייל צו דעם לאַנד שטרעבט דער פאָלקס-אינסטינקט. מען דאַרף מיטן פּלאַן פון גרינדן אַ יידישע מלוכה ווענדן זיך צו די פעלקער און מלוכות, באַקומען פון זיי דאָס רעכט דערצו און אָנהויבן די אַרבעט.

הערצל רופט צונויף דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל (אויגוסט 1897) און שאַפט צוזאַמען מיט מאַקס נאָרדוי די ציוניסטישע וועלט-אָרגאַניזאַציע. אין דעם פּראָגראַם, וואָס ווערט פאָרמולירט אויפן ערשטן באַזעלער קאָנגרעס און גילט ביז איצט, ווערט דער יידנשטאַט נישט דערמאָנט. דאָס ציל ווערט פאָרמולירט אין די ווערטער: „אַן עפנטלעך-רעכטלעכע היים פאַרן יידישן פאָלק".

אויפן צווייטן קאָנגרעס (1898) ווערט געגרינדעט די יידישע קאָלאָניאַל-באַנק, אויפן פינפטן קאָנגרעס (1901) דער יידישער נאַציאָנאַל-פאָנד, וואָס דאַרף קויפן ערד אין ארץ-ישראל אַלס אייגנטום פונם גאַנצן פאָלק.

הערצל שאַפט אויפן ערשטן קאָנגרעס דעם שקל אַלס צייכן פון צוגעהעריקייט צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

די באַוועגונג באַקומט אַ פּאָליטישן כאַראַקטער. אין איר נאָמען ווענדעט זיך הערצל צו די אייראָפּעישע מלוכות און רעגירונגען, ווי אויך צו דעם טערקישן סולטאַן, מ'זאָל דערמעגלעכן די ייִדן צו באַזעצן ארץ־ישראל. ער פאָרמולירט עס קאָנקרעט אין דער פאָדערונג פון אַ טשאַרטער, ד"ה פון אַן עפנטלעכן אַקט, וואָס זאָל געבן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אָדער איר פאָרטרעטערין, דער באַנק, דאָס רעכט צו גרינדן אין ארץ־ישראל אַ ייִדיש געמיינוועזן. ערשט נאָכן זעקסטן קאָנגרעס הויבט־זיך־אָן די קאָלאָניזאַטאָרישע אַרבעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס פירט אַריין נייע עיקרים פון אויטאָנאָמיע פון די קאָלאָניסטן ווי אויך די פּרינציפּן פון קאָאָפּעראַטיווער קאָלאָניזאַציע און כּוֹן קבוצות.

אויפן 5־טן קאָנגרעס ווערט אויך באַשלאָסן, אַז דער ציוניזם דאַרף אָנפירן מיט אַ ברייטער קולטור־אַרבעט, וואָס דאַרף דערציען דאָס פאָלק, אויפריכטן עס און וועקן אין אים דעם דראַנג צו פרייהייט און אויפלעבן.

די ענגלישע רעגירונג לייגט־פאָר צו קאָלאָניזירן דעם שטח על־אריש אויף דער גרענעץ פון מצרים; אָבער צוליבן ווידערשטאַנד פון דער דאָרטיקער אַדמיניסטראַציע, וואָס וויל נישט געבן וואַסער פון נילוס, ווערט פון דעמדאָזיקן פּלאַן גאָרנישט. אין דערזעלביקער צייט ווערן איבערגעריסן הערצלס אונטערהאַנדלונגען מיטן סולטאַן, וואָס לייגט־פאָר אַ צעוואָרפענע קאָלאָניזאַציע אין אַזיאַטישער טערקיי מחוץ פון ארץ־ישראל. הערצל, פערצווייפלט מחמת דער ווירקונג פונם קישיניעווער פּאָגראָם (1903), גייט־איין אויף דעם פאָרשלאַג פון דער ענגלישער רעגירונג צו קאָלאָניזירן אוגאַנדאַ און פירט־דורך אונטער אַ געוואַלדיקן ווידערשטאַנד אויפן זעקסטן קאָנגרעס אַ באַשלוס צו שיקן קיין אוגאַנדאַ אַן עקספּעדיציע, וואָס זאָל אויספאָרשן דאָס לאַנד.

דערדאָזיקער באַשלוס רופט אַרויס אַן אינערלעכע העפטיקע מלחמה אין די ציוניסטישע רייען. אינמיטן פון דעם קאַמף שטאַרבט הערצל (כ' תמוז תרס"ד).

די תקופה נאָך הערצלס טויט ביז צו דער וועלט־מלחמה. די אויספאָרשונגס־קאָמיסיע, וואָס איז געשיקט געוואָרן קיין אוגאַנדאַ, האָט געבראַכט אַ שלעכטן באַריכט וועגן די

קאָלאָניזאַציע־מעגלעכקייטן. דער VII קאָנגרעס אין באַזעל האָט אָפּגעוואָרפן דעם פּ־אָיעקט, נישט קוקנדיק אויף דעם העפטיקן ווידערשטאַנד פון דער טעריטאָריאַליסטישער גרופּע מיט דעם באַרימטן ענגליש־יידישן שרייבער זאַנגוויל בראש, וואָס האָט געפאָדערט, מען זאָל זיך אָפּזאָגן דערווייל אָדער אינגאַנצן פון ארץ־ישראל, וואָס געפינט זיך אין די טערקישע הענט און ס'איז נישט צו האָפן צו באַקומען עס ווען־ס'איז, און זוכן אַ ניי פּאַסיק לאַנד. די־דאָזיקע גרופּע איז אַרויסגעטרעטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, געבילדעט אַן אייגענע אָרגאַניזאַציע—די יידישע טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע. זי האָט אָבער נישט אַרויסגערופן קיין באַוועגונג, האָט זיך באַשעפטיקט אייניקע יאָר מיטן זוכן אַ פּאַסיק לאַנד פאַר קאָלאָניזאַציע און איז פאַרשוווּנדן.

דער VII־טער קאָנגרעס האָט געוועהלט אַלס פּרעזידענט דוד וואָלפסאָן — איינעם פון די ערשטע געטרייע העלפער פון הערצלען, וואָס איז געשטאַנען בראש פון דער יידישער קאָלאָניאַל־באַנק.

די דעמאָקראַטישע פראַקציע, וואָס האָט זיך געבילדעט אויפן V קאָנגרעס אונטער דער אָנפירונג פון מאָצקין, ווייצמאַן, בובער און פייוועל, האָט אין רוסלאַנד באַקומען אַ לינקן פליגל, וואָס האָט צו דער צייט, ווען די רעוואָלוציע פון 1905 איז אויסגעבראָכן, געהאַלטן אין זיינע הענט די דריי ציוניסטישע וואָכנשריפטן, וועלכע זענען דעמאָלט אַרויסגעגאַנגען: „דאָס יידישע פאָלק" אין יידיש, „גלאָס זשידאָווסקי" אין פּויליש און „ראַזסוויעט" אין רוסיש. די רעדאַקציעס פון דידאָזיקע וואָכנשריפטן, צו וועלכע ס'איז דערנאָך צוגעקומען די „יעווריעיסקאַיאַ מיסל" אין אָדעס, האָבן גענומען אויסאַרבעטן אַ פּראָגראַם פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין רוסלאַנד, אין וועלכן עס האָבן געדאַרפט גענומען ווערן אין אכט אויך די נאַציאָנאַל־פּאָליטישע פאָדערונגען פונם יידישן פאָלק אין גלות בכלל און אין רוסלאַנד און אין פּוילן בפרט. אויפן צוזאַמענפאָר אין העלסינגפאָרס (1906) האָט דער דעמאָקראַטישער פליגל אונטער דער אָנפירונג פון אידעלסאָן, גרינבוים און זשאַבאָטינסקי דורכגעפירט אַ באַשלוס וועגן דעם פּאָליטישן קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע

רעכט אין גלות אין פאָרמולירט די פאָדערונג פון מינדערהייטס-רעכט פאַר די יידן אין רוסלאַנד און פוילן.

אויפן X קאָנגרעס אין באַזעל איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייע ליישונג, מיט וואַרבורג, סאָקאָלאָוו, טשלענאָוו בראש, מיטן זיץ אין בערלין. דידאָזיקע לייטונג האָט געשאַפן אַ נעץ פון העברעישע שולן, אָנפאַנגס- און מיטל-שולן. דער XI קאָנגרעס אין ווין האָט פאָרמולירט די כללים פון אַ דערציונגס-אַרבעט אין ארץ-ישראל און באַשלאָסן צוצוטרעטן צו דער גרינדונג פון אַ העברעישער אוניווער-זיטעט אין ירושלים.

די מלחמה. דער אויסברוך פון דער וועלט-מלחמה האָט געטראָפן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין אַ צושטאַנד פון אָרגאַני-שער אַרבעט.

די באַלפור-דעקלאַראַציע. די באַמיונגען אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע האָבן געבראַכט דעם געווינשטן ערפאָלג: דעם 2-טן נאָוועמבער 1917 איז אין אַ פאָרם פון אַ בריף צו לאָרד ראָטשילד פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ דעקלאַראַציע פון דער ענגלישער רעגירונג, אונטערגעשריבן דורך דעם דעמאָלטיקן אויסערן-מיניסטער באַלפור, מכּוח דער התחייבות פון ענגלאַנד צו העלפן שאַפן אין ארץ-ישראל אַ נאַציאָנאַלע היים פאַרן יידישן פאָלק — אַזוי אָבער, אַז דערפון זאָלן נישט ליידן די רעכט פון דער היימישער באַפעלקערונג ווי אויך די רעכט פון די יידן אויף דער גאַנצער וועלט.

די קאָנפערענץ אין סאַן-רעמאָ (דעם 24 אַפּריל 1920) האָט באַשלאָסן אַריינצוטראָגן די באַלפור-דעקלאַראַציע אינם שלום-טראַקטאַט מיט טערקיי און איבערגעבן דעם מאַנדאַט איבער ארץ-ישראל צו ענגלאַנד.

דער ערשטער קאָנגרעס נאָך דער מלחמה, וואָס איז פאָרגע-קומען אין 1921 אין קאַרלסבאַד, האָט אָנגענומען אַ ריי פּאָליטישע רעזאָלוציעס, אין וועלכע ער האָט געפאָדערט פון דער ענגלישער רעגירונג אַ פּאָזיטיווערע פּאָליטיק לגבי דער אויפבוי-אַרבעט אין ארץ-ישראל אין הסכּם מיט דער באַלפור-דעקלאַראַציע.

**די קאָלאָניזאַציע פון עמק.** עס איז געמאַכט געוואָרן אַן ערנסטער שריט פאָרווערטס אין דער קאָלאָניזאַציע פון ארץ־ישראל. דער נאַציאָנאַל־פאָנד האָט געקויפט גרויסע שטחים ערד אין עמק־יזרעאל, וואָס איז געווען פאַרזומפּט און פאַרפּעסטעט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע חלוצישע קאָלאָניזאַציע.

**דער געדאַנק וועגן פאַרברייטערן די אַגענץ.** דער קריזיס, וועלכער האָט זיך אויסגעדריקט אין אַרבעטסלאָזיקייט און ריקוואַנדערונג, האָט זייער שטאַרק געווירקט אויף די שטימונגען פון דער ציונ. לייטונג. ווייצמאַן האָט פאָרגעשלאָגן צו פאַרברייטערן די יידישע אַגענץ, צוציענדיק קודם־כל די קרייזן פונם „דזשאָינט" מיט **לואי מאַרשאַל און פעליקס וואַרבורג** בראש.

לויטן מאַנדאַט האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע באַקומען רעכט פון אַן אַגענץ, זי איז אָנערקענט געוואָרן אַלס אַ קערפּערשאַפט, וואָס פירט־אָן מיט דעם אויפבויען פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים, האָט באַשטימטע רעכט לגבי דער מאַנדאַטור־מאַכט, דאָס רעכט צו געבן איר עצות אין די ענינים פון יידישן ישוב, דאָס פאָררעכט בנוגע צו קאָנצעסיעס א. ד. גל. ווייצמאַן האָט פאָרגעשלאָגן צו פאַרברייטערן דידאָזיקע אַגענץ, צוציענדיק נישט־ציוניסטן, וואָס וועלן באַקומען אַ העלפט פון די ערטער אין איר. זיי וועלן דאַרפן בלויז אָנערקענען די באַלפור־דעקלאַראַציע און דעם מאַנדאַט, אָבער אין זייער אידעאָלאָגיע קאָנען זיי בלייבן ווייט פונם ציוניזם, פונם יידישן נאַציאָנאַליזם, ווי געווען. זיי דאַרפן נישט גלויבן אין די ענד־צילן פונם ציוניזם, זיי דאַרפן בלויז וועלן מיטהעלפן ביים אויפבוי פון דער נאַציאָנאַלער היים אין א"י־ישראל. דער XIII קאָנגרעס אין קאַרלסבאַד האָט באַפולמעכטיקט די עקזעקוטיווע אָנצוהייבן פאַרהאַנדלונגען מיט דער אַמעריקאַנישער דזשאָינט־גרופּע. דידאָזיקע פאַרהאַנדלונגען זענען ערשט פאַרענדיקט געוואָרן אין יאָר 1929.

(י. ג.)

**מזרחי** — די גייסטיקע שעפער פון מזרחי זענען די רבנים רבי צבי־הירש קאַלישער און רבי אליהו גוטמאַכער (י"ב און רבי אין ג"יר י"ץ). זיי אַנטוויקלען שוין אין זייע"ע ספרים, וואָס זיי שרייבן איבער „שיבת ציון", דעם גאַנצן אידייענגאַנג

פון ארץ־ישראל־אויפבוי לויט דער תורה און מסורה נאָך פאַר דער חבת־ציון־באַוועגונג.

אין דער צייט פון חבת־ציון אַנטוויקלען דעם געדאַנק און פּרעדיקן אים אין וואָרט און שריפט די רבנים: רבי מרדכי עליאַש־בערג, רבי נפתלי־צבי־יהודה בערלין (גערופן דער „נצי״ב״ — ר״א״י־תיבות פון זיין נאָמען) דער ראש־ישיבה פון וואָלאָזשין און רבי שמואל מאָהילעווער דער ביאַליסטאָקער רב. אויף דער חובבי־ציון־קאָנפערענץ אין דרוזגעניק (1887) ווערן די דריי רבנים געוויילט אין אויסשוס. דער רירעוודיקסטער פון זיי איז הרב מאָהילעווער. ער באַטייליקט זיך אויך אין דער ערשטער לעגאַלער קאָנסטיטואירונגס־פאַרזאַמלונג פון די חובבי־ציון, אין אָדעס (1890), ווו ער ווערט געוויילט אַלס שטענדיקער ערן־מיטגליד. אַלס יסוד פון חבת־ציון זעט ער די תורה, ישוב־ארץ־ישראל איז ביי אים אַ מצוה פון דער תורה. צוליב דער באַטאָנונג פון דער באַזונדערער רעליגיעזער שטרעמונג אין דער „חבת־ציון״־באַוועגונג גרינדעט רבי שמואל מאָהילעווער אין די ניינ־ציקער יאָרן אַ באַזונדערע צענטראַלע אין ביאַליסטאָק פאַר פּראָ־פּאַגאַנדע פון דעם ישוב־ארץ־ישראל־געדאַנק אין רעליגיעז־נאַציאָנאַלן גייסט. די צענטראַלע האָט געהייסן „מרכז רוחני״, דערנאָך — פאַר־קירצט — „מזרחי״.

אויפן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס האָבן זיך די דעלעגאַטן פונם צרטאָ אָקסן־לאַגער משתדל געווען ביי הערצלען, ער זאָל געפינען אַ וועג, וועלכער זאָל באַפרידיקן אויך די רעליגיעזע יידישע מאַסן. איינער פון די ערשטע, וועלכע אַרבייטן אין דער ריכטונג, איז געווען ה׳ פאַרבשטיין. אָבער אונטער דער השפעה פון די פרייזיניקע רוסלענדישע דעלעגאַטן האָט ד״ר הערצל דאָס נישט געטאָן. אויפן צווייטן ציוניס־טישן קאָנגרעס איז די פראַגע פון דער באַציִונג פון ציוניזם לגבי דער יידישער רעליגיע שוין געשטעלט געוואָרן אין אַ קלאָרער און אָפיציעלער פאָרם, ווייל אויף דעם קאָנגרעס איז אויך ארויפגעשווומען די חינוך־פראַגע, דער ערשטער און שטאַרקסטער פונקט פון חילוקי־דעות צווישן די רעליגיעזע און נישט־רעליגיעזע ציוניסטן.

נאָך פינפטן קאָנגרעס, אויף וועלכן די קולטור־אַרבעט איז איינגענומען געוואָרן אין ציוניסטישן פּראָגראַם, איז דער מזרחי גע־וואָרן אַ באַזונדערע רעליגיעזע ציוניסטישע פראַקציע, איר שעפער

איז געווען דער רב פון לידע, רבי יצחק=יעקב ריינעס. די ערשטע
גרינדונגס=פארזאמלונג קומט=פאר אין ווילנע (1902). די בערימטסטע
מזרחי=עסקנים אויף דער קאנפערענץ זענען הרב ריינעס, רבי פינחס
ראזאווסקי (סוויענציאנער רב) און דער באקאנטער יידישער היסטארי=
קער ר׳ זאב יעבץ. דער לעצטער איז אויך דער מחבר פונם ערשטן
אויפרוף פון מזרחי. די הויפט=לייטונג האט איבערגענומען הרב ריינעס,
די צענטראלע האט זיך געפונען אין לידע. דער וויכטיקסטער פראָ=
גראמאטישער פונקט פון די תקנות איז: אין דעם פראגראם פון מזרחי
גייען נישט אריין די אלע ארבייטן, וואס האבן נישט קיין דירעקטע באציונג
צום ציוניזם; יעדע ארטס=גרופע מעג זיך אפילו באשעפטיקן מיט
אינסטיטוציעס לויט די ארטיקע באדינגונגען, אבער נאר אינם גייסט
פון דער ארטאדאקסיע. באלד גיט דערצו הרב ריינעס א דערגענצונג,
וועלכע רעדט שוין פון פאזיטיווער רעליגיעזער ארבייט. אויף דער
מינסקער קאנפערענץ, וואס קומט=פאר זעקס חדשים שפעטער, איז
דער מזרחי פארטרעטן דורך 200 דעלעגאטן, וועלכע טרעטן שוין
ארויס פארייניקט און ארגאניזירט אלס באזונדערע פראקציע. אין י. 1904
קומט=פאר די ערשטע וועלט=קאנפערענץ פון מזרחי אין פרעשבורג
אונטערן פארזיץ פון הרב ריינעס. עס ווערט געוויילט א וועלט=צענ=
טראלע, וואס באשטייט פון פינף מיטגלידער מיט הרב ריינעס בראש,
און א באזונדערע לייטונג פון פינף חברים פאר די מערב=אייראפעישע
לענדער אונטערן פארזיץ פון ראבינער ד״ר נאבעל. דאס זיץ=ארט
פון דער וועלט=צענטראלע איז ל י ד ע; פון דער לייטונג—פראנקפורט
ביים מאין. אין י. 1905 גייט די וועלט=צענטראלע איבער פון לידע קיין
פראנקפורט. פראנקפורט שאפט די ערשטע ארגאניזאציאנאלע ארדנונג.
דער מזרחי ווערט דערקלערט אלס באזונדערע פעדעראציע אין דער ציונ.
ארגאניזאציע. — נאכן 10=טן ציוניסטישן קאנגרעס איז אין פראנק=
פורט פארגעקומען די מזרחי=קאנפערענץ, וועלכע האט געבראכט צו
א שפאלטונג: צוליב דער קולטור=פראגע זענען דאן פון מזרחי ארויס=
געטרעטן די „דייטשע" מיטגלידער. די צענטראלע ווערט איבערגע=
טראגן קיין אלטונא=האמבורג אונטער דער לייטונג פון ד״ר פראנק.
אין יענער צייט הויבט=אן זיין ברייטערע ארבעט אין מזרחי הרב ר׳ מאיר
בערלין. ער האט עס געשאפן דעם קורצן לאזונג פון מזרחי: „דאס
יידישע לאנד פארן יידישן פאלק לויט דער יידישער תורה" („ארץ=

ישראל לעם ישראל על-פי תורת ישראל"). אין י. 1912 ווערט געעפנט אַ ביוראָ פון מזרחי אין ארץ-ישראל אונטער דער לייטונג פון הרב פישמאַן. די האַמבורגער צענטראַלע הויבט-אָן די ערשטע קאָלאָניזאַציע-אַרבעט פון מזרחי אין ארץ-ישראל אַרום די שטעט. עס ווערט געגרינדעט אַ „קאָלאָניאַל-פאָנד". די קאָלאָניסטן זענען די יידן פונם אַלטן ישוב. מחמת דעם וועלט-קריג ווערט די מזרחי-אַרבעט איבערגעריסן כמעט אין אַלע לענדער, זי אַנטוויקלט זיך בלויז אין אַמעריקע, ווו עס זיצן אין יענער צייט הרב בערלין און הרב פישמאַן. אַדאַנק דער אַרבעט פון הרב בערלין איז דער מזרחי אין אַמעריקע אויסגעוואַקסן אַלס איינער פון די גרעסטע פאַקטאָרן אינם יידיש-רעליגיעזן לעבן. כמעט אַלע מיטגלידער פונם אַמעריקאַנישן רבנים-פאַרבאַנד זענען אַריין איז מזרחי. — נאָך דער מלחמה ווערט די מזרחי-אַרבעט באַנייט אין אַלע לענדער. עס ווערט גערופן די וועלט-קאָנפערענץ אין אַמסטערדאַם (1920). דאָרט ווערט באַשלאָסן איבערצופירן די וועלט-צענטראַלע פון מזרחי קיין ירושלים. פון דענסטמאָל אָן אַנטוויקלט זיך די פּראַקטישע אַרבעט פון מזרחי אין ארץ-ישראל. חברים פון מזרחי טרעטן אַריין אין ציונ. אַקציאָנס-קאָמיטעט, עס קומט אויך אַריין זיינס אַ פאַרטרעטער אין דער ציונ. עקזעקוטיווע פון ארץ-ישראל. נאָך דער צמסטערדאַמער קאָנפערענץ אַנטשטייען אין מזרחי פאַרשידענע גרופּירונגען, ווי: 1) אַלגעמיינער מזרחי; 2) צעירי-מזרחי; 3) הפועל-המזרחי; 4) החלוץ-המזרחי; 5) המזרחי הצעיר (בלויז אין ארץ-ישראל.) די ערשטע קאָנפערענץ פון „צעירי-מזרחי" קומט-פאָר אין לאָדז (כסלו תרע"ו). דאָס פראָגראַם: חוץ מזרחיסטיש-ציוניסטישע אַרבעט — זעלבסטפאַרפולקאָמונג, פאַכלעכע פאַרברייטונג און פאַרטיפונג פונם רעליגיעזן באַוווסטזיין. דער ציל: צו גיין קיין ארץ-ישראל אויפצובויען אַ ניי יידיש פראָדוקטיוו לעבן. די צווייטע קאָנפערענץ קומט-פאָר אין וואַרשע (1925). דער „צעירי-מזרחי" ווערט דערקלערט אַלס באַזונדערע שטרעמונג אין מזרחי. דער פרינציפּ פון צעירי-מזרחי איז „תורה ועבודה" (רעליגיע און אַרבעט) אַלס איינהייטלעכע גאַנצע. „תורה ועבודה" איז ביי צעירי-מזרחי דער הויפּט-יסוד פון זייער פראָגראַם אין פונם ארץ-ישראל-אויפבוי בכלל. אויף דער-דאָזיקער קאָנפערענץ ווערט אויך באַשלאָסן צו גרינדן אַ „חלוץ-מזרחי". די ערשטע קאָנפערענץ פון חלוץ-מזרחי" קומט-פאָר אין

ווארשע אינם זעלביקן יאָר. אין ארץ-ישראל גרינדעט זיך דער „**הפועל המזרחי**". די ערשטע אגודה פון „הפועל המזרחי" האָט זיך געגרינדעט אין ירושלים (1921). אין י. 1922 איז פאָרגעקומען די ערשטע אַלגעמיינע קאָנפערענץ און ס'איז אַנטשטאַנען די אָרגאַניזאַציע פון „הפועל-המזרחי". **פראָגראַם**: צו בויען דאָס לאַנד לויט דער תורה און מסורה אויפן יסוד פון אַרבעט. **דער ציל**: צו פאַרפעסטיקן די לאַגע פונם רעליגיעזן אַרבעטער. דער „הפועל המזרחי" האָט זיך אַנטוויקלט. היינט האָט ער אין ארץ-ישראל זיינע לשכות-העבודה (אַרבעט-ביוראָס), וועלכע העלפן-מיט די חברים פון חלוץ-מזרחי, וואָס קומען קיין ארץ-ישראל, זיך דאָרט איינצואָרדנען. אויף דער מזרחי-קאָנפערענץ אין ווין (1929) איז געשאַפן געוואָרן די צענטראַלע לייטונג פון דער מזרחי-יוגנט אונטערן נאָמען: „וועלט-פאַרבאַנד פון צעירי-, חלוץ- און פועל-מזרחי". דאָס אָרט פון דער צענטראַלע איז ירושלים. **די פינאַנציעלע אָרגאַנען** פון מזרחי זענען: די באַנק „בנק המזרחי" און די געזעלשאַפט „עולים-בונים". **די פאָנדן** פון מזרחי—„קרן ארץ-ישראל"; פון צעירי-מזרחי און הפועל-המזרחי — „קרן תורה ועבודה"; פון „החלוץ המזרחי" — „קרן החלוץ המזרחי". **די פרעסע** פון מזרחי: אין ירושלים — „התור" (העברעאיש וואָכנבלאַט); אין ווארשא — „דאָס יידישע לעבן" (יידיש וואָכנבלאַט); אין ווין — די „יידישע וועלט" (דייטש וואָכנבלאַט); אין דייטשלאַנד — „ציון" (דייטש וואָכנבלאַט); אין ארץ-ישראל — „נתיבה" (העברעאישע צייטשריפט, אָרגאַן פונם יוגנט-וועלט-פאַרבאַנד פון מזרחי).

א. ג.

**פאָלקס-פאַרטיי** — די יידישע פאָלקס-פאַרטיי אין פוילן, וועלכע איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1916, איז פון אויגוסט 1926 צעטיילט אין צוויי באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס: אין דער פאָלקס-פאַרטיי, וועלכע האָט איר צענטער אין וואַרשע און אין לאָדז, און אין דער פאָלקס-דעמאָקראַטישער פאַרטיי, וועלכע האָט איר צענטראַל-ראַט אין ווילנע און די עקזעקוטיווע אין ווארשע. די פאָלקס-פאַרטיי, וועלכע איז אַרויס אויף דער יידישער גאַס צום ערשטן מאָל בעת די וואַלן צום ערשטן ווארשעווער שטאָט-ראַט, האָט די ערשטע פון אַלע בירגערלעכע יידישע גרופירונגען אַרויסגערוקט דעם לאָזונג פון קול-

טורעל-נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמ ע, פֿין גלייכבאַרעכט־קונג פון דער יידישער שפּראַך, וועלכע דאַרף אָנערקענט ווערן אַלס אונדזער נאַציאָנאַל-שפּראַך, און פון אַ וועלטלעכער יידישער שול. דידאָזיקע פּאַרטיי איז אויך די ערשטע צוגעטרעטן צו אָרגאַניזירן די קליין-בירגערלעכע יידישע עלעמענטן, די קלײנהענדלער און האַנטווערקער, און האָט זיי אַרויסגעפירט אַלס אַקטיווע קראַפט אויף דער פּאָליטישער אַרענע. די אידעאָלאָגיע פון דער פּאַרטיי האָט צום אָנהויב געפונען אַ טיפן אָפּקלאַנג אין דער יידישער געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין די ערפאָלגן, וועלכע דידאָזיקע פּאַרטיי האָט געהאַט בעת די דערמאָנטע וואַלן צום ערשטן שטאָט-ראַט, בעת די וואַלן צום ערשטן סיים אין אָנהויב פון יאָר 1919 און טיילווייז בעת די וואַלן צום צווייטן סיים אין סוף פון יאָר 1922. מיט דער אַנטוויקלונג פונם פּאָליטישן און סאָציאַלן לעבן אין אומאָפּהענגיקן פּוילן האָט אָבער דאָס פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי זיך אַרויסגעוויזן אַלס נישט-גענוגנד. ס'איז אַנטשטאַנען די נויטווענדיקייט צו ענדערן דאָס פּראָגראַם, צוצופּאַסן עס צו די פּראָבלעמען, וועלכע זענען אַרויפגעשווומען סיי אינם מלוכה-לעבן, סיי אינם אינערלעכן יידישן לעבן. אַרום דער פראַגע וועגן דער ענדערונג פון פּראָגראַם זענען אַנטשטאַנען אינערלעכע רייבונגען, וואָס האָבן געפירט דערצו, אַז די לינקערע עלעמענטן זענען אינגאַנצן אָפּגעפאַלן פון דער פּאַרטיי און צווישן די איבעריקע איז אַנטשטאַנען אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע קעגן דער טאַקטיק און אָנשויאונגען פונם לידער פון דער פּאַרטיי — נ ח  פ ר י ל ו צ ק י. צו קיין שום אויסגלייך צווישן ביידע פליגלען האָט נישט געקאָנט קומען — און דעם 21-טן אויגוסט 1926 איז די אָפּאָזיציע צוזאַמען מיט דער ווילנער יידישער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי זיך צוזאַמענגעקומען אין ווילנע אויף אַ קאָנפערענץ און דאָרט איז געשאַפן געוואָרן די יידישע פאָלקס-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי מיט ד"ר צמח שאַבאַד, ה. ד. נאָמבערג און אַדוו. יוסף טשערניכאָוו בראש. דאָס פּראָגראַם פון דער פאָלקס-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אונטערשיידעט זיך פון דער פאָלקס-פּאַרטיי דערמיט, וואָס אָננעמנדיק אַלע איר קולטורעלע און נאַציאָנאַלע לאָזונגען ווידמעט זי פיל אויפמערקזאַמקייט די סאָציאַלע פראַגן. פאַרזענדיק, אַז דער גאַנג פון סאָציאַלן פּראָגרעס מוז ברעכן די איצטיקע יידישע סאָציאַל-ווירטשאַפטלעכע סטרוקטור, האָט די נייע

פאַרטיי אָנגענומען דעם לאָזונג: „מיטן פנים צו די אָנקומנדיקע געשעענישן, ד. ה., דורך איבערשיכטן און פּראָדוקטיוויזירן די יידישע מאַסן צופּאַסן זיי צום גאַנג פונם סאָציאַלן פּראָגרעס. אויך דאָס נאַציאָנאַל-קולטורעלע פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי איז, אין אַ געוויסער מאָס, מאָדיפיצירט געוואָרן. בלייבנדיק ביים שטאַנדפּונקט, אַז די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון די יידן איז יידיש און אַז די שול דאַרף זיין נאָר אין דער יידישער שפּראַך, האָט דאָך די פּאַרטיי אָנגענומען אַ גינסטיקע שטעלונג צו העברעיש. די פּאַרטיי פאַרנעמט אויך אַ גינסטיקע שטעלונג צו דער אויפבויונג פון אַ יידישן ישוב אין ארץ-ישראל. בלייבנדיק אָבער פריי איר פּרינציפּ „מיטן פנים צו די אָנקומנדיקע געשעענישן", אָנערקענט נישט די פּאַרטיי אַלס מעגלעך צו שטיצן די עמיגראַציע, וועלכע וויל איבערטראָגן קיין ארץ-ישראל די אַלטע סאָציאַלע פאָרמען פונם יידישן לעבן; זי אָנערקענט פאַר מעגלעך צו שטיצן נאָר די חלוצים-באַוועגונג, וועלכע וויל בויען דעם יידישן ישוב אין ארץ-ישראל אויף נייע סאָציאַלע יסודות פון אַרבעט און פּראָדוקציע. די פאָלקס-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט פונם ערשטן מאָמענט פון איר אַנטשטיין נישט געוואָלט ווערן קיין מאַסן-פּאַרטיי. זי האָט אין אירע אָרגאַנען „דער פרייער געדאַנק" און די „ווילנער וועגן" אַנטוויקלט דעם געדאַנק, אַז די פּאַרטיי וויל זיין נאָר אַן אידייען-צענטר, וואָס זאָל מיט איר אַרבעט אויף אַלע געביטן פונם לעבן באַאיינפלוסן די יידישע מאַסן. די פּאַרטיי האָט אויך געשטעלט אַלס איינע פון אירע אויפגאַבן צו פאַרשפּרייטן ערד-אַרבעט ביי יידן. צו דעם צוועק האָט זי אין יאָר 1927 געשאַפן די געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן ערד-אַרבעט צווישן יידן — „טאָר". זי האָט אפילו אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ ספּעציעלן חודש-זשורנאַל „דער יידישער לאַנדווירט" (ערשינען דריי נומערן). די מאַכט האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט דידאָזיקע געזעלשאַפט צו לעגאַליזירן — און זי האָט דעריבער געמוזט אָפּשטעלן איר טעטיקייט.

ש. ב.

# הוספות

**אַדלער פ.** (געב. 1879) — ד״ר, סאָציאַליסט, פּאָליטיקער, סעקרעטאר פון דער עסטרייכישער ס״ד פארטיי. אין י. 1916 דערשיסט ער דעם דעמאָלסטיקן פּרעמיער, גראף שטירק, און ווערט פארמשפּט צו טויט־שטראָף, וואָס ס׳ווערט אים פארביטן אויף 18 יאָר תפיסה. אין 1918 ווערט ער באפרייט און ווערט אויסגעווילט אין נאַציאָנאל־ראַט. א. איז דער אָנפירער פון דער עסטרייכישער ס״ד פארטיי. זיינע ווערק: „די באַנייונג פון אינטערנאַציאָנאל", „ערנסט מאַכס באַגרינדונג פון מעכאַנישן מאַטעריאַליזם" א.א.

**אַדמיראַליטעט** (פר.) — די העכסטע פארוואַלטונג פון א מלוכה־פלאָט.

**אויגיושעס שטאַלן** (ג.) — א גריכישע לעגענדע וועגן די פערד־שטאַלן פון קעניג אויגיוש, וועלכע זענען געווען אזוי פארמיסטיקט, אז נאָר דער חצלד

הערקולעס האָט זיי געקאָנט אויסרייניקן. פיגורעל — אַן אָרגאַניזאַציע אָדער אינסטיטוציע, וועלכע איז זייער פארלאָזן און פאָדערט גרינטלעכע רעפאָרמען.

**אַטענטאַט** (ל.) — אָנפאַל. פּאָליטישער אַטענטאַט: ווען דורך א גרופּע רעוואָלוציאָנערן ווערן געמאַכט טעראָריסטישע אָנפאַלן אויף הויכע מלוכה־מענער.

**איבערפראָדוקציע** — די פראָדוצירונג פון סחורות אין אזא מאָס, וואָס שטייגט־איבער די קויפקראַפט פון דער באַפעלקערונג. די איבערפראָדוקציע איז א פועל־יוצא פון דער אַנאַרכיע, וואָס הערשט אין קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם פון דער פראָדוקציע, וועלכע רעכנט זיך נישט מיט באַפרידיקן די נאָרמאַלע באַדערפענישן פון דער געזעלשאַפט, נאָר שטרעבט צו א גרעסערן רווח פון קאַפּיטאַל.

**אידייע** (גר.) — באַגריף, פאָרשטעלונג, איינפאַל, געדאַנק, אָנשוינג, שטרעבונגס-ציל.

**אידעאַליסט**: אַ מענטש, וואָס אַרבעט אין אַ געוויסער ריכטונג, נישט פאַר זיינע אייגענע אינטערעסן, נאָר לטובת אַ געוויסער אידייע.

**אייזענאַכער** — דער נאָמען, וואָס ס'האָבן באַקומען די דייטשע מאַרקסיסטן, די אָנהענגער פון אינטערנאַציאָנאַל, וועלכע האָבן זיך אין יאָר 1869 אויפן אייזענאַכער קאָנגרעס פאַראייניקט און געשאַפן די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבעטער-פאַרטיי. די פאַרטיי האָט געפירט אַ פאַרביטערטן קאַמף קעגן די לאַסאַליאַנער (זע לאַסאַל) און די בורזשואַזע דעמאָקראַטן. בראש פון די אייזענאַכער זענען געשטאַנען ליבקנעכט, בעבעל און אַנדערע. אין 1875 האָבן זיך די אייזענאַכער צונויפגעגאָסן מיט די לאַסאַליאַנער אַלס סאָציאַל-דעמאָקראַטישע רעוואָלוציאָנערע פאַרטיי אין דייטשלאַנד.

**אייזנער** (1919—1867) — קורט, דייטשער פּאָליטיקער, עקסטרעמער סאָציאַליסט, זשורנאַליסט, אָנפירער פון דער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע אין בייערן (1918), פּרעמיער פון דער ראַטן-רעגירונג אין בייערן (1918), דערשאָסן געוואָרן אין (1919).

**אינדוסטריע** (ל.) — פלייסיקייט, דאָס פאַרוואַנדלען דורכן מענטשן די רוי-פּראָדוקטן אין אַרטיקלען פון אַ העכערן ווערט. די אינדוסטריע טיילט זיך אויף שווערע (מעטאַלן, בערג-אינדוסטריע, ברען-מאַטעריאַל א. א.) און לייכטע (טעקסטיל, לעדער, פּערפומעריע א. א.).

**אינדיווידואַליזם** (נ. ל.)— פאַר זיך, אייגנאַרטיקייט. פּאָליטישער אינד. באַדייט דאָס אַ-בערלאָזן וואָס מער פרייהייט איינצעלנע פּערזאָנען, כדי זיי געבן די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען זייערע פעיקייטן און אייגנאַרטיקייטן.

**אינוועסטיציע** (נ. ל.) — דאָס אויסגעבן געוויסע סומעס געלט אויף פּראָדוקטיווע צוועקן. למשל: איינקויפן נייע מאַשינען, אויפבויען נייע בנינים, פאַרבעסערן די שטאָט-ווירטשאַפט א. א. וו.

**איניציאַטיוו** (נ. ל.) — אָנרעגונג צו אַ געוויסער טעטיקייט; די פעיקייט צו געבן אַזאַ אָנרעגונג.

**איסלאם** — אזוי הייסט די אמונה פון די מאַכמעדאַנער, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן דורך דעם אַראַבישן נביא מאַכמעד אין 7-טן יאָרהונדערט. דאָס הייליקסטע בוך ביי די מאַכמעדאַנער איז דער קאָראַן. (זע). אָנהענגער פון דער אמונה זענען פאַראַן בערך 230 מיליאָן.

**אַכטצענטער ברומער**— די מלוכה-איבערקערעניש, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין פראַנקרייך דורך נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט דעם 18-טן ברומער (9-טער נאָוועמבער) 1799-טן יאָר. נאַפּאָלעאָן האָט פונאַנדערגעטריבן די פאָלס-פאַרטרעטער און געשאַפן אַ קאָנסולאַט. מיט דעם נאָמען „18-טן ברומער, לואי נאַפּאָלעאָן" האָט מאַרקס אָנגערופן זיין בוך, אין וועלכן ער רעדט וועגן דער רעגירונג-איבערקערעניש פונם 1851-טן יאָר, דורך דעם פּרעזידענט פון דער רעפּובליק פּרינץ לואי באָנאַפּאַרט. אין דרויסלביקער דאַטע האָבן אין י. 1971 אַרבעטער-מאַסן פאַרכאַפּט די מאַכט אין פּאַריז און האָבן איינגעשטעלט די קאָמונע.

**אַלביאָן** — דער אַלטער נאָמען פון הייַנטיקן ענגלאַנד.

**אַנטאַנט** (פר.) — פאַרשטענדניש. פאַר דער וועלט-מלחמה האָט מען גערופן אַנטאַנט דיפאַרשטענדניש צווישן ענגלאַנד, פראַנקרייך און רוסלאַנד.

**אסקוויט ה.** (געב. 1852)— אַדוואָקאַט, ענגלישער פּאָליטיקער, אָנפירער פון אַמאָליקן קלאַסישן ליבעראַליזם און קעגנער פון לאָיד דזשאָרדזשס קאָמפּראָמיסטענדענצן אין דער פּאַרטיי. דעפּוטאַט פון 1886, אינערן-מיניסטער 1892—1895, פינאַנץ-קאַנצלער אין 1905, פּרעמיער פון 1908—1916. אין י. 1925 ווערט א. באַשטימט אַלס מיטגליד פון לאָרדן-קאַמער.

**אַעראָנויטיקאַ** (גר.)—לופטפלאָט. א. האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע בשעת דער וועלט-מלחמה. אין יאָר 1927 איז געשלאָסן געוואָרן אין פּאַריז אַן אינטערנאַציאָנאַלער אָפּמאַך צווישן 27 מלוכות, ווו ס'זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן די כּללים און געזעצן פון לופט-פליערייַ, וואָס פאַרפליכטן די אַלע מלוכות.

**אַקאַדעמיע** (גר.): 1) אַ גאָרטן נישט ווייט פון אַטען (אין גריכנלאַנד), ווו ס'פלעגן זיך צוזאַמענקומען פּלאַטאָנס תלמידים

צו הערן זייערע לערער; 2) הויכשול (אוניווערסיטעט, פאָליטעכניקום, קונסט-אַקאַדעמיע; 3) אַ געזעלשאַפט פון געלערנטע; 4) אַ פייערלעכע פאַרזאַמלונג מיט רעדעס, געווידמעט אַ געוויסער פראַגע אָדער פערזאָן. די אַלטיקע וויכטיקסטע אַקאַדעמיע איז די פראַנצויזישע (געגרינדעט אין 17-טן יאָרהונדערט דורך רישעליע), וועלכע באַשטייט פון 40 מיטגלידער, די אַזויגערופענע „אומשטערבלעכע". אין פוילן איז די וויכטיקסטע די וויסנשאַפטס-אַקאַדעמיע אין קראָקע (געגרינדעט אין י. 1873), וועלכע גרופירט אַרום זיך די גרעסטע פוילישע געלערנטע.

**אַקאָרד** (פר.) — 1) אַן אָפּמאַך צווישן אַרבעטסגעבער און אַרבעטער, וואָס באַשטימט דעם אַרבעטס-לוין נישט פון דער צייט, נאָר פון שטיק אויסגעאַרבעטע סחורה. 2) אין מוזיק — אַ האַרמאָנישער קלאַנג פון עטלעכע טענער.

**אַקט** (לאַט.) — אַ געשעעניש. 1) מלוכה-אַקט — אַ באַשלוס פון אַ רעגירונג, וואָס האָט אַ פּאָליטישן כאַראַקטער. 2) באַשולדיקונגס-אַקט — אַן אַמטלעכע שריפט, וועלכע באַווייזט די שולד פון אָנגעקלאָגטן. 3) אַ טייל פון אַ טעאַטער-פּיעסע.

**אַקלאַמאַציע** (לאַט.) — צושטימונג; אויסדריקן עמעצן אָדער אָננעמען אַ באַשלוס איינשטימיק.

**אַקסיאָמע** (גר.) — אַן אמת, וועלכער באַדאַרף זיך נישט אין באַווייזן, אַ באַשטימטע זיכערע זאַך.

**אַריסטאָטעל** (384—322 פ. נ. צ.): איינער פון די גרעסטע גריכישע פילאָזאָפן. זיין באַרימטער פּאָליטישער טראַקטאַט „וועגן פּאָליטיק", וועלכער איז דער ערשטער סיסטעמאַטישער אַנאַליז פון פאַרשידענע מלוכה-פאָרמען, שטיצט זיך אויף פיל היסטאָרישע ביישפּילן און ווערט נאָך היינט ציטירט אין פאַרשידענע פּאָליטישע און היסטאָרישע ווערק.

**אַרמיי** (פר.) — 1) דאָס גאַנצע מיליטער, וואָס געהערט צו אַ מדינה; 2) אַ גרויסע מיליטער-אָפּטיילונג אין דער צייט פון אַ מלחמה, וועלכע ווערט אָנגעפירט דורך אַ הויפּט-אָנפירער; 3) ר עט ו נ ג ס-אַ ר מ יי — אַן ענגלישע סעקטע, געגרינדעט דורך ווילהעלם באָט (1829 — 1912). דער ציל

פון ר.-א. איז אויפצוהייבן דעם
מאָראַלישן און רעליגיעזן ניוואָ
פון די מאַסן און זי איז אָרגאַ-
ניזירט לויטן מוסטער פון מיליטער.
**אַשכּנזי שמעון** (געבוירן
1867)—פּראָפעסאָר, פּוילישער
היסטאָריקער און פּאָליטיקער,
דאָצענט (1897). דער ערשטער
פּוילישער דעלעגאַט ביי דער פעל-
קער-ליגע (1921—1922). זיינע
ווערק: „דער פּויליש-דייטשער
אָפּמאַך”, „פּירשט יוזעף פּאָניאַ-
טאָווסקי”, „לוקאַשינסקי”, „נאַפּאָ-
לעאָן — און פּוילן” א. אַנד.

# ב

**באַיקאָ י.** (ג. 1857)—פּאָלקס-
לערער, געזעלשאַפטלעך-פּאָ-
ליטישער טוער, איינער פון די
חשובסטע פּוילישע פירערן, דע-
פּוטאַט צום גאַליצישן סיים (1895—
1914) און צום עסטרייכישן פּאַר-
לאַמענט (1897—1918), סענאַ-
טאָר פון פּיאַסט-קלוב פון 1922,
וויצעמאַרשאַלעק פון סענאַט,
איצט מיטגליד פון סאַנאַציע-קלוב.

**באַלדווין ס.** (געב. 1867)—
ענגלישער פּאָליטיקער, גרויס-
אינדוסטריעלער, קאָנסערוואַטאָר,
דעפּוטאַט (1908), האַנדלס-מי-
ניסטער (1921—1922), פינאַנץ
מיניסטער (1922), פּרעמיער
(1923—1924). נאָך מאַקדאָ-
נאַלדס דורכפאַל פאַרנעמט ב. ווי-
דער דעם פּרעמיער-אַמט. אין די
וואַלן צום פּאַרלאַמענט (1929)
האָט באַקומען די לייבאָר-פּאַרטיי
א מערהייט אין פּ., און ב. האָט
געמוזט אָפּטרעטן צוריק זיין אָרט
מאַקדאָנאַלדן.

**באָראָכאָוו ד. ב.** (1881—
1917) — יידישער סאָציאַליס-
טישער טוער, טעאָרעטישער באַ-
גרינדער פון פּועלי-ציוניזם. נאָכן
ענדיקן די גימנאַזיע אין פּאָל-
טאַווע איז ב. אוועק קיין
יעקאַטערינאָסלאַוו, איז אריין אין
די ס.-ר. קרייזן און האָט פּראָ-
פּאַגאַנדירט דעם מאַרקסיזם צווישן
די אַרבעטער. ב. האָט זיך פאַר-
אינטערעסירט מיט יידיש-נאַציאָ-
נאַלע פּראָבלעמען. אין י. 1905
טרעט ער אריין אין דער פּועלי-
ציון-פּאַרטיי און באַקעמפט די
סיימיסטישע טענדענצן, וואָס האָבן
באַהערשט געוויסע טוער פון דער

פאַרטיי. במשך פון דער צייט באַטייליקט זיך ב. אין די פאַרטיי־אָרגאַנען מיט פאַרשידענע טעאָרעטישע און פּאָליטישע אַרטיקלען. אין י. 1906 נעמט ב. אָנטייל אין צוזאַמענפאָר פון די פ.־צ., פון פּאָלטאַווער ראַיאָן, אויף וועלכן ער פאָרמולירט זיין קוק אויף דער נאַציאָנאַלער פראַגע, וואָס איז געווען דער יסוד פון זיין שפּעטערדיקער ערנסטער אַרבעט: „די קלאַסן־מאָמענטן אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע‟. אין דעמזעלביקן יאָר ווערט ב. אַרעסטירט דורך דער רוסישער פּאָליציי, ווערט באַפרייט און באַטייליקט זיך ווייטער אַקטיוו אין דער פּועלי־ציון־באַוועגונג, אַפילו דאַן, ווען ער איז געצוווּנגען צו פאַרלאָזן רוסלאַנד. ב. באַטייליקט זיך אַלס דעלעגאַט צו דער ערשטער אַלוועלטלעכער קאָנפערענץ פון די פ.־צ. אין האַאַג (1907). ב. איז געווען אַ מיטגליד פון דער פאַרבאַנדס־ביוראָ און אַ געוויסע צייט איר סעקרעטאַר. זייענדיק אין ווין, ווערט ב. רעדאַקטאָר פון „דאָס פרייע וואָרט‟ און נעמט אָנטייל אין פּרוּוו צו פאַראייניקן אַלע יידישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען. ב. באַזוכט פיל לענדער, און לסוף קומט ער קיין אַמעריקע. זייענדיק דאָרטן בשעת דער וועלט־מלחמה, באַקעמפט ב. די פּאַטריאָטישע היסטעריע און מלחמה־שטימונג, וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַפילו אין די סאָציאַליסטישע רייען. מיטן אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע קערט זיך ב. אום קיין רוסלאַנד. אויפן וועג פאַרבלייבט ער אַ קורצע צייט אין שטאָקהאָלם און נעמט אָנטייל אין אויסאַרבעטן די פּאָסטולאַטן פון יידישן פּראָלעטאַריאַט. קומענדיק קיין רוסלאַנד, באַטייליקט זיך ב. אין דער דעמאָקראַטישער באַראַטונג אין פּעטראָגראַד און נעמט אָנטייל אין דעם פעלקער־צוזאַמענפאָר אין קיעוו. זיינע ווערק: „אונדזער פּלאַטפאָרם‟, „די קלאַסן־אינטערעסן אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע‟, „פּראָלעטאַרישע עטיק‟, „דערקענטניש־טעאָריע‟, „וואָס ווילן די פּועלי־ציון‟, „די עמיגראַציע־פּאָליטיק‟ א. אַנד.

**באַרטעל ק.** (געב. 1882) — פּראָפעסאָר, ד״ר, אינזשיניער, פּוילישער פּאָליטיקער, קאָמוניקאַציע־מיניסטער (1919—1921), דעפּוטאַט פון 1922 („וויזוואָלעניע‟), פאָרזיצער פון דער קאָמוניקאַציע־קאָמיסיע אין סיים. אין י. 1925 טרעט ב. אַרויס פון „וויזוואָלעניע‟ און שאַפט צו־

זאַמען מיט נאָך 5 דעפּוטאַטן דעם „אַרבעטס-קלוב". נאָך פּילסודסקיס מיליטערישער איבערקערעניש (1926) ווערט ב. באַשטימט אַלס פּרעמיער-מיניסטער.

**באַרליצקי נ.** (געב. 1880)— לערער, פּוילישער פּאָליטיקער, איינער פון די אָנפירער פון פּ. פּ. ס. אין י. 1918 ווערט ב. אַרעסטירט דורך די דייטשן. וויצע פון אינערן-מיניסטער אין מאָראַטשעווסקיס קאַבינעט (1918—1919). דעפּוטאַט פון 1919. געוו. פּרעזעס פון פּ. פּ. ס.'ישן סיים-קלוב.

**בויער ג.** (געב. 1870) — דייטשער פּאָליטיקער, אַ סאָציאַליסט, דעפּוטאַט (1912). אַלס פּרעמיער (1919) האָט ב. אונטערגעשריבן דעם ווערסאַלער טראַקטאַט. פינאַנץ - מיניסטער (1920—1923).

**בוכאַרין מ.** (געב. 1888)— פּובליציסט, פּראָפעסאָר, איינער פון די אָנגעזעענסטע טעאָרעטיקער פון רוסישן קאָמוניזם, פאָרזיצער פון אויספירונגס-קאָמיטעט פון קאָמינטערן, געוו. רעדאַקטאָר פון „פּראַוודאַ". זיינע ווערק: „קלאַסן-קאַמף און די רוסישע רעוואָלוציע", „דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם" (איבערזעצט אין ייִדיש) א. אנד.

**בלום ל.** (געב. 1872) — אַדוואָקאַט, איינער פון די פירער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין פראַנקרייך, דעפּוטאַט (1916). ב. געהערט צום מעסיקן פליגל פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

**בעטמאַן - האָלוועג ט.** (1856—1921) — דייטשער פּאָליטיקער, אינערן - מיניסטער (1905), מלוכה-קאַנצלער (1909—1917). באַקאַנט מיט זיין לאָזונג בעת דער וועלט-מלחמה וועגן דער בעלגישער נייטראַליטעט, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַן אַשר-יצר-פּאַפּירל... זיינע ווערק: „באַטראַכטונגען צום וועלט-קריג" א. אנד.

**בעלוועדער** — אַ קעניגלעכער פּאַלאַץ, געבויט אין וואַרשע אין י. 1821. ב. איז געווען דער וואוין-אָרט פון פאַרשידענע רוסישע שטאַטהאַלטערס. אין י. 1831, בשעת דעם ערשטן פּוילישן אויפשטאַנד, האָבן די פּוילישע אַקאַדעמיקער געמאַכט אַן אַטענטאַט אויפן דעמאָלסטיקן שטאַטהאַלטער גרויספירשט קאָנסטאַנטין, דערפאַר האָט מען זיי

גערופן „בעלוועדערטשיקעס”. נאָך דער באַפרייאונג פון פוילן וואוינט אין ב. מאַרשאַל פּילסודסקי, און דעריבער הייסן זיינע אָנהענגער „בעלוועדערטשיקעס”.

## בענעש ע. (געב. 1884) —

פּראָפעסאָר. א וויכטיקער טשעכישער פּאָליטיקער, הויפּט-סעקרעטאַר פון טשעכיש-סלאָוואַקישן נאַציאָנאַלראַט אין פּאַריז (1917). אויסערן-מיניסטער פון 1918. זיינע ווערק: „די אַנטוויקלונג פון מאָדערנעם סאָציאַליזם” א. אַנד.

## בעזעלער (1850—1921) —

פּרייסישער גענעראַל, הויפּט-קוואַטירמייסטער (1899), דער זיגער ביי אַנטווערפּן (1914), גענעראַל-גובערנאַטאָר פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין געוועזענעם קאָנגרעס-פּוילן. ב. איז געווען איינער פון די בעסטע געאָגראַפן און ל טעראַטור-קענער.

## בראַטיאַנו י. (געב. 1864)—

אינזשיניער. רומענישער פּאָליטיקער, איינער פון די אָנפירער פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי, דעפּוטאַט (1895), פּרעמיער (1910 — 1911 און 1914 — 1918), גלייכצייטיק אויסערן-מיניסטער (1916—1919). אין י. 1914 האָט ב. גוום געוו.ן, אַז רומעניע זאָל אָנטייל-נעמען אין דער וועלט-מלחמה. פון 1922 ווערט ב. ווידער געווילט אלס פּרעמיער און פירט-דורך אין 1923 די ענדערונג פון דער קאָנסטיטוציע. לעצטנס, ווען די מאַכט אין רומעניע האָט איבערגענומען די פּויערן-פּאַרטיי, האָט ב. פאַרלוירן זיין פּאָליטישע השפעה.

## בריאַן א. (געב. 1862) —

אַדוואָקאַט. פראַנצויזישער פּאָליטיקער, אַרויסגעבער פון זשורנאַל „די לאַטאַרניע”, דעפּוטאַט (1889), צוערשט סאָציאַליסט, שפּעטער פאָרשטייער פון די מעסיק-לינקע. היינט-צו-טאָג שטיצט ב. די ראַדיקאַלע רעגירונג. פיל מאָל בילדונגס-מיניסטער, יוסטיץ-מיניסטער, אויסערן-מיניסטער, אינערן-מיניסטער און פּרעמיער, פראַנצויזישער פאָרשטייער ביי דער פעלקער-ליגע אין 1924, אויסערן-מיניסטער פון 1925. ב. רעכנט זיך אלס איינער פון די בעסטע וועלט-רעדנער.

## בריסקער שלום-טראַקטאַט

— דער שלום-טראַקטאַט, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אין בריסק צווישן די צענטראַלע מלוכות מיט אוקראַינע און מיט דעם באָלשעוויסטישן רוסלאַנד (1918).

## ג

**גאנדי מ.** (געב. 1869) — אדוואקאט. אינדישער פאליטיקער, אנפירער פון די אינדישע נאציאנאליסטן, וועלכע טרעטן ארויס קעגן דער פולמרשטטער אויטאנאמיע, מיטוועלכער ענגלאנד האט זיי מזכה געווען.

**געגפער קאנווענץ** — אן אינטערנאציאנאלער אפמאך, געשלאסן אין גענף אין י. 1864, וואס האט דעם ציל צו שיצן די קראנקע און פארוואונדעטע בשעת א מלחמה. לויט דער ג. ק. איז דער „רויטער קרייץ”, וואס טראגט הילף די פארוואונדעטע, אונבארירלעך (דער צייכן „רויטער קרייץ” איז אויף דער קאנפערענץ אנגענומען געווארן). די קאמפעטענצן פון „רויטן קרייץ” זענען פארברייטערט געווארן אין י. 1906.

**גראבסקי וו.** (געב. 1874) — פוילישער עקאנאמיקער און פאליטיקער, געוועזענער דעפוטאט אין דער I-טער, II-טער און III-טער רוסישער דומע, דעפוטאט אין פוילישן סיים (1919—1922), פינאנץ-מיניסטער (1919—1920), פרעמיער (1920—1923). זיינע ווערק: „די היסטאריע פון דער אגראריער געזעלשאפט”, „מאטעריאלן וועגן דעם פויערטום” א. א.

**גרינבוים י.** (געב. 1879) — אדוואקאט, יידישער פאליטיקער, ציוניסט, סיים-דעפוטאט פון י. 1919. פארזיצער פון דער יידישער „קאלא” (1929), איינער פון די באדייטענדסטע אנפירער פון דער „על-המשמר”-ריכטונג אין דער ציוניסטישער באוועגונג.

## ד

**דאמבראווסקי י.** (1755—1818) — פוילישער גענעראל, וואס האט בשעת קאסציושקא'ס אויפשטאנד גענומען אן א טייל אין דער פארטיידיקונג פוןווארשע קעגן די רוסן, נאכן דורכפאל פון אויפשטאנד פארט ד. קיין בערלין, וו ער באמיט זיך וועגן א פארשטענדיקונג צווישן פראנקרייך און פרייסן, כדי צו באפרייען

פוילן. ווען דאָס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן, ווענדעט זיך ד. צום דירעקטאָריאַט, וואָס האָט דאַמאָלסט געהערשט אין פראַנקרייך, וועגן שאַפן פוילישע לעגיאָנען, כּדי קעמפנדיק פאַר דער פרייהייט פון אַנדערע פעלקער אויסקעמפן אויך די אייגענע פרייהייט. אין י. 1797 שאַפט ד. די לעגיאָנען, וועלכע האָבן געהאָלפן נאַפּאָלעאָנען אין זיינע נצחונות און דערפאַר האָט נאַפּאָלעאָן געשאַפן דאָס וואַרשעווער פירשטענטום אין י. 1807. אין י. 1812, נאָך נאַפּאָלעאָנס מפּלה ציט זיך ד. צוריק פון פּאָליטישן לעבן.

## דאַשינסקי א. (געב. 1866)—

פוילישער פּאָליטיקער, סאָציאַליסט, גרינדער פון דער ס"ד פּאַרטיי אין גאַליציע (1890), די שפּעטערדיקע פּ. פּ. ס"ד פון גאַליציע און שלעזיע. דעפּוטאַט צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט (1897—1918), וויצע-פּרעזעס פון נ. ק. נ., דעפּוטאַט צום פּוילישן סיים (1919), וויצע-פּרעזידענט (1920—1921), נאַר-זיצער פון הויפּט-ראַט פון פּ. פּ. ס.

## דמאָווסקי ר. (געב. 1864)—

פוילישער פּאָליטיקער, איינער פון די אָנפירער פון דער פּוילישער ב"ד (היינט: א. וו. פּ.), פּרעזעס פון דער פּוילישער „קאָלאָ" אין דער צווייטער און דריטער דומע. אין י. 1915 גרינדעט ער דעם נאַציאָנאַלן קאָמיטעט אין וואַרשע און דערנאָך אין פּאַריז, וועלכער ווערט אָנערקענט דורך דער קאָאַליציע אַלס די רעפּרעזענטאַנץ פון פּוילן. אויסערן-מיניסטער אין י. 1923.

## דעניקין א. (געב. 1872)—

רוסישער גענעראַל, הויפּט-אָנפירער פון דרום-מערבדיקן פראָנט אין י. 1917. איינער פון די הויפּט-קעגנער פון דער באָלשעוויסטישער רעגירונג. ד. האָט אָנגעפירט מיט דער ווייסער אַרמיי נאָך גענעראַל קאָרנילאָווס טויט. אין י. 1920 ווערט זיין אַרמיי צעשלאָגן דורך די באָלשעוויקעס. דעניקינס אַרמיי האָט אויסגעפירט פיל פּאָגראָמען אויף יידן.

# ה

## האַזע ה. (1863—1919) —

אַדוואָקאַט, דייטשער פּאָליטיקער, סאָציאַליסט, דעפּוטאַט, געוו. פאָרזיצער פון דער סאָצ. פּאַרלאַ-

מענטאַרישער פּראַקציע. אין י. 1916 טרעט ה. אַרויס אין פּאַר־לאַמענט קעגן דער מלחמה און גרינדעט די דעפּוטאַטן־גרופּע „סאָ־ציאַליסטישע אַרבעטס־געמיינ־שאַפט“, פון וועלכער ס׳איז אַנט־שטאַנען שפּעטער די „אומאָפּ־העגניקע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי“. ה. האָט גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל אין דער רעוואָלוציע פון 1918. אומגעקומען דורך אַן אַטענטאַט.

**האַלער י.** (געב. 1873) — פּוילישער גענעראַל, אָרגאַני־זאַטאָר פון די „סאָקאָלן“ (פּוי־לישע מיליטערישע יוגנט־אָרגאַ־ניזאַציעס), אָנפירער פון דער צווייטער לעגיאָנען־בריגאַדע, אָנ־פירער פון דער פּוילישער אַרמיי אין פראַנקרייך („האַלערטשיקעס“), גרינדער פון דער פּוילישער פריי־וויליקער אַרמיי אין י. 1920, פּאָרזיצער פון פּוילישן רויטן קרייץ און פון די פּוילישע סקויטן־אָרגאַניזאַציעס, דעפּוטאַט (1922—1923), גענעראַל־אינספּעקטאָר פון דער אַרטילעריע, מיטגליד פון מלחמה־ראַט. נאָך דער מאַי־איבערקערעניש (1926) דעמיסיאָ־נירט ה. פון זיין מיליטערישער טעטיקייט.

**האָסע** (פר.) — דאָס שטייגן פון ווערט־פּאַפּירן אויף דער בערזע. **בעסע** איז דער היפּוך פון ה. און באַדייט דאָס פאַלן פון ווערט־פּאַפּירן.

**הוווער ה.** (געב. 1874) — אינדוסטריעלער, אַמעריקאַנער פּאָליטיקער און פינאַנסיסט. בעת דער וועלט־מלחמה האָט ה. אַלס „שפּייזונגס־דירעקטאָר“ אָרגאַני־זירט אַן ענערגישע הילף פאַר דער הונגעריקער באַפעלקערונג פון די מיטל־אייראָפּעישע לענ־דער און בפרט פאַר פּוילן. ווילסאָנס ראַטגעבער בעת דער שלום־קאָנפערענץ (1919), האַנדלס־מי־ניסטער (1921). אין י. 1928 איז ה. אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון די צפון־אַמערי־קאַנישע פאַראייניקטע שטאַטן.

**היטלער א.** — צייכנער, דייטשער פּאָליטיקער, אָנפירער פון די „קריסטלעכע סאָציאַליסטן“, אַנטיסעמיט, שעפער פון די האַ־קענקרייצלער־באַנדעס, אָנהענגער פון דיקטאַטור. אין י. 1923 האָט ה. געוואָלט דורכפירן אַ מלוכה־איבערקערעניש אין בייערן, נאָר ס׳האָט זיך אים נישט איינגעגעבן.

**היפּעראינפלאַציע** (ל.) — היפּעראינפלאַציע קומט־פאָר דאַמאָלסט, ווען דער קורס פון געלט פאַלט, נישט צוליבן איבער־פלוס פון אַרויסגעלאָזטע פּאַפּיר־געלט, נאָר צוליב פּסיכאָלאָגישע סיבות,

וואָס די באַפעלקערונג זעט־פאַרויס אַ ווייטערדיקע ירידה פון געלט־קורס.

**העלוועטושער גלויבן** — די גלויבנס־דאָגמען, וועלכע שטיצן זיך אויף דער לערע פון צווינגלי און קאַלווין (זע). ה. ג. איז אַממיינסטן פאַרשפּרייט אין דער שווייץ.

**הענדערסאָן א.** (געב. 1863) — אַן אַרבעטער, ענגלישער פּאָליטיקער, פּאַציפיסט, איינער פון די בויער פון דער לייבור־פּאַרטיי, דעפּוטאַט (1903), בילדונגס־מיניסטער (1915), אינערן־מיניסטער (1924). אין יאָר 1929 — אַרבעטס־מיניסטער.

**העסען י.** (געב. 1866) — ריכטער, אַדוואָקאַט, רוסישער פּאָליטיקער, גרינדער פון צייטשריפט „רעכט", דומע־דעפּוטאַט, איינער פון די אָנפירער פון דער קאַדעטן־פּאַרטיי, רעדאַקטאָר פון צייטונג „וואָרט" (1905), מחבר פון פיל יורידישע ווערק.

# וו

**וואָיטשעכאָווסקי ס.** (געב. 1869) — פּראָפעסאָר, צווייטער פּוילישער מלוכה־פּרעזידענט, האָט שטודירט מאַטעמאַטיק אין וואַרשעווער אוניווערזיטעט. צוליב פּאָליטישע פאַרפאָלגונגען עמיגרירט וו. קיין אויסלאַנד (1892). וו. האָט געהערט צו פּ. פּ. ס. און אין י. 1906 קערט ער זיך אום קיין פּוילן און פּראָפּאַגירט די קאָאָפּעראַטיוון־אידייע. פּרעזעס פון דער פּוילישער צווישנפּאַרטייאישער פאַרייניקונג אין מאָסקווע (1917), אינערן־מיניסטער (1919 — 1920) אין יאָר 1922 ווערט וו. אויסגעוויילט אַלס מלוכה־פּרעזידענט. צוליב דער מאַי־איבערקערעניש אין י. 1926 רעזיגנירט וו. פון פּרעזידענט־אַמט.

**וואַלאָריזאַציע** (נ. ל.) — דאָס איבעררעכענען פון די ביזאיצטיקע געלט־פאַרפּליכטונגען לויט אַ נייער וואַלוטע. למשל, אין פּוילן איז אין י. 1924 רעגולירט געוואָרן דורך אַ צאַרדנונג פון מלוכה־פּרעזידענט די וואַלאָריזאַציע פון די פאַרמלחמהדיקע חובות.

**וואַנדערוועלדע ע.** (געב. 1866) — אַדוואָקאַט, בעלגישער פּאָליטיקער, סאָציאַליסט, דעפּוטאַט (1894), פּילמאָליקער מיניסטער. לעצטנס — אויסערן־מיניסטער פון י. 1925.

**וויזוואָלעניע** (באַפרייאונג — פּ.) — די פּאַרטיי וו. איז אנטשטאַנען, בשעת דער וועלט־מלחמה, פון דער פאָלקס־באַוועגונג „זאַראַניע". וו. איז אַ פּאָליטישע פּאַרטיי פון די אָרעמע און קליינע פויערן. זי פאָדערט צוצונעמען ביי די פּריצים די גרויסע ערד־שטחים אָן אנטשעדיקונג און פאַנאַנדערצוטיילן זיי צווישן די באָדנלאָזע פויערן. אין קעגנזאַץ צו די סאָציאַליסטן, פּאַרטיידיקט וו. דעם פרייען האַנדל און איז קעגן פאַרקלענערן דעם פּרייז פון די ערד־פּראָדוקטן. וו. פאַרלאַנגט, מען זאָל אָפּטיילן די קירך פון דער מלוכה. אין איצטיקן סיים ציילט דער „וויזוואָלעניע"־קלוב 40 דעפּוטאַטן. פאָרזיצער פון קלוב איז דעפּ. י. וואָזשניצקי.

**וויטאָס וו.** (געב. 1874) — פויער, גמינע־סאָלטיס, פּוילישער פּאָליטיקער, אָנפירער פון „פּיאַסט", דעפּוטאַט צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט (1911—1918) און צום גאַליצישן סיים (1908—1914), דעפּוטאַט צום פּוילישן סיים פון 1919, פּרעמיער (1920—1921 און אין י. 1923). פּיר־טאָגיקער פּרעמיער אין מאַי 1926 און דעמיסיאָנירט דאַן צוליב דער מאַי־איבערקערעניש.

**ווײמאַר** — אַ שטאָט אין דייטשלאַנד (די הויפּט־שטאָט פון טירינגען), וווּ די צוזאַמענגערופענע דייטשע פאָלקס־פאַרזאַמלונג האָט באַאַרבעט די קאָנסטיטוציע אין י. 1919. דערפאַר הייסט די דייטשע קאָנסטיטוציע די „ווײמאַר־קאָנסטיטוציע".

**ווילסאָן וו.** (1856—1924) — יוריסט, פּראָפעסאָר, אַמעריקאַנער פּאָליטיקער, גובערנאַטאָר, רעפּובליק־פּרעזידענט (1912—1920) (דעמאָקראַטישע פּאַרטיי), פּאַציפיסט, הויפּט־שעפער פון דער פעלקער־ליגע. אין י. 1919 באַקומט וו. נאָבעלס שלום־פּרעמיע. וו. האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויפן אויסגאַנג פון דער וועלט־מלחמה (זיינע באַרימטע 14 פּונקטן).

**ווערט** (אָדער קאָסטן־פּרייז) — די טויש־ און סחורות־ווירטשאַפט צייכנט זיך אויס מיט דער צעשפּליטערונג

פון די פּראָדוצירער, מיטן מאנגל אין אַן אָרגאַניזירנדיקן פּראָדוקציע-צענטער און אַ פלאַנמעסיגער לייטונג. דער קאָנטאַקט צווישן די באַזונדערע פּראָדוצירער, אָפּגעגרענעצטע איינער פון אַנדערן אַדאַנק דער אַרבעטס-צעטיילונג און דעם פּריוואַט-אייגנטום, וועלכע קאָנען זיך אָבער נישט באַגיין איינער אָן צווייטן, ווערט רעאַליזירט דורך טויש-האַנדל. ערשט נאָכדעם ווי ס'איז פאָרגעקומען דערדאָזיקער טויש, ווערט דער פּראָדוצירער געוואָר, צי באַפרידיקט זיין סחורה באמת די געזעלשאַפטלעכע באַדערפעניש, צי האָט דער פּראָדוצירער רעגלמעסיק אויסגענוצט זיין אַרבעטס-צייט א. א. וו. און דער טויש פון פאַרשידענע סחורות איז מעגלעך בלויז צוליב דעם, וואָס די סחורות האָבן אַן אַלגעמיינע אייגנשאַפט — זיי זענען די פּראָדוקטן פון געזעלשאַפטלעכער מענטשלעכער אַרבעט. דידאָזיקע אין סחורות פאַרוואַנדלטע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, דידאָזיקע אַלגעמיינע און איינאַרטיקע אייגנשאַפט פון אַלע סחורות — דאָס מאַכט-אויס אייגנטלעך זייער ווערט. דער ווערט פון דער סחורה איז אַלץ העכער, וואָס מער געזעלשאַפטלעך-נויטווענדיקע אַרבעט (זע) ס'ווערט פאַרברויכט אויף איר פּראָדוקציע. אויב די סחורה ווערט פאַרקויפט אונטער איר ווערט, מוז דער פּראָדוצענט איבערגיין צו אַ נייער פּראָדוקציע, — אויף דעם אופן שפּילט דער ווערט די ראָל פון אַ רעגולאַטאָר און טראָגט אַריין געוויסערמאַסן אַן אָרגאַניזירנדיקן מאָמענט אין דער, לויט איר נאַטור, דעזאָרגאַניזירטער טויש-ווירטשאַפט.

# ז

**זאַוואָד** (ר.) — אַן אינדוסטריעלע אונטערנעמונג, וווּ די רוי-מאַטעריאַלן ווערן איבערגעאַרבעט, דערהויפּט אויף אַ כעמישן אופן; דערמיט אונטערשיידט זיך ז. פון אַ פאַבריק, וווּ דער הויפּט-פּראָצעס איז די מעכאַנישע באַאַרבעטונג פונם רויוואַרג. צו ז. געהערן: טשוהון-פּראָדוקציע, אייזן, שטאָל, גלאָז, פאַיאַנס, קאַלך, א. א. וו.

**זאַלעסקי א.** (געב. 1883) — פּראָפעסאָר, פּוילישער פּאָליטיקער, קאָנסול אין אַטען (1920), קאָנסול אין רוים (1922—1926),

אויסערן-מיניסטער פון י. 1926.

**זאַמבאַרט וו.** (ג. 1863) — א דייטשישער עקאָנאָמיסט, א קריטיקער פון מאַרקסן. ז. האָט געשריבן ספּעציעל וועגן דער ראָלע פון די יידן אינם קאַפּיטאַליזם און אינם קאַפּיטאַליסטישן האנדל.

**זאַנגוויל י.** (1864—1926) — שריפטשטעלער, יידישער כּלל-טוער. אין 1902 איז ז. צוגעשטאַנען צום ציוניזם, שפּעטער א הייסער אָנהענגער פון אוגאַנדע-פּלאַן; גרינדער פון דער יידישער טעריטאָריאַליסטישער אָרגאַניזאַציע.

**זאָנדערבונד** — פּאָליטישער בונד פון זיבן קאַטוילישע קאַנטאָנען אין דער שווייץ, זיך געגרינדעט אין י. 1843 צו קעמפן קעגן דער ראַדיקאַלער פּאָליטיק פונם שווייצישן בונד. דאָס האָט געבראַכט צו א בירגער-קריג צווישן דעם זאָנדערבונד און דעם איבעריקן טייל פון דער שווייץ. דער קריג האָט זיך פאַרענדיקט מיט א מפּלה פונם זאָנדערבונד.

**זאַנסבאַך י.** — איינער פון די סעקרעטאַרן פונם אַמסטערדאַמער אינטערנאַציאָנאַל. איינער פון די סאַמע רעכטע דייטשישע רעפאָרמיסטן. א שטאַרקער קעגנער פון איינהייט אין דער אַרבעטער-וועלט-באַוועגונג.

**זיבאָוויעוו ג.** (געב. 1883) — רוסישער קאָמוניסט, איינער פון די נאָענטסטע מיטאַרבייטער פון לענינען, פאָרזיצער פון פּעטראָגראַדער דעלעגאַטן-ראַט, פאָרזיצער פון אויספירונגס-קאָמיטעט פון קאָמינטערן. פון י. 1926 האָט ז., אַלס קעגנער פון „נעפּ", פאַרלוירן זיין איינפלוס אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און ער ווערט ביסלעכווייז באַזייטיקט פון זיינע פּאָסטנס.

**זעלבסטפאַרוואַלטונג** — דאָס רעכט פון באַזונדערע אָפּהענגיקע מלוכות און טיילן פון מלוכה (שטעט, קרייזן, גובערניעס) זעלבשטענדיק צו פאַרוואַלטן מיט זייערע אינערליכע ענינים.

**זשיטלאָווסקי ח.**, בן-אהוד (ג. 1865 אין רוסלאַנד) — „נאַראָדניק". אין די 80-טע יאָרן עמיגרירט קיין אויסלאַנד. אין דער עמיגראַציע — איינער פון די גרינדער פון ס.-ר. פּאַרטיי. האָט שפּעטער, ווערנדיק א ציוניסט, אריינגעטראָגן די ס.-ר. אָנשויונגען אין דער ציוניסטיש-סאָציאַליסטישער באַוועגונג. דער ערשטער, וואָס האָט געפּרוווט צו געבן

דעם ציוניזם אן אָפּשאַצונג פון סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט. זש. איז נאָכדעם אריבער צו פּועלי־ציון.

**זשעליגאָווסקי ל.** (געב. 1865) — פּוילישער גענעראַל, הויפּט־אָנפירער פון פּוילישן מי־ליטער אין דרום־רוסלאַנד (1917—1918). אין י. 1920 האָט זש. איינגענומען ווילנער קאַנט און אים פאַרייניקט מיט פּוילן. קריגס־מיניסטער (1925—1926)

**זש. פּ. ס. ד.** — ייד. סאָצ. דעמ. פּאַרטיי אין גאַליציע (דער גאַ־ליציאַנער „בונד"), האָט זיך אין יאָר 1905 אָפּגעשפּאָלטן פון דער פּויל־ישער סאָצ. פּאַרטיי (פּ. ס. ד. פּ.) פון גאַליציע. די זש. פּ. ס. ד. איז געווען אין נאָענטע באַציונגען מיטן רוס־לענדישן „בונד". אין י. 1920 האָט זיך די זש. פּ. ס. ד. פאַרייניקט מיטן „בונד" אין פּוילן אויפן יסוד פון דער בונדישער נאַציאָנאַל־מעגשע־וויסטישער פּלאַטפאָרם.

# ח

**חסידיזם** — אַ רעליגיעז־מיס־טישע פאָלקס־באַוועגונג, וואָס איז אויפגעקומען אין פּאָדאָליע סוף 30־טע יאָרן פון XVIII י"ה אַלס פּראָטעסט קעגן ראַוויניזם. אויכער־ליך איז דאָס געווען אַ פּראָטעסט קעגן דעם רבנישן אַסקעטיזם, קעגן דעם טרוקענעם דיגען גאָט און טרו־קענעם גמרא־לערנען. אין תוך אָבער איז דאָס געווען אַ קאַמף קעגן דער הערשאַפט פון רבנים, תלמודיסטן, יחסנים, קעגן די גבירים, פּני, רעדל־פירער פון קהל, וואָס האָבן טרעטירט דאָס פּראָסטע פאָלק, עס עקספּלואַטירט און אַרויפגע־לייגט אויף דעם אַלע לאַסטן פון קהל. די באַזע פונם ראַוויניזם איז געווען ליטע און ווייסרוסלאַנד, בראש מיט ווילנע. די באַזע פונם חסידיזם איז געווען פּאָדאָליע און וואָלין, ווו יידן זענען געווען על־פּי־רוב אָרעמע. די יידן זענען דאָ געווען פאַרגרעבטע, נישט אַריינגעטון אין לומדות, זענען גע־ווען נענטער צו דער נאַטור, ווי אין אַנדערע געגנטן—און דאָ איז דעריבער לייכטער געווען אָנצוהויבן דעם קאַמף קעגן דער פּוריטאַניש־קייט און קעגן לומדישן שיכט פון קהל. דער חסידיזם האָט אַרויסגערופן שרעקליכע אויפרעגונג ביי זיינע קעגנער (מתנגדים), ביי די רבנים און לומדישע גרופּעס, ביי די רעדל־פירער און קהלס־לייט, און זיי האָבן

אים די ערשטע צייט שטארק גערודפט. דער חסידיזם האט זיך גיך צעוואקסן, האט פארכאפט זייער ברייטע שיכטן פון דער יידישער פאלקס־מאסע אין גאנץ אוקראינע, אויך אין רומעניע, ליטע, פוילן, גאליציע א. א. וו. די רעדלפירער, רבנים און גבירים מאכן ביסלעכווייז שלום מיטן חסידיזם און מיען זיך צופאסן אים צו זייערע אינטערעסן. דער חסידיזם באקומט אזוי־ארום די אויבערהאנט, ווערט אליין אן אנפאלער און רודפט זיינע קעגנער (די מתנגדים) מיט נישט קיין קלענערער פארביטערטקייט און פאנאטיזם, ווי פריער די מתנגדים אים. דער חסידיזם האט תחילת זיך געשפייזט מיט מיסטיק, מיט קבלה און אידעאליזם. אינגיכן אבער האט ער דעגענערירט אין א פשוטער פינסטערער בעל־מופתעריי און צדיקיזם, פון וואנען ער איז אייגנטליך ארויסגעוואקסן .

דער גרינדער פון חסידיזם, ישראל בן אליעזר בעל־שם־טוב (בעש"ט), איז צום המון אין די אויגן געווען איינער פון די פיל בעלי־מופתים און בעלי־שם אין יענער צייט, נאר פון א גרעסערער מדרגה. דעם בעש"טס דינאסטיע איז זיך גיך פונאנדערגעפאלן אין עטליכע באזונדערע רבנישע דינאסטיעס, אויף באזונדערע „הויפן", וואס האבן צווישן זיך געפירט א שארפע קאנקורענץ און מחלוקת. די רבנים האבן אריינגעטראגן א ש־עקליכע דעמאראליזאציע אין די מאסן, זיי געהאלטן אין פינסטערניש און מוראדיק עקספלואטירט די אומוויסנהייט פון די־דאזיקע מאסן. אן דעם רבין האט מען גארנישט פארגענומען, סיי אין פאמיליען־לעבן, סיי אין האנדל א. ד. גל. צו אים פלעגט מען זיך ווענדן אין אן אומגליק, אין א גליק, און פאר אלץ האט מען אים געצאלט אויסלייז־געלט („פדיון").

די רביים פלעגן זיך פירן, ווי שררות, מיט א „הויף", מיט א שטאט גבאים, טשולחים, משרתים. זיי האבן געלעבט זייער רייך, ווען אין דערזעלביקער צייט האט צווישן די יידישע מאסן געהערשט א מוראדיקע ארעמקייט. די משכילים האבן געפירט מיט דעם חסידיזם א פארביטערטן קאמף.

# ט

**טאַבאָריטן** — די אַנטיילנע־מער פון דער רעליגיעז־פּאָליטישער באַוועגונג אין XV י״ה אין טשעכיע, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט רעוואָלוציאָנערע שטימונגען. די טאַבאָריטן האָבן געשטרעבט צו פאַרניכטן די קעניגלעכע מאַכט און איינשטעלן אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק; זייענען געווען קעגן יעטוועדער היעראַרכיע; סיי גייסטלעכע סיי וועלטלעכע, האָבן געהאַלטן פאַרן יסוד פון דער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע די בעמיינדע מיט אַ קאָלעקטיוון אייגנטום אויף די פּראָדוציר־מיטלען. ד' טאַב. זייענען אַוועק צום באַרג טאַבאָר, ווו זיי האָבן געוווינט אַ צייט און געגרינדעט ישובים אויף אַלגעמיינע פאַרמעגן־יסודות. די ט. באַוועגונג איז דערשטיקט געוואָרן אין יאָר 1452.

**טאָבּוּ** (מאַל.) — געהייליקט, אונטער חרם. ביי די ווילדע פעלקער אין פּאָלינעזיע—אַ הייליקער חרם, וואָס די גייסטלעכע לייגן־אַרויף אויף אַ וואָסער־נישט־איז זאַך, אָרט, פּערזאָן.

**טיאַלמאַן** (פינ.) — פּאָרזיצער פון פינלענדישן סיים.

**טאַמאַני האָל**—פּאָליטישער קלוב אין ניו־יאָרק, וואָס ד' דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט געגרינדעט אין די 60־טע יאָרן פון XIX י״ה אויף צו אָרגאַניזירן די וואַלן אין די מלוכהשע און מוניציפּאַלע אַנשטאַלטן. איצט איז דער קלוב געוואָרן אַ נעסט פון אַ באַנדע שווינדלער און געשעפטמאַכער, וואָס זענען באַוווּסט מיט זייערע שווינדלערייען און פאַרברעכערישע מעשים בעת די וואַלן.

**טאָמאַס א.** (געב. 1878) — פראַנצויזישער פּאָליטיקער, סאָציאַליסט, אָרגאַניזירט די אַמוניציע־פּראָדוקציע בשעת דער וועלט־מלחמה (1914), קריגס־מיניסטער (1915—1917), פון 1920 דירעקטאָר פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטס־ביוראָ ביי דער פעלקער־ליגע.

**טאַריף** (איט.) — שאַץ־פּרייז, פּרייז־ליסטע, צאָל־שאַץ, לוין־שאַץ; בכלל — יעדער מין פאַרצייכניש, טאַקסירונג, אָפּשאַצונג פון אַ וואָסער־נישט־איז געצאָלט: פאַר אַרבעט, פאַר איבערפירן פּאַסאַזשירן, פאַר גרענעץ־אָפּצאָל א. אַ. וו.

**טוגוט ס.** (געב. 1873) — ליטעראַט, פּוילישער פּאָליטיקער, דעמאָקראַט, רעדאַקטאָר פון וועכנטלעכן זשורנאַל „ערד“ (1910—1914), געדינט אין די לעגיאָנען, אינערן־מיניסטער (1918—1919), געוו. פּרעזעס פון „וויזוואָלעניע“, וו צע־פּרעמיער אָן א טעקע (1924—1925).

**טויטער סעזאָן** — אַזוי רופט מען דעם שטילשטאַנד אין דעם אָדער יענעם צווייג אינדוסטריע, וואָס רופט אַרויס א פּעריאָדישע אַרבעטסלאָזיקייט אין א באַשטימטער צייט פון יאָר.

**טויש־ווירטשאַפט** — סחורה־ווירטשאַפט. אנטשטייט נאָך דער נאַטוראַלער ווירטשאַפט, ווען אדאַנק דער פאַרבעסערונג פון דער טעכניק, דער אַרבעט־צעטיילונג און דעם וואַקסן פון דער פּראָדוקטיוויקייט זאַמלען־זיך אָן פּראָדוקטן־מותרות. דיזעלביקע אָנזאַמלונג פון פּראָדוקטן ביי די שכנישע געמיינדעס (למשל: ערד־אַרבעטנדיקע, פּיציכטיקע) ברענגט צו א נישט־מיטלבאַרן אויסטויש צווישן זיי. ווען אין דער געמיינדע קומט־אויף פּריוואַט־אייגנטום און זי ווערט צעטיילט אויף קלאַסן, קומט־אויף דער אויסטויש סיי אינעווייניק אין דער געגעבענער געזעלשאַפטלעכער גרופּע גופא (געמיינדע, שבט, פאָלק) און סיי אויסער איר — מיט אַנדערע ווייטע גרופּעס — אויפן טויש־מאַרק. דערדאָזיקער אויסטויש ברענגט צום געלט־האַנדל.

**טיורקן** — די פעלקער, וואָס רעדן אויף טיורקיש (אוראַל־אַלטאַישער שפּראַך־צווייג). צו טיורקן געהערן: טאָטערן, טורקמענער, טערק: א. א. וו. אויף טיורקיש רעדן אויך די פינער, אונגאַרן, יאַקוטן, קירגיזן א. א. וו.

**טיילער, אוואָט** — א בעל־מלאכה־אָנפירער פונם פּויערים־אויפשטאַנד אין ענגלאַנד אין XIV־טן י“ה; מיט א 100.000 פּויערים־אַרמיי, אין וועלכער עס זענען געווען א סך וועבער, איז ער צוגעגאַנגען צו לאָנדאָן און געצוואונגען דעם קעניג ריטשאַרד באַפרייען די פּויערים פון דער פעאָדאַלער פּאַנשטשינע, וואָס די לאַנד־לאָרדן האָבן געוואָלט איבערנייס איינפירן אין ענגלאַנד. ריטשאַרדס ריטער האָבן פאַררעטעריש דערהרגעט טיילערן און דערשטיקט די באַוועגונג. אָבער אויפשטעלן נאָכאַמאָל דאָס לייב־אייגנטום האָט זיך זיי דאָך נישט איינגעגעבן.

**טייפּונגען** (כ.) — פּויערים־אָרגאַניזאַציע אין כינע אין פאַריקן יאָרהונדערט.

טייפּונגען־אויפשטאַנד (1850—1864): די גרעסטע פאָלקס־

באַוועגונג אין כינע פאַר דער צייט, וואָס די מאַנדזשורישע דינאַסטיע האָט דאָרט געהערשט. דער דאָזיקער פּויערים=אויפשטאַנד איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערע מאַסן=באַוועגונג, וואָס איז פאָרמעל געווענדעט געווען קעגן דער מאַנדזשורישער דינאַסטיע, פאַקטיש אָבער — קעגן די עקספּלואַטירנדיקע קלאַסן. די אויפשטייענדיקע האָבן פאַרכאַפּט אַ באַדייטנדיקן טייל מיטל=כינע מיט אַ באַפעלקערונג פון 50 מיליאָן. זיי האָבן אויך פאַרכאַפּט די שטאָט נאַנקין און זי דערקלערט פאַר זייער הויפּטשטאָט. די רעגירונג פון די אויפשטייענדיקע האָט ליקווידירט דעם גרויסן ערד=באַזיץ, האָט איינגעשטעלט אַן אַלגעמיינע אַרבעט=פליכט, די גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלעמען פאַרן געזעץ א. א. וו. דער כינעזישער קיסר האָט גערופן צו הילף די ענגלענדער און אַנדערע פרעמדע מיליטער=טיילן, וועלכע האָבן דערטרונקען דעם אויפשטאַנד אין טייכן בלוט. אין לאַנד איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ שרעקלעכער טעראָר. פאַר די 15 יאָר פון דעם אויפשטאַנד זענען אומגעקומען 20 מיליאָן מענטשן. דאָס לאַנד איז שרעקלעך פאַרוויסט... 

## טיפּן פון פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג

— דער בוי פון פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין פאַרשידענע לענדער איז נישט קיין אַלצייגער. מען קאָן אויסטיילן פיר גרונט=טיפּן אין דער פּראָפ. באַוועגונג: טרעד=יוניאָנען (אויפגעקומען אין ענגלאַנד), געווערקשאַפטן (דייטשלאַנד), סינדיקאַטן (פראַנקרייך) און פּראָדוציר=פאַריינען (פּ. ס. ר. ר.). (דעם פּרינציפּ פון פּראָדוציר=פאַריינען האָט צום ערשטן מאָל אַרויסגערוקט דער אַמעריקאַנער דע=ליאָן נאָך אין 1904). די פּראָפ. פאַריינען אין די איבעריקע לענדער שטייען=צו לויט זייער בוי צו דעם אָדער אַנדערן פון די פיר טיפּן. די דאָזיקע טיפּן האָבן זיך אויסגעבילדעט פאַר דער מלחמה. נאָך דער מלחמה ווערט ביסלעכווייז דער אונטערשייד צווישן די פיר טיפּן פּראָפ. פאַריינען פאַרטושט און זיי ווערן מער=וועניקער ברייטע פּראָפעסיאָנעלע און פּראָדוציר=פאַריינען. איצט טיילט מען די פּראָפ. פאַריינען אין אַלגעמיינעם און אינגאַנצן שוין נישט לויט זייער אָרגאַניזאַציאָנעלער בוי=פאָרם, נאָר אויף פּראָפּ. פאַריינען פון קלאַסן=מיטאַרבעטשאַפט—רעפאָרמיסטישע, און אויף פּראָפ. פאַריינען רעוואָלוציאָנערע, וואָס זענען פאַר אַ האַרטן קלאַסן=קאַמף.

**טעאָריע פון ארבעטס־ווערט** — די מאַרקסיסטישע לערע וועגן פּראָדוקט־ווערט. לויט דערדאָזיקער טעאָריע ווערט דער ווערט פון יעדער זאַך אָפּגעשאַצט לויטן סכום געזעלשאַפטלעך־נייטיקע ארבעט, וואָס איז אַוועקגעגאַנגען אויף פּראָדוצירן זי. א ווערט האָבן נאָר די זאַכן, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן דורך דער מענטשלעכער ארבעט; אַלע יענע זאַכן אָבער, וואָס זענען פאַראַן גרייטע אין דער נאַטור און מיט וועלכע מען באַנוצט זיך אָן שום טרחה (לופט, ליכט), האָבן קיין שום ווערט נישט. די גרויס פונם ווערט פון יעדן פּראָדוקט באַזונדער ווערט אָפּגעשאַצט מיטן דורכשניטליכן נויטיקן סכום צייט, וואָס איז אוועקגעגאַנגען אויף פּראָדוצירן ביי דעם געגעבענעם טעכנישן צושטאַנד.

**טעאָריע פון דערקענטעניש (גנאָסעאָלאָגיע)** — א וויכטיקער טייל פון דער פילאָזאָפיע, פאָרשט־אויס די פאָרמעס און באַדינגונגען פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש (באַנעמען), שטעלט דעם מענטש אַלס סוביעקט (וואָס באַנעמט די זאַך) קעגן דעם אָביעקט (די זאַך, וואָס ווערט באַנומען). די מאַרקסיסטישע דערקענטעניש־טעאָריע שטעלט די דערקענטעניש־ (באַנעמ־) פּראָצעסן אין ענגער פאַרבינדונג מיט דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער ארבעט. דערמיט ווערט שוין ממילא געלעזט די פראַגע וועגן די גרענעצן פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש, וועגן סוביעקט און אָביעקט. דידאָזיקע גרענעצן ווערן איינגעשטעלט מיט די פּראָדוציר־כּוחות, מיט דער מאָס פון דער מענטשלעכער הערשאַפט איבער דער נאַטור אין יעדער תּקופֿה. וואָס מער עס וואַקסט די ממשלה פונם מענטשן איבער דער נאַטור — אַלץ ברייטער ווערן די גרענעצן פון זיין דערקענטעניש. פונדאַנען נעמט זיך די פילאָזאָפיע פונם מאַרקסיזם וועגן דערקענטליכעס און אומדערקענטלעכעס. דאָס אומדערקענטלעכעס לייקנט־אָפּ דער מאַרקסיזם. ער האַלט, אַז אַלץ איז מעגלעך צו דערקענען; נישט מער — דאָס, וואָס איז היינט „אומדערקענטלעך“, וועט עס מיט־דער־צייט ווערן דערקענטלעך. פאַרקערט, די אידעאַליסטישע פילאָזאָפיע האַלט פּרינציפּיעל, אַז ס'איז פאַראַן „אומדערקענטלעכעס“ און אַז מיר קאָנען בכלל נישט דערקענען (באַנעמען) דעם מהות פון די זאַכן.

**טעאָריע פון פאַראָרעמטקייט** (פּויפּעריזם) — איינע פון די גרונט־הנחות פון דעם מאַרקסיזם, וואָס באַהויפּטעט, אַז דער

תהום, וואָס טיילט־אָפּ די בורזשואַזיע פונם פּראָלעטאַריאַט, ווערט אַלץ גרעסער, און אז די געוויינטלעכע באַגלייטער פונם קאַפּיטאַליזם — די פּראָלעטאַריזאַציע פון דער באַפעלקערונג, קריזיסן, אַרבעטסלאָזיקייט, דער וווּקס פון דער רעזערווער אינדוסטריעלער אַרמיי — ברענגען צו אַן אַבסאָלוטער (פולשטענדיקער) פאַראָרעמטקייט פון די מאַסן.

**טעכניק** (גר.) — דער סכום פון די פּראָדוציר־מיטלען און אופנים, וואָס דער מענטש ווענדעט אָן אין זיין ווירטשאַפט־טעטיקייט און אין זיין קאַמף מיט דער נאַטור; 2) דער סכום כּללים און אַרבעט־מאַנערן אין אַ וואָסער־ניט־איז קונסט, פּראָדוקציע אָדער מלאכה; 3) דאָס קענען זיך־באַגיין מיט מכשירים, מיט אַפּאַראַטן. די טעכניק אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט צייכנט זיך אויס: א) מיט דער הויכער אַנטוויקלונג פון מאַשין־אַרבעט סיי אין דער אינדוסטריע, סיי אין דער לאַנדווירטשאַפט; ב) מיט דער אומגעוויינלעך הויכער אַרבעט־צעטיילונג; ג) מיט דעם ברייט־באַנוצן זיך מיט דאַמף און עלעקטריע; ד) מיט דער גוואַלדיקער אַנטוויקלונג פון די פאַרקער־ און פאַרבינד־מיטלען.

**טעקסטיל** (ל.) — געוועב, וועבעריי, שפּינעריי.

**טעקסטיל־אינדוסטריע** — וועבגעווערב, שפּינעריי, וועבעריי, איינער פון די וויכטיקסטע צווייגן פון פאָלקס־ווירטשאַפט, וואָס באַאַרבעט פעדימדיקע שטאָפן. צו דער דאָזיקער אינדוסטריע געהערן די אויסאַרבעטונגען פון באַוול, וואָל, זייד, לייוונט, פלאַקס. אין פוילן איז די טעקסטיל־אינדוסטריע שטאַרק אַנטוויקלט אין לאָדז.

**טראַוגוט ר.** (1864—1826):

פוילישער פרייהייטס־קעמפער, אינזשיניער, אָפיציר פון רוסיש׳ מיליטער. בעתן אויפשטאַנד פון 1863 שטעלט זיך ט. בראש פון אויפשטאַנד. אַלס דער סוחר מיכאַל טשאַרנעצקי פון לעמבערג, וווינט ט. אין וואַרשע אויף סאָלנע גאַס און פירט־אָן מיטן גאַנצן אויפשטאַנד. ענדלעך האָט די רוסישע פּאָליציי אויסגעשפּירט זיין באַהעלטעניש, ער ווערט אַרעסטירט און צוזאַמען מיט נאָך פיר אָנפירער פון אויפשטאַנד ווערט ט. אויפגעהאָנגען אין ציטאַדעל אין י. 1864. יערלעך באַזוכן דעם עקזעקוציע־פּלאַץ טויזנטער מענטשן, וועלכע באַערן דעם אָנדענק פון די פרייהייטס־קעמפער. דאָס באַפרייטע פוילן האָט פאַרעביקט ט. אָנדענקונג דערמיט, וואָס

מיט זיין נאמען ווערן אנגערופן א סך גאסן, עפנטלעכע פלעצער א. א. וו.

**טשעמבערליין א.** (געב. 1863)—לארד, ענגלישער פאליטיקער, קאנסערוואטאר, דעפוטאט פון 1892, פינאנץ-קאנצלער (1903—1905 און 1919—1921), אויסערן-מיניסטער פון 1924. פרעמיער (1925—1928).

**טשערטשיל ר.** (געבויר. 1864)—אדוואקאט, ענגלישער פאליטיקער, לארד, קאנסערוואטאר, דעפוטאט פון 1906, מיטגליד פון דער קאאליציע-רעגירונג (1915—1916), מיניסטער פון דער בלאקאדע (1916—1918), קעגנער פון לאיד-דשארדזשס פאליטיק. טש. איז אן אנהענגער פון פעלקער-ליגע.

## י

**יאנג-פלאן** — נאך לאנגע אונטערהאנדלונגען, וועלכע זענען פארגעקומען אין פאריז (1929) צווישן דייטשלאנד, אמעריקע און פראנקרייך, איז באשלאסן געווארן א נייער פלאן פון רעפעראציעס, וועלכער טראגט דעם נאמען יאנג-פלאן. דער אלטער דיווים-פלאן (זע) וועט גילטן נאר ביז סעפטעמבער 1929. פון סעפטעמבער אן וועט דייטשלאנד צאלן לויטן נייעם יאנג-פלאן, און נעמלעך: 36 יאר צו צוויי מיליארד מיט 50 מיליאן מארק א יאר. עס זענען נאך פאראן גענוג שטרייט-ענינים; בפרט זענען זיי נוגע דעם אופן פון אויסצאלן די-דאזיקע סומעס. אין צוזאמענהאנג מיטן יאנג-פלאן מוז אין דער נאנטסטער צייט פארקומען די עוואקואירונג פונם פראנצויזישן און ענגלישן מיליטער פון ריין-געביט.

**יאפע א.** (1883—1926) — זשורנאליסט, רוסישער קאמוניסט, מיטגליד פון דער שלום-דעלעגאציע אין בריסק (1918), סאוויעטישער אמבאסאדאר אין בערלין (1919—1920), פארזיצער פון דער שלום-דעלעגאציע אין ריגע (1920), אמבאסאדאר אין ווין פון 1924.

**יודעא-פאלאניא** — דער

לאָזונג פון די אַנטיסעמיטישע פּאַרטייען, וועלכע באַצייכענען מיט י.־פּ. די פּלומרשטע יידישע שטרעבונגען אין פּוילן צו פאַרכאַפּן די מאַכט אין פּוילן און פאַרשקלאַפן די פּאָליאַקן.

**יעלינעק י.** (געב. 1851) — פּראָפעסאָר, דייטשער יוריסט, איינער פון די בעסטע יוריסטן פון דער לעצטער צייט, באַזונדער אויפן מלוכה־געביט. זיינע ווערק: „וועגן בירגער און זיינע רעכט“, „אַלגעמיינע מלוכה־לערע“, „געזעץ און פאַראָרדנונג“ און אַ סך אַנדערע.

## כ

**כאָמיאַקאָוו מ.** (1850—1925) — רוסישער פּאָליטיקער, דעפּוטאַט פון דער ערשטער דומע (1906), אָקטיאַבריסט, פאָרזיצער פון דער דריטער דומע אין י. 1910.

## ל

**לאַבאָריזאַציע** (לאַט.) — דאָס אַריינציען נישט־אַרבעטנדיקע שיכטן אין דער פּראָדוקציע אַריין.

**לאָיד־דזשאָרדזש** (געב. 1863) — אַדוואָקאַט, ענגלישער פּאָליטיקער, ליבעראַל, דעפּוטאַט פון 1890. זייענדיק פינאַנץ־מיניסטער, פירט־איין ל. ד. די געזעלשאַפטלעכע פאַרזיכערונגען. פּרעמיער (1916—1922). ל. ד. איז אַן אָנהענגער פון קאָמפּראָמיסן אין פּאָליטיק.

**לאָק, י.** (1632—1704) — ענגלישער פילאָזאָף, איינער פון די באַדייטנדסטע רעפּרעזענטאַנטן פון פּאָליטישן ליבעראַליזם. זיין הויפּט־ווערק איז „צוויי טראַקטאַטן וועגן רעגירונג“.

**לאָקאַרנאָ** — אַ קליין שטעטל אין דער שווייץ, אין וועלכן ס'איז געשלאָסן געוואָרן (1925) דער שלום־אָפּמאַך צווישן דייטשלאַנד, פראַנקרייך, ענגלאַנד און בעלגיע.

**לודענדאָרף, ע.** (געב. יר. 1865) — פרייסישער גענעראל, הויפט-קוואַטירמייסטער און ראַטגעבער פון הינדענבורגן. אין י. 1918 דעמיסיאָנירט ל., זייענדיק אַן אָנהענגער פון ווייטערדיקן פירן די מלחמה. אָנפירער פון די עקסטרעמע נאַציאָנאַליסטן. פאַרן אָנטייל אין מינכענער „פוטש" ווערט ל. צוגעצויגן צו געריכטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און ווערט באַפרייט.

**לוין-אַרבעטער** — פּראָלעטאַריער, וואָס פאַרקויפן זייער אַרבעט, ווי אַ סחורה, פאַר אַ באַשטימטן פרייז (לוין). דער כאַראַקטעריסטישער סימן פון אַ לוין-אַרבעטער איז, וואָס ער פאַרמאָגט נישט קיין שום פּראָדוציר-מיטלען און וואָס איבער דעם איז ער געצוווּנגען צו פאַרקויפן זיין איינציק פאַרמעגן — די „אַרבעטס-הענט" — צו דעם, וואָס פאַרמאָגט די פּראָדוציר-מיטלען.

**לוינקעטניקערײ** (פון וואָרט „לוין" — פרייז און „קעטע" — „אָסנאָווע")— אין פוילן אַ מין הויזאינדוסטריע, וואָס איז באַשטאַנען אין אַרבעטן אויף האַנט-שטולן אין קליינע ווערקשטאַטן, ווו די הויפּטראָלע האָבן געשפּילט די פאַרמיטלערס, וואָס פלעגן אָננעמען באַשטעלונגען ביי די גרויסע פאַבריקאַנטן און זיי פאַרטיילן צווישן די לוינקעטניקערס, אַזוי אַז די עקספּלואַטאַציע איז געווען אַ צווייענדיקע. די לוינקעטניקערס האָבן געדינט פאַר אַ שאַרף געווער אין די הענט פון די פאַבריקאַנטן קעגן זייערע פאַבריק-אַרבעטער, און דערפאַר פלעגט די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט פירן אַ שווערן קאַמף מיט דער לוינקעטניקערײ.

**ליאָנער אויפשטאַנד** — דער אויפשטאַנד פון די זייד-וועבער אין פראַנקרייך אין י. 1831, איינער פון די ערשטע באַוואָפנטע אַרויסטרעטונגען פון מאָדערנעם פּראָלעטאַריאַט. דעם אויפשטאַנד האָט אַרויסגערופן די שרעקלעכע עקספּלואַטאַציע מצד די פאַבריקאַנטן. אין קאַמף צווישן די אַרבעטער מיט די פאַבריקאַנטן האָט זיך אַריינגעמישט די רעגירונג, וועלכע האָט געשיקט די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע, כדי אונטערצודריקן דעם אַרבעטער-שטרייק.

**ליבערטאַנער קאָמוניזם** — אַזוי רופט זיך אין שפּאַניע, פּאָרטוגאַליע און לאַטייניש אַמעריקע דער אַנאַרכאָ-קאָמוניזם, אַ דאָקטרינע, וואָס אַ צאָל פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין דידאָזיקע לענדער האַלטן זיך ביי איר.

**ליגע צו קעמפן קעגן אימפעריאַליזם און**

**קעגן דער קאָלאָניאַלער אונטערדריקונג** — אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דעם 15 פעברואַר 1927 אויפן אַנטי־אימפּעריאַליסטישן קאָנגרעס אין בריסל. דער צוועק אירער איז צו פאַרייניקן די נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פון די אונטערגעדריקטע קאָלאָניאַלע לענדער צו קעמפן אינאיינעם קעגן דעם אימפּעריאַליזם.

**לימאַנאָווסקי ב.** (געב. 1835) — היסטאָריקער, סאָציאָלאָג, פוילישער פּאָליטיקער, סאָציאַליסט (פּ. פּ. ס.), ל. האָט גענומען אַן אָנטייל אין אויפשטאַנד פון י. 1863 און האָט געהערט צום ווילנער רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט און דערפאַר איז ער פאַרשיקט געוואָרן אין טיף־רוסלאַנד. אין י. 1892 איז ל. געווען פאָרזיצער פון צוזאַמענפאָר אין פּאַריז, ווו ס'איז געגרינדעט געוואָרן די פּ. פּ. ס., סענאַטאָר פון י. 1922. זיינע ווערק: „פּאַטריאָטיזם און סאָציאַליזם", „די היסטאָריע פון די אויפשטאַנדן פונם פוילישן פאָלק", „די געשיכטע פון דער פוילישער דעמאָקראַטיע", „סאָציאָלאָגיע" א. אַ.

**לינטש** (ע.) — דער ביז היינטיקן טאָג עקזיסטירנדער ברוטאַלער מנהג צווישן המון אין אַמעריקע צו דערמאָרדן (לינטשן) אַ פאַרברעכער אָן אַ פּסק־דין פון געריכט.

# מ

**מאַגנאַ כאַרטיע ליבערטאַטום** — די גרויסע קאַרטע הענגן פרייהייט, דער יסוד פון דער ענגלישער קאָנסטיטוציע, וואָס זיכערט די פּערזענליכע פרייהייט. געגעבן געוואָרן פון קעניג יאָהאַן אין יאָר 1215.

**מאָפּר** — צווישנפעלקערלעכע אָרגאַניזאַציע צו העלפן די קעמפער פון דער רעוואָלוציע. געשאַפן געוואָרן אין נאָוועמבער 1922, ווען עס האָט זיך פאַרשטאַרקט די צווישנפעלקערלעכע רעאַקציע, ווען דער פאַשיזם האָט שטאַרק אויפגעהויבן דעם קאָפּ און דער ווייסער טעראָר האָט זיך צעווילדעוועט אין פיל לענדער. געגרינדעט האָט זיך דיזאָזיקע הילפס־אָרגאַניזאַציע מיט דער איניציאַטיוו פון דער געזעל־

שאַפט „אַלטע באָלשעוויקעס" און דער געזעלשאַפט „געוועזענע פאַרשיקטע און פּאָליטישע קאַטאָרזשאַנעס". סעקציעס (אין יאָר 1925 זענען געווען 34 סעקציעס) פון „מאָפּר" זענען פאַראַן כמעט אין אַלע לענדער פון גאַנץ אייראָפּע און אַמעריקע. אַ סך סעקציעס אַרבעטן אומלעגאַל. די סעקציעס האָבן אַן אויפגאַבע צו שאַפן הילף און שטיצע, מאַטעריעלע און מאָראַלישע, פאַר די קעמפער, וואָס ווערן געפייניקט אין טורמעס. דער טאָג פון דער פּאַריזער קאָמונע איז דערקלערט געוואָרן פאַרן טאָג פון „מאָפּר".

**מיונצער, טאָמאַס** (1489—1525) — אַ דייטשישער גלח אין דער צייט פון דער רעפאָרמאַציע, האָט זיך אַריינגעצויגן און דער רעליגיעז־קאָמוניסטישער באַוועגונג פון די בערג־אַרבעטער און וועבער אין צוויקאַו, איז געוואָרן אַ גלענצנדער פּרעדיקער פון דערדאָזיקער אידייע און אַ פירער פון דער פויערים־באַוועגונג אין דייטשלאַנד אין די יאָרן 1524—1525, האָט געפאָדערט איבערצובויען די קירך און מלוכה אויף קאָמוניסטישע יסודות. אין י. 1524 איז אונטער זיין אָנפירונג פאָרגעקומען אַן איבערקערעניש אין מילהויזן, מען האָט אויסגעקליבן אַן „אייביקן גייסטליכן" מאַגיסטראַט פון אָרעמע און פון פויערים, איינגעשטעלט אַלגעמיין אייגנטום, אָפּגענומען די ערד ביי די מאָנאַסטירן און פּריצים. אינגיכן זענען צו דער שטאָטישער קאָמוניסטישער באַוועגונג צוגעשטאַנען די פויערים פון מיטל־דייטשלאַנד און האָבן אויפגעהויבן אַן אויפשטאַנד קעגן די פעאָדאַלן. אין 1525 י. איז דער אויפשטאַנד דערשטיקט געוואָרן, מיונצערן האָט מען געכאַפּט, שרעקלעך געפייניקט און געקעפּט.

**מיטלויפער** — 1) אין אַמעריקע: אומפּאַרטייאישע, וואָס גייען נאָך אַ פּאַרטיי ביי וואַלן. 2) אין דער דייטשישער ס"ד: קליינבירגערלעכע אינטעליגענטישע עלעמענטן, וואָס פלעגן צושטיין צו דער פּאַרטיי אין געוויסע שאַרפע מאָמענטן פון פּאָליטישן לעבן (למשל בעת וואַלן).

**מינדערהייטס־טראַקטאַט** — דער מ.־ט. איז געשלאָסן געוואָרן צווישן דער קאָאַליציע און פאַרשידענע קלענערע מלוכות (1919). אינם מ.־ט. האָט זיך יעדע מלוכה מתחייב געווען צו פאַרזיכערן די מינדערהייטס־רעכט פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס וווינען אויף זייערע טעריטאָריעס.

**מעדיאַציע** — אויף דער

שפּראַך פון דער דיפּלאָמאַטיע: פאַר־מיטלעריי פון איינעם אָדער עטלעכע מלוכות אין אַ קאָנפליקט, וואָס קומט־פאָר צווישן אַנדערע מלוכות, כדי נישט דערלאָזן צו אַ מלחמה; אָדער, אויב די מלחמה האָט זיך שוין אָנגעהויבן, מיטצוהעלפן זי גיכער ליקווידירן. דער סטאַטוט פון דער פעלקער־ליגע האָט אַ פונקט פון אַזאַ מין פאַרמיטלעריי מצד דער פעלקער־ליגע אויף איינצורע־גולירן די סכסוכים צווישן אירע מיטגלידער.

**מערווערט** — אַ טייל פונם סחורה־ווערט, וואָס באַקומט זיך פונם ארבעטער־ס נישט־אָפּגעצאָלטער ארבעט און וואָס דער קאַפּיטאַליסט נעמט־צו פאַר זיך אומזיסט.

**משכּילים** (העב.) — די פּיאָנערן און טרעגער פון דער אויפקלער־באַוועגונג ביי יידן אין דייטשלאַנד און דערהויפּט אין מזרח־איראָפּע אין די 18—19־טע יאָרהונדערטן. די משכּילים זענען געווען די אידעאָלאָגן און פאַר־קעמפער פאַר בילדונג און פרייהייט.

## נ

**נאַטור־לוין** — דאָס באַלוינען אַן ארבעט מיט נאַטור, ד. ה. מיט זאַכן, געברויך־פּראָדוקטן, קוואַרטיר א. ד. גל. אַזאַ מין באַלוינען די ארבעט גיט אַ מעגלעכקייט די קאַפּיטאַליסטן צו עקס־פּלואַטירן דעם ארבעטער נישט בלויז ווי אַ פּראָדוצירער, נאָר אויך ווי אַ געברויכער. אין אייניקע לענדער איז נ.־ל. פאַרווערט.

**נאַכט־ארבעט** — די ארבעט, וואָס מען טוט אין די אונטערנע־מונגען און אַנשטאַלטן פון 10 אָוונט ביז 5 אינדערפרי. נאַכט־ארבעט איז זייער שעדלעך פאַרן געזונט פונם ארבעטער, באַזונדערס פאַר די שוואַכערע, דערהויפּט פאַר פרויען און קינדער.

**נאָרמע פון ארבעט** — די באַשטימטע מינימאַלע מאָס ארבעט, וואָס לויטן ארבעטס־אָפּמאַך דאַרף דער ארבעטער אָדער אָנגעשטעלטער טון אין אַ געוויסער צייט (שעה, טאָג, וואָך).

**נאָמינאַלער ארבעטס־לוין** — אַן ארבעטס־לוין, וואָס

די אַרבעטער באַקומען מיט מזומן געלט, וואָס איז אין גאַנג אין דער און אין דער צייט, אין דעם און אין דעם לאַנד, אומאָפּהענגיק פֿין דער קויף־פֿעיקייט פֿון דעמדאָזיקן געלט. בײַם אַלץ־וואַקסנדיקן יקרות — לאָטש עס פֿאַרגרעסערט זיך געווײנלעך דער נאָמינאַלער אַרבעטס־לוין, ווערט דאָך די מאַטעריעלע לאַגע פֿונם אַרבעטער אַלץ ערגער. אויב דער נאָמינאַלער אַרבעטס־לוין איז אין משך פֿון אַ באַשטימטער צייט געוואָרן פֿאַרדאָפּלט און דאָס לעבן איז געוואָרן טײַערער אויף פֿיר מאָל אַזויפֿיל, האָט זיך די קויף־פֿעיקייט פֿונם אַרבעטס־לוין פֿאַקטיש פֿאַרקלענערט אויף צוויי מאָל אַזויפֿיל. אינם לעצטן פּעריאָד איז דער נאָמינאַלער אַרבעטס־לוין כּמעט אין אַלע לענדער געוואָרן גרעסער; אָבער מחמת דעם, וואָס דער יקרות וואַקסט, האָט זיך די לאַגע פֿון די אַרבעטער פֿאַרערגערט — דער רעאַלער אַרבעטס־לוין איז געוואָרן קלענער.

**נאַציאָנאַליטעטן־שטאַט:** אַזוי רופֿט מען אַ מלוכה, וואָס באַשטייט פֿון עטלעכע נאַציעס.

**נאַציאָנאַלע באַוועגונג־** דאָס איז די באַוועגונג פֿון אונטערדריקטע פֿעלקער פֿאַר זייער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער באַפֿרייונג. באַזונדערס אַ ברייטן און טיפֿן פֿאַרנעם באַקומט די דאָזיקע באַוועגונג מיטן אויפֿקום און מיטן וווּקס פֿונם קאַפּיטאַליזם. אינם פּראָצעס פֿון זײַן אַנטוויקלונג ברענגט דער קאַפּיטאַליזם צו דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער קאָנסאָלידאַציע פֿון די צעברעקלטע פֿעלקער, פֿאַרשטאַרקט אין אַ הויכער מאָס זייער ווידערשטאַנדקראַפֿט און זייער אַקטיוויטעט צו זעלבסטבאַשטימען זיך אַלס אַ מלוכיש־אומאָפּהענגיקע נאַציע. באַזונדערס ווערט שטאַרק די דאָזיקע אַקטיוויקייט אַדאַנק דעם אינעווייניקסטן קלאַסן־קאַמף, וואָס דער קאַפּיטאַליזם רופֿט אַרויס אין דער אונטערדריקטער נאַציע גופֿא און וואָס מאַכט די נאַציאָנאַלע באַפֿרייונג אַלס אַ פֿאָרבאַדינג צו איר סאָציאַלער באַפֿרייונג.

**נאַציאָנאַלע מינדערהייט** — דער טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג אויף אַ באַשטימטער טעריטאָריע (שטאַט, געגנט, לאַנד), וואָס באַשטייט פֿון אַן אַנדער נאַציאָנאַליטעט ווי די הויפּט־באַפֿעלקערונג און איז צווישן איר אַ

מינדערהייט. אין אַלע בורזשואַזע לענדער ווערן דידאָזיקע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן געקריוודעט פון דער נאַציאָנאַלער מערהייט, פון דער הערשנדיקער נאַציע אין דער מלוכה.

**נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, אָדער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג**—אַזוי רופט מען די צייטווייליקע בעזעצגעבערישע פאַרזאַמלונגען, וואָס קומען געוויינלעך פאָר אין דער עפּאָכע פון בורזשואַזע רעוואָלוציעס און שטעלן איין אַ נייעם (בורזשואַזן) סדר אין לאַנד. למשל: די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג אין דער צייט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע א. ד. גל.

**נימער שול** — אַ ריכטונג, וואָס הערשט אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אין פראַנקרייך. די טעאָרעטיקער פון דערדאָזיקער ריכטונג זענען נימע און שאַרל זשיד. דידאָזיקע שול לייקנט אָפּ דעם קלאַסן־קאַמף, ווייל זי האַלט, אַז דער יסוד פונם עקאָנאָמישן לעבן איז נישט די פּראָדוקציע, נאָר דער געברויך; און אַזוי ווי געברויכער זענען אַלע מענטשן, זענען דעריבער אַלע קלאַסן פאַראינטערעסירט אין אַ ריכטיקער אָרגאַניזאַציע פונם געברויך. פונדאַנען מאַכט זי די מסקנא, אַז מען דאַרף נישט פירן קיין שום קאַמף פאַרן סאָציאַליזם, ווייל די גאַנצע סאָציאַלע פראַגע ווערט כלומרשט פאַרענטפערט מיט דער אַנטוויקלונג פון דער געברויך־קאָאָפּעראַציע.

# ס

**סאַנאַציע** (ל.) — 1) געזונטמאַכן. למשל: סאַנירן דאָס פּאָליטישע לעבן, די פינאַנץ־ווירטשאַפט א. א. וו.

2) „סאַנאַציע"—אַ פּאָליטישע ריכטונג, וואָס איז אַנטשטאַנען אין פּוילן נאָך דער מלוכה־איבערקערעניש פון מאַרשאַל פּילסודסקי

און שטיצט זייַנע פּאָליטישע לאָזונגען. די „סאַנאַציע" איז אַרויסגעטרעטן מיט דעם לאָזונג צו סאַנירן דאָס פּוילישע מלוכה־לעבן און ענדערן די קאָנסטיטוציע אין דעם זין, אַז דער מלוכה־פּרעזידענט זאָל באַקומען אַ ברייטערע מאַכט, כּדי צו באַגרענעצן די קאָמפּעטענץ פון די געזעצגעבערישע אַנשטאַלטן. בשעת די וואַלן צום סיים און סענאַט אין י. 1927 האָט די „סאַנאַציע" באַקומען אַ גרויסע צאָל מאַנדאַטן און איז געוואָרן אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין פּאָליטישן לעבן פון פּוילן. היינט צו טאָג ציילט דער „סאַנאַציע"־קלוב אין סיים 125 דעפּוטאַטן; פּאָרזיצער איז דעפּ. פּולקאָווניק וו. סלאַוועק. האָבנדיק אַ באַדייטנדיקע צאָל דעפּוטאַטן אין סיים און אַ מערהייט אין סענאַט און וועלנדיק אויסנוצן דאָס געזעץ, וואָס גיט דעם דריטן סיים די מעגלעכקייט צו רעווידירן די קאָנסטיטוציע מיט אַ געוויינלעכער מערהייט שטימען, איז די „סאַנאַציע" אַרויסגעטרעטן מיט אַ פאָרשלאָג צו ענדערן די קאָנסטיטוציע לויט איר פּאָליטישן פּראָגראַם.

**סאַן־רעמאָער אויסגלייך** — דער אויסגלייך צווישן דער אַנטאַנט אויף דער קאָנפערענץ אין סאַן־רעמאָ דעם 18—26־טן אַפּריל 1920 וועגן דער פראַגע, ווי־אַזוי איינצוטיילן צווישן זיך די אַזיאַטישע טערקיי. לויטן אָפּמאַך איז סיריע און קיליקיע אַריין אין דער פראַנצויזישער זאָנע, און מעסאָפּאָטאַמיע — אין דער ענגלישער.

**סחורה** (ה.) — אַ פּראָדוקט פון מענטשלעכער אַרבעט, וואָס ווערט פּראָדוצירט נישט פאַרן אייגענעם געברויך פונם פּראָדוצירער, נאָר כּדי אומגעביטן צו ווערן אויף אַנדערע פּראָדוקטן. סחורה רופט זיך די זאַך אָן די גאַנצע צייט פונם אומבייט־פּראָצעס, ביז זי דערגרייכט צו דעם געברויכער. סחורה איז די עלעמענטאַרסטע פאָרם פון רייכטום פון די געזעלשאַפטן, אין וועלכע עס הערשט דער קאַפּיטאַליסטישער אופן פון פּראָדוקציע.

**סחורה־אומזאַץ** — די גאַנצע סומע סחורות, וואָס זענען אין האַנדל־פאַרקער, ד. ה. געקויפטע און פאַרקויפטע אין אַ באַשטימטער צייט.

**סחורה־פעטישיזם** — דאָס צושרייבן די סחורות (מצד געוויסע עקאָנאָמיסטן, וואָס האַלטן די סחורה־פאָרמעס פאַר אייביקע און אומפאַרענדערלעכע) אַזעלכע אייגנשאַפטן, וואָס די סחורות פאַרמאָגן

ויי גאָר נישט. אין דער פאָרשטעלונג
פון דידאָזיקע עקאָנאָמיסטן פאַר־
מאָגן די סחורות אַזאַ אינעווייניק־
סטע קראַפט, וואָס שטויסט זיי אויף
אומגעביטן צו ווערן און מאַכט זיי
מסוגל, אַז דער אומבייט זאָל פאָר־
קומען אין באַשטימטע פּראָפּאָר־
ציעס. אַזאַ מין אויפנעמען רופט
מאַרקסאָן „סחורה־פעטישיזם“ (געצנ־
דינעריי), ד. ה. מאַרקס פאַרגלייכט
דאָס צושרייבן דער סחורה די אויבנ־
דערמאָנטע אייגנשאַפטן — מיט
געצנדינעריי (דער געץ, דאָס שטיק
האָלץ, באַקומט ביים געצנדינער אין
די אויגן אַזעלכע אייגנשאַפטן, וואָס
ער פאַרמאָגט בכלל נישט). וואָרום
אין דער אמתן האָבן די סחורות אַ
חערט נישט ווייל אין זיי ליגט
עפּעס אַ פאַרבאָרגענע קראַפט אומ־
געביטן צו ווערן, נאָר ווייל זיי זע־
נען געמאַכט געוואָרן מיט מענטש־
לעכע הענט און ווייל אין זיי איז
אַריינגעלייגט געוואָרן מענטשלעכע
מי, און דעריבער ווערט באַ־
שטימט זייער „ווערט“ מיט דעם
סכום אַרבעט, וואָס איז אַוועק־
געגאַנגען אויף פּראָדוצירן זיי.

**סינכראָניזם** (ג.) — איינציי־
טיקייט, דאָס צונויפפאַלן פון פאַר־
שידענע היסטאָרישע געשעענישן
אין איין צייט.

**סינכראָניסטישער מעטאָד** — אַ מיטל צו דער־
קלערן די געשיכטע אין אַזאַ
סדר, אַז די געשעענישן אין
איין מלוכה זאָלן באַטראַכט
ווערן אין פאַרבינדונג מיט איינציי־
טיקע געשעענישן אין אַלע אַנדע־
רע מלוכות.

**סינכראָניסטישע טאַבעלעס** — טאַבעלעס, וואָס
ווייזן אָן אויף דער איינצייטיקייט
פון געשעענישן, וואָס זענען פאָר־
געקומען אין פאַרשידענע לענדער,
אָדער אין פאַרשידענע צווייגן אין
לעבן פון איין לאַנד.

**סיסמאָנדי, סימאָן** (1773—1842) — אַ פראַנצויזישער היס־
טאָריקער און עקאָנאָמיסט. אין
זיינע ווערק וועגן דער עקאָנאָמיק
האָט סיסמאָנדי אָנגעוויזן אויף די
ווידערשפּרוכן אין דער קאַפּיטאַ־
ליסטישער געזעלשאַפט און האָט
אָפּגעשפּיגלט די אַנטוויקלונג און די
אומצופרידנקייט פון די מיטעלע
שיכטן פון דערדאָזיקער געזעל־
שאַפט. סיסמאָנדי איז געווען אַן
אָנהענגער פון דער קליין־פּראָ־
דוקציע און קליין־ערד־אַרבעט; האָט
פאַרטיידיקט די סאָציאַלע געזעצ־
געבעריי לטובת דעם פּראָלעטאַר־
יאַט. מיט זיין שאַרפן אָנפאַל אויף
דעם גרויס־קאַפּיטאַל האָט ער זייער
אויסגענומען ביי די רוסישע „נאַ־
ראָדניקעס“ און האָט געהאַט אויף
זיי אַ גרויסע השפּעה.

**סמעטע** (ר.) — הכנסה=הוצאה=באַלאַנס; דאָס אויסרעכנען אין געלט די מעגלעכע הכנסות און הוצאות. אַ באַנדערן באַטייט האָט די סמעטע אין מלוכה=ווירטשאַפט, ווו אַלע אַנשטאַלטן און אַמטן שטעלן צונויף סמעטעס פון זייערע הכנסות און הוצאות, וואָס ווערן דערנאָך פאַרייניקט אין די מלוכהשע אויסרעכנונגען פון די הכנסות און הוצאות (בודזשעט).

**סמענאָוועכאָוצעס** (ר.) — אַזוי האָט זיך אָנגערופן אַ גרופּע רוסישע עמיגראַנטן=אינטעליגענטן, וואָס האָבן געביטן זייערע מיינונגען וועגן דער אָקטאָבער=רעוואָלוציע און זענען געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז ס'איז נויטיק אונטערצושטיצן די ראַטנמאַכט אין רוסלאַנד און אַרבעטן מיט איר צוזאַמען. דאָך האָבן דידאָזיקע סמענאָוועכאָוצעס אונטערגעשטיצט די ראַטן נישט ווי אַ קלאַסן=מאַכט פון אַרבעטער און פּויערים, נאָר ווי אַ „נאַציאָנאַלער רוסישע מאַכט, וואָס זאַמלט צונויף די כּוחות פון רוסלאַנד“ און היט=אָפּ איר שאַפּנדיקע מעכטיקייט. צוערשט האָבן דידאָזיקע עמיגראַנטן=בעלי=תשובה פאַרעפנטלעכט זייער ווידוי אינעם זאַמל=בוך „סמענאַ וועך“, אין וועלכן ס'האָבן זיך באַטייליקט די פּראָפעסאָרן קליוטשניקאָוו, אוסטריאַלאָוו, באָברישטשעוו=פּושקין א. אַנד. דערנאָך האָבן זיי אַרויסגעגעבן אין בערלין אַ צייטונג „נאַקאַנוניע“ (ערב), אין וועלכער זיי האָבן פאַרטיידיקט די ראַטנמאַכט פאַר אויסלאַנד.

**סעזאָן מאָרט** (פ.) — טויטער סעזאָן, שטילע צייט, ווען ס'איז נישטאָ קיין אַרבעט, ווען עס שטעלט=זיך=אָפּ דער האַנדל, די פּראָדוקציע.

**סען=זשיוסט, לואי=אַנטואַן** (1767—1794) — פראַנצויזישער רעוואָלוציאָנערער טוער. אין יאָר 1791 האָט ער אָנגעשריבן אַ בוך „דער גייסט פון דער רעוואָלוציע און פון דער קאָנסטיטוציע אין פראַנקרייך“. ער איז געווען פון די וויכטיקסטע טוער אין דער פראַנצויזישער גרויסער רעוואָלוציע; איינער פון די אויטאָרן פון דער קאָנסטיטוציע פונם י. 1793; ער האָט געפאָדערט אין קאָנווענט, מ'זאָל משפּטן דעם קעניג נישט ווי מען משפּט אַ בירגער, נאָר ווי אַ פייַנט און אַ פאַררעטער. ער האָט פאָרמולירט די באַשולדיקונג קעגן די זשיראָנדיסטן. לויט זייַנע אָנשויונגען — אַ ראָבעספּיעריסט. ער איז אַרעסטירט געוואָרן צוזאַמען מיט ראָבעספּיערן און גיליאָטינירט געוואָרן דעם 10=טן טערמידאָר.

**סען־זשערמענער שלום־אָפּמאַך** — געשלאָסן געוואָרן דעם 10־טן אָקטאָבער 1920 אין סען־זשערמען (פראַנקרייך) צווישן דער אַנטאַנט און עסטרייך. לויט דעמדאָזיקן שלום איז די עסטרייך־אונגאַרישע מאָנאַרכיע צעברעקלט געוואָרן אויף שטיקלעך. די ניי־געבילדעטע עסטרייכישע רעפּובליק איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן אָפּצאָלן די קאָנטריבוציע דער אַנטאַנט; עס איז איר פאַרווערט געוואָרן זיך פאַראייניקן מיט דייטשלאַנד, האַלטן אַ סך מיליטער, ס'זענען אויף איר אַרויפגעלייגט געוואָרן פיל באַגרענצונגען אויפן עקאָנאָמישן געביט.

# ע

**עגאָיזם** (ג.ל.) — 1) אייגנליבע, אייגננוץ, אייגנווילן, זעלבסט־איבערשאַצונג. 2) אין פילאָזאָפישן זין: אַ לערע וועגן דעם, אַז דער אמתער קיום איז נאָר אינעם אינדיווידועלן „איך“. 3) אינעם מאָראַלישן זין ווערט עגאָיזם קעגנגעשטעלט דעם אַלטרויזם און באַטייט דאָס צוגעבן אַן אַבסאָלוטן ווערט נאָר דעם אייגענעם „איך“ און זיינע שטרעבונגען.

**עקסטעריטאָריאַלע נאַציע** — אַ נאַציע, וואָס איז צעוואָרפן אין קלענערע אָדער גרעסערע גרופּעס צווישן אַנדערע נאַציעס און בילדעט נישט אין איין געגנט די מערהייט פון דער באַפעלקערונג. אַזאַ נאַציע איז די יידישע.

# פּ

**פּסיכאָטעכניק** (ג.) — אַ טייל פון דער פּראַקטישער עקספּערימענטאַלער פּסיכאָלאָגיע, וואָס פאָרשט־אויס די באַדינגונגען און דעם צושטאַנד פון דער מענטשלעכער מי אין די ראַמען פון די געגעבענע אָביעקטיווע עקאָנאָמישע און טעכנישע מעגלעכקייטן און פאָדערונגען. פּ. איז דער יסוד פון די וויסנשאַפטלעכע אויספאָרשונגען,

וואָס זייער צוועק איז צו ראַציאָנאַליזירן די אַרבעט (די וויסנשאַפט־אָרגאַניזאַציע פון דער אַרבעט).

## פּראָגראַם־מאַקסימום און פּראָגראַם־מינימום —

אַזוי רופט מען פאַרשידענע טיילן פון דעם פּראָגראַם פון דער ס"ד פּאַרטיי. פּראָגראַם־מינימום רופט מען די סומע פאָדערונגען, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט שטעלט די הערשנדיקע קלאַסן אין די גרענעצן פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט (דעמאָקראַטיזירן דעם מלוכה־סדר, 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, נאַציאָנאַליזירן איינצלנע פּראָדוציר־צווייגן א. ד. ג.). פּראָגראַם־מאַקסימום — איז דער סכום מיטלען, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט נעמט־אָן אין דעם דירעקטן קאַמף פאַרן סאָציאַליזם און פאַר זיין פאַרווירקלעכונג.

**פּרילוצקי, נ.** (געב. 1882 אין בערדיטשעוו) — שריפטשטעלער, אַדוואָקאַט, יידישער פּאָליטיקער און כלל־טוער. איינער פון די גרינדער פון דער פאָלקס־פּאַרטיי, דעפּוטאַט צום 1־טן סיים אין באַנייטן פּוילן (1919) און פון 1922—1927 צום צווייטן סיים. פּ. האָט זיך גערעכנט אין סיים פאַר איינעם פון די גלענצנדסטע רעדנער.

# ק

**קאָנסטרוקטיווער סאָציאַליזם** — א סאָציאַל־רעפאָרמיסטישע שיטה, וואָס האַלט, אַז די אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט דאַרף געבויט ווערן אויף א פרידלעך־אָרגאַנישן וועג און נישט אויף קלאַסנסטיכיע און קלאַסנקאַמף—און דעריבער רופט זי די אַרבעטער צו מאַכן שלום מיט דער בורזשואַזיע. די שיטה האַלט, אַז דער סאָציאַליזם וועט קומען ווי א פועל־יוצא פון דער נאָרמאַלער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג און וועט אויף אַן עוואָלוציאָנערן אופן אריינוואַקסן אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. דידאַזיקע שיטה ווערט באַזונדערס פאַרטיידיקט אין ענגלאַנד דורך מאַקדאָנאַלדן און זיינע אָנהענגער, ווי אויך דורך פיל אַנדערע פאַרשטייער פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

**קלאַסישע שול פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע** — מיט דעם נאָמען זענען באַקאַנט די ווערק פון יענע טעאָ־

רעפיקער-עקאָנאָמיסטן, וואָס האָבן די ערשטע געגעבן אַ פאַרענדיקטע סיסטעם פֿון דער עקאָנאָמיק פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט. די קלאַסיקער האָבן געשטרעבט צו דערווייזן, אַז די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿטלעכע אָרדנונג ווערט אַלס אַ „נאַטירלעכע" און „נאָרמאַלע" אייביק עקזיסטירן. דער גרונט-לייגער פֿון דער קלאַסישער שול פֿון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע איז געווען אַדאַם סמיט. אין דער שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג פֿון דערדאָזיקער שול האָט דוד ריקאַרדאָ אַרויסגערוקט די טעאָריע פֿון „ווערט" און דערמיט דורכגעלייגט אַ וועג פֿאַר דער וויסנשאַפֿטלעכער פּאָליטישער עקאָנאָמיע פֿון ק. מאַרקס. צו דערדאָזיקער שול געהערן אויך מאַלטוס, דזש. סט. מיל. די עקאָנאָמיסטן קערי, סיי, באַסטיאַ שטעלן מיט זיך פֿאַר די אידייען-ירידה פֿון דער קלאַסישער שול.

## ר

## ראַטשדעלער אַרבעטער-געזעלשאַפֿט —

די ערשטע אַרבעטער-געברויך-געזעלשאַפֿט, וואָס די אַרבעטער פֿון דער וועב-מאַנופֿאַקטור אינם קליינעם ענגלישן פֿאַבריק-שטעטל ראַטשדעל האָבן געגרינדעט אין יאָר 1844. די גרינדער זענען געווען אונטער דער ווירקונג פֿון ראָבערט אָוענס סאָציאַליסטיש-אוטאָפּיסטישע אידעען און האָבן באַטראַכט זייער געזעלשאַפֿט ווי אַ קערנדל פֿון דער קומענדיקער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפֿטלעכער אָרדנונג. פֿון דעמאָלט אָן האָבן די אַרבעטער-קאָאָפּעראַטיוון אַ לענגערע צייט זיך גערופֿן מיטן נאָמען „ראַטשדעלער קאָאָפּעראַטיוו". אין די קאָאָפּעראַטיוון, וואָס זענען געבויט לויט די ראַטשדעלער פּרינציפּן, ווערט אַלץ שטאַרקער די שטרעבונג צו פֿאַרגרעסערן דעם קאַפּיטאַל, שאַפֿן אונטערנעמונגען, בויען הייזער א. אז. וו. דורכדעם וואַקסן דידאָזיקע קאָאָפּעראַטיוון אַריין אין דער בורזשואַזער אָרדנונג, ווערן אַלץ ענגער איינגעקניפּט אין דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפֿט. פֿונדאַנען נעמט זיך די מורא פֿאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, די שטרעבונג אָבצוצאַמען זיך פֿון איר און זיך האַלטן ווייט פֿון די פֿאָרמעס פֿון פּראָלעטאַרישן קאַמף, סיי דעם פּראָפֿעסיאָנעלן, סיי דעם

פּאָליטישן — די מורא, וואָס כאַראַקטעריזירט אַזוי די ראַטשדעלער קאָאָפּעראַציע־באַוועגונג. פּרינציפּן פון ר. ק. זענען: 1) יעדער מיטגליד האָט נאָר איין שטים; 2) די סומען דאַרפן זיין נישט קיין גרויסע און קאָנען איינגעצאָלט ווערן ראַטעסווייז; 3) פאַרקויפן פאַר מזומנים און נישט אויף באָרג; 4) פאַרקויפן נישט לויט דעם קרן, נאָר פאַר דורכשניטלעכע מאַרקפּרייזן; 5) צעטיילן דעם דיווידענד נישט לויט דער צאָל פּייען פון יעדן מיטגליד, נאָר לויט דעם סכום אָנגענומענער סחורה; 6) אַ באַשטימטן פּראָצענט פון דער הכנסה אָפּגעבן אויף אויפקלערארבעט.

**רוח** (ה.) — הכנסה פון קאַפּיטאַל. דער מקור פונם רוח איז דער מערווערט. האַנדלס־רוח איז אַ טייל פון דעמזעלביקן מערווערט, מיט וועלכן דער אונטערנעמער טיילט זיך מיטן הענדלער, וואָס פאַרקויפט זיינע פּראָדוקטן אויפן מאַרק.

**רוח־נאָרמע** — די צאָל, וואָס ווייזט, אויף וויפל איז די סומע פונם מערווערט, וואָס דער קאַפּיטאַליסט באַקומט אין דער געגעבענער אונטערנעמונג אין משך פון אַ געוויסער צייט (למשל איין יאָר), גרעסער אָדער קלענער פון דער גאַנצער סומע פונם קאַפּיטאַל, וואָס איז אויסגעגעבן געוואָרן אין דעמזעלביקן משך צייט. די נאָרמע פונם רוח באַווייזט די גרויס, די מאָס פון דער הכנסה פון דער געגעבענער אונטערנעמונג



„נאַטור און קולטור"

פּאָפּולער-וויסנשאַפטל. ביבליאָטעק,

רעדאַקציע — י. יאַשונסקי — אַרויסגעבער:

## פאַרלאַג „קולטור-ליגע", וואַרשע

שוין דערשינען:

ד"ר ב. ווינער
**פאַריונגערונג**

ג. מאַלגאַרן
**יסודות פון ראַדיאָ**

האַנס גינטער
**וואָס איז עלעקטרי**

וו. סטראַטאָנאָוו
**אין הימלישן אָקעאַן**

ג. שטעכער
**קומענדיקע דורות**
(אַריינפיר אין אויגעניק)

א. פירסט **אַעראָפּלאַן**

ס'דרוקט זיך דאָס באַרימטע ווערק פון פּראָפ. נעמילאָוו

**די ביאָלאָגישע טראַגעדיע פון דער פרוי.**

---

די ביכער פון „נאַטור און קולטור" ווערן געליינט דורך אַרבעטער, יוגנטלעכע, אַליינלערנער. זיי באַרייכערן יעדן ליינער מיט קענטנישן אויף פאַרשידענע געביטן פון וויסנשאַפט. די ביכער זענען געשריבן פון ספּעציאַליסטן וויסנשאַפט-מענער. דערביי לייכט און צוגענגלעך: יעדן חודש א בוך. צו באַקומען אויך איינצלנע עקזעמפּלאַרן.

---

אַבאָנאַמענט-פּרייז: אַ יאָר 15 זל., 1/2 יאָר 8 זל., 1/4 יאָר 4.25 זל

---

קאָאָפּ. פאַרלאַג
„קולטור-ליגע"

וואַרשע לעשנאָ 40
פּ. ק. אָ. 24-28